יאטשקאוושקיס
„פאָפּולער וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעק"
בוך 5 №

# געשיכטע פון דער פילאָזאָפיע

## I. די גריכישע פילאָזאָפיע

פון פראָפ. ד״ר ווילהעלם קאפּעללע

ערשטע טייל:

פון טהאַלעס ביז לויקיפּאָס

פון דייטש: י. ראַפּאָפּאָרט

1929 וואַרשע — ניו-יאָרק

Printed in Poland

# א י נ ה א ל ט :


זייט

## אריינפיר

1. די באַדייטונג און דער אורשפּרונג פון דער גריכישער פילאָזאָפיע 5
2. דער ערשטער הויפּט-פּעריאָד 10
3. די מקורים פון דער פּראַקטישער פילאָזאָפיע 12
4. מעטאָדישע באַמערקונגען 16

## דאָס ערשטע קאַפּיטל : דער יאָנישער הילאָזאָאיזם

1. טהאלעס 20
2. אַנאַקסימאַנדראָס 24
3. אַנאַקסימענעס 31

## דאָס צווייטע קאַפּיטל: וויסנשאַפט און מיסטיק

1. פּיטאַגאָראַס און די עלטערע פּיטאַגאָרעער 36
2. אַלקמאַיאָן פון קראָטאָן 44
3. די מיסטיק פון 6=טן יאָרהונדערט 49

## דאָס דריטע קאַפּיטל : אויפקלערונג און מעטאַפיזיק

1. קסענאָפאַנעס 58
2. העראַקליט 66

## דאָס פערטע קאַפּיטל : דער מעטאַפיזישער גרונדקעגנזאַץ : די עלעאַטן

1. פּאַרמענידעס 83
2. זענאָן 94
3. מעליסאָס 104

## דאָס פינפטע קאַפּיטל : די דריי גרויסע פאַרמיטלונגס=פּרוּוון

1. עמפּעדאָקלעס 106
2. אַנאַקסאַגאָראַס 130
3. לויקיפּאָס 147

# פון פאַרלאַג

מיטן דאָזיקן ערשטן באַנד פון דער גריכישער פילאָזאָפיע טרעט צו „יאַטשקאָווסקיס וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעק" אַרויס־צוגעבן אַ פילאָזאָפישע ביבליאָטעק, וועלכע זאָל דעם יידישן לייענער פּאָפּולער, אָבער גלייכצייטיק מיט וויסנשאַפטלעכער גרינטלעכקייט באַקענען מיטן אייראָפּעישן פילאָזאָפישן געדאַנק פון זיין אַנטשטיין ביז דער לעצטער קעגנוואַרט.

די פילאָזאָפישע ביבליאָטעק וועט אַרומנעמען:

„געשיכטע פון דער פילאָזאָפיע" אין 9 בענדער, גע־שריבן פון פּראָפ. דר. ווילהעלם קאַפּעללע, דר. מאַרטין גראַב־מאַן, דר. ברונאָ באַוך, פּראָפ. אַרטור דרעווס.

„איינפירונג אין דער פילאָזאָפיע" פון פּראָפ. דר. מאַקס ווענטשער.

„הויפּטפּראָבלעמען פון דער פילאָזאָפיע" פון פּראָפ. דר. געאָרג זיממעל.

ספּעציעלע אָפּהאַנדלונגען וועגן פּסיכאָלאָגיע, לאָגיק, עסטעטיק, עטיק, דערקענטעניש־טעאָריע און רעליגיאָנספילאָזאָפיע.

די דאָזיקע ביבליאָטעק, וועלכע וועט דערשיינען אין בענד צו 9—10 בויגן צו צוגענגלעכע פּרייזן, וועט זיכער באַגעגנט ווערן מיט צופרידנקייט מצד אונזער מאַסן־לייענער, ווייל זי קומט אויספילן אַ פילבאַרן בלויז אין אונזער אָרימער וויסנ־שאַפטלעכער ליטעראַטור.

# אַרייַנפיר

## 1. די באַדייטונג און דער אורשפּרונג פון דער גריכישער פילאָזאָפיע

ווילהעלם ווינדעלבאַנד, וואָס זיינע פאַרדינסטן פאַר דער אויספאָרשונג פון דער גריכישער פילאָזאָפיע האָבן אַ דויערגדיקן ווערט, זאָגט אויף איין אָרט: „ביי אַ לפי ערך קליינעם וויסן־מאַטעריאַל שאַפט דאָך די גריכישע פילאָזאָפיע מיט אַ מין גראַנדיעזער איינפאַכקייט די באַגריפלעכע פאָרמען פאַר זיין דערקענטנישאַרטיקער פאַראַרבעטונג און אַנטוויקלט מיט אַ געוואַגטער גראַדליניקייט פון דענקען אַלע נויטווענדיקע שטאַנדפּונקטן פון דער וועלטבאַטראַכטונג. אין דעם באַשטייט דער טיפּישער כאַראַקטער פונם אַנטיקן דענקען און די גרויסע דידאַקטישע באַדייטונג פון זיין געשיכטע. אונזער הייַנטיקע שפּראַך און וועלטאויפפאַסונג זענען דורך און דורכגעאָדערט מיט די רעזולטאַטן פון דער אַנטיקער וויסנשאַפט, און די נאַיווע שאַרפקייט, מיט וועלכער די אַנטיקע פילאָזאָפן פאָלגן נאָך די איינצלנע מאָטיוון פון נאָכדענקען ביז צו די איינזייטיקסטע קאָנסעקווענצן, איז גאָר גוט צוגעפּאַסט דערצו, כדי קלאָר צו מאַכן די זאַכלעכע און פּסיכאָלאָגישע נויטווענדיקייט, מיט וועלכער עס פליסן אַרויס נישט נאָר די פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, נאָר אויך די ריכטונגען פון זייערע לייזונגספּרוון, וועלכע חזרן זיך כסדר איבער אין דער געשיכטע פון

דער פילאָזאָפיע". אין די דאָזיקע זאַצן איז טרעפלעך כאַראַקטערי-
זירט די היסטאָרישע באַדייטונג פון דער גריכישער פילאָזאָפיע.

שוין דאָס וואָרט פ י ל אָ ז אָ פ י ע באַווייזט, אַז די שאַפונג
פון „דער קעניגין פון די וויסנשאַפטן" האָבן מיר צו פאַרדאַנ-
קען דעם גריכישן זשעני, ווייל פונקט אַזוי, ווי די מאַטעמאַטיק
און די וויסנשאַפטלעכע מעדיצין, למשל, אָדער די געאָגראַפיע,
איז אויך די פילאָזאָפיע אַ דורך-און-דורך אָריגינעלע שאַפונג
פון גריכישן, גענויער — פון יאָנישן גייסט. נאָך אינמיטן
פאָריקן יאָרהונדערט איז מיט אַ דערשטוינלעכער האַרטנעקי-
קייט — וואָס איז געווען נישט צוטריטלעך פאַר יעדער וויסנ-
שאַפטלעכער קריטיק — פאַרשפרייט געווען די מיינונג, אַז די
גריכישע פילאָזאָפיע האָט באַקומען מאָסגעבנדיקע השפעות פון
אָ ר י ע נ ט אַ ל י ש ע ק ו ל ט ו ר ק ר יי ז ן, — פון עגיפטישן,
פעניצישן, באַבלישן, פערסישן אָדער גאָר אינדישן אורשפרונג, —
אָבער דורך צעללערס טיף-באַגרינדעטער אָפּהאַנדלונג איז גע-
מאַכט געוואָרן אַ סוף — און מ'דאַרף האָפן, אַז אויף תמיד —
צו דידאָזיקע אומוויסנשאַפטלעכע פאַנטאַסטישקייטן. און וואָס
מער מיר האָבן גראָד אין לעצטן דור — אַ דאַנק דער אויס-
פאָרשונג פון די פאָדעראַזיאַטישע קולטורן — איינגעזען, אַז
אין דער טעכניק ווי אויך אין די התחלות פון דער אַסטראָ-
נאָמיע האָבן די גריכן צו פאַרדאַנקען אַ סך באַדייטנדיקס
קודם כל די באַבילאָניער, אַלץ מיט מער קלאָרקייט און זיכערקייט
האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די גריכישע פילאָזאָפיע איז פון
אירע ערשטע טריט אָן געווען די זעלבשטענדיקסטע שאַפונג
פון גריכישן גייסט. אויך איז קלאָר געוואָרן, אַז די איינצלנע
פאַך-וויסנשאַפטן זענען כמעט אַלע געשאַפן געוואָרן דורך די
העללענען. פונקט ווי דער אָריענט-מענטש האָט זיך אין ער-
גיץ נישט געקענט דערהייבן צו אַ ריין-פיזיקאַלישער באַטראַכ-
טונג פון די נאַטור-געשעענישן, נאָר איז שטענדיק געבליבן
שטעקן אין דער ספערע פון איבערנאַטירלעכן, ווונדערלעכן,
אַזוי האָט ער אויך קיינמאָל נישט געמאַכט קיין ערנסטע פרווון
אויסצושמידן די פילאָזאָפישע גרונדבאַגריפן פון דער מאַטעריע,

פון גייסט, פון דער עקזיסטענץ, פון דער סובסטאַנץ, פון נאַ-
טורגעזעץ, פון דער דערקענטעניש-טעאָריע און אַז. וו.

אויך די גריכן אַליין האָבן געהאַלטן — באַזונדערס זייט אַלעקסאַנדערס תקופה, אָבער אויך שוין אין הערעדאָטס, — אַז דער אָריענט האָט משפיע געווען אויף די לערעס פון זייערע גרויסע דענקער; אָבער די סיבה דערפון ליגט קודם-כל אין דעם, וואָס דאָס הויכע אַלטער פון דער עגיפּטישער קול-טור, לגבי וועלכער זייער אייגענע איז אַזוי יונג געווען, האָט געמאַכט אויף זיי אַ געוואַלטיקן איינדרוק, און זיי זענען נישט געקומען צום פולן באַוווסטזיין פון זייער אייגנאַרט, דער עיקר אויפן געביט פון וויסנשאַפטלעכן דענקען. און ווען שפּעטערע גריכישע מחברים פון אָריענטאַלישער אָבשטאַמונג, ווי דער ייד פילון, — וועמעס מיינונג עס איז דערנאָך קריטיקלאָז איבער-גענומען געוואָרן דורך דער מערהייט קירכנפאָטערס, — דער-וועגן זיך צו פאַרזיכערן, אַז משה האָט שוין פאַרמאָגט די גאַנצע חכמה פון די גריכישע דענקער, משה, פון וועלכן אפילו פּלאַטאָן אַליין זאָל האָבן געגנבעט זיינע „אידעען", קענען מיר אָבער היינט, אַ דאַנק דער היסטאָריש-קריטישער פאָרשונג, אויף זיכער אָפּוואַרפן אַזעלכע מינים טעותן (נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אין שפּעטערן אַלטערטום האָבן דידאָזיקע פּרעטענ-זיעס פון אַלעקסאַנדרינישן יידנטום געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אפילו אויף די גריכן פון יענער צייט). דאָ דאַרף אָבער באַ-מערקט ווערן, אַז זייט דער העללעניסטישער תקופה וואַקסט בכלל די נייגונג צו זוכן די אָפּשטאַמונג פון אַלע גרונדגע-דאַנקען פון דער גריכישער פילאָזאָפיע, אפילו פון דער אַטאָם-לערע, אין אָריענט.

די שולד דערפאַר טראָגט אין אַ גרויסער מאָס דער לעצ-טער גרויסער אַנטיקער פאָרשער, פּאָסעידאָניאָס פון אַפּאַמעיאַ, וואָס איז אַליין געווען אַ העללעניזירטער סיריער (אומגעפער 130 ביז 50 פאַר קריסטוסן). די אינטערעסאַנטע געשטאַלט פון דאָזיקן באַדייטנדיקן מענטשן ווייזט אויף אַ מערקווירדיקן טאָפּל-פּנים. פון איין זייט (לויט אַריסטאָטעלעס

און טעאָפראַסט) איז ער געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער דאָקסאָגראַפּיע, ד. ה. פון וויסנשאַפטלעכן זאַמלען און אויפ־שרייבן די „מיינונגען" פון די דענקער, באַזונדערס פון די דענ־קער וואָס פון פּלאַטאָן ביז זיין אייגענער צייט (און אַלס אַזעלכער האָט ער זיך דערוואָרבן אומפאַרגענגלעכע פאַרדינסטן פאַר דער געשיכטע פון דער גריכישער פילאָזאָפיע). און פון דער צווייטער זייט איז ער גראָד געווען דעריעניקער, וואָס האָט אַדאַנק זיין גרויסער אויטאָריטעט געהאָלפן זיגן די ניי־גונג צו אַנטדעקן אומעטום, ביי אָריענטאַלישע ווי ביי די (אַזויגערופענע) נאַטור־פעלקער פון מערב און צפון — ביי די קעלטישע דרואידן, למשל — געהיימע טיפסטע חכמה און זי אָננעמען אַלס דעם אור־מקור פון די גריכישע פילאָזאָפישע לערעס. אונטער זיין צויבער געפינט זיך אויך פילון און אַ סך אַנדערע. פאַר דער מאָדערנער פרייער פאָרשונג האָבן נישט דידאָזיקע אַלע אויפפאַסונגען קיין שום מאָסגעבנדיקע באַ־דייטונג; אַלס גייסט-אויסדרוק פון זייערע שאַפער און פון זייער אייגענער תקופה האָבן זיי אָן אינטערעס פאַרן קולטור-היס־טאָריקער פון שפּעטן אַלטערטום, אָבער נישט פאַרן היסטאָ־ריקער פון דער גריכישער פילאָזאָפיע.

אויך די קאָסמאָגאָנישע רעפלעקסיעס פון 8 און 7, צום טייל נאָך פון 6 יאָרהונדערט, די טעאָגאָניע פון אַ העזיאָד ווי אויך פון די אָלטאָרפישע לערעס וועגן דער וועלט־בילדונג, האָבן אַ קנאַפּע באַדייטונג פאַר דער אַנטשטייונג אָדער חער רעדט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער גריכישער פילאָ־זאָפיע. ווייל דער גייסט פון דידאָזיקע „טעאָלאָגן" (דאָס וואָרט חערט דאָ באַנוצט אין אַריסטאָטעלישן זין) איז נאָך דורך און דורך געפאַנגען אין נעץ פון מיסטישן דענקען. אין קיין אָרט איז נאָך נישטאָ קיין רייד וועגן דער אַנטשטייונג פון דער וועלט דורך נאַטירלעכע סיבות. די נאַטור און אירע דערשיי־נונגען, חי נאַכט און טאָג, דער געשטערנטער הימל, די ערד, דער ים, די בערג, טייכן און ווינטן ווערן נאָך כסדר פאָרגע־שטעלט אַלס פּערזענלעכע, געטלעכע וועזנס, טיילס פון

מענלעכן, טיילס פון ווייבלעכן מין, וואָס שטאַמען אָפּ פון געט-לעכע, פאַר אַלעמען געמיינזאַמע אורעלטערן. אַזוי, צום ביי-שפּיל, זענען די ווינטן די זין פון אַסטראַיאָס (אַ שטערן-דע-מאָן) און פון דער עאָס (פון פרימאָרגנשטערן) — וואַרשיינ-לעך צוליב דעם, ווייל ביים בלייך ווערן פון די שטערנס, וועלכע האָבן, לויט די דאַמאָלטיקע מיינונגען, געהאַט אַ וויר-קונג אויף דער לופט, און ביים דערשיינען פון מאָרגנשטערן — דערוואַכן די ערשטע ווינטן; דאָס איז געוויס זייער פּאָעטיש, אָבער דורך און דורך מיסטיש. אַ סך פון דידאָזיקע נאַטור-כוחות, ווי די מעכטיקע עטנאַ מיט אירע וואולקאַנישע דערשיי-נונגען, ווערן צוגעשריבן פאַנטאַסטישע פּאַרזענישן, ווי די ריזן טי-פאָעאוס, אָדער גיגאַנטן און הונדערטהענטיקע בישט-גוטע, ווייל אפילו די געוואַלטיקסטע נאַטור-געשעענישן, ווי, צום ביישפּיל, שטו-רעמס אָדער ערדציטערנישן, קען מען זיך פאָרשטעלן בלויז אַלס אַרויסגערופן דורך פּערזענלעכע, איבערמעכטיקע וועזנס, ד. ה. פון געטער. אין דידאָזיקע נאַיווע פאָרשטעלונגען הערשט נאָך אויף אַזוי ווייט דאָס „דעמאָנישע" — אין פאַנטאַסטישער, אָפּט אפילו אין גראָטעסקער געשטאַלט, — אַז נישט איינמאָל דערמאָנען זיי אָן אָריענטאַלישע מיטן און נאַטור-אָנשויונגען, בעת פון דער צווייטער זייט זענען פרווון צו אַ באַגריפלעכן דענקען בלויז פאַראייַנצלט און זיי קומען אויף ערשט (לפי ערך) שפּעט (ווי אין העזיאָדס „ערגאַ").

דידאָזיקע טעאָ- און קאָסמאָגאָנישע רעפלעקסיעס האָבן דעריבער גיכער געמוזט אויפהאַלטן די געבורט פון דער פי-לאָזאָפיע, ווי איר באַהילפיק צו זיין; ווייל גראָד די „מיטי-שע" קייטן פון אַלגעמיינעם פאָרשטעלונגס-לעבן האָבן פריער געמוזט צעריסן ווערן, כדי עס זאָל מעגלעך ווערן אַ באמת וויסנ-שאַפטלעכער דענקען. און דאָס איז טאַקע די אומשטערבלעכע טאַט פון יאָנישן גייסט (קאַפּיטל 1).

## 2. דער ערשטער הויפּט-פּעריאָד פון דער גריכישער פילאָזאָפיע

ווען דער גלידערונג פון דער געשיכטע פון דער גריכישער פילאָזאָפיע, וואָס נעמט אַרום מער ווי טויזנט יאָר, איז בנוגע די הויפּט-פּונקטן געקומען צו אַ דערפרייענדיקער איינקייט צווישן די פאָרשער פון לעצטן דור, כאָטש אין די פּרטים (טיילווייז גאַנץ באַדייטנדיקע) גייען זיי זיך פונאַנדער. למשל: בנוגע דער אָפּגרענעצונג פון ערשטן הויפּטפּעריאָד, וואָס איז בעיקר דער פּעריאָד פון דער נאַטורפילאָזאָפיע, קען זיין אַ צווייפל העכסטנס וועגן דעם, צי זאָל מען דעם צווייטן פּעריאָד אָנהויבן מיט סאָקראַטעסן אָדער מיט די סאָפיסטן. אָבער די סאָפיסטן שטעלן נישט פאָר מיט זיך דעם אָרגאַנישן אָפּשלוס פון דער ביז-איצטיקער נאַטורספּעקוליאַציע וועגן די אור-סיבות פון קאָסמאָס און זייער אויסווירקונג אין וועלטגעשעענ; אַדרבה, דורכדעם, וואָס זיי שטעלן דעם מענטשן אַלס דערקענענדיקן און האַנדלענדיקן וועזן אין מיטלפּונקט פון זייער נאָכדענקען, הויבן זיי גיכער אָן מיט זיך אַ גאַנץ נייעם פּעריאָד פון דער גריכישער וויסנשאַפט. אָן זיי איז זיך נישט פאָרצושטעלן די באַגריפלעכע פילאָזאָפיע פון אַ סאָקראַטעס. ביידע — די סאָפיסטן און סאָקראַטעס — שטעלן פאָר מיט זיך איין גאַנצקייט, ווייל זיי שטייען ביידע אויפן גלייכן באָדן פון רעפלעקסיע, איבערהויפּט פון „אויפקלערונג". דעריבער הויבן מיר אָן דעם צווייטן הויפּטפּעריאָד (ווי דאָס טוט טאַקע איצט מערסטנטיילס מיט רעכט די נייסטע פאָרשונג, אין קעגנזאַץ צו צעלערן) מיט די סאָפיסטן, וועלכע שטעלן פאָר מיט זיך נישט מער ווי אַן איבערגאַנגס-פּאַזע פון גריכישן דענקען, אָבער דערפאַר אַן אַנטשיידנדיקע. צום צווייטן פּעריאָד טייל איך אויך צו דעמאָקריטן — אין קעגנזאַץ צו די מייסטע נייערע, אַ חוץ ווינדעלבאַנדן — כאָטש ער שטייט ווייט פון דער אַטטישער פילאָזאָפיע. אָבער איינפּאַסן אים אין ערשטן פּעריאָד, ד. ה. אין דער פּאָראַטטישער נאַטורפילאָזאָפיע און

אים באַהאַנדלען אין צוזאַמענהאַנג מיט לויקיפּאָסן, איז צוליב אַ סך טעמים נישט פּאַסיק: איינמאָל איז דעמאָקריט אָן ספק שוין באַאיינפלוסט דורך דער סאָפיסטישער גייסטריכטונג, חוץ־דעם בילדעט שוין דער מענטש אַ הויפּטגעגנשטאַנד פון זיין פילאָזאָפיע, אַזוי אַז דער גרויסער אַבדעריט אַנטוויקלט נישט נאָר אַ דערקענטנישטעאָריע, נאָר אויך אַ גוט־אויסגעבויטע עטיק; דערנאָך באַגרינדעט ער שוין — פונקט ווי פּלאַטאָן און אַריסטאָטעלעס — אַ פילאָזאָפישע סיסטעם, וואָס נעמט אַרום דעם מאַקראָ־ און מיקראָקאָסמאָס — אַלע הויפּטגעביטן פון דער פילאָזאָפיע, פיזיק, עטיק, דערקענטניש־טעאָריע, פּסיכאָלאָגיע, מעטאַפיזיק (אַחוץ דער לאָגיק). און — דאָס האָט איינמאָל פּאָל ווענדלאַנד טרעפלעך באַטאָנט — „זיינע שפּראַכלעכע און ליטעראַרישע שטודיען, זיינע קולטורגעשיכטלעכע באַנשויונגען, די ריכטונג פון זיין עטיק זענען אין אַסך פונקטן פאַרקנ̇פּט מיט קרובהשע באַשטרעבונגען פון די סאָפיסטן". און ענדלעך איז דעמאָקריט — לויט דער צייט נאָך — אויף צען יאָר יינגער ווי סאָקראַט, ד. ה. אַז ער איז גלייכצייטיק אָדער יינגער פון אים און פון די סאָפיסטן.

צייטלעך גענומען שטרעקט זיך אויס דער ערשטער הויפּט־פּעריאָד פון דער גריכישער פילאָזאָפיע אומגעפער פון 600 ביז 430 פאַר קריסטוסן; איר רוימלעכע היים איז צוערשט דער גריכישער מזרח (יאָניען), און דערנאָך אָבער אויך דער מערב (אונטעראיטאַליע און סיציליע) און ענדלעך דער צפון (אַבדעראַ). דער איינציקער פון די דענקער פון דעם ערשטן פּעריאָד, וועלכער באַזעצט זיך (קומענדיק פון יאָניען) אין אַטען און ברענגט אַזוי אַרום אין פּעריקלעסעס שטאָט די יאָנישע וויסנשאַפט, איז אַנאַקסאַגאָראַס.

ווען מען לאָזט אין אַ זייט די יינגערע עלעאַטן, איז די פּאַראַטטישע פילאָזאָפיע אַ נאַיווער דאָגמאַטיזם, פאַר וועלכן עס איז נאָך גאָרנישט אויפגעשוומען די פראַגע וועגן די יסודות פון יעדן אַרט וויסן.

וועגן דער אָפּגרעניצונג פון די אַנדערע צוויי הויפּטפּע־

ריאָדן פון דער גריכישער פילאָזאָפיע (פון וועלכע די צווייטע זיט זיך ביז אַריסטאָטעלעסעס טויט [322 פאַר קריסטוסן]) און זייערע איינצלנע אָפּשניטן וועט זיין די רייד אויף די געהעריקע ערטער (אין צוהויב פון צווייטן און דריטן טייל פון דערדאָזיקער אָפּהאַנדלונג).

## 3. די מקורים פון דער פּאַראַטעטישער פילאָזאָפיע

די ווערק פון די פּאַראַטעטישע דענקער, וועלכע מיר באַצייכענען געוויינלעך אַלס פּאָרסאָקראַטיקער, זענען שוין גרעסטנטיילס פאַרלאָרן געגאַנגען אין דער אַלעקסאַנדרינער צייט, אָדער עס זענען געבליבן פון זיי בלויז פּאַראייגצלטע עקזעמפּלאַרן. דעריבער איז נישט דערגאַנגען צו אונז קיין איין בוך פון אַ פּאָרסאָקראַטישן פילאָזאָף; בלויז מער אָדער ווייניקער נישט פאַרבונדענע ברוכטיילן פון זייערע שריפטן, אָפט בלויז פּראַגמענטן פון געציילטע ווערטער, זענען דערגאַנגען צו אונז דורך דער פאַרמיטלונג פון שפּעטערדיקע מחבורים, וועלכע האָבן זיי מערסטנטיילס אַליין באַקומען פון דער צווייטער אָדער דריטער האַנט. לעבן דידאָזיקע פראַגמענטן, וואָס די נייערע פאָרשונג האָט אין יעדן איינצלנעם פאַל געמוזט קאָנטראָלירן זייער עכטקייט און וואָרטאינהאַלט — די ווייטערדיקע ציטאַטן ווערן געבראַכט לויט הערמאַן דילס' עפּאָכע־מאַכנדיקער אויסגאַבע — איז דערגאַנגען צו אונז אַ גרויסע צאָל באַריכטן וועגן דעם לעבן און די לערעס פון די אַלטע דענקער, וואָס זענען אמת פון פאַרשיידענעם ווערט. דידאָזיקע סעקונדערע מקורים צעפאַלן זיך אין צוויי הויפּט־מינים: די ד אָ ק ס אָ ג ר אַ פ י ש ע און די ב י אָ ג ר אַ פ י ש ע. פאַר דער געשיכטע פון דער פּאָראַטעטישער פילאָזאָפיע האָט אַ באַזונדער וויכטיקייט די דאָקסאָגראַפישע גרופּע, ד. ה. די־יעניקע שריפטן, וועלכע גיבן איבער סיסטעמאַטיש די לערעס פון די „פּאָרסאָקראַטיקער" וועגן די וויכטיקסטע פראַגן פון דער פיזיק — דאָסדאָזיקע וואָרט באַטייט אין גריכישן נאַטורפילאָזאָפיע און נאַטורוויסנשאַפט. איינצלנע

וועלכע ידיעות — וואָס האָבן דעם גרעסטן ווערט — געפֿינען מיר שוין ביי פּלאַטאָן און באַזונדערס ביי אַריסטאָטעלעס, אָבער דאָס דאָקסאָגראַפֿישע גרונטווערק אין 16 אָדער 18 ביכער שאַפֿט ערשט אַריסטאָטעלעסעס שילער ט ע אָ פֿ ר אַ ס ט, וועלכער האָט — פּונקט ווי פּלאַטאָן און אַריסטאָטעלעס — אַליין געלייענט די שריפֿטן פֿון די פּאָרסאָקראַטישע פֿילאָזאָפֿן אַדאַנק די ביבליאָטעקן פֿון אַריסטאָטעלעס און פּלאַטאָנס אַקאַדעמיע. פֿון טעאָפֿראַסטס ווערק, וואָס גייט איבער די לערעס פֿון די „פֿיזיקער" ביז פּלאַטאָנען, זענען אונז געבליבן נישקשהדיקע רעשטלעך פֿון ערשטן בוך (איבער די פּרינציפּן) אין סימפּליקיאָס קאָמענטאַר צום ערשטן בוך פֿון דער אַריסטאָטעלישער פֿיזיק, און אַ גרויסער פֿראַגמענט פֿון לעצטן בוך (וועגן דער פֿיזיאָלאָגיע פֿון די חושים) אין צוויי כתבֿ־ידן פֿון 14 יאָרהונדערט.

שוין גאַנץ פֿרי איז טעאָפֿראַסטס גרונטווערק געוואָרן דער רויב פֿון צאָלרייכע קאָמפּילאַטאָרן; צוליב דעם, וואָס זיי האָבן שוין אַליין נישט געהאַט אונטער דער האַנט די שריפֿטן פֿון די פּאָרסאָקראַטיקער, האָבן זיי דעם שטאָף פֿון דאָזיקן בוך אומגרופּירט לויט די איינצלנע פֿילאָזאָפֿן. אַלע ידיעות פֿון שפּעטערע מחברים וועגן מיינונגען פֿון פּאָרסאָקראַטישע דענקער שטאַמען דעריבער פֿון טעאָפֿראַסטס ווערק, כאָטש מייסטנס דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון אַ פֿולע מיטל־מקורים, ווי דילס האָט דאָס אויפֿגעוויזן אין דער גרונטלייגנדיקער פּראָלעגאָמענאַ צו דער „Doxographi Graeci" (גריכישע דאָקסאָגראַפֿיע), וועלכע ער האָט צום ערשטן מאָל קריטיש אַרויסגעגעבן. אויף דעם דאָזיקן טעאָפֿראַסטישן ווערק באַזירן אויך די צו אונז דערגאַנגענע פּסיידאָפּלוטאַרכישע „Placita Philosophorum", וועלכע איז פֿאַרפֿאַסט געוואָרן אַרום 150 יאָר נאָך קריסטוסן און שטאַמט פֿון זעלבן מקור ווי די עפּיטאָמע ביי סטאָבעאוס (5 יאָרהונדערט נאָך קריסטוסן): פֿון אַעטיוס' ווערק (אַרום 100 נאָך קריסטוסן) אין 5 ביכער. פֿון די נאַטורפֿאָרשער, וואָס זייערע מיינונגען ווערן דאָ איבערגעגעבן, זענען די ייִנגסטע דער סטאָיִקער פּאָסעידאָניאָס (אַרום 100 פֿאַר קריסטוסן) און דער דאָקטאָר אַס־

קלעפּיאַדעס פון ביטיניען (פון ערשטן יאָרהונדערט פאַר קריס־
טוסן). דאָס ווערק פון אַעטיוס איז אַ באַדייטנדיקער אויסבוי
פון טעאָפראַסטס הויפּט-בנין אויף אַזוי ווייט, אויף וויפל ער
גיט איבער די מיינונגען פון די פילאָזאָפן פון פלאַטאָנען ביז
צום מיטן פון 1 יאָרהונדערט פאַר קריסטוסן. פאַרן דאָזיקן ציל
האָט אַעטיוס באַנוצט — ווי דילס האָט עס אויפגעוויזן — אַן
עלטערעס, פאַר אונז פאַרלאָרענעס ווערק, וועלכעס ווערט פון
דילסן אָנגערופן „Vetusta Placita“ און איז זיכער אַרפאַסט גע־
וואָרן אין 1 יאָרהונדערט פאַר קריסטוסן; דער מחבר פון דאָ־
זיקן ווערק איז געווען אַן עקלעקטישער סטאָאיקער פון פּאָ־
סעידאָניאָס' קרייז, און זעט דעריבער די לערעס פון
די פאַרסאָקראַטיקער דורך די ברילן פון אַ סטאָאיקער און
רעפערירט זיי אין דער סטאָאישער (אָדער „סטאָאיזירנדיקער“)
טערמינאָלאָגיע, אַזוי אַז ס'איז נויטיק אַ מערמאָליקער אויס־
שייד־פּראָצעס, כדי אַרויסצודעסטילירן פון דאָזיקן מאַטעריאַל די
געדאַנקען פון די פאַרסאָקראַטישע דענקער גופא. ווי דער מחבר
פון „Vetusta Placita“, וועלכע ציצעראָן באַנוצט שוין (אומדי־
רעקט) מערערע מאָל, האָבן אויך אַסך אַנדערע שריפטשטעלער
באַנוצט טעאָפראַסטס ווערק, און אַזעלכע מחברים, וועל־
כע האָבן (דירעקט אָדער אומדירעקט) באַנוצט טעאָפראַסטס
אויסצוגן, זענען דערגאַנגען צו אונז אין אַ גרויסער צאָל. אמת,
דער ווערט פון זייערע ידיעות וועגן מיינונגען פון פאָרסאָקראַ־
טישע דענקער הענגט אָפּ דערפון, צי זיי האָבן זיך געהאַלטן
מער אָדער ווייניקער געטריי אָן טעאָפראַסטס באַריכט. די אָפּ־
שטאַמונג פון דערדאָזיקער גאַנצער ליטעראַטור איז דורך דילסן
אויפגעקלערט געוואָרן אין אַ אָפּהאַנדלונג, וואָס איז מוסטער־
האַפט פאַר אַלע צייטן (אין זיין פּראָלעגאָמענאַ צו דער „Doxo-
graphi Graeci“) און אַזוי אַרום איז ערשט מעגלעך געוואָרן אַ
זיכערער אורטייל, צי מיר דאַרפן בכלל טרויען (און אויף ווי
ווייט) די ידיעות פון די שפּעטערדיקע מחברים איבער די לע־
רעס פון די פאַרסאָקראַטישע פילאָזאָפן.

לעבן די דאָקסאָגראַפישע מקורים קומען אין באַטראַכט די
ביָגראַפישע. אויב מ'זאָל לאָזן אין אַ זייט די ראָמאַנ־

האַפּטע לעבנסבאַשרייבונגען פון פּיטאַגאָראַס דורך פּאָרפּיריאָס און יאַמבליכאָס (4 יאָרהונדערט נאָך קריסטוסן), איז צווישן די ווערק, וואָס זענען צו אונז דערגאַנגען וועגן די פּאַרסאָקראַטיקער, דאָ בלויז די גרויסע קאָמפּילאַציע פון דיאָגענעס לאַערטיאָס (3-טער יאָרהונדערט נאָך קריסטוסן). זי שעפּט וועזנטלעך פון די ווערק פון די אַלעקסאַנדרינער, וואָס צוזאַמען מיט דער טענדענץ צו דאָקומענטאַלישער באַגרינדונג זענען זיי אויך באַהערשט (אַלס פּאַטאַלע ירושה פונם פּעריפּאַטעטיקער אַריסטאָקסענאָס) דורך דער נייגונג איבערצוגעבן אָדער גאָר צו פאַרמערן דעם אַנעקדאָטישן מאַטעריאַל אָדער די בייזוויליקע פּלוידערײַ וועגן פּריוואַטלעבן פון די פילאָזאָפן. איבער דערדאָזיקער אַרט ליטעראַטור האָבן באַזונדערס פאַרשפּרייט ליכט די פאָרשונגען פון ווילאַמאָוויטש און לעאָ.

פאַר דער כראָנאָלאָגיע פון די פּאַרסאָקראַטישע פילאָזאָפן איז די וויכטיקסטע קוועלע די כראָניק פון אַפּאָללאָדאָר פון אַטען (2 יאָרהונדערט פאַר קריסטוסן), וועלכע ס'האָט (אומדירעקט) באַנוצט אויך דיאָגענעס לאַערטיאָס. דערדאָזיקער האָט פאַר דער עלטערער צייט קודם-כל באַנוצט עראַטאָסטענעס כראָנאָגראַפיע און צוערשט אַרויסגעגעבן זיין ווערק אין דריי ביכער און זי דערפירט פון טראָיאַס אונטערגאַנג (1184 פאַר קריסטוסן) ביז צום יאָר 144 פאַר קריסטוסן, דערנאָך אין אַ צווייטער אויסגאַבע ביז נאָכן טויט פון קאַרנעאַדעס (129/28 פאַר קריסטוסן), און אפשר אויך ביז צום יאָר 110. זיינע כראָנאָלאָגישע דאַטן, כאָטש ער אַנטדעקט זיי דורך אַ באַשטימטער מעטאָדע, ד. ה. דורך קאָמבינאַציעס מיט אַנדערע היסטאָרישע פאַקטן, וואָס זייער צייט איז גענוי באַקאַנט, זענען די זיכערסטע, וועלכע מיר באַזיצן פון אַלטערטום.

אַלע ידיעות וועגן דעם לעבן און די לערעס פון די פּאַרסאָקראַטיקער האָט דילס לעצטנס סיסטעמאַטיש געזאַמלט, קריטיש באַאַרבעט און אַרויסגעגעבן אין באַגלויבטע טעקסטן. דילס' ווערק — „די פראַגמענטן פון די פּאַרסאָקראַטיקער", 3 אויפלאַגע, 1912 — שטעלט מיט זיך פאָר דעם וויסנשאַפט-

לעכן פונדאַמענט פאַר דער גאַנצער מאָדערנער פאָרשונג װעגן די פּאַרסאָקראַטישע דענקער. זייערע פראַגמענטן װערן װייטער ציטירט לויט דילס' באַאַרבעטונג.

## 4. מעטאָדישע באַמערקונגען

צוליב מאַנגל אין פּלאַץ איז דאָ אוממעגלעך צו באַהאַנדלען אַפילו קורץ אַלע באַדייטנדיקע װערק איבער דער גריכישער פילאָזאָפיע; פונדעסטװעגן איז באַזונדערס נויטװענדיק אָנצוװייזן אויף דער אייגנאַרטיקייט פון די פריגריכישע דענקער, װעלכע װערן באַהאַנדלט אין דאָזיקן באַנד, און אין שייכות דערמיט זאָגן אַ פּאָר װערטער װעגן צװיי נייערע װיסנשאַפטלעכע װערק. ביי אַ גאַנצער ריי הײנטצייטיקע געלערנטע, בפרט ביי אַזעלכע, װעלכע זענען באַאײנפלוסט דורך דער אַזויגערופענער „מאַר־בורגער שולע", הערשט אַ טענדענץ אויסצוגעפינען אין די ספּע־קולאַציעס פון די „פּאַרסאָקראַטיקער" אָנשויונגען און באַגריפן פון דער מאָדערנער, באַזונדערס פון דער קאַנטישער פילאָזאָפיע, און לויט דידאָזיקע געפונענע „ענלעכקייטן" אָריענטירן זיי זייער גאַנצע אויפפאַסונג פון די אַלטע פילאָזאָפן. אין די אינטערעסן פון געשיכטלעכן אמת מוז מען שאַרף אַרויסטרעטן קעגן דידאָזיקע טענדענצן. מ'מוז אָן אויפהער אונטערשטרייכן, אַז די פראַגמענטן פון די פּאַרסאָקראַטיקער און די דאָקסאָגראַ־פישע ידיעות װעגן זייערע לערעס מוזן אויפגעפאַסט װערן פשוטו כמשמעו און אַז אויך אין דאָזיקן פּרט איז צעללערס מייסטערװערק מוסטערהאַפט פאַר די הײנטיקע װי פאַר אַלע שפּעטערע גענעראַציעס. װייל צוגלייך מיט דער מעטאָדי־שער קאָנטראָל און אָפּשאַצונג פון די מקורים קען מען גראָד ביי צעללערן (און טאַקע נאָר ביי אים) זיך אויסלערנען אויפ־צופאַסן די אייגנטימלעכקייטן פונם פּאַרסאָקראַטישן דענקען, ד. ה. אין גרונט גענומען פון דער אַנטשטייונגסצייט פון דער װיסנשאַפט, אין װעלכער די באַגריפן זענען נאָך אָפּטמאָל אומאַנטװיקלט און במילא פעלן נאָך דאָרט אָפּט געװיסע פונ־

דאַמענטאַלע אונטערשיידונגען, ווי צום ביישפּיל צווישן שטאָף און קראַפט און ענלעכע. גראָד דאָ ווייזט זיך צעללער אַרויס אַלס מוסטער פון אַ פאָרשער פאַר אַלע צייטן: ער לייגט אַריין אין דער געדאַנקענוועלט פון די אַרכאַישע פיזיקער נישט מער ווי דאָס, וואָס אונזערע מאָסגעבנדיקע מקורים זאָגן אומצווייד‑ייטיק אָדער, וואָס עס לאָזט זיך אַרויסדרינגען פון זיי מיט אַבּ‑סאָלוטער זיכערקייט; ער וואַרפט זיי דעריבער נישט אונטער קיין דענקמאָטיוון און פּראָבּלעמען, וואָס זענען זיי געווען נישט נאָר ווילד‑פרעמד, נאָר לויט דעם דאַמאָלטיקן, אָפט נאָך שטאַרק אומאַנטוויקלטן מצב פון דערקענטניש האָבּן זיי נאָך גאָר נישט געקענט אויפגעפאַסט ווערן; מיט איין וואָרט, אַלס עכטער היסטאָריקער גייט ער צו אָנפּגיותדיק צו די עדות פון פאַרסאָקראַטישן דענקען און הערט אונטער בּיי זיי נישט מער ווי דאָס, וואָס זיי זאָגן אויף אַן אמת. אַלס היס‑טאָריקער האָט ער אַ פיינע פאַרשטענדעניש פאַר דעם, אַז אויך אונזערע אַלע פילאָזאָפישע גרונטבאַגריפן זענען אַ רעזולטאַט פון אַ לאַנגער און מיפולער דענקאַרבעט און אַז באַזונדערס אין דעם פאַרסאָקראַטישן פעריאָד מוז מען נעמען אין אַכט די נאַ‑איוויטעט פון דענקען, וואָס איז נאָך מער אָדער ווייניקער גע‑פאַנגען בּיי דער זינלעכער אָנשויונג, און די נאָך זייער אומאַנטוויקלטע פעיקייט צו פיינערע לאָגישע אונטערשיי‑דונגען; און דעריבער, אויב מיר ווילן האָבּן אַ האָפענונג ריכטיק אויפצונעמען דעם דענקפּראָצעס פון יענע ערשטע אויסשפירער פון פילאָזאָפישן געדאַנק, מוזן מיר זיך אָן שום אָפּווייכונגען האַלטן אָן אונזערע מקורים, אויף וויפל דידאָ‑זיקע זענען אָנערקענט געוואָרן אַלס אויטענטיש דורך דער פילאָלאָגיש‑היסטאָרישער קריטיק. און דעריבער וועט צעללערס ווערק צוליב זיין אומפאַרגלייכלעכער אָביעקטיווקייט ווי אויך צוליב זיין איינציקאַרטיקן היסטאָרישן זין, בלייבן אויף אַ לאַנגע צייט אַ הויכע שולע פאַר דער וויסנשאַפטלעכער פאַרשטענדע‑ניש פון די מקורים פון דער אַנטיקער פילאָזאָפיע און פון דער פילאָזאָפיע גופא, — וואָס וועט קיינמאָל נישט פאַרעלטערט ווערן.

# דאָס ערשטע קאַפּיטל.

## דער יאָנישער הילאָזאָיזם

זיין אור-היימלאַנד פון דער פילאָזאָפיע איז מילעט, די מעכטיקסטע פון די קליינאַזיאַטישע גריכישע שטעט אין 6-טן יאָרהונדערט פאַר קריסטוסן. דאָ, אין דערדאָזיקער מעטראָפּאָליע פון האַנדל און שיפפאַרקער, האָט זיך „אין שטראָם פון דער וועלט" צוערשט אַנטוויקלט דאָס וויסנשאַפטלעכע דענקען פון די גריכן. דאָ האָבן זיך צונויפגעטראָפן אַ סך גליקלעכע באַדינגונגען: די באַגינסטיקטע לאַגע פון דער מעכטיקער ים-שטאָט, ווו ס'האָט זיך געקענט אָנזאַמלען דער גאַנצער עמפּירישער וויסן פון די דעמאָלטיקע מענטשן סיי פון בבל, סיי פון ווייטן איבעריען, פון סקיטנלאַנד אַזוי גוט ווי פון עגיפּטן; דער פריידלעכער מצב, אין וועלכן די שטאָט האָט זיך דאַן געפונען, אָבער קודם כל די איינציקאַרטיקע אייגנשאַפטן פון יאָנישן שבט גופא, וועלכע קענען דאָ בלויז איבערפלעכלעך אָנגעמערקט ווערן: זיין אומפאַרגלייכלעכע פעיקייט צו באָבאַכטן, וועלכע איבעראַשט אונדז נישט ווייניקער אין די היפפאָקראַטישע קראַנקען-זשורנאַלן ווי אין האָמערס פאַרגלייכן, חוץ דעם די פעיקייט אויסצודריקן דאָס באַמערקטע שאַרף און קאָנצענטרירט, דער העלער בליק פאַר דאָס כאַראַקטעריסטישע אין דער נאַטור און אין מענטשנלעבן, די פעיקייט צו מאַכן גליקלעכע קאָמבינאַציעס און אויך געוואַגטע פאַראַלגעמיינערונגען, די שטענ-

דיקע טענדענץ צו באַטראַכטן פון אוניווערסאַלן שטאַנדפּונקט די זאַכן און — וואָס עס איז נישט ווינציקער וויכטיק! — אַן אויסגעשפּראָכן ראַציאָנאַליסטישער שטריך, וואָס זוכט ניכטער צו דערגרונטעווען זיך ביז צום יסוד פון די זאַכן.

די בונטע פאַרענדערונג פון די דערשיינונגען פון דער זעבאַרער וועלט (דאָס, וואָס מיר רופן אָן, אין דער איבערזעצונג פון א גריכישן וואָרט „נאַטור”), אין וועלכער עס שפּילט זיך אָפּ אַן אייביק ווערן און פאַרגיין, א קומען און אוועקגיין, דאָס מאכט אויס דעם אייגנטלעכן געגנשטאַנד פון דער גריכישער פילאָזאָפיע אין איר ערשטן פעריאָד. די פראַגע „פונוואַנעט נעמט זיך דאָס אַלץ?”, וואָס געפינט זיך אויף דער יבשה און אין ים, אויפן אויסגעשטערנטן הימל און אין דעם שטורעם־וואָלקן, אין לעבן פון דעם געוויקס ווי אין דעם לעבן פון מענטשן (וועלכער איז דאָך אויך א טייל פון דער נאַטור), באַשעפטיקט דעם אויפגעוואַכטן דענקען. די דאָזיקע פראַגע האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דער ערשטער פּראָבלעם פון דער גריכישער וויסנשאַפט, וועלכע טרעט גלייך צו מיט יוגנטלעכער געוואַגטקייט צו די לעצטע פראַגן פון יעטוועדן לעבן. אזוי ארום איז די גריכישע פילאָזאָפיע אין איר ערשטן פעריאָד וויסנשאַפט פון דער נאַטור, אין וועלכער נאַטור־פילאָזאָפיע און נאַטור־וויסנשאַפט אין ענגערן זין זענען נאָך נישט אָפּגעטיילט איינס פון דאָס צווייטע (ווי דאָס איז נישט איינמאָל דער פאַל אויך א סך שפּעטער). ערשט ביסלעכווייז טיילן זיך אויס פון דער איינציקער וויסנשאַפט די איינצלנע צווייגן פון דער פאָרשונג, די אַסטראָנאָמיע, מעטעאָראָלאָגיע, געאָגראַפיע און די מאַטעמאַטיק. (בלויז די מעדיצין האָט א באַזונדערע געשיכטע.) אזוי, למשל, טרעפן מיר אין גאַנג פון דער אַנטוויקלונג פיזיקער פון א ספּעציעלער דיסציפּלין, וועלכע זענען נישט קיין פילאָזאָפן, אָבער מיר טרעפן נישט אָן קיין פילאָזאָפן, וועלכע זאָלן גלייכצייטיק נישט זיין קיין פיזיקער.

## 1. טהאלעס.

דער מאן, וועלכער ווערט דורך אריסטאָטעלן באַצייכנט אלס דער באגרינדער פון אזא מין פילאָזאָפיע, איז טהאלעס פון מילעט, דער זון (מעגלעך) פון א קארישן פאָטער, אָבער פון א גריכישער מוטער, פון א פאָרנעמער פאמיליע. זיין ווירקונגס-צייט באשטימען מיר קודם כל דורכדעם, וואָס ער האָט פאָרגעזאָגט — ווארשיינלעך אויפן גרונד פון געוויסע, דורך די באַבילאָניער אנטדעקטע אומקרייז-צייטן פון די הימל-קערפערס, די אזוי גערופענע סאראספעריאָדן — יענע לקוי-חמה, וועלכע האָט דעם 28-טן מאי 585 פאר קריסטוסן פארפינסטערט א טייל פאָדעראזיע און מצרים. זיין לעבנסצייט ווערט דורך דער אנטיקער כראָנאָלאָגיע (אפאָללאָדאָר) אומגעפער ריכטיק אָנגעגעבן פון 624—546.

דערדאָזיקער טהאלעס איז געווען פון בארוף א ווייט-רייזנדיקער סוחר, און זיין דענקען האָט, ווייזט אויס, באַקומען פארשיידענע דויערנדיקע אָנרעגונגען קודם כל אין מצרים, אין לאנד פון די פיראמידן און ניל-שוועלן, וועלכעס ער האָט אפשר באַזוכט ארום דערזעלבער צייט ווי סאָלאָן פון אטען. דאָס ווייניקע, וואָס מיר ווייסן אויף זיכער וועגן זיינע אָנשויונגען — ווייל ער האָט נאָך, ווארשיינלעך, גאָרנישט געשריבן; יעדנפאלס האָבן שוין פלאטאָן און אריסטאָטעלעס נישט געהאט פון אים קיין שום שריפטן, — שטעלן אים אונז מאָר אלס פיזיאָלאָג אין דעם אויבן-אָנגעמערקטן דאָפלטן זין. קודם כל באשעפטיקן דעם זון פון דער ים-שטאָט די ערד- און הימל-קענטנישן: די סיבות פון די ערדציטערנישן און פון די ניל-שוועלן, דער פארשיידענער דויער פון כלומרשטן יאָר-יערלעכן זון-וועג זאָלן האָבן געווען דער אָביעקט פון זיין נאָכדענקען, און ער זאָל אויך, האָבן אויסגעפונען (לויט דעם עדות-זאָגן פון אריסטאָטעלעס שילער אוידעמאָס) א גאנצע ריי זאצן פון עלעמענטארער געאָמעטרי. אָבער די איינציקע, איגגאנצן באגלויבטע איבערליפערונג וועגן טהאלעסעס דענק-רעזולטאטן — אויב מיר זאָלן

דאָ לאָזן אין א זייט זיין מיינונג, אז די ערד שווימט ארום אי־בערן וואסער אלס א פלאכער דיסק, — איז זיין באהויפטונג, אז אלץ שטאמט אָפּ פון וואסער. דאָס קלינגט מאָדנע נאאיוו און פונדעסטוועגן איז עס פון גרויסער באדייטונג: ווייל דער־דאָזיקער זאץ אנטהאלט אין זיך דעם עפּאָכע־מאכנדיקן פאקט, אז טהאלעס האָט זיך באפרייט פון מיטישן דענקען, וואס בא־טראכט אלדאָס עקזיסטירנדיקע און אלדאָס ווערנדיקע אלס רע־זולטאט פון פערזענלעכע כּוחות, און האָט דער ערשטער צווישן די גריכן אָנגענומען א ריין נאטירלעכע סיבה פאר דעם אנט־שטיין פון אלע זאכן. אזוי ארום איז טהאלעס דער ערשטער נאטורפאָרשער פון דער מערב־מענטשהייט. ווען ער פארזיכערט אָבער, אז אלץ קומט ארויס פון וואסער, באזירט דאָס — באוווסט אָדער אומבאוווסט — אויף דער אָנשויונג פון דער איינהייט פון אלע זאכן, און אזוי ארום ווערט טהאלעס, דער ערשטער נאטור־פאָרשער, מיט רעכט פאררעכנט אלס דער ערש־טער פילאָזאָף.

וואָס אים האָט געבראכט דערצו, ער זאָל גראָד האלטן דאָס וואסער פארן אורשפּרונג פון די זאכן, לאָזט זיך בלויז משער זיין מיט א געוויסער ווארשיינלעכקייט: דאָס וואסער, וואָס האָט כּסדר ארומגעשווענקט די ברעגעס פון זיין יאָנישן היימלאנד, וואָס האָט געשיינט דאָ צו ווערן פעסטעס לאנד, דאָ — דער שויס פון די וואָלקנס, וועלכע האָבן זיך באלד ווידער פארוואנדלט אין וואסער, דאָס וואסער, וואָס טראָגט אונזער ערד, פון וועלכער עס שלאָגן אומעטום ארויס קוואלן און טייכן — דאָסדאָזיקע וואסער, וואס קערט זיך תּמיד אום־פארענדערט צוריק פון זיין אייביקן קרייזלויף, — איז דעם זון פון דער ים־שטאָט פאָרגעקומען באזונדערס צוגעפּאסט צו זיין די אור־סיבה פון יעדער עקזיסטענץ, בפרט ווען ער האָט באַ־מערקט, אז דער ים, באַזונדערס אין דער ברעג־צאָנע, איז די היים פון אומצאָליקע מער אָדער ווייניקער אנטוויקלטע לעבע־דיקע וועזנס. — ווי אַזוי איז אָבער, לויט זיין מיינונג, דידאָ־זיקע וועלט אַנטשטאַנען פון וואסער, וועגן דעם זענען צו אונז נישט דערגאַנגען קיין שום ידיעות.

אויף אזא אופן האָט די עלטסטע פּראָבּלעם פון דער גרי־כישער וויסנשאַפט צום ערשטן מאָל באַקומען דורך טהאַלעסן אַ באַשטימטן ענטפער. וועגן דעם „אָנהויב" האָבן שוין, אמת, נאָכ־געטראַכט און זיך געגריבּלט, כמעט נאָך פאַרוויקלט אין די פּענטעס פון מיטאָס, אויך די פריערדיקע דורות פאַר אים. זיי האָבן זיך אָבער שטענדיק פאָרגעשטעלט דעם וועלט־פּראָצעס אין דער פאָרם פון אַ איינמאָל־פאַר־אַלעמאָל געשעענער געשיכ־טע. טהאַלעסעס דענקען אָבער טראָגט אין זיך צוויי אַנטשיידנ־דיקע נייעסן:

דאָס אַרויספירן אַלע זאַכן פון אַ געמיינזאַמען נאַטירלעכן אורשפּרונג און דערנאָך — לכל־הפּחות, אין שפּראַך, וועלכן זיין גרויסער נאָכפאָלגער אַנאַקסימאַנדראָס אַנטוויקלט דאַן אויף אַ קלאָרן אופן — דער באַוווסטזיין, אַז הינטער דער ענדערונג פון די דערשיינונגען, ווי זי קומט צום אויסדרוק אין לעבן פון דער נאַטור אין זומער און ווינטער, אין בליען און וועלקן, אין שטאַרבן און געבוירן ווערן, שטייט אַן אור־סיבה, וואָס איז געמיינזאַם פאַר אַלע זאַכן, וואָס איז אומפאַרענדערלעך אין איר אייגענעם וועזן, וואָס מאַכט דורך טויזנט וואַנדלונגען און ברענגט אַרויס פון זיך אַליין די זאַכן, אָבער זי נעמט זיי צוריק אַריין אין זיך אין דער באַשטימטער צייט און איז אַזוי אַרום די סיבה פון דעם באמת צייטלאָזן וועלט־פּראָצעס. ווייל טהאַלעס פרעגט נישט, ווי די אַלטע קאָסמאָלאָגן „ווי אַזוי איז געווען אין אָנהויב?" און „ווי אַזוי איז דערפון געוואָרן די איצטיקע וועלט?", נייערט „וואָס איז געווען" אָדער ריכטיקער „וואָס איז דער אָנהויב?" ס'איז קלאָר, אַז דאָ געפינט זיך שוין אין שפּראַך־צושטאַנד די פאָרשטעלונג וועגן אַ אור־סיבה פון אַלדאָס ווירקלעכע. און אַזוי־אַרום באַנוצן די שפּעטערדיקע (זייט אַריסטאָטעלעס) דאָס וואָרט „אַרכע", וואָס באַטייט צוערשט בלויז דעם אָנהויב, אין זינען פון דער אור־סיבה פון אַלע זאַכן: אַלס „אָנהויב" ווערט באַצייכנט דאָס, וואָס האָט אַליין קיין אָנהויב נישט, ווייל עס האָט תמיד עקזיסטירט און עס וועט תמיד עקזיסטירן, ד. ה.

עס איז אייביק. אָדער אַזוי, ווי אַריסטאָטעלעס פאָרענדיקט איין זיין באַריכט וועגן די אַלטע יאָנישע דענקער אין אָנהויב פון זיין מעטאַפיזיק: „דאָס, פון וואָס עס שטאַמט אַלדאָס עקזיס־טירנדיקע און פון וואָס עס ווערט צועריקט און אין וואָס עס פאַרגייט צולעצט, בעת די סובסטאַנץ בלייבט, אָבער זי ענדערט זיך אין אירע צושטאַנדן, דאָס דערקלערן זיי אַלס עלעמענט און אור־סיבה פון די זאַכן. און דעריבער — אַזוי מיינען זיי — אַנטשטייט אין קיין אָרט קיין שום זאַך נישט, אויך ווערט קיין זאַך נישט פאַרניכטעט [ד. ה. אַן אַנטשטיין און אַ פאַרגיין אין אייגנטלעכן זין פון דידאָזיקע ווערטער איז גאָר נישט בנמצא], ווייל זיי האַלטן, אַז אַזאַ נאַטור בלייבט שטענדיק באַשטיין... ווייל עס מוז עקזיסטירן אַזאַ מין נאַטור, איינע אָדער עטלעכע, פון וועלכע עס קומען אַרויס די איבעריקע זאַכן, בעת זי גופא איז דויערהאַפט". — אַזאַ מין אור־סיבה פון דער וועלט, וועלכע בלייבט אומדערשיטערלעך אין אַלע ענדערונגען און וועלכע באַ־גייט זיך אייביק, ווערט דאָ דורך אַריסטאָטעלעסן באַצייכנט אַלס „דענק־נויטווענדיקער פאָסטולאַט" און ס'איז קיין ספק נישט, אַז דידאָזיקע גרונט־אָנשויונג, וועלכע איז ערשט ביסלעכווייז געקו־מען צום קלאָרן באַוווסטזיין, האָט שוין אויך באַהערשט די יאָניער, ד. ה., אַז לכל־הפחות אין שפּראַצל־צושטאַנד האָט זי אויך געהאַט טהאַלעס.

דער באַגרינדער פון דער גריכישער נאַטורפילאָזאָפיע האָט געפונען די אור־סיבה פון די זאַכן אין אַ זעבאַרן שטאָף, ווי מ י ר וואָלטן זיך אויסגעדריקט. אָבער פאַר טהאַלעסן אַליין, ווי אויך פאַר זיינע נאָכפאָלגער, איז נאָך דער באַגריף פון „שטאָף", אַזוי ווי מיר פאַרשטייען אים, לחלוטין אומבאַקאַנט. שטאָף און קראַפט בילדן נאָך פאַר דידאָזיקע עלטסטע יאָניער אַן אומצע־טיילבאַרע איינהייט, אַזוי ווי טהאַלעס האָט אויך דעם מאַגנעט און דעם בורשטין איינגעטיילט אַ נשמה און ער זאָל האָבן דערקלערט, אַז „אַלץ איז פול מיט געטער". ווייל דאָס, וואָס מיר רופן היינט אָן „שטאָף", דערשיינט דידאָזיקע אַלטע דענקער אַלס באַזעלט פון זיך אַליין, און דעריבער טאַקע רופט מען זיי

„הילאָזאאיסטן", ווייל, געפאנגען אין נאאיוון אנטראָפּאָמאָרפיזם, האָבן זיי די מאטעריע באטראכט אלס באלעבט.

## 2. אנאקסימאנדראָס

טהאלעסעס לאנדסמאן אנאקסימאנדראָס, וועלכער איז ייני־
גער געווען פאר אים אויף א האלבן מענטשנאלטער, איז וואר־
שיינלעך געשטאנען מיט אים אויך אין פערזענלעכע באציונגען;
ער גייט צו צו דערזעלבער פראָבלעם, ווי יענער, אָבער זיין
לייזונג ווייזט אויף א באדייטנדיקן טריט פאָרויס, ווי ער שטעלט
בכלל זיין פאָרגעגנגער אין שאָטן אין יעדער הינזיכט. אנאקסי־
מאנדראָס פארייניקט אין זיך אָרגאניש ממש אויף א קלאסישן
אופן דעם נאטורפאָרשער און דעם נאטורפילאָזאָף: אויף ביידע
געביטן איז ער א פיאָנער. קודם כל דער פיזיקער: ער טרעט
צו צום ערשטן מאָל אָנצוצייכענען א מאפע פון דער באוויינ־
טער ערד מיט איר כלומרשטער פארטיילונג פון יבשה און ים,
און אויך וועגן דער אנטשטייונג פון ים גיט ער צום ערשטן
מאָל א ריין־פיזיקאלישע דערקלערונג. די אטמאָספערישע דער־
שיינונגען, פונקט ווי די ערדציטערנישן פון זיין קליינאזיאטישן
היימלאנד, דערקלערט ער — אויך אלס ערשטער — מיט נא־
טירלעכע סיבות. אָבער זיין בליק בלייבט נישט צוגעשמידט צו
די דערשיינונגען פון דער ערד: דער אויסגעשטערנטער הימל,
וואָס זיין פראכט איז אין די דרומדיקע ברייטן נישט דער ערך
דערהויבנדיקער ווי אין אונזער צפונדיקן קלימאט, אנטפלעקט
אים, אז דידאָזיקע וועלט איז א „קאָסמאָס", א פלאנמעסיקע
אָרדנונג, און אזוי ארום קאָנסטרואירט ער דעם ערשטן הימל־
גלאָבוס, אן אויסגעהוילטן האלב־קויל, אין וועלכן מ'קוקט אריין
פון אונטן, און אויף וועמעס אינערלעכן שטח ער פארצייכנט
די אים באקאנטע שטערנבילדער. אויך וועגן דער סובסטאנץ,
דער גרויס און דער (רעלאטיווער) ווייטקייט פון די גרויסע
הימל־קערפערס פון דער ערד, האָט ער שוין ארויסגעזאָגט
שארפזיניקע השערות. דערשטוינלעך געוואגט איז זיין היפּאָטע־

זע וועגן דער אין אומענדלעכן רוים פריי שוועבנדיקער ערד, וואָס איר רו-מצב באגרינדעט ער אומגעפער מאטעמאטיש אין: א מין פּאָרויסאנונג פון דער לערע וועגן דער צוציונגס-קראפט היות זי ליגט אין דער מיט פון דער וועלט, נייטראליזירן זיך אויף איר קעגנזייטיק די צוציונגס-כוחות פון די פארשיידענע זייטן פון הימל-געוועלב, און זי מוז פארבלייבן אומבאוועגלעך אויף איר אָרט. אנאקסימאנדראָס האָט אויך אָנגעוואָרפן צום ערשטן מאָל א ריין-ראציאָנעלע קאסמאָגאָניע, ד. ה. ער וואגט אָנצוווארפן א פלאן פון דער אנטשטייונגס-געשיכטע פון אונזער קאָסמאָס, וואָס באזירט אויסשליסלעך אויף באאָבאכטונג און שכלדיקן דענקען און שליסט לגמרי אויס יעדן איבערנאטירלעכן פאקטאָר. אויך אין געביט פון דער אָרגאנישער וועלט וואַרפט דערדאָזיקער געניאלער דענקער א זעלטן-טיפן בליק: דורך זיין ביז דארווינען איינציק עקזיסטירנדיקע היפּאָטעזע וועגן דער אנטשטייונג פון די לעבעדיקע וועזנס. די ערשטע אָרגאנישע באשעפענישן זענען ארויסגעקומען פון דעם דורך דער זונענווארימקייט ביסלעכווייז אויסגעטריקנטן שליים. זיי זענען נאָך געווען איינגעהילט אין שטעכעדיקער הויט [ווארשיינלעך אלס שוץ קעגן דער אויסנוועלט]... אין משך פון דער צייט האָבן זיי זיך אבער איבערגעקליבן אויף דער טריקעניש; די הילע, וואָס האָט זיי ארומגענומען, האָט געפלאצט אין די פארענדערטע לעבנסבאדינגונגען?, און זיי האָבן דאן געלעבט נאָך א קורצע צייט (פון זיי האָט ער, מסתמא, געלאָזט אָפּשטאמען די שפעטערע מינים).

מער פאר אלץ איז מערקווירדיק זיין היפּאָטעזע וועגן אורשפרונג פון מענטשן. ער האָט באמערקט, אז די אנדערע לעבעדיקע וועזנס קענען זיך אליין אויסהאלטן תיכף נאָך זייער געבורט — זאָל מען זיך נאָר דערמאנען אָן נאָר-וואס א'יסגעבריטע פיש אדער אן קליינע קאטשקעס, — אבער דער מענטש דאַרף נויטיקט זיך אין א לאנג-דויערנדיקן שוץ פון א „מוטער”. דערפון האָט ער געמאכט אן אויספיר, אז ווען דער מענטש האָלט אורשפּרינגלעך געקומען אויף דער וועלט אין

אזא צושטאנד, ווי דאָס קומט פאָר היינט, וואָלט ער שוין לאַנג געווען אומגעקומען. ווי אזוי־זשע איז דער מענטש פאָרט געבליבן לעבן [אין קאמף פאר דער עקזיסטענץ?] דורך אזעלכע באטראכטונגען ווערט אנאקסימאנדראָס געפירט צו דער השערה, אז אורשפּרינגלעך זענען פון זון־דערווארעמטן שליים אנטשטאַנען פיש אָדער פיש־ענלעכע חיות, אין וועמעס לייב עס האָבן זיך אנטוויקלט די מענטשן — ענלעך ווי ביי די הייפישן זייערע לעבעדיקע יונגע — און דאָרט געבליבן ביז זיי זענען „רייף" געוואָרן. ערשט דאן זענען זיי אַרויסגעקומען פון זיי אויף דער וועלט אלס מענער און פרויען, וועלכע האָבן זיך אליין געקענט אן עצה געבן.

דער פילאָזאָף אַנאַקסימאַנדראָס קען זיך נישט פארשעמען פארן פיזיקער. ווען טעאָפראַסט באַצייכנט אים אַלס „שילער און נאָכפאָלגער" פון טהאַלעס, קען דאָס בלויז באַדייטן, אַז אַנאַקסימאנדראָס איז געשטאנען מיט זיין עלטערן לאנדסמאן אין ענגע פערזענלעכע גייסטיקע באַציונגען, ווייל לויט די פאָרשונגען פון דילס און אנדערע איז זייער מעגלעך, אז צווישן די מילעזיער איז שוין באשטאנען א מין שול־ארטיקער צוזאַמענהאנג, אין דעם זינען, וואָס דער מייסטער פלעגט פערזענלעך מיטטיילן זיינע לערעס יינגערע, אנגעטרויטע מענער, פון וואָס עס האָט זיך דערנאך ביסלעכווייז געקענט אנטוויקלען א פעסטע לער־טראדיציע, א „שולע" — דערביי דארף מען דאס ווארט פארשטיין אין ריין־וויסנשאפטלעכן זינען. מיט דעם לאזט זיך דערקלערן, וואס אין מיטלפונקט פון אַנאַקסימאַנדראסעס נאטורפילאזאפישע ספעקולאַציעס געפינט זיך דיזעלבע גרונט־פראבלעם ווי ביי טהאַלעסן. אבער דאס וועזן פון וועלט־פרינציפּ, וואס איז נאך ביי טהאַלעסן פארבארגן אין קנאספּ־צושטאנד, אנטוויקלט זיך ערשט ביי אַנאַקסימאַנדראסן צו פולער קלארקייט.

טהאַלעס האָט נאך געזוכט די אור־סיבה אין א זעבארן שטאף. און גראד דערדאזיקער ענטפער האט נישט באפרידיקט זיין גרויסן שילער. פארוואס זאל עפעס די אור־סיבה זיין דאס

וואסער, וואס פארוואנדלט זיך דא אין לופט, דאָ אין ערד? אַי
דען דארף מען בכלל זוכן די אלץ איבערדויערנדיקע און שטענדיק
פונסניי געבוירנדיקע אור־סיבה פון די זאכן אין איינעם פון די
זעבארע שטאפן, וואס גייען כסדר איבער איינער אין צווייטן,
פון וועלכע קיינער האט נישט קיין אויבערהאנט איבערן צווייטן?
צי דען זענען דידאזיקע אלע זעבארע זאכן, וועלכע באזירן
דאך געוויס אויף אן אור־וועזן, נישט גיכער בלויז פארשיידענע
דערשיינונגס־פארמען פון דאזיקן איינציקן אור־וועזן? אויפן
גרונט פון אזעלכע באטראכטונגען איז אנאקסימאנדראס געקומען
אויפן געדאנק צו זוכן די אור־סיבה נישט אין קיין איינעם פון
די שטאפן, וועלכע מיר נעמען אויף מיט אונזערע חושים, נאר
הינטער זיי. אזוי ארום פירט ער דורך צום ערשטן מאל די
אבסטראאירונג פון זינלעכן צום באגריפלעכן, און קומט צום
רעזולטאט: די אור־סיבה איז דאס „אומענדלעכע”. ווייל — אזוי
זאגט זיין באגרינדונג, וועלכע אריסטאטעלעס האט אויפגעהיט —
די וועלט־סיבה מוז זיין אומענדלעך, כדי דאס ווערן זאל נישט
אויפהערן, ד. ה. זי זאל זיך נישט אויסשעפן ביים געבוירן די
זאכן. א נישט וואלט דאך — אזוי דארפן מיר דערגאַנצן דעם
געדאנק פון מילעזיער — אויסגעלאשן געוואָרן דאס גאנצע
לעבן אין דאָזיקן קאָסמאָס.

אונטער דעם באַגריף פון „אומענדלעכן” פארשטייט אָבער
אַנאַקסימאַנדראָס — וועגן דעם קען נישט זיין קיין שום ספק
לויט אַריסטאָטעלעסעס אויספירן — דעם אומענדלעכן שטאָף;
פאַרשטייט זיך, אַז אין זינען פון דער אייביק לעבעדיקער, פון
זיך אַליין באַוועגטער אור־סיבה, ווי טהאַלעס האָט זיך שוין
געוויס פאָרגעשטעלט דעם וואַסער אַלס אורשפרונג פון אַלע
זאַכן. דעריבער רופט ער אָן דאָס אומענדלעכע — „אומשטערב־
לעך”, „אומפאַרגענגלעך”, און ווארשיינלעך אויך „אומגעוואָרן”
און „קיינמאָל נישט געעלטערט”. צי האָט ער אָבער געזאָגט
וועגן אומענדלעכן — ווי דאָס ווערט כמעט אַלגעמיין אָנגענומען
אויפן גרונט פון אַ אַריסטאָטעלעס־שטעלע — אַז עס „נעמט
אַלץ אַרום און קירעוועט מיט אַלץ” אָדער ער זאָל עס גאָר

האָבן דערקלערט אַלס „געטלעך" — איז שטאַרק ספקדיק.

ווי אַזוי ווירקט זיך אָבער אויס דאָסדאָזיקע אומענדלעכע אין וועלט-פּראָצעס? אויף דערדאָזיקער גרונטפראַגע פון יעדער נאַטור-פילאָזאָפיע האָט אַנאַקסימאַנדראָס אַ קנאַפּ-וואָס באַפרידיקנדיקן ענטפער. אַזויווי לויט אונזערע קוועלן און לויט די אויף זיי באַזירנדיקע נייערע פאָרשונגען איז נישטאָ דער מינדסטער ספק, אַז ער האָט זיך פאָרגעשטעלט דאָס אומענדלעכע אַלס אַ קוואַליטאַטיוו אייגנהייטלעכע, אָבער אין אַלעם איבעריקן אומבאַשטימטע מאַסע. מוזן מיר דעריבער באַטראַכטן פאַר א סתירהדיקע, און דער עיקר פאַר אַן אומקלאָרע לייזונג, ווען דאָס אומענדלעכע „שיידט אויס" פון זיך — לויט זיין מיינונג — די עלעמענטאַרע קעגנזאַצן, ווי וואַרעם און קאַלט, פייכט און טרוקן; ווייל דאָס איז קלאָר, אַז די אוראַנטשטייונג פון די זאַכן האָט ער זיך פאָרגעשטעלט אַלס אַ דורך דער אייביקער באַוועגונג אַרויסגערופענע אויסשיידונג פון קעגנזעצלעך-קוואַליפיצירטע שטאָפן פון דעם אומענדלעכן, וועלכע זי אַנטהאַלט אין זיך פּאָטענציעל, אָבער נישט אַקטועל.

אָבער דידאָזיקע אייביקע באַוועגונג, וועלכע מיר דאַרפן זיך פאָרשטעלן אַלס קרייזאַרטיקע, נעמט ער אָן ווי אַלע הילאָזאָאיסטן, אַלס א זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, נישט נאָכדענקנדיק אפילו וועגן איר אורשפּרונג, ווייל אַזאַ באַוועגונג איז פאַר אים, ווייזט אויס, באַגרינדעט אין אינערגסטן וועזן פון דער אור-סיבה.

אַרויסגייענדיק פון דאָזיקן פונקט, וואַרפט אָן דער פיזיקער אַנאַקסימאַנדראָס נישט ווינציקער געוואַגט ווי נאַאיוו אַ קאָסמאָגאָניע, וועלכע מיר קענען, צוליב דער פראַגמענטאַרישקייט פון אונזער קוועלן-מאַטעריאַל, רעקאָנסטרואירן בלויז טיילווייז. נאָכדעם, ווי די מאַסע, וואָס געבוירט וואַרעמקייט און קעלט, האָט זיך אויסגעשיידט פון אומענדלעכן, האָבן זיך קודם-כל צעשיידט דידאָזיקע ביידע. דאָס וואַרימע, ד. ה. דאָס פייערדיקע און דעריבער לייכטסטע איז אַרויפגעשטיגן אינדערהויך, בעת די קאַלטע, שווערע מאַסע איז געבליבן אונטן. דאָס פיי-

רדיקע האָט אַרומגעהילט דאָס קאַלטע אין דער פאָרם פון א קויק „אַזויווי די קאָרע אַרום בוים", אַזוי אַרום איז דאָס קאַלטע, דאָס שווערע געבליבן ליגן אין איר מיט. דאָס פעסטע, פליסיקע און לופטפאָרמיקע זענען נאָך אורשפּרינגלעך נישט געווען אָפּגעטיילט פונאַנאַנדער אין דערדאָזיקער קאַלטער מאַסע. כאָטש אין משך פון דער ווייטערדיקער אויסשיידונג האָט דאָס פעסטע, שווערע געבילדעט דעם קערן, וועלכער איז אָבער צוערשט נאָך אינגאַנצן געווען באַדעקט מיט דער פייכטקייט, און דידאָזיקע לעצטע פון איר זייט איז געווען אַרומגענומען פון דער לופט. צי צוליב דער קרייזנדיקער באַוועגונג פון דער פייערדיקער ספערע, וועלכע האָט געווירקט צענטרלויפנדיק, צי צוליב די פון אונטן דריקנדיקע לופטמאַסן — ווי עס זאָל נישט זיין, אַבי די פייערדיקע קויק-הילע פון דער וועלט איז צעריסן געוואָרן אויף איינצלנע קרייזפאָרמיקע שטרייפן, וועלכע זענען אַרומגענומען געוואָרן פון טונקעלער, פאַר אונדז אומדורכזיכטיקער לופט. דידאָזיקע מיט פייער-אָנגעפילטע, דורך לופט-אַרומגעהילטע אויסגעהוילטע רינגען, וועלכע כאַפּן אַרום די ערד אויף פאַרשיידענע שטעלן און קרייזן זי אַרום קאָנצענטריש, ליגנדיק טיילס איינער איבערן צווייטן און טיילס קרייצאַרטיק, האָבן, ווי בלאָז-זעק, צו איין עפענונג, פון וועלכע עס לייכט אַרויס דאָס פייער, וועלכעס זיי שליסן איין אין זיך: דאָס זענען די הימל-קערפּערס, די זון, לבנה און שטערן. ווערן אָבער אַ מאָל פאַרשטאָפּט זייערע עפענונגען, קומען דאַן פאָר לקוי-חמהס און לקוי-לבנות. אויף אַן ענלעכן אופן זאָל אַנאַקסימאַנדראָס אויך האָבן דערקלערט די אָפּפאַלונג און די צונעמונג פון דער לבנה.

אַנאַקסימאַנדראָסעס דאָזיקע לערע וועגן די קאָנצענטרישע הימל-קערפּער-רעדער איז געוואָרן דער באַזיס פאַר דער שפּעטערער ספערן-טעאָריע פון דער גריכישער קאָסמישער פיזיק.

די ערד אַליין, וועלכע שוועבט פריי אַרום אין מיטלפונקט פון דער וועלט, האָט זיך אַנאַקסימאַנדראָס פאָרגעשטעלט אַלס אַ נידעריקן צילינדער, וואָס זיין הויך איז גלייך אַ דריטל

פון זיין דיאַמעטער, וואָס אויף זיין געוועלבטער אויבערשטער פלאַן
ווײַנען מיר. אַמאָל איז זי לגמרי געווען פאַרגאָסן מיט וואַסער ;
ביסלעכווייז אָבער — אונטער דער ווירקונג פון דער זון־וואַ־
רעמקייט — האָט זיך דאָס וואַסער אַלץ מער אויסגעדאַמפּט.
דער רעשט פון יענעם אור־וואַסער איז דער ים, וואָס איז גע־
זאַלצן געוואָרן צוליב דער אויסקאָכונג דורך דער זון, און
וועט וואַרשיינלעך מיט דער צייט אינגאַנצן אויסטריקענען.
דאָס אומענדלעכע שאַפט אָבער נישט נאָר דידאָזיקע איין
וועלט. פונקט אַזוי ווי עס גיט אַרויס פון זיך אין רולאָזער
באַוועגונג אומגעציילטע איינצלוועזנס, שאַפט עס אויך — לעבן־
און נאָכאַנאַנדער — אומענדלעך פיל וועלטן, וועלכע די אור־
סיבה — ווייל דאָס ליגט באַגרינדעט אין איר וועזן — שלינגט
ווידער איין אין זיך, ווען עס קומט די צייט. „אין דעם, פון
וואָס די זאַכן אַנטשטייען, געפינען זיי אויך זייער אונטער־
גאַנג, אין הסכם מיט דער נויטווענדיקייט. ווייל זיי צאָלן
אַנאַנדער שטראָף און תשובה פאַר דעם אומרעכט, אין הסכם
מיט דער אָרדנונג פון דער צייט״. — דעריבער גייען אויך
אונטער פון אייביק אָן אין באַשטימטע פעריאָדן די אומציילי־
קע וועלטן, פונקט ווי זיי ווערן געשאַפן דורך דעם אומענדלעכן.
דאָ קומט אויף צום ערשטן מאָל דער געדאַנק וועגן וועלט־
פעריאָדן.
אָבער נאָך וויכטיקער איז אַ צווייטס : ווי מאָדנע עס זאָל
אונז נישט פאָרקומען די עטיש־רעליגיעזע באַפאַרבונג אין אויס־
דרוק פון דעמדאָזיקן איינציקן אויפגעהיטן פראַגמענט פון דער
שריפט פון גרויסן מילעזיער — מען האָט אין דעם אויסטער־
לישן אויסדרוק פון געדאַנק מיט רעכט איינגעפונען אַן אָנ־
קלאַנג פון אָרפעישן פעסימיזם, — קומט דאָ אָבער זיכער צום
אויסדרוק — צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון די וויס־
שאַפטן — דאָס באַוווסטזיין וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ נאַ־
טורגעזעץ, וואָס באַהערשט דאָס גאַנצע לעבן, וואָס האָט זיך
אַנטפּלעקט דעם גרויסן פאָרשער אין מויזנט איינצלהייטן אַזוי
גוט ווי אין דער גאַנצקייט פונם וועלט־געשעען.

## 3. אַנאַקסימענעס

אַנאַקסימאַנדראָסעס ייִנגערער לאַנדסמאַן אַנאַקסימענעס, וועלכער איז געשטאַנען מיטן ערשטן אין נענטערע פּערזענלעכע באַציִונגען, האָט וואַרשיינלעך נישט געננג באַגריפן די גאַנצע באַדייטונג פון די מאָטיוון, וועלכע האָבן באַוויגן אַנאַקסימאַנדראָסן צו זוכן די אור-סיבּה הינטער די זינלעך-זעבאַרע געגנשטאַנדן. ווייל ער פאַרבלייבט מיט זיין דענקען אין דער ממשלה פון דאָס חושימדיקע. אמת, דאָס וואַסער, וואָס באַדעקט בלויז אַן טייל פון אונזער ערד, איז אים פאָרגעקומען אומפּאַסיק פאַר אַן אור-סיבּה. נישט דער ערך פּאַסיקער איז אים פאָרגעקומען פאַרן דאָזיקן צוועק דער לופט-ים, וואָס האָט נישט קיין גרענעצן און שטייט אַזוי אַרום אין הסכּם מיט אַנאַקסימאַנדראָסעס פאָדערונג, — די לופט, פון וועלכער עס שטאַמען די וואָלקן און דער רעגן, ד. ה. אויך דאָס וואַסער, אין וועלכער עס צוקן אָבער, ביים שטורעם, אויך אויף בליצן — ד. ה. פייער. פונדעסטוועגן דאַכט זיך, אַז ביים אויסוויילן די אור-סיבּה, איז פאַר אַנאַקסימענעסן געווען אַנטשיידנדיק אַ גאַנץ אַנדער מאָטיוו: טיילווייז נאָך באַהערשט פון פּרימיטיוון דענקען, האַלט אַנאַקסימענעס דעם אָטעם פון מענטשן — די לופט, וואָס פילט אויס זיין קערפּער — פאַר אידענטיש מיטן פּרינציפּ, וואָס באַלעבט אים, מיט זיין נשמה („פּנוימא”, אַ וואָרט, וואָס האָט אור-שפּרינגלעך באַצייכנט דעם לופט-אָטעם, דערנאָך דעם אָטעם, דאַן דעם פּרינציפּ, וואָס באַלעבט דעם מענטשן און צולעצט—די נשמה): „אַזוי ווי די נשמה, וואָס באַשטייט פון לופט, הערשט איבער אונז, אַזוי נעמט אויך אַרום דעם גאַנצן קאָסמאָס אָטעם און לופט”, אַזוי ווערט געזאָגט אין צווייטן פראַגמענט, וואָס אַנטהאַלט שוין גלייכצייטיק דעם שפּראַצל פון דער אָנשויונג וועגן מיקראָ- און מאַקראָ-קאָסמאָס, וואָס איז שוין פאַרשפּרייט אין פינפטן יאָרהונדערט פאַר קריסטוסן. די לופט איז אַלזאָ די אומענדלעכע אור-סיבּה.

אויב ביים אויסוויילן זיין וועלט-פּרינציפּ האָט אַנאַקסימע-

נעס געמאַכט אַן אויספֿאַלנדיקן טריט צוריק לגבי זיין גרויסן פֿאָרגענגער, ווייזט ער אָבער אין אַנדערע הינזיכטן אַרויס אַ גרויסן פּראָגרעס. די אויסווירקונג פֿון דער אור-טיפּה אין וועלט-פּראָצעס איז ביי אַנאַקסימאַנדראָסן, באַזונדערס אין אירע ערשטע סטאַדיען געבליבן נישט קלאָר. אדרבה, דורך זיין מיינונג וועגן דער אויסשיידונג פֿון די קעגנזאַצן פֿון דער אור-סיבה, איז ערנסט געשטעלט געוואָרן אונטער אַ פֿראַגע-צייכן איר קוואַליטאַטיווע איינהייט. דידאָזיקע איינהייט — דאָס האָט צוערשט טרעפֿלעך באַמערקט בורנעט — האָט מען נאָר דאַן געקענט אויפֿהאַלטן, ווען אַלע קוואַליטאַטיווע אונטערשיידן פֿון די געגנשטאַנדן זאָלן צוגעשריבן ווערן אַ גרעסערער אָדער קלענערער דאָזע סובסטאַנץ ביי אַ גלייכן אומפֿאַנג. אויף דערדאָזיקער געניאַלער אידעע איז אַנאַקסימענעס, ווי ס'שיינט, אַרויפֿגעפֿירט געוואָרן דורך אַ פֿיזיקאַלישער באַאָבאַכטונג, וועלכע באַדייט גלייכצייטיק אַן אמתן פּראָגרעס אין דער אויספֿאָרשונג פֿון דעם נאַטור-געשען בכלל: אַנאַקסימענעס האָט באַמערקט, אַז מיט דערוואַרימונג איז פֿאַרבונדן די אויסשפּרייטונג, און מיט אָפּקילונג — די צוזאַמענציונג פֿון די קערפּערס. דורך דערדאָזיקער דערקענטעניש איז גלייכצייטיק אָפּגעפֿרעגט געוואָרן די אָנשויונג פֿון זיין פֿאָרגענגער וועגן וואַרעם און קאַלט אַלס זעלבשטענדיקע סובסטאַנצן. און דעריבער קומט אַנאַקסימענעס צו אַן אַנדער שלוס ווי אַנאַקסימאַנדראָס: פֿון דער אור-סיבה, ד. ה. פֿון דער לופֿט קומען אַרויס אַלע געגנשטאַנדן דורך געדיכטער ווערן אָדער דורך שיטערער ווערן. אַזוי, למשל, ווערט פֿון דער לופֿט דורך שיטער ווערן פֿייער, דאַקעגן דורך (בהדרגהדיקן) געדיכט ווערן — ווינט, וואָלקן, וואַסער, ערד, שטיינער. אָבער אויך די אָרגאַנישע באַשעפֿענישן, באַזונדערס דער מענטש, באַשטייען איגנדעראמתן פֿון מער אָדער ווייניקער געדיכט-געוואָרענער לופֿט. ווי אַזוי אַנאַקסימענעס האָט זיך געבויער פֿאָרגעשטעלט זייער אַנטשטייונג, איז אוממעגלעך צו דערגיין.

אַזוי אַרום איז די קוואַליטאַטיווע איינהייט פֿון דער אור-

סיבה אָפּגעראַטעוועט געוואָרן אויף אַ גליקלעכן אופן. און אויף אַזאַ אופן דערקלערנדיק די לופט אַלס דעם איינאיינציקן וועלט-פּרינציפּ, פון וועלכן עס שטאַמען אָפּ אַלע געגנשטאַנדן, אין וועלכן זיי וועלן אַלע מיט דער צייט צוריקקערן — ווייל אויך אונזער קאָסמאָס ווערט פאַרוואַנדלט און באַנייט אין באַשטימטע פּעריאָדן, — איז אַנאַקסימענעס געוואָרן איינער פון די קאָנסעקווענטסטע מאָניסטן פון אַלטערטום. ווייל אויך ער איז דורך און דורך הילאָזאָאיסט, ווי זיינע צוויי פאָרגענגער. די אור-סיבה, וואָס געפינט זיך פון זיך אַליין אין אַן אייביקער באַוועגונג, איז אין לעצטן סך-הכל די סיבה פון אַלץ, וואָס ווערט און פאַרגייט.

אַנאַקסימענעסעס וועלט-פאַרנעם האָט נישט אויפגעהערט צו ווירקן ביז טיף אין דער פילאָזאָפיע פון העלעניזם אַריין: אַנאַקסימענעס איז דעריבער געוואָרן דער אור-פאָטער פון דער סטאָאישער לערע וועגן דער וועלטבאַהערשנדיקער „פּנוימאַ".

אויך אין אַנאַקסימענעסעס קאָסמאָגאָניע קומט צום אויסדרוק די צענטראַלע שטעלונג פון זיין אור-סיבה: דורך געדיכט ווערן פון דער לופט אַנטשטייט קודם כל די ערד. זי שווימט אַלס אַ פלאַכער דיסק אויף דער לופט, ווייל די דאָזיקע, צוזאַמענגעפּרעסט דורך דער ערד, קען נישט אַנטלויפן אין קיין איין ריכטונג, ווייל אויך ביי די זייטן פון דער ערד און איבער איר איז אומעטום לופט. די פייכטקייט, וואָס איז אַרויסגעדרונגען פון דער ערד, איז שיטער געוואָרן און ס'איז פון איר אַנטשטאַנען פייער. פון דאָזיקן האָבן זיך צוזאַמענגעקנוילט די הימל-קערפּערס, וועלכע שווימען אויך, ווי די ערד, אויף דער לופט, אַ דאַנק זייער דיסקאַרטיקער פאָרם. עס זענען אָבער אויך דאָ „ערד-אַרטיקע" וועלט-קערפּערס, וועלכע נעמען אַרום געוויסע הימל-קערפּערס און קרייזן זיך אַרום מיט זיי, אומגעזען דורך אונז. אַנאַקסימענעס גלויבט מסתמא, אַז אויף אַזאַ אופן לאָזט זיך צום איינפאַכסטן דערקלערן די פאַרפינסטערנישן פון זון און לבנה. אין פּרינציפּ איז ער דאָ אַ סך נענטער צום אמת ווי זיין פאָרגענגער אַנאַקסימאַנדראָס, ווייל ער דערקלערט די פאַר-

כינסטערונגען פון זון און לבנה דורך זייער פאַרדעקונג מצד אַנדערע וועלט-קערפּערס. דאַקעגן זענען דערשטוינלעך נאַאיוו זיינע פּאָרשטעלונגען וועגן דעם קרייזוועג פון די הימל-קערפּערס. אַזוי, למשל, ליגט דער נאַכטיקער וועג פון דער זון נישט אונטער דער ערד, נאָר „פּונקט אַזוי ווי עס דרייט זיך אַרום אונזער קאָפּ דער הוט", לויפט זי זי פלאַך אַרום, נאָכדעם, ווי זי פאַרשווינדט אינאָוונט הינטער די הויכע בערג פון צפון „צוליב זייער גרויסער דערווייטערטקייט פון אונז". די פון צייט צו צייט פאַרקומענדיקע „אומקערן" פון די גרויסע הימל-קערפּערס זענען אַ רעזולטאַט פון דער געדיכט-געוואָרענער און דעריבער צוריק אָפּשטויסנדיקער לופט: די לופטמאַסן, וועלכע די הימל-קערפּערס טרייבן פאַר זיך און קנוילן זיי צוזאַמען, שפּרינגען ענדלעך אָפּ צוריק אַ דאַנק זייער עלאַסטישקייט, אַזוי אַז די זון און די לבנה מוזן זיך אומקערן צוריק אויף זייערע וועגן. אויך אַנאַקסימענעס האָט שוין אונטערשיידט פּלאַנעטן און אומבאַוועגלעכע שטערנס; די דאָזיקע לעצטע זענען צוגעפעסטיקט צום קריסטאַלאַרטיקן הימלגעוועלב „אַזוי ווי מיט טשוועקעס".

* *

*

די דריי מילעזיער: טהאַלעס, אַנאַקסימאַנדראָס, אַנאַקסימענעס זענען די עלטסטע אויסשפּירער אויפן וועג פון דער וויסנשאַפט. ווי נאַאיוו עס זאָלן אונז נישט פאָרקומען געוויסע אָנשויונגען זייערע, לאָזט זיך פונדעסטוועגן בולט מערקן, ווען מיר באַטראַכטן דאָס גאַנצע פון זייער דענקען, זייער שאַרפע ווענדונג צום ראַציאָנאַלן פאָרשן און דענקען. געוויס, דער וועזן פון זייער אור-סיבה, וועלכע איז אין איר איבערסטן תוך אייביק אומפאַרענדערט און איז דאָך די סיבה פון אַלע ענדערונגען אין דער זעבאַרער וועלט, האָט אין זיך עפּעס דואַליסטישעס, אָבער גראָד אין דעם ליגט דער שפּראָצל פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון פילאָזאָפישן דענקען. און ווער קען דאָס פאַרלאַנגען פון די ערשטע אַנטדעקער פון וועג, זיי

זאָלן שוין דערגרייכן דעם ציל? פירט מען אָבער אונטער אַ סך-הכּל פון דער דענק-אַרבעט פון די דריי מילעזיער אַלס די באַגרינדער פון דער וויסנשאַפט, מוז אויך דער מענטש פון 20-טן יאָרהונדערט זאָגן: עס איז אַן אייביק-מערקווירדיקע דערגרייכונג.

# דאָס צווייטע קאַפּיטל

## וויסנשאַפט און מיסטיק

### 1. פּיטאַגאָראַס און די עלטערע פּיטאַגאָרעער

דאָס מענטשנאַלטער צווישן דעם טויט פון אַנאַקסימענעס (אַרום 525) און דער צעשטערונג פון מילעט דורך די פּערסער אין יאָר 494 האָט, ווייזט אויס, מער נישט אַרויסגעבראַכט אין דער יאָנישער שטאָט קיין דענקער פון אָריגינעלער באַדייטונג; דעמדאָזיקן שלוס מוז מען מאַכן פון דעם שטילשווייגן פון די קוועלן. אָבער גלייכצייטיק איז קיין שום ספק נישטאָ, אַז די מילעזישע „שולע" האָט ווייטער געפירט איר לעבן, לכל הפּחות ביז צו דער צעשטערונג פון דער שטאָט און אפילו דערנאָך אויך; אָבער דער עיקר ווירקן די געדאַנקען פון די מילעזישע פיזיאָלאָגן ווייט איבער צייט און רוים. דאָס איז ריכטיק נישט נאָר פאַר די פאַרשפּעטיקטע נאָכשלעפּער פון זייער הילאָזאָאיזם. גיכער זענען עס גראָד אַנאַקסימאַנדראָסעס גרויסע געדאַנקען און אַנטדעקונגען, וועלכע האָבן אַ טיף־גרייכנדיקע ווירקונג אויף דער אַנטוויקלונג פון די דענקער, וואָס קומען נאָך אים, אפילו דאַן, ווען דידאָזיקע גייען מיט אַנדערע וועגן ווי ער, כדי צו לייזן די עיקרדיקע פראַגע וועגן דער אור־סיבה און דעם אופן פון איר אויסווירקונג אינם וועלט־געשעען. אויך די אַנטוויקלונג פון פילאָזאָפישן דענקען קומט דאָך נישט פאָר מיט אַ גלייכער ליניע.

אַ געשטאַלט פון דאָזיקן מין, וואָס שטייט לויט דער צייט נאָך אַמנאָנטסטן צו די מילעזיער, איז פּיטאַגאָראַס, וועלכער טרעט, ליידער, אַרויס פאַר אונז דורכן נעפּל פון דער איבער־ליפערונג בלויז אין אַלגעמיינע שטריכן.

וועגן דאָזיקן מערקווירדיקן מאַן ווייסן מיר, אמת, זייער ווייניק זיכערעס, ווייל ער אַליין האָט גאָרנישט געשריבן און ווייניקסטנס אין משך פון 50 יאָר נאָך זיין טויט האָט עקזיס־טירט בלויז אַ טראַדיציע שבעל־פּה פון דער פּיטאַגאָרעישער שולע און גראָד די געשטאַלט פון איר גרינדער איז שוין זיי־ער פרי געדיכט אַרומגעוועבט פון דער לעגענדע. קודם־כל זאָל דאָ געגעבן ווערן דאָסדאָזיקע זיכערע.

לויט דידאָזיקע זיכערע ידיעות האָט פּיטאַגאָראַס, דער זון פון מנעזאַרכאָס, געשטאַמט פון אַ פאַרמעגלעכער פאַמיליע פון אינזל סאַמאָס. לויט אַפּאָללאָדאָרס אויסרעכענונג איז ער אַרום יאָר 532 אַלט געווען אַ יאָר פערציק, ווען ער האָט פאַרלאָזן דעם אינזל (וואַרשיינלעך געצוווּנגען דערצו אויך צוליב דער דריקנדיקער טיראַניע פון פּאָליקראַטעס) און געפונען אַ נייע היימלאַנד ווייט איבערן ים, אין אונטעראיטאַלישן קראָ־טאָן. פּיטאַגאָראַס, וועלכער האָט שוין פאַר זיין אויסוואַנדערן אַנטוויקלט אַ שטאַרקע טעטיקייט, האָט דאָ גלייך געמוזט גע־פינען אַ סך אָנהענגער פאַר זיינע שטרעבונגען; ווייל ער גרינ־דעט דאָ אַ געמיינשאַפט, אַ בונד, וועלכער באַזירט אויף גע־וויסע עטיש־רעליגיעזע פּרינציפּן, פאַר וועלכן ער, אַלס אָנער־קענטער און שוין ביי זיין לעבן אַלס גאָטעגלעך פאַרערטער ראש, שטעלט אויף אַן אידעאַל, וואָס פאַרשפּרייט זיין ווירקונג אויך אויף דער אויסערלעכער לעבנספירונג, און דעמדאָזיקן אידעאַל פאַרקערפּערט ער אַליין אין זיין אייגענער פּערזאָן, אַ דערהויבענער אין זיין גייסט, ווי אויך אין זיין אויסערלעכער יראת־הכבוד־אַרויסרופנדיקער דערשיינונג. דערדאָזיקער בונד, וואָס האָט אַרומגענומען אַ סך פון די חשובסטע בירגער פון קראָטאָן און אינגיכן אויך פון די אונטעראיטאַלישע שכנותדיקע שטעט, אין וועלכן ס'האָבן געוווּמען אַ טעטיקן און ווירדיקן

אָנטייל אויך די פּרויען אין טעכטער פון די מיטגלידער, — דערדאָזיקער בונד האָט וואַרשיינלעך געהאַט, ווי אַלע מיסטע־ריעס, געוויסע, פאַר דרויסנשטייענדיקע שטרענג אין געהיים־גע־האַלטענע סטאַטוטן, וועלכע זענען פאַר אַלעמען געווען פאַר־פליכטנדיק. זיינע באַשטרעבונגען האָבן, אגב, שוין גאַנץ פרי אַריבערגעטראָטן דעם קרייז פון עטיש־רעליגיעזן לעבן, ווייל זיינע פירער האָבן אינגיכן זיך אויך גענומען מישן אין פּאָלי־טישן לעבן, וואַרשיינלעך אין אַריסטאָקראַטישן זין. אַ באַווייז דערפאַר איז קראָטאָנס קריג מיט דער פרעכטיקער סיבאַריס און די פאַרניכטונג פון דער שטאָלצער קאָנקורענטין אין יאָר 510 פאַר קריסטוסן. דער בונד האָט יאָרצענדליקער לאַנג געקענט אויסברייטן אויך זיין פּאָליטישן איינפלוס איבער גאַנץ אונטער־איטאַליע און סיציליע, ביז — אָן שום ספק ערשט אַ לאַנגע צייט נאָך דעם גרינדערס טויט, וואַרשיינלעך ערשט אַרום מיטן 5־טן יאָרהונדערט — ביז אַדאַנק דער אויפקומענדיקער דעמאָ־קראַטיע פון אונטעראיטאַליע, אונטער דער פירונג פון אַ גע־וויסן קילאָן, וועלכער זאָל זיך האָבן געפילט געקרענקט פער־זענלעך צוליב דעם, וואָס די פּיטאַגאָרעער האָבן אים אָפּגע־שטויסן, איז אָנגעקומען פאַר די אָנהענגער פון בונד אַ יאָרן־לאַנג דויערנדיקע פאַרפאָלגונג. דע רוב מיטגלידער איז אומ־געקומען, און בלויז אייניקע האָבן זיך געראַטעוועט דורך אַנט־לויפן פון איטאַליע; און דידאָזיקע אַנטלאָפענע איז קודם־כל געווען די, וועלכע ברענגען דעם גריכישן מוטערלאַנד די לערעס און די מנהגים פון בונד. אַזוי האָבן זיך אין צפונדיקן פעלאָ־פּאָנעס און אין טהעבען נאָך געהאַלטן אין משך פון עטלעכע מענטשנאַלטערס פּיטאַגאָרעאישע סעקטעס. אַריסטאָטעלעס׳ שילער אַריסטאָקסענאָס — אין דער צווייטער העלפט פון 4־טן יאָר־הונדער פאַר קריסטוסן — האָט נאָך געזען זייערע לעצטע אָנ־הענגער.

ווען מיר שטעלן די פראַגע וועגן די אָנשויונגען, וועלכע עס האָט געפרעדיקט דער לעגענדעס־באַצירטער גרינדער פון דער אַמאָל אַזוי מעכטיקער געמיינשאַפט, צו וועלכער ער האָט

צוגעצויגן מחנות אָנהענגער פֿון ביידע מינים, קענען מיר אויף פּאָרויס אָננעמען, אַז דאָס זענען נישט געווען קיין ריין־פּי. אָזאָפּישע לערעס, ווייל דידאָזיקע פֿלעגן געוויינלעך בלייבן דער פֿאַרמעגן פֿון איינצלנע אויסדערווײלטע. אויף דער מערהייט פֿון זיינע אָנהענגער האָבן געמוזט האָבן אַ אַנטשיידנדיקע השפּעה נישט די לערעס, וואָס האָבן דעם אויסשליסלעכן ציל צו דער־קענען דעם וועלטגעשעען און זיינע לעצטע סיבות, נאָר גיכער אַזעלכע, וואָס האָבן אַ באַדייטונג פֿאַר דעם מענטשנס מעשים אַלס *לעבנאָנפּירנדיקע מאַכט*, ווייל דידאָזיקע צווייטע זייט פֿון דער פֿילאָזאָפֿיע איז כמעט אַזוי אַלט ווי זי גופֿא.

פֿון פּיטאַגאָראַסעס אַזעלכע לערעס זענען אונז אויף גאַנץ זיכער באַקאַנט בלויז צוויי. אונטער דער השפּעה פֿון געוויסע מיסטישע לערעס, וועגן וועלכע עס וועט זיין די רייד שפּעטער, האָט פּיטאַגאָראַס געפּרעדיקט אַ לערע, וואָס איז נאָך דאַמאָלס פֿאַר דער ברייטער מאַסע געווען אומדערהערט: אַז די נשמה פֿון מענטשן איז פֿון געטלעכער אָפּשטאַמונג און דעריבער אומ־שטערבלעך, און אַז נאָכן טויט ווערט זי מגולגל אין אַ סך קערפּערס פֿון חיות אויף דער יבשה, אין ים און אין לופֿט, און ערשט נאָך אַ לאַנגער, לאַנגער וואַנדערונג, קען זי זיך ווי־דער אומקערן אין אַ מענטשלעכן גוף. ס'איז דאָ אַ גוטער גרונט משער צו זיין, אַז מיט דערדאָזיקער אָנשויונג איז פֿאַרבונדן געווען אַ געוויסער אַסקעטיזם, וועלכער איז אָבער אורשפּרינג־לעך נאָך נישט באַשטאַנען אין אָפּהאַלטן זיך פֿון יעדער אַרט פֿלייש־נאַרונג, שוין אָפּגערעדט פֿון דעם, אַז דער באַרימטער בעבלאַך־פֿאַרבאָט האָט נאָך דאַן נישט עקזיסטירט; נישט רע־כענענדיק געוויסע שפּייז־פֿאַרבאָטן, וועלכע פֿאָדערן אויסצומיידן דאָס, וואָס האָט געגאָלטן אַלס „אומריין”, האָט זיך דערדאָזי־קער אַסקעטיזם בעיקר באַשרענקט אויף אַ מעסיקע, צניעותדיקע, געזונטהייטלעכע לעבנספֿירונג.

דידאָזיקע נשמה־לערע און די עטיק, וואָס איז מיט איר פֿאַרבונדן, האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פֿאַר דער פֿילאָ־זאָפֿיע, אָבער ווען דאָס וואָלט פֿונדעסטוועגן געווען אַלץ, וואָס

מיר ווייסן וועגן פּיטאַגאָראַסן און זיין בונד, וואָלט דאַן ווינדעלבאַנד געהאַט רעכט, ווען ער באַטראַכט פּיטאַגאָראַסן אַלס אַן אויסשליסלעך זיטלעך־רעליגיעזן רעפאָרמאַטאָר, בעט אים אַרויס פון דער געשיכטע פון דער אייגנטלעכער פילאָזאָפיע און ווייזט אים אָן אַן אָרט אין איר פּרוזדור. פּיטאַגאָראַס האָט זיך אָבער באַשעפטיקט אויך מיט אַ גאַנץ אַנדער געביט — נישט געקוקט אויף דער קאַרגער איבערליפערונג, איז אָבער אונטער דער ליכט פון דער נייערער פאָרשונג נישטאָ קיין שום צווייפל וועגן דעם, — מיט דער ריינער וויסנשאַפט און קודם־כל מיט דער מאַטעמאַטיק. דאָ האָט ער וואַרשיינלעך צוערשט באַגרינדעט די לערע וועגן די פּראָפּאָרציעס, סיי פון ליניעס, סיי פון פלאַכן, כאָטש עס מוז בלייבן אונטער אַ פראַגע־צייכן, צי די אַזויגערופענע פּיטאַגאָרעאישע טעאָרעמע שטאַמט פון אים אַליין אָדער פון איינעם פון זיינע תּלמידים. און ס'איז זייער מעגלעך, אַז ער האָט זיך שוין גאַנץ ערנסט באַשעפטיקט אויך מיט אַסטראָנאָמישע פּראַגעס. אַנטשיידנדיק פאַר דערדאָזיקער השערה איז דאָס עדות זאָגן פון אַריסטאָטעלעסעס תּלמיד אוידעמאָס. און אַריסטאָטעלעס אַליין גיט אונז שוין איבער, אַז פּיטאַגאָראַס האָט שוין נאָכגעטראַכט וועגן די צאָלן. צו וועלכע רעזולטאַטן דערדאָזיקער לעצטער איז דאַביי געקומען, וועגן דעם דערוויסן מיר זיך, אמת, פון די מאָסגעבנדיקע קוועלן קיין וואָרט נישט. פונדעסטוועגן האָט מען זיך משער געווען אויס איבערלעכע (דאָגמאַטיש־געשיכטלעכע) מאָטיוון, אַז די שפּעטערע באַדייטנדיקע פּיטאַגאָרעאישע לערע האָט שוין געמוזט באַקומען אירע וועזנטלעכע שפּראָצלעך פון מייסטער אַליין.

דעריבער וואַקלען זיך נישט אַ גאַנצע ריי באַדייטנדיקע פאָרשער פון דער אַלטער פילאָזאָפיע צוצושרייבן פּיטאַגאָראַסן גופא דאָס וועזנטלעכע פון די עיקרדיקע לערעס, וועלכע מיר געפינען מיט זיכערקייט ערשט ביי פילאָלאַאָס — אין לעצטן דריטל פון 5־טן יאָרהונדערט, — און אַזוי ווי מיר געפינען שפורן פון אַזעלכע אָנשוויונגען אויך ביי דענקער פאַר פילאָלאַאָסן, איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז דידאָזיקע אויבנדערמאָנטע

פאָרשער האָבן רעכט, כאָטש אין איינצלהייטן איז אוממעגלעך אָפּצוטיילן מיט זיכערקייט די לערע פון פּיטאַגאָראַס פון דער לערע פון זיינע תּלמידים, און אפילו אַריסטאָטעלעס רעדט שוין שטענדיק נישט וועגן די לערעס פון פּיטאַגאָראַס, נאָר פון די פּיטאַגאָרעער.

ווי ס׳שיינט, האָט פּיטאַגאָראַס גלייכצייטיק מיט דער מאַטעמאַטיק זיך שטאַרק אָפּגעגעבן מיט דער מוזיק. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און זיין מאַטעמאַטישער גייסט האָט אַנטדעקט, אַז די מוזיקאַלישע האַרמאָניע איז אָפּהענגיק פון געוויסע צאָלשייכותן אין דער לענג פון די פאַרשיידענע סטרונעס פון דער ציטרע און ענלעכע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן. אייגנאַרטיקע צאָל־שייכותן אין זייער באַדייטונג האָט אים אָבער אויך אַנטפּלעקט זיין באַשעפטיקונג מיט דער אַריטמעטיק און געאָמעטריע. יאָ, אפילו אין די דערוויטערונגען און די אומקרייז־צייטן פון געוויסע הימל־קערפּערס, ד. ה. פון די פּלאַנעטן, צו וועלכע מ׳האָט דאַן צוגערעכנט אויך די זון מיט דער לבנה, האָט זיך איבערראַשנדיק געוואָרפן אין די אויגן די באַדייטונג פון די צאָל־שייכותן. אַ דאַנק אַזעלכע און ענלעכע אַנטדעקונגען מאַכט פּיטאַגאָראַס, דורך אַ געוואַגטער פאַראַלגעמיינערונג, דעם אויספיר, אַז צאָל און מאָס זענען בכלל די וועלט־באַהערשנדיקע פּרינציפּן, וועלכע האָבן אַ זעלבשטענדיקע עקזיסטענץ. אויב די מילעזיער האָבן איינזייטיק איינגעזען אין זעבאַרן שטאָף די אור־סיבה, איז פּיטאַגאָראַס און זיין שולע נישט ווייניקער איינזייטיק, ווען זיי נעמען אָן קוואַנטיטאַטיווע שייכותן פאַר זעלבשטענדיקע, וועלט־אויפבויענדיקע פּרינציפּן, און לאָזן אַזוי אַרום די פּראָבלעם פון דער מאַטעריע פולשטענדיק נישט־געלייזט. נאָכמער, ער אָדער זיינע נאָענטסטע נאָכפאָלגער גייען אַזוי ווייט, אַז רוימלעכע גרויסן, ווי צום ביישפּיל די זייטן פון רעכטווינקלדיקן דרייעק, באַטראַכטן זיי אַלס צאָלן בלויז דערפאַר, ווייל זייערע מאָס־שייכותן קענען אויסגעדריקט ווערן אין צאָלן.

אַלס עלעמענטן פון די צאָלן נעמען זיי אָן דעם גראַד

און דעם אום. דער גראַד איז אידענטיש מיט דעם אומבאַגרענעצטן, דער אום — מיט דעם באַגרענעצטן. אויף אַן אויסטערלישן אופן ווערט אָבער דער אום באַטראַכט אַלס דאָס בעסערע, דער גראַד דאַקעגן אַלס דאָס ערגערע און אַזוי אַרום ווערט אַריינגעבראַכט אין דער מאַטעמאַטיש-פילאָזאָפישער אָנשויונג אַ ווערטבאַשטימענדיקער מאָמענט, אַ טענדענץ, וואָס לאָזט זיך מערקן אין דער פּיטאַגאָרעאישער צאָל-ספּעקולאַציע אויך אויף אַנדערע אופנים. אויב אָבער די אָנשויונגען וועגן די צאָלן אַלס פּרינציפּן פון די זאַכן באַזירט שוין אויף אַ געוואַגטער פּאַראַלגעמיינערונג, ווייזט די פּיטאַגאָרעאישע לערע אויף אַזאַ פּאַראַלגעמיינערונג אויך אין אַן אַנדער הינזיכט: אַזוי ווי געוויסע צאָל-שייכותן שאַפן אַן אַקאָרד דורך דער פאַרבינדונג פון פאַרשיידענע הויכע און טיפע טענער, אַזוי שאַפט זיך אויך פון אַלע אַנדערע קעגנזאַצן אין דער וועלט אַ האַרמאָניע, וואָס באַזירט אין לעצטן גרונט אויף צאָל-שייכותן. אויך די פּלאַנעטן, וועלכע קרייזן אַרום די וועלט אויף פאַרשיידענע דערווייטערונגען מיט פאַרשיידענער געשווינדקייט, שאַפן אַ קאָסמישע האַרמאָניע פון די ספערן, וועלכע מיר הערן נישט בלויז דערפאַר, ווייל זייט אונזער געבורט דרינגט אַריין זייער קלאַנג אין אונזער אויער אָן אויפהער, אַזוי אַז ער קומט גאָר נישט צו אונזער באַוווסטזיין: עס טרעט נישט איין אויף קיין איין מינוט אַ שטילקייט, וועלכע זאָל אונז דורך איר קעגנזאַץ לאָזן באַמערקן דעם גערויש.

אויב מ'קען מיט אַ געוויסער וואַרשיינלעכקייט אָננעמען, אַז דידאָזיקע אָנשויונגען האָט שוין געהאַט דער מייסטער גופא, איז דאָס אָבער דאַקעגן לגמרי נישט זיכער בנוגע דער צווייפאַכער לערפאָרם פון די אַלט-פּיטאַגאָרעאישע חכמים. יעדנפאַלס אָבער האָבן זיך שוין זייט היפּפּאַזאָס פון מעטאַפּאָנט, ד. ה. מינדעסטנס זייט דער ערשטער העלפט פון 5-טן יאָרהונדערט, ביסלעכווייז אַרויסגעבילדעט צווישן די מיטגלידער פון דער פּיטאַגאָרעאישער געמיינשאַפט צוויי פאַרשיידענע גרופּעס: די „מאַטעמאַטיקער” און די „אַקוסמאַטיקער”. אַזוי ווי „טאַ מאַטעמאַ-

טאַ" באַדייט אורשפּרינגלעך די וויסנשאַפטן בכלל, באַדייט אור-
שפּרינגלעך אויך דאָס וואָרט „מאַטעמאַטיקער" אַזאַ איינעם, וואָס
באַשעפטיקט זיך מיט די וויסנשאַפטן. ערשט ביסלעכוויַיז —
אונטער דעם איינפלוס פון די פּיטאַגאָרעער — ווערט פאַר-
שמעלערט דער זין פון וואָרט „מאַטעמאַטאַ", אַזוי אַז שוין אין
דער ערשטער העלפט פון 4-טן יאָרהונדערט באַצייכנט עס די
אייגנטלעכע מאַטעמאַטיק און די מיט דערדאָזיקער אָרגאַניש
פאַרבונדענע וויסנשאַפטן, ווי די אַסטראָנאָמיע, די מעכאַניק,
אָבער אויך די אָפּטיק און די מוזיק-טעאָריע. אַזוי אַרום דאַרפן
מיר דאָ אונטער די „מאַטעמאַטיקער" פאַרשטיין די-יעניקע,
וועלכע ווערן אַריינגעפירט אין דער שטרענגער וויסנשאַפט מיט
אירע מיפולע איינצל-אויספאָרשונגען, אין קעגנזאַץ צו די אַקוס-
מאַטיקער (אייגנטלעך: די צוהערער), ד. ה. אַזעלכע, וועלכע
האָבן בלויז אַ צוטריט צו די הויפּט-רעזולטאַטן פון די וויסנ-
שאַפטן. דער אונטערשייד צווישן שטרענגער און פּאָפּולערער
וויסנשאַפט איז אַזוי אַרום כמעט אַזוי אַלט ווי די וויסנשאַפט
גופא.

אויב עס איז אפילו אָפט שווער צו באַשטימען מיט זי-
כערקייט אויף ווי ווייט געוויסע לערעס און מנהגים דאַרפן
ווערן צוגעשריבן דעם באַגרינדער גופא פון פּיטאַגאָרעאישן
בונד, איז אָבער יעדנפאַלס נישטאָ קיין ספק, אַז שפּעטסטנס
אין דער ערשטער העלפט פון 5-טן יאָרהונדערט האָבן זיך
אין די קרייזן פון די „איטאַלישע פילאָזאָפן" (פון וועלכע אַ סך
זענען אינגאַנצן געווען ווייט פון פּאָליטיק און זיך אָפּגעגעבן
בלויז מיט וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג) אַנטוויקלט י ע נ ע לע-
רעס, אויף וו ל ע עס באַזירט די באַדייטונג פון די פּיטאַ-
גאָרעער פאַר דער געשיכטע פון דער גריכישער וויסנשאַפט.
פון איין זייט האָט מען זיך דאָ, גלייכצייטיק מיט דער מאַטע-
מאַטיק און אין ענגן צוזאַמענהאַנג מיט איר, באַזונדערס שטאַרק
אָפּגעגעבן מיט אַסטראָנאָמיע: ווי, למשל, יענער פּ ע ט ר אָ ן
פון הימער, וועלכער ו אָ ז געשאַפן די אייגנטימלעכע טעאָריע,
אַז עס עקזיסטירן 183 „ועלטן", וועלכע טאַנצן מאַיעסטעטיש

זייער קאַראַהאָד־טאַנץ, איינגעשטעלט אין דער פאָרם פון אַ גלייכזייטיקן דרייעק. פון דער אַנדערער זייט האָט היפּפּאַזאָס פון מעטאַפּאָנט דורך דעם טאָן פון פיר גלייך־גרויסע, אָבער פאַרשיידן דיקע בראָנזדיסקן (וואָס זייער פאַרשיידענע דיק האָט זיך געפונען אין אַ גאַנץ באַשטימטער שייכות צואַנאַנדער), אַנטדעקט די מוזיקאַלישע האַרמאָניע און די צאָלן־פאַרהעלט־ניש אויף וועלכער דידאָזיקע האַרמאָניע באַזירט. און ער האָט עס אויך געפונען באַשטעטיקט אין קלאַנג פון פאַרשיידענע מע־טאַל־כלים פון גלייכער גרויס, וועלכע זענען אויף אַ פאַרשיי־דענער הויך, אָבער אין אַ באַשטימטער שייכות צואַנאַנדער, אָנגעפילט געווען מיט וואַסער. פונדעסטוועגן איז נאָך אַ ספק, צי דידאָזיקע אַנטדעקונג, וואָס האָט אַ פונדאַמענטאַלע באַדיי־טונג פאַר דער צאָלן־לערע, האָט אַנטדעקט ערשט היפּפּאַזאָס און נישט פּיטאַגאָראַס אַליין.

## 2. אַלקמאַיאָן פון קראָטאָן

אונזער קענטניש פון די אַלטע פּיטאַגאָרעער האָט גרויסע בלויזן, און שפּירן וועט עס ווייטאָקדיק גראָד דער, ווער עס קען ריכטיק אָפּשאַצן די באַדייטונג פון זייערע ספּעקולאַציעס און זייערע עקזאַקטע פאָרשונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער גריכישער וויסנשאַפט. דעריבער מוזן דערוועקן אַ גאָר גרויסן אינטערעס די וויכטיקע ידיעות וועגן דעם דאָקטאָר אַלק־מאַיאָן פון קראָטאָן, וועלכער „איז געווען יונג, ווען פּיטאַגאָ־ראַס איז אַלט געוואָרן", לויט אַריסטאָטעלעסעס אויסדרוק, ד.ה. אַז ער איז געבאָרן געוואָרן אין לעצטן דריטל פון 6־טן יאָר־הונדערט פאַר קריסטוסן. וועגן זיינע ענגע באַציונגען צום פּיטאַגאָרעאיזם זאָגן עדות נישט נאָר דער אינהאַלט פון זיינע באַגלויבט־איבערליפערטע לערעס; מיר האָבן אויף זיי דאָקו־מענטאַרישע באַווייזן: זיין שריפט, וואָס דער אַריינפיר צו איר איז דעריגאַנגען צו אונז דורך אַ גליקלעכן צופאַל, איז געווענ־דעט צו דריי, מיט די נעמען דערמאָנטע פּיטאַגאָרעער. זיין

באַנטע קרובהשאַפט מיט די פּיטאַגאָרעאישע לערעס גיבן אויס זיינע אָנשויונגען וועגן דער מענטשלעכער נשמה. ווי פּיטאַגאָראַס און די גלייכצייטיקע מיסטיק, האַלט זי אויך אַלקמאַיאָן פאַר אומשטערבלעך. ניי איז אָבער זיין באַגרינדונג פון דער דאָזיקער מיינונג: די נשמה איז אומשטערבלעך, ווייל זי איז גלייך צו די אומשטערבלעכע זאַכן אין זייער אייביקער באַוועגונג. אונטער דידאָזיקע אומשטערבלעכע זאַכן פאַרשטייט אַלקמאַיאָן די הימל-קערפּערס, די זון, לבנה און שטערנס, ווי בכלל דעם גאַנצן הימל-געוועלב, וואָס זיי איז אייגן די אייביקע באַוועגונג. דאָ באַזירט אַלקמאַיאָן אויף דעם אַלטן גלויבן אין דער געטלעכער נאַטור פון די הימל-קערפּערס, וועלכן די פּיטאַגאָרעער האָבן געטיילט, נאָכמער, וועלכער איז ערשט דורך זיי אַריינגעפירט געוואָרן אין דער גריכישער נאַטורפילאָזאָפיע; הוצדעם האַלט ער זיך אויך אָן זייער אָנשויונג וועגן דער וועלט פונם אומפאַרגעגלעכן, וואָס הויבט זיך אָן פון יענער זייט לבנה, בעת אונטער איר געפינט זיך די וועלט פון ווערן און פאַרגיין. אַזוי אַרום האָבן מיר דאָ פאַר זיך אַן אייגנאַרטיקע פאַרבינדונג פון דער פּיטאַגאָרעאישער נשמה-לערע מיט דער דורך דער אוראַלטער מיסטיק באַאיינפלוסטער פּיטאַגאָרעאישער אַסטראָנאָמיע.

ביי אַלקמאַיאָנען געפינען מיר נאָך אויך אַן אַנדערע כאַראַקטעריסטישע גרונטאָנשויונג, וועלכע ער טיילט מיט די „איטאַלישע פילאָזאָפן": די אָפּשאַצונג פון די ק ע ג נ ז א צ ן, וואָס זייער קעגנזייטיקע באַציונג פירט אָן מיט דער וועלט. אָבער בעת אַנדערע פּיטאַגאָרעער האָבן שוין גאַנץ פרי אויפגעשטעלט אַ רשימה פון צען באַשטימטע קעגנזאַץ-פּאָרן, נעמט זיי אַלקמאַיאָן נישט אין אַכט און שטעלט צונויף ביי אַ געלעגנהייט בלויז די קעגנזאַצן, וואָס קומען אים אונטער דער האַנט. דידאָזיקע אָנשויונג האָט אפילו ארויסגערופן זיין מעדיצינישע טעאָריע, וואָס באַטראַכט די געזונטקייט אַלס גלייכגעוויכט פון קעגנזעצלעכע קוואַליטעטן, ד. ה. פון וואַרעם און קאַלט, פייכט און טרוקן און אַז. וו. ווען איינע פון דידאָזיקע

קוואַליטעטן באַקומט די אַליינהערשאַפט אין מענטשלעכן אָרגאַניזם, איז דאָס די אייגנטלעכע סיבה פון דער קראַנקהייט.

אָבער נישט דער „פּיטאַגאָרעער" אלקמאַיאָן פאַרנעמט אַן ערן-פּלאַץ אין דער געשיכטע פון דער גריכישער וויסנשאַפט, נאָר דער מעדיצינישער פּסיכאָלאָג. ווי מיר קענען אַרויסדרינגען פון הערעדאָטס ווערטפולע ידיעות וועגן אלקמאַיאָנס לאַנדסמאַן דעמאָקעדעס, דעם לייב-דאָקטאָר פון קעניג דאַריאָס I, איז די מעדיצינישע וויסנשאַפט, באַזונדערס די כירורגיע, געווען הויך אַנטוויקלט אין קראָטאָן, דעם היימלאַנד פון אַטלעט מילאָן, שוין פאַר אַלקמאַיאָנען, ד. ה. אין דער צווייטער העלפט פון 6-טן פאַרקריסטלעכן יאָרהונדערט, נאָכמער, עס איז קיין שום ספק נישטאָ, אַז דידאָזיקע גריכישע מעדיקער האָבן שוין אין דער צייט פון יענעם פּערסער-קעניג דורכגעפירט צוליב וויסנשאַפטלעכע צוועקן סעקציעס איבער חיהשע קערפּערס, כּדי צו מאַכן אויספירן וועגן מענטשלעכן קערפּער. אויפן גרונד פון אַזעלכע סעקציעס האָט אַלקמאַיאָן געמאַכט אַן ערשט-ראַנגיקע וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונג, וועלכע ווערט נישט קלענער דורכדעם, וואָס אין דער פּאַראַלעקסאַנדרינישער וויסנשאַפט ווערט זי נאָר טיילווייז אָנערקענט. אַלקמאַיאָן האָט ביי זיינע סעקציעס באַמערקט, אַז פון אַלע חושים גייען אַרויס נערוון-פּעדימלעך און ציען זיך ביז באַשטימטע ערטער אין מאַרך. און אויף אַזאַ אופן אַנטדעקט ער דעם מאַרך אַלס צענטראַל-אָרגאַן פון די חושעמפּינדונגען. אויפן גרונד פון דערדאָזיקער פונדאַמענטאַלער אַנטדעקונג פּרוּווט ער אָנצוצייכענען אַ ברייטע חושים-פיזיאָלאָגיע, דער עלטסטער וויסנשאַפטלעכער פּרוּוו פון דעם מין, וועלכער איז אונז באַקאַנט. אַלע עמפּינדונגען אַנטשטייען, לויט אַלקמאַיאָנס מיינונג, דורך דער ווירקונג פון דאָס קעגנזעצלעכע — מ י ר וואָלטן געזאָגט: דורך רייצן, — אַלזאָ אויך דאָ הערשן די קעגנזאַצן, ווי אין דער איבעריקער וועלט. פון באַזונדערן אינטערעס, כאָטש נישט אין אַלע איינצלהייטן קלאָר (בפרט צוליב דעם נישט-גענויעם באַריכט ביי כאַלצידיוס), איז דער אופן, ווי ער פּרוּווט דערקלערן דעם פּראָצעס פון זען:

פון איין-און-דעמזעלבן אָרט פון מוח לויפן צוויי שמאָלע וועגן (די זע-נערוון) אַ געוויסע צייט פּאַראַלעל, דערנאָך טיילן זיי זיך ווי אַ גאָפּל, און יעדער פון די צוויי פאַלט אַריין אין איינער פון די צוויי אויגנלעכער, וועלכע אַנטהאַלט אין זיך אַ נאַטירלעכע „פּנוימאַ”. אויפן אָרט פון די ברעמען קרימען זיי זיך אויס, זייער הילע פון פיר פאַרשיידענע הויטן נעמט אויף די נאַטירלעכע (פון מאַרך אויסגעטיילטע) פייכטקייט און פילט אויס די אויגנעפּל, וועלכע זענען געשיצט דורך די ווייעס. אַז יענע „ליכטברענגנדיקע וועגן” האָבן טאַקע אינדעראמתן דעמזעלבן אורשפּרונגסאָרט אין מאַרך, באַווייזט שוין די אַנטדעקונג פון דער סעקציע. דאָס איז אָבער קלאָר אויך דערפון, וואָס מיר קענען באַוועגןביידע אויגן בלויז צוזאַמען, און נישט יעדעס באַזונדער. אָבער די פיר הויטן, פון וועלכע עס באַשטייען די אויגנעפּל, זענען דורכזיכטיק. פון דאָזיקן „דורכזיכטיקן” — איבעריקנס אַנטהאַלט דאָס אויג נישט נאָר פייכטקייט, נאָר אין דערדאָזיקער פייכטקייט געפינט זיך אויך „פייער” — שטראַלט אָפּ דאָס ליכט און אַלע לייכטנדיקע געגנשטאַנדן. צוליב דערדאָזיקער אָפּשטראַלונג פון דורכזיכטיקן — זעען מיר. אַזוי אַרום זעען מיר, אַז אַלקמאַיאָן פאַסט אויף דעם גלאָזקערפּער פון אויג אַלס אַ מין שפּיגל, וועלכער שטראַלט אָפּ די אויסערלעכע געגנשטאַנדן און די „ליכטברענגנדיקע וועגן” גיבן איבער זייערע בילדער דעם מאַרך. די פראַגע, ווי אַזוי עס קומט פאָר דידאָזיקע איבערגעבונג, ווערט נאָך גאָרנישט געשטעלט. ווייל דאָס שטעלן אַזעלכע און ענלעכע פראַגן געהער ערשט צו אַ סך אַ שפּעטערדיקן פּעריאָד פון דער וויסנשאַפט. די טעאָריע פון זען, ווי די חושים-פיזיאָלאָגיע בכלל, וועט זייט דעמדאָזיקן ערשטן באַדייטנדיקן פּרווו שוין מער נישט פאַרשווינדן פון דער גריכישער וויסנשאַפט.

אַלקמאַיאָן האָט זיין פונדאַמענטאַלע אַנטדעקונג נאָכגעפאָלגט אויך אין אַן אַנדער ריכטונג. ער האָט באַמערקט, אַז ווען דער מאַרך ווערט דערשיטערט און ער פאַרענדערט זיין לאַגע, ווערן געשטערט נישט נאָר די עמפּינדונגען פון די

חושים, נאָר אויך די דענק-טעטיקייט. דאַקעגן, כּל זמן דער מאַרך בלייבט אומבאַרירט, בלייבט דער מענטש ביי זיין דענק-פעאיקייט, און אַזוי אַרום דערקענט אַלקמאַיאָן, אַז דער מאַרך איז דער סובסטאַנציעלער באַזיס פון גייסטיקן לעבן בכלל, אַ דערקענטניש, וואָס ווערט פון דאַן אָן ווייטער אַנטוויקלט אין פאַרשיידענע היפּאָקראַטישע שריפטן, קודם כּל אין די, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט עפּילעפּסיע.

אויך אַלקמאַיאָנס אַ צווייטער פאַרדינסט פאַר דער פּסיכאָלאָגיע פאַרדינט דערמאָנט צו ווערן: ער שטעלט פעסט, אַז דער פונדאַמענטאַלער אונטערשייד צווישן מענטש און חיה באַשטייט אין דעם, וואָס נאָר דער מענטש דענקט, בעת די איבעריקע לעבעדיקע וועזנס פאַרמאָגן בלויז חוש-עמפּינדונגען, אָבער נישט קיין דענק-פעאיקייט. דאָ געפינען מיר צום ערשטן מאָל די פּרינציפּיעלע אונטערשיידונג צווישן עמפּינדונג און דענקען.

צווישן די ווייניקע אָריגינעלע פראַגמענטן, וועלכע זענען אונז פאַרבליבן פון קראָטאָניאַנער, איז אויך אינטערעסאַנט דער פראַגמענט איבער דער מענטשלעכער דערקענטניש. „וועגן דאָס אומזעבאַרע, ווי אויך וועגן דאָס שטערבלעכע ווייסן זיכערעס בלויז די געטער; דעם מענטשן דאַקעגן איז נאָר באַשערט זיך לערנען טרעפן”, אַזוי שטייט גלייך אין אָנהייב פון זיין שריפט. אַזוי אַרום געפינט מען שוין ביים דאָזיקן אַלטן פיזיאָלאָג פון העללענישן מערב — פונקט ווי ביי אייניקע אַנדערע פון זיינע צייט-חברים — אַ קלאָרעס באַוווסטזיין פון דער באַגרענעצטקייט פון דער גאַנצער מענטשלעכער דערקענטניש, און דאָס פאַרשאַפט אַן אומפאַרגענגלעכן כּבוד דער אורטייל־ספעאיקייט און דעם טיפן וויסנשאַפטלעכן זין פון דידאָזיקע פריגריכישע דענקער.

ווען מען נעמט אין באַטראַכט דידאָזיקע באַדייטנדיקע ידיעות וועגן אַלקמאַיאָן, איז נאָך אַ גרעסערער שאָד, וואָס עס איז אונז גאָרנישט באַקאַנט וועגן זיינע אָנשויונגען איבער די לעצטע סיבות פון די זאַכן. פאַר אונזער וויסן פון דעם מערבֿ-גריכישן דענקער אַרום 500 פאַר קריסטוסן, וואָס ווייזט אַרויס

אַזעלכע האָפנונגספולע טענדענצן, איז דאָס אַ נישט צו קאָמפענסירנדיקער פאַרלוסט.

ווען מיר וואַרפן צום סוף אַ בליק אויף אַלקמאַיאָנס אָנשויונגען אין גאַנצן, וואַרפט זיך אונז אין די אויגן אַ וויכטיקער פאַקט: זיין דענקען שטאַמט פון צוויי גאַנץ פאַרשיידענע מקורים: פון איין זייט די רעליגיעז-מיסטישע לערעס פון די פיטאַגאָרעער, און פון דער צווייטער — די עקזאַקטע נאַטורוויסנשאַפטלעכע פאָרשונג. ווען מ׳לאָזט אין אַ זייט איינצלהייטן, מוז מען אָנערקענען, אַז די דענקרעזולטאַטן פון דידאָזיקע ביידע קוועלן שטייען נישט ביי אַלקמאַיאָנען אין קיין שום אָרגאַנישן צוזאַמענהאַנג, אין גרונד גענומען, שליסן זיי גיכער אויס איינס דאָס צווייטע, כאָטש זייער מחבר האָט נאָך דערפון קיין אַנונג נישט געהאַט. אין ווייטערדיקן פאַרלויף פון דער גריכישער פילאָזאָפיע וועלן מיר נאָך זען, אַז אַלקמאַיאָן איז בכלל נישט דער איינציקער דענקער, וועלכער פאַרמאָגט אין אַ געוויסן זין „צוויי נשמות אין איין ברוסט”. ביי פיטאַגאָראַסן אַליין איז דאָס שוין אויך אַזוי געווען, אָבער אויך די געשיכטע פון דער נייערער פילאָזאָפיע האָט אויפצווייזן נישט ווינציק אַנאַלאָגישע ביישפילן.

## 3. די מיסטיק פון 6-טן יאָרהונדערט

אַלקמאַיאָנס געשטאַלט איז אַ באַווייז, צו וועלכע דערגרייכונגען עס איז פעאיק געווען די יונגע מערב-גריכישע וויסנשאַפט. איידער מיר באַטראַכטן אָבער די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון פילאָזאָפישן ווי בכלל פון וויסנשאַפטלעכן דענקען, מוזן מיר זיך געניויער באַקענען מיט אַ טיף-ווירקנדיקער גייסטיקער באַוועגונג, וועלכע — גלייכצייטיק מיט דער מילעזישער נאַטור-פאָרשונג און טיילווייז נאָך עלטער פאַר דערדאָזיקער — גייט זייט ביי זייט מיט דער פילאָזאָפיע פון פאַראַטישן פעריאָד, — נישט ווערנדיק באַאיינפלוסט פון איר אויף קיין האָר, דאַקעגן פון איר זייט באַאיינפלוסנדיק אַ גאַנצע ריי פון די

גרעסטע גריכישע דענקער אזוי שטאַרק, אַז אַ לאַנגע צייט איז נישט זיכער, וועלכע פון דידאָזיקע צוויי ריכטונגען וועט זיגן אין לעבן פון דער גריכישער נאַציע. אַזוי ווי גראָד דידאָזיקע נעבנריכטונג ווערט נאָך זייער אָפט צו ווייניק אָפּגעשאַצט — נישט געקוקט אויף ע ר ו י ן ר אָ ה ד ע ס „פּסיכע", — מוזן מיר זיך דאָ אָפּשטעלן אויף איר אַביסל לענגער; דאָס איז נויטיק נאָך מער דערפאַר, ווייל דערדאָזיקער גאַנצער געביט איז אין וויזנטלעכן אַנטדעקט געוואָרן דורך דער פאָרשונג ערשט נ אָ ך עדוואַרד צעללער, און אָן אַ נענטערע באַקאַנטשאַפט מיט דערדאָזיקער אַלטגריכישער מיסטיק מוזן בלייבן כמעט אומפאַרשטענדלעך געוויסע נעבן- און אונטערשטרעמונגען פון פאַרסאָקראַטיישן דענקען, באַזונדערס ביי די פּיטאַגאָרעער און ביי עמפּעדאָקלעסן, און חוצדעם פאַלט ערשט פון דאַנען דאָס ריכטיקע ליכט אויף אַ הויפּטטייל פון דער פּלאַטאָנישער פילאָזאָפיע. פון דערדאָזיקער מיסטיק בילדעט, אמת, די אזויגערופענע אָרפיק בלויז איין צווייג, אָבער בלויז דערדאָזיקער צווייג איז אונז אַביסל גענויער באַקאַנט געוואָרן דורך דער איבערליפערונג, וואָס איז בנוגע אים אַביסל רייכער ווי בנוגע אַנדערע צווייגן, אַ דאַנק דער פאָרשונגס-אַרבעט פון לעצטן דור.

די אורשפּרונגען פון דער אָרפישער רעליגיע זענען נישט אויפגעקלערט, אומגעפער זייט דער מיט 6-טן יאָרהונדערט געפינען מיר אין גאַנץ פאַרשיידענע שטעלן פון דער גריכישער וועלט רעליגיעזע געמיינשאַפטן, וואָס זענען פול מיט אויסטערלישע מיסטישע אָנשויונגען, און אַלס ערשטן מבשר פון דידאָזיקע געהיימנישן באַטראַכטן זיי דעם לעגענדאַרישן טראַקישן זינגער אָ ר פ ע א ו ס. דער אַנטשיידנדיקער אונטערשייד פון זייערע אָנשויונגען און די אנשויונגען פון דער פילאָזאָפיע באַשטייט אין דעם, וואָס די לערעס, וועלכע ווערן פאַרשפּרייט אין דידאָזיקע קרייזן, פּרעטענדירן צו זיין נישט קיין רעזולטאַטן פון דער דענקאַרבעט פון איינעם אָדער מערערע פאָרשער, נאָר אַנטפּלעקונגען פון גאָט אָדער ריכטיקער פון זיין נביא אָרפעאוס, וועלכע ווענדן זיך נישט אַזוי צום פאַרשטאַנד ווי צום רעליגיעזן געפיל און צו

דער פאַנטאַזיע, אַנטפּלעקונגען, וועלכע פֿאָדערן מ׳זאָל גלויבן אין זיי, ווייל די אָרפיק איז אין תוך געגומען אַ רעליגיע, גע־נויער גערעדט — אַ טעאָזאָפיע.

אין די רעשטלעך פון דער אַלטאָרפישער ליטעראַטור, וועלכע דילס האָט פאַראייניקט אין דער הוספה צום צווייטן באַנד פון זיינע פאַרסאָקראַטיקער (נאָכדעם ווי ער האָט קריטיש אויסגעטיילט דאָס, וואָס איז נישט אויף זיכער אַלט), לאָזן זיך דייטלעך אונטערשיידן, לויט זייער געגנשטאַנד, צוויי הויפּט־געביטן: די לערעס וועגן דער וועלט-אויסבילדונג און דער נשמה-גלויבן. אמת, ווען מען פאַרגלייכט די רעשטלעך פון יענע „טעאָגאָניען״ לויט זייער ספעקולאַטיוון אינהאַלט מיט העזיאָדס באַקאַנטער שילדערונג וועגן דער אַנטשטייונג פון דער וועלט און וועגן דער געבורט פון די געטער, געפינט מען נישט אין תוך קיין עיקרדיקן חלוק: ביידע פירן אַרויס די אַנטשטייונג פון דער וועלט פון פּערזענלעכע כוחות, וועלכע פאַרקערפּערן מיט זיך די איינצלנע געביטן פון וועלטגאַנצן, געוויסע נאַטור־כוחות, ווי דער עראָס, אָדער אויך איינצלנע באַגריפן, ווי די נאַכט אָדער די צייט, און ביי ביידע קומט פאָר די ווייטער־דיקע אַנטוויקלונג דורך געשלעכטלעכער פאַרמערונג פון דידאָ־זיקע פּערזענלעכע כוחות. צי זיי לאָזן דערביי אַנטשטיין די וועלט פון כאַאָס (דער אויפגעעפנטער פּוסטקייט) אָדער פון דער נאַכט (פון דער פינסטערניש) אָדער פון אָקעאַנאָס און פון דער טעטיס, איז נישט קיין גרויסער חילוק, און אויך די ראָלע, וועל־כע עס שפּילט אין די ארפישע דיכטונגען דער צווייקעפּיקער דראַקאָן אָדער דאָס קאָסמישע איי, איז נישט קיין וועזנטלעכע נייס, ווען מען פאַרגלייכט זיי מיט די עלעמענטן פון דער הע־זיאָדישער טעאָגאָניע. און ווען עס הערן זיך דאָ און דאָרט אין די אלטארפישע דיכטונגען פּאַנטעאיסטישע קלאַנגען, זענען זיי דאָך פאַראיינצלט און ווייל זייער עלטער קען נישט באַשטימט ווערן גענוי קען מען נישט זאָגן מיט זיכערקייט אויף ווי ווייט זי, פון איר זייט, איז באַאיינפלוסט געוואָרן דורך דער יאָני־שער נאַטורפילאָזאָפיע. דער עיקר באַשטייט אין דעם, וואָס ביי־

דע, סיי העזיאָד און סיי די אָרפישע קאָסמאָלאָגן, שטעקן נאָך מיט זייער דענקען ביז איבערן קאָפּ אין דער פאָרם פון מיטאָס, אַזוי, אַז זייערע קאָסמאָגאָנישע ספּעקולאַציעס האָבן נישט געקענט האָבן קיין טיפערע באַדייטונג פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער גריכישער פילאָזאָפיע, סיידן אין דער הינזיכט, וואָס זיי האָבן כּסדר אָנגערעגט נאָכצודענקען איבער דידאָזיקע פּראָבלעמס.

די היסטאָרישע באַדייטונג פון דער אָרפיק ליגט גיכער אין איר נשמה־לערע. די מיסטיק, וואָס באַזירט אויף דערדאָזיקער לערע, האָט זיך, אמת, געקענט אַנטוויקלען ערשט דאַן, ווען ס'איז געקומען צום באַוווסטזיין אַ פיינטלעכער קעגנזאַץ צווישן לייב און נשמה. דאָס געפיל פון דאָזיקן קעגנזאַץ, וואָס איז נאָך לחלוטין פרעמד דער האָמערישער אַנטראָפּאָלאָגיע, די טיפע איבערצייגונג, אַז די מענטשלעכע נשמה איז פון געטלעכער באַשטער און דער לייב ליגט בלויז אַרויף אויף איר קייטן — אַזאַ אָנשויונג האָט זיך געקענט אַנטוויקלען אויפן גריכישן באָדן ערשט אַ דאַנק די דערפאַרונגען אין דעם עקסטאַז, קודם כל אין אָרגיאַסטישן דיאָניסוסקולט. ערשט מיטן טריומף־מאַרש פון דער דיאָניסישער רעליגיע, דורך וועלכער דאָס געפילס־לעבן ווערט אויפגערודערט אין זיינע פאַרבאָרגנסטע טיפענישן און דערהויבן צו אומגעאַנטע הויכן, דערוואַכט פאַר זיך אַלץ ברייטערע קרייזן דער גלויבן, אַז די נשמה, באַפרייט פון די קייטן פון לייב, באַזיצט וווּנדערבאַרע כּוחות. אויף אַזאַ אופן האָט געקענט אויפקומען דער געדאַנק (בפרט אונטער דער השפעה פון די קאַטאַרטישע אידעען, וועלכע האָבן דאַמאָלט באַהערשט אַ גרויסע טייל פון דער אַלטער וועלט און זענען באַזונדערס פאַרקערפּערט געווען אין ע פּ י מ ע נ י ד ע ס פון קרעטאַ, ד. ה. אונטער דער השפעה פון יענע פאָרשטעלונגען, אַז דער מענטש קען גערייניקט ווערן פון „באַפלעקונג״ דורך דעמאָנישע כּוחות), „אַז אויך די נשמה דאַרף גערייניקט ווערן פון לייב אַלס א באַפלעקנדיקע שטערונג״.

דאָס געפיל פון שאַרפן קעגנזאַץ און בטילא אויך פון

טיף-גרייכנדיקן ווערטאונטערשייד צווישן לייב און נשמה בילדעט אַזוי אַרום איין וואָרצל פון דער ארפישער אַסקעזע. דער צווייטער וואָרצל ליגט אין דער אַנטשטייונג פון א מין זינדבאַוווּסטזיין און אין דער דערפון אָפּשטאַמענדיקער דערלייזונגבענקשאַפט פון געפייניקטע נשמות. אַזעלכע געפילן זענען דעם עלטערן העללעניזם, ביז דעם 7-טן יאָרהונדערט, לחלוטין פרעמד. זייערע לעצטע וואָרצלען ליגן ווארשיינלעך אין אַ פעסימיסטישער שטימונג לגבי דער ערדישער עקזיסטענץ בכלל, וואָס איז מסתמא געווען א רעזולטאַט (ווען מ'שטעלט אַוועק אין אַ זייט די פערזענלעכע נייגונג און לעבנסדערפאַרונג פון איינצלנעם, ווי ביי העזיאָד, למשל) פון די פּאָליטישע און קודם כל פון די סאָציאַלע צושטאַנדן און אָפּטמאָל פון שווערע איבערקערענישן פון 7-טן און טיילווייז אויך פון 6-טן יאָרהונדערט.

דורך דערדאָזיקער אסקעזע האָט מען געוואָלט באַפרייען פון די קערפּערלעכע קייטן, איבערהויפּט פון דער וועלט פון די חושים, די נשמה, וואָס איז פון געטלעכער אָפּשטאַמונג און איז צוליב א פאַרוועלטלעכער שולד פאַרטריבן געוואָרן אין לייב, כדי זי זאָל, אַ באַפרייטע פון אַלע ערדישע קייטן, וואַגן אַרויפצופליען צו דער גאָטהייט און ענדלעך ווידער קענען ווערן איינס מיט איר. דאָ ליגט די בריק צווישן אסקעזע און דער אַלטגריכישער מיסטיק, וואָס איר טיפע אויספאָרשונג האָבן מיר קודם כל צו פאַרדאַנקען ערווין ראהדעס „פסיכע".

מיט אַזעלכע אָנשויונגען טרעפן מיר זיך צוערשט אין די אויפן נאָמען פון טראקער אָרפעאוס אָנגערופענע געמיינדעס, — ווייל מ'דאַרף דאָ רעדן וועגן געמיינדעס, — וועלכע מ'קען מיט זיכערקייט נאָכפאָלגן ביז דער מיט פון 6-טן יאָרהונדערט, כאָטש זייערע אורשפרונגען, וואָס זענען ליידער אין די איינצלהייטן כמעט אינגאַנצן פאַרבאָרגן, וואָס דערגרייכן אומדערפארשלעכע, פאַר דעם מאָדערנעם מענטשן קוים געאנטע טיפענישן פון געפילס-לעבן, זענען זיכער באַדייטנדיק עלטער.

די אָרפישע סעקטע, וואָס האָט אין דער צייט פון די פעיסיסטראַטידן פאַרמאָגט איינעם פון אירע הויפּטצענטרס אין אטען, האָט

דאַמאָלט געפונען פאַר זיך אַ גינסטיקן באָדן אויך אין אונטער־איטאַליע און סיציליע, און ס'איז אפשר נישט קיין צופאַל, וואָס די עלטסטע דערמאָנונג פון „באַרימטן ארפעאוס" געפינט זיך ביים זינגער איביקאָס פון רעגיאָן. איבערראשנדיקע ידיעות האָבן אונז וועגן דעם געבראַכט יענע מערקווירדיקע גאָלד־טעוועלעך, וועלכע זענען געפונען געוואָרן אין דער נאָנט פון אַלטן טוריאָי און ווייטער צו דרום־מזרח, ביי פעטעליאַ, אין קברים פון 4—3 יאָרהונדערט פאַר קריסטוסן, און זענען מיטגעגעבן געוואָרן די פאַרשטאָרבענע, ווי דאָס איז צו זען פון אינהאַלט פון די אויף זיי איינגעקריצטע העקזאַמעטרען, אַלס „וועגווייזער און דערקענונגסשיין צו די געטער פון די טויטע". אָבער אויך אין עלויטערנאַ, אויף קרעטאַ, האָט מען געפונען אַ כמעט וואָרט־ענלעכע אויפשריפט פון 2־טן יאָרהונדערט פאַר קריסטוסן. און אויב די ארפישע קולטן זענען אפילו זייט דעם 4־טן יאָרהונדערט אַלץ מער אַראָפגעזונקען צו ווינקלמיסטעריעס און געהיים־פאַרזאַמלונגען, האָבן זיי פונדעסטוועגן אָנגעהאַלטן ביזן סוף פון דער אנטיקע און נאָך געהאַט אַ באַדייטנדיקע השפּעה אויף די ניי־פיטאַגאָרעער און ניי־פּלאַטאָניקער, און אפילו אויך אויף די אַלט־קריסטלעכע פאָרשטעלונגען וועגן יענער וועלט און וועגן דעם גורל פון דער מענטשלעכער נשמה נאָכן טויט.

אין מיטלפונקט פון דער ארפישער רעליגיע שטייט דער גורל פון גאָט דיאָניסאָס, וועלכער ווערט קינדווייז צעריסן און פאַרשלונגען דורך די שלעכטע טיטאַנען, אַזוי אַז אַטענע קען מציל זיין נישט מער ווי זיין האַרץ און זי ברענגט עס צו צעאוסן, וועלכער עסט עס אויף און ברענגט אויף דער וועלט גלייך נאָכדעם מיט סעמעלען דעם „נייעם דיאָניסאָס". די טיטאַנען אָבער ווערן געטויט דורך צעאוסעס נוקמדיקן בליצשטראַל. פון זייער אַש אַנטשטייט שפּעטער דער מענטשנמין. אַזוי אַרום פאַרמאָגן מיר אין זיך, מיר, די שטערבלעכע, אַ דיאָניסישן און טיטאַנישן עלעמענט. פון דיאָניסישן עלעמענט שטאַמט אָפּ אונזער נשמה, וועלכע דאַרף זיך וואָס מער באַפרייען פון טיטאַנישן וועזן, כדי מיט דער צייט, ווען זי וועט אַרויס פריי פון גע־

דיכט אין האַדעס און וועט ענדלעך האָבן דורכגעמאַכט דעם
„קרייז פון די געבורטן" דורך גלגולים אין פאַרשיידענע לעבע-
דיקע וועזנס, זאָל זי ווידער קענען צוריקקערן צום גאָט, פון וועלכן זי
איז אַן אָפּגעשפּרונגענעס טיילוועזן, וואָס שמאַכט אין געפאַנ-
גענשאַפט פון לייב, ווי אין אַ קבר. באַפרייען זיך פון דעם
„פלייש" און זיינע נייגונגען — דאָס וואָרט „פלייש" פאַר דעם
מענטשלעכן קערפּער אַלס קעגנזאַץ צו דער נשמה, שטאַמט אָפּ
פון שפּראַכגעברויך פון אָרפישן דואַליזם און קומט אַריין שפּע-
טער, דורך דער פאַרמיטלונג פון דער העללעניסטישער מיס-
טעריענשפּראַך, אַפילו אין דעם אויסדרוקאופן פון אַפּאָסטאָל
פּוילוס און דורכדעם פון דער קריסטלעכער קירכע — באַפרייען
זיך פון דעם „פלייש" און זיינע נייגונגען, אויף ווי ווייט מעג-
לעך שוין ביים לעבן, אָט דאָס איז געווען דער קלאָרער ציל
פון דער אָרפישער אַסקעזע.

אמת, דידאַזיקע אַסקעזע האָט נאָך אויך געהאַט אַ צווייטן
ציל. ווייל איינע פון די הויפּטלערעס פון די אָרפיקער איז, ווי
באַקאַנט, די לערע וועגן משפּט איבער די נשמות אין האַדעס,
ווו די פרומע באַקומען זייער שכר — אַ באַרוישנדיקע סעודה,
און די גאָטלאָזע זייער שטראָף — אין אַ זומפּ, ווו זיי שעפּן
וואַסער אין אַ זיפּ און מוזן אויספירן אויך אַנדערע נוצלאָזע
אַרבעטן אין אייביקייט אַריין, ווייל ביי דער זייט פון צעאויסן
טראַנט דיקע, די געטין פון גערעכטיקייט, אַלס אומדערבאַרעמ-
דיקע נקמה-נעמערין פאַר יעדעס זינד. אויף אַזאַ אופן בילדעט
שוין די לערע פון שכר ועונש אויף יענער וועלט אַ הויפּט-
עלעמענט פון דער אָרפישער גלויבנס-לערע. כדי אויסצומיידן
די אָפּשרעקנדיקע שטראָפן אין האַדעס, פלעגן די צעשראָקענע
געמיטער ברענגען קרבנות און טאָן תפילה צום אונטערערדישן,
פון וועלכן זיי האָבן געהאָפט נישט נאָר פאַרגעבונג פאַר די
לעבעדיקע, נאָר אויך פאַר די פאַרשטאָרבענע. אַזוי אַרום האָט
די אַסקעזע פון די אָרפישע גלויביקע גלייכצייטיק געמוזט האָבן
אויך דעם ציל, גוט אָפּצושניידן ביים משפּט נאָכן טויט.

איינער פון די כאַראַקטעריסטישסטע סימנים פון דערדאָזי-

קער אַסקעזע, וואָס איז בכלל אין גריכישן לעבן כמעט אַן אומ־
דערהערטע זאַך, איז דער פאַרבאָט פון פלייש־שפייזן. איין שטעלע
פון פּלאַטאָנס געזעצן קען דאָס דייטלעכער מאַכן, דאָס איז די
שטעלע, ווו ער רעדט וועגן דעם מענטשן פון אַמאָל, אידעאַלי־
זירנדיק אים. „זיי האָבן זיך נישט דערוועגט צו געניסן אפילו
פון א געטויט רינדשטיק, און אויך צו די געטער האָבן זיי
נישט מקריב געווען קיין חיות, בלויז געבעקס און מיט האָניק
באַטריפטע פרוכטן און אַנדערע ריינע מתנות פון דאָזיקן מין.
אָבער פון פלייש עסן האָבן זיי זיך אָפּגעהאַלטן, ווייל זיי האָבן
געגלויבט, אַז דאָס איז אַ פאַרברעכן צו עסן דערפון אָדער צו
באַשמוצן מיט בלוט די מזבחות פון די געטער. די דאַמאָלטיקע
מענטשן האָבן גיכער געפירט אַן אזויגערופענעס אָ ר פ י ש
ל ע ב ן, זיי האָבן זיך דערנערט פון אַלץ, וואָס איז אומבאַ־
לעבט, אָבער זיך געהיט ווייצוטאָן עפּעס לעבעדיקס".

דאָס „אָרפישע לעבן" האָט אין פאַרלויף פון דער סאָציאַל־
פּאָליטישער אַנטוויקלונג ביסלעכווייז אויפגעגומען אין זיך אויך
איינצלנע עטישע אידעען פון לעבן פון גריכישן בירגערטום,
הגם אין די רעשטלעך פון די אַלט־אָרפישע דיכטונגען, וועלכע זע־
נען דערגאַנגען צו אונז, געפינט זיך גאָר נישט קיין סימן דער־
פון. און פון דער צווייטער זייט האָט דער אָרפישער גלויבן
אין שכר ועונש אויף יענער וועלט געהאַט די מעגלעכקייט אויפ־
צוּוועקן ביי זיינע אָנהענגער דאָס פאַראַנטוואָרטונגס־געפיל פאַר
זיינע מעשים אויף דער וועלט און דורכדעם אַרויסרופן די גע־
בורט פון עפּעס ענלעכס צו אַ רעליגיעזן געוויסן.

פאַרגלייכט מען דאָס אינערלעכסטע וועזן פון דער אַלט־
אָרפישער מיסטיק מיט דעם וועזן פון דער יאָנישער פרייער
פאָרשונג, דאַכט זיך, אַז ביידע זענען צעטיילט דורך אַ תהום, איבער
וועלכן עס לאָזט זיך נישט אריבערוואַרפן אַ בריק: ווו איינע הערשט,
קען זיך די צווייטע נישט אַנטוויקלען. ווען די אָרפישע רע־
ליגיע וואָלט דאַן באַהערשט דעם דענקען און דעם געפילסלעבן
פון די גריכן, וואָלט דאָס פריער פאַר אַלץ געווען אַ געווינס—
דאָס האָט צוגערשט טרעפלעך באַגרינדעט עדוואַרד מייער —

פֿאַר דער בײַ די אָראַקולן אָרגאַניזירטער פּריסטערשאַפֿט און אויך גריכנלאַנד וואָלט אַרונטערגעפֿאַלן אונטער דער לאַסט פֿון טעאָקראַטיע. און אַ געוויסע צײַט האָט זיך טאַקע געקענט אויס־דוכטן, אַז אויך העללאַס „וועט זיך פֿאַרנעמען מיטן וועג פֿון אָריענט און דער רעזולטאַט וועט זײַן די אַנטשטייונג פֿון אַן איינמאָל־פֿאַר־אַלעמאָל אָפּגעשלאָסענער רעליגיעזער קולטור". אַז דורכדעם וואָלט די גאַנצע אמתע וויסנשאַפֿט דערשטיקט געוואָרן, איז קלאָר פֿאַר יעדן. דאָ ליגט באמת — אין דעם איז עדואַרד מייער פֿולשטענדיק גערעכט — „דער אַנטשיידנדיקער ווענדע־פּונקט פֿון דער גריכישער געשיכטע". גראָד דאָ קומט צום אויס־דרוק די וועלטהיסטאָרישע באַדייטונג פֿון דער גריכישער פֿילאָ־זאָפֿיע, ד. ה. אין לעצטן גרונט פֿון דער יאָנישער וויסנשאַפֿט, פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון מערבדיקן דענקען ביז צום הײַנטיקן טאָג. ווײַל מיט דער אין יאָניען געבאָרענער פֿילאָזאָפֿיע „אַנט־שטייט א קעגנעט־עמונג, וועלכע רײַסט דורך די רעליגיעזע באַוועגונג און נאָך א לאַנגן קאַמף גיט זי איר ענדלעך א טויט־קלאַפּ און באַגרינדעט אויף אַזאַ אופֿן די איינציקאַרטיקע גריכישע אַנטוויקלונג". שוין דער גרויסער יאָניער, וואָס מיט זײַן געדאַנקענוועלט וועט זיך באַשעפֿטיקן דער נאָענטסטער קאַפּיטל, וועט זײַן א גוטער עדות פֿאַר דער גייסט־באַפֿרייענדיקער קראַפֿט פֿון דערדאָזיקער פֿילאָזאָפֿיע.

# דאָס דריטע קאַפּיטל

## אויפקלערונג און מעטאַפיזיק

### 1. קסענאָפאַנעס פון קאָלאָפאָן

נאָך פאַר פּיטאַגאָראַסן האָט אַן אַנדער דענקער געטראָגן דעם יאָנישן גייסט פון מזרח קיין מערב. אויך ער איז געווען אַ דורך-און-דורך ערנסטע, זיטלעך-רעליגיעזע פּערזענלעכקייט, אויך ער איז געווען טיף באַאיינפלוסט פון דער פאָרשונג פון אַזאַ גייסט ווי אַנאַקסימאַנדראָס, אויך ער איז נישט געבליבן אינגאַנצן געשוינט פון דער שטאַרקער מיסטישער כוואַליע, וואָס רוישט אַרום העלאַס גייסטער אין 6-טן יאָרהונדערט. און פונדעסטוועגן זענען די אונטערשיידן צווישן דעם גרינדער פון פּיטאַגאָרעישן בונד און זיין לאַנדסמאַן פון קאָלאָפאָן אַזוי טיף, אַז פון ערשטן בליק איז שווער צו גלויבן, אַז דיזאָזיקע צוויי מענער זענען זין פון איין תקופה. אפילו דער אויסערלעכער לעבנסוועג פון קסענאָפאַנעס איז לחלוטין אַן אַנדערער. אַרום 540 אָדער איניקע יאָר פריער, „ווען דער מעדער איז געקומען", האָט ער אַלס פינף-און-צוואַנציקיאָריקער פאַרלאָזן זיין פאָטערשטאַט, כדי אויסצומיידן די פרעמדהערשאַפט, וועלכע דער פּערסער האַרפּאַגאָס האָט דאָרט געבראַכט, און געזוכט אין ווייטן מערב אַ נייע היים. צייטווייליק האָט ער געפונען אין צאַנקלע אויף סיציליע, די היינטיקע מעסינאַ, אַ לענגערן מקום-מקלט. אָבער דער באַרוף פון אַ וואַנדערנדיקן זינגער, וועלכער פלעגט

[illegible]־זינגען האָמערס לידער אין דער האַלע פון פירשט און אויפן מאַרק פון שטאָט, ווי אויך זיין אייגענע טבע האָבן אים וואַרשיינלעך נאָך ווייט אַרומגעטריבן, אַזוי אַז ער האָט אָנגעשפּאַרט קיין קאַטאַניאַ, צופוסנס פון דער עטנאַ, ווי אויך אין צפון־מערב פון אינזל און אפילו קיין מאלטאַ, ביז די גרינדונג פון דער פאָקעאישער קאָלאָניע עלעאַ אין אונטעראיטאַליע האָט אים געצויגן אָנטיילצונעמען אין איר, און דאָ, אויף דעם לוקאַנישן מערב־ברעג, נישט ווייט פון פעסטום, וואָס איז באַרימט מיט זיין טעמפּל, האָט ער געפונען אַ דויערנדיקע היים.

*   *
*

ווער עס באַקענט זיך מיט אַ קלאָר אויג און מיט אַ קלאָרן גייסט מיט שטעט און דענקאַרטן פון אַ סך מענטשן, ווער עס פאָרט אַרום איבער ווייטע ימים און זעט פרעמדע ברעגעס, דער באַקומט אַ פרייערן בליק און אַ ברייטערן האָריזאָנט: זיין באַציונג צום גלויבן און צו די זיטן פון די אבות ווערט אומבאַמערקט אַנדערש ווי די באַציונג פון די אין דער היים איבערגעבליבענע פאָלקס־ברידער, וועלכע האָבן קיין אַנדערע מענטשן קיינמאָל נישט געהערט און קיין אנדערע לענדער קיינמאָל נישט געזען. די שפּע פון די נייע דערפאַרונגען רעגט אָן צו מאכן פאַרגלייכן מיטן מצב אין דער אַלטער היים, צו באַטראַכטן קריטיש דאָס אַלץ, וואָס ער האָט ביז דאַן געאַכט און געהאַלטן פאַר ווערטפול און זעלבסטפאַרשטענדלעך, און ממילא איז עס פאַר אים קיין פּראָבלעם נישט געווען. און ווי מעכטיק עס רייצן צום נאָכדענקען די צאָלרייכע נייע נאַטוראיינדרוקן און באַאָבאַכטונגען (דער שאַרף־אויגיקער קאָלאָפאָניער אַנטדעקט די שפורן פון אַמאָליקן ים דורך דאָס בלויזע אָנטרעפן מושלען טיף אין לאַנד, אפילו הויך אויף די בערג, ווי אויך דורך פיש־אָפּדרוקן אין די שטיינברוכן פון סיראַקוס און אויף מאלטא, און ווייזט זיך אַזוי אַרויס אַלס אַן עכטער תלמיד פון דער אַלטער יאָנישער פיזיאָלאָגיע), ווי אויך דאָס נייע, וואָס מ׳באַגעגנט אין

קרייז פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט: עס דערוואַכט דאָס זעלבשטענדיקע דענקען; באַפרייט פון דער מאַכט פון דער טראַדיציע און געוווינהייט ווערט דאָס דענקען שנעלער רייף ווי געוויינלעך און גייט פריי און זיכער מיט זיין אייגענעם וועג. דער גריך פון די קאָלאָניעס שטייט אַ סך פרייער און אָנ־פניותדיקער קעגנאיבער דעם לעבן און דענקען פון די פאָלקס־ברידער אין דער אַלטער היים. גראָד קסענאָפאַנעסעס האַלטונג באַווייזט די ריכטיקייט דערפון, ווייל ס׳איז אַ ספק, צי אין מו־טערלאַנד וואָלט געקענט אויפוואַקסן אַזאַ מוטיקער רעפאָרמאַ־טאָר פון דעם גלויבן און די מנהגים פון די אבות.

אויך פון אַן אַנדער מקור באַקומט דאָס דענקען פון דאָ־זיקן מאַן דוויערנדיקע אָנרעגונגען: ביי דעם וואַנדערנדיקן ראַפסאָד, וואָס פלעגט באַלד דאָ, באַלד דאָרט פאָרזינגען די האָמערישע לידער, האָבן די קולטורצושטאַנדן, ווי זיי ווערן אָפּגעשפּיגלט אין אַלטן עפּאָס, — צושטאַנדן, וואָס זענען אָפּגעטיילט פון זיין קעגנוואַרט דורך אַ טיפן תהום, — געמוזט אָן אויפהער וועקן אַ פאַרלאַנג צו מאַכן פאַרגלייכן צווישן אַמאָל און איצט. אַזוי אַרום זעען מיר, אַז דער אויסערלעכער לעבנס־וועג און דער באַרוף פון דאָזיקן מאַן בילדן דעם באַזיס פאַר דער נייער וועלטאָנשויונג, וועלכע וועט זיך אַנטוויקלען אין אים אין זיינע לאַנגע לערן־ און וואַנדעריאָרן.

קסענאָפאַנעס האָט אין אַ דאָפּלטן זין געעפנט מיט זיך אַ ניי בלאַט אין דער געשיכטע פון גריכישן דענקען. אַזוי ווי זיין געפיל שטעלט זיך שאַרף אַנטקעגן דער אַלגעמיין־אָנגענו־מענער איבערשאַצונג פון די גריכישע אַטלעטן (פראַג. 2 — ווייל נישט די מוסקולן און ביינער פון די אָלימפּישע זיגער, אויף וועלכע דאָס פאָלק גלאָצט די אויגן, נאָר בלויז די חכמה און גערעכטיקייט זיכערן דעם וווילשטאַנד פון דער שטאָט, — פונקט אַזוי קען זיין געלויטערטע זיטלעכע עמפּינדונג נישט פאַרטראָגן די געטערוועלט פון די אוראַלטע דיכטער. „האָמער און העזיאָד האָבן אויספאַנטאַזירט אויף די געטער אַלץ, וואָס ווערט ביי מענטשן פאַררעכנט אַלס חרפה און באַליידיקונג:

גנבה, אדולטער און קעגנזייטיקע גענאַרעריי”. דאָ געפינען מיר צום ערשטנמאָל אַ ליידנשאַפטלעכע רעאַקציע קעגן דער נאַאיווזינלעכער וועלט פון האָמערישן עפּאָס. אָבער אויך פון די פינסטערע מיטן פון קראָנאָס און אוראַנאָס, מיט וועלכע עס קעמפט דער גריבלערישער גייסט פון אַ העזיאָד, וויל ער גאָרנישט וויסן און די לעגענדעס וועגן גיגאַנטן און צענטוירן מאַכט ער אוועק מיט דער האַנט אַלס „משלים פון דער אורצייט”. אָבער ער בלייבט ביי דעם נישט שטיין. אומברחמנותדיק, קאָנסעקווענט פאַרפאָלגט ער מיט פאַרניכטנדיקן שפּאָט יעדע אַרט אַנטראָפּאָמאָרפישע אָנשויונג וועגן גאָט. „ווען די קי, פערד און לייבן וואָלטן געהאַט הענט און וואָלטן געקענט מיט זיי מאָלן און שאַפן ווערק, ווי דאָס טוען מענטשן, דאַן וואָלטן די פערד געשאַפן פערדענלעכע און די קי — קיענלעכע גאָט-געשטאַלטן”. אויפן זעלבן אופן בילדן „די עטיאָפן זייערע געטער שוואַרץ און פלאַטשנאָזיק, די טראַקיער — בלאָאויגיק און רויטהאָריק”. —

אַזעלכע געוואַגטע געדאַנקען האָבן צו יענער צייט גע־מוזט פאָרקומען אַלס אומדערהערט. ווייל קיינער האָט נאָך קיינמאָל נישט געהאַט אָנגעגריפן פּרינציפּיעל דעם אַנטראָפּאָ־מאָרפישן גאָט־גלויבן און בפרט מיט אַזאַ אומברחמנותדיקער שאַרפקייט. דאָ דערשיינט צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דענקען די קלאָרע דערקענטניש פון אמת, אַז „ווי דער מענטש, אַזוי איז זיין גאָט”.

קסענאָפאַנעסעס דאָזיקע שטעלונג צו דעם אַנטראָפּאָמאָר־פישן גאָטגלויבן, וועלכע ווייזט אים אונז אַלס שטורמפויגל פון דער פון יאָניען אָנקומענדיקער „אויפקלערונג”, האָט אין דער גע־שיכטע פון דער גריכישער גאָט-אידייע געהאַט אַ דויערנדיקע ווירקונג. און פונדעסטוועגן שטעלט זי פאָר מיט זיך נישט מער ווי איין זייט אין דענקען פון גרויסן קאָלאָפאָניער. די גרונדפּראָבלעם פון די מילעזיער איז געווען די פראַגע וועגן דעם אַרט און דעם וועזן פון דער אור־סיבה פון די זאַכן. די דאָזיקע האָט געדאַרפט באַפרידיקן צווייערליי פאָדערונגען:

איר ווערן האָט געדאַרפט דערקלערן די בונטע אָפּוועקסלונג פון די דערשיינונגען, און דערביי זאָל זי זיין דאָס אומפאַרענדערלעך-דויערנדיקע אין דעם אומאויפהערלעכן שטראָם פון „ווערן". אָבער אין דער צייט, וואָס דער דענקען פון די מילעזיער איז דער עיקר געווען געווענדעט אויף דער פאַרענדערונג פון די זאַכן און איר סיבה, האָט זיך דער גייסט פון קסענאָפאַנעס גראָד אָפּגעגעבן מיט דער צווייטער זייט פון דער אור-סיבה, מיט דער סיבה פון די זאַכן, וואָס לעבט איבער דעם גאַנצן ווערן און פאַרגיין, וואָס בלייבט תמיד זי אַליין. שוין צוליב דעם אַליין האָט אים נישט געקענט קומען אויפן געדאַנק זי צו זוכן אין אַ זעבאַרן שטאָף, אָבער זיין פילאָזאָפישעס דענקען האָט בכלל געהאַט אַן אויסגעשפּראָכן מעטאַפיזישע טענדענץ. דאָ האָט מסתמא נאָכגעווירקט די גרונטריכטונג פון דער אַנאַקסימאַנדרישער פילאָזאָפיע. דער דערדריקנדיק-אויפלויכטנדיקער באַוווסטזיין פון דער איינהייט פון דער גאַנצער עקזיסטענץ, די אינערלעכע כמעט מיסטישע איבערלעבונג פון דערדאָזיקער, פון די אורטיפענישן פון געפיל אַרויפשטייגנדיקער דערקענטעניש איז געווען די טיפסטע נשמה-סיבה פאַר דער אַנטשטייונג פון דער יאָנישער פילאָזאָפיע און פון דערדאָזיקער זייט, באַזונדערס דורך אַנאַקסימאַנדראָסעס לערע וועגן אומענדלעכן, האָט קסענאָפאַנעס באַקומען מעכטיקע השפעות. אָבער ביי קיין איינעם פון זיינע פאָרגייער אָדער נאָכפאָלגער קומט נישט צום אויסדרוק דער באַוווסטזיין פון דערדאָזיקער קאָסמישער איינהייט אויף אַזאַ ענטוזיאַסטישן אופן. ווייל דערדאָזיקער מאַן איז דענקער און דיכטער גלייכצייטיק. זיין שפּראַך קלינגט אָפט ווי די שפּראַך פון אַ גאָטבאַגייסטערטן זעער.

דידאָזיקע איינהייט איז אים אַנטפּלעקט געוואָרן דורך דער נאַטור אַלס גאַנצעס. באַזונדערס האָט אים דער געשטערנטער הימל אין זיין אייביקער אָרדנונג און מאַיעסטעטישקייט אומפאַרווישבאַר אויסגעקריצט אין באַוווסטזיין די איינהייט פון דער גאַנצער עקזיסטענץ. „אַוו איך זאָל נישט האָבן געווענ-

דעם מיין גייסט, האָט ער זיך אויפגעלייזט אין איין און דערזעלבער אַלנאַטור. דער קאָסמאָס איז זיין אייביקן זיין, האָט זיך פאַר מיר צוזאַמענגעשלאָסן אין איין איינציקן, אין זיך גלייכאַרטיקן וועזן" — אַזוי לאָזט אים זאָגן אַ שפּעטערדיקער דיכטער (טימאָן פון פלעיוס), וועלכער האָט נאָך געגוי געקענט זיין ווערק, וואָס איז ליידער פאַרלאָרן געגאַנגען.

דאָסדאָזיקע אַל־איינע איז אייביק: זי איז נישט געשאַפן געוואָרן און דעריבער איז זי אומפאַרגענגלעך. ווייל אַלץ, וואָס ווערט געשאַפן מוז אומקומען. אַלס נישט געשאַפענע שטייט זי אויך (אַלס גאַנצעס גענומען) מחוץ פון יעדער פאַרענדערונג. דאָסדאָזיקע אַל־איינע — אַזוי דערקלערט קסענאָפאַנעס — ווי אַריסטאָטעלעס דריקט זיך אויס, „ריכטנדיק אויף דאָס וועלט־גאַנצע זיין בליק", — איז די ג אָ ט ה יי ט. זי איז דאָס מעכטיקסטע פון אַלץ. ווייל סיי דאָס האָבן איבער זיך אַ האַר, ווי אויך דאָס דאַרפן אָנקומען צו אַ וועלכן נישט איז דינער, שטייט אין סתירה צום געטלעכן וועזן. די גאָטהייט איז סווערען און גלייכצייטיק באַדערפנישלאָז. עס איז אויסגעשלאָסן, עס זאָלן עקזיסטירן גלייכצייטיק אַ סך געטער, ווייל עס וואַרפט זיך אין די אויגן, אַז די וועלט ווערט רעגירט דורך א יי ן מאַכט. דידאָזיקע מאַכט איז מיט קיין זאַך נישט באַגרענעצט, זי איז אַלמעכטיק. עס קען דעריבער עקזיסטירן בלויז דידאָזיקע א יי ן גאָטהייט, וועלכע איז „אומעטום גלייכאַרטיק" און פירט אויס גלייכע פונקציעס. וואָס קסענאָפאַנעס האָט געמיינט מיט די ווערטער „אומעטום גלייכאַרטיק", איז שוין געווען צווייפלהאַפט אַפילו פאַר די אַלטע; אָבער פונדעסטוועגן דאַכט זיך, אַז טעאָפראַסטס אויפפאַסונג דריקט אויס דעם ריכטיקן זין פון דידאָזיקע ווערטער: קסענאָפאַנעס מיינט דערמיט, אַז די גאָטהייט איז אין אירע אַלע טיילן אָרגאַניזירט אויף אַ גלייכן אופן, ד. ה. אַלע טיילן זענען פעאיק צו דענקען און עמפינדן. דער קאָלאָפאָניער אליין זאָגט דאָך אין איינעם פון זיינע אויפגעהיטע פערזן וועגן גאָט: „אינגאַנצן זעט ער, אינגאַנצן דענקט ער, אינגאַנצן הערט ער". גאָט איז בכלל „נישט ענלעך צום

שטערבלעכן, נישט לויט דער געשטאַלט, נישט לויט די געדאַנקען", נאָכמער, אויב מיר דאַרפן מאַכן אויספירן פון טימאָנס פּאַראָדיע, זאָל דער דיכטער-פילאָזאָף, וועלכער האָט קיינמאָל נישט געקענט אויפהערן צו באַטאָנען גאָטס אומפאַרגלייכלעכקייט און דערהויבנקייט, האָבן געזאָגט „גייסטיקער פאַר גייסט". יעדנפאַלס ווערט דערמיט זייער גוט כאַראַקטעריזירט די גרונדטענדענץ פון דער קסענאָפאַנישער טעאָלאָגיע. — אָבער גאָט אַליין בלייבט אייביק אומגעענדערט אין מאַיעסטעטישער רואיקייט.

„תּמיד בלייבט ער אויפן זעלבן אָרט און אָן באַוועגונג;
עס פּאַסט נישט פאַר אים צו וואַנדערן דאָ און דאָרט,
ווייל אָן מי קירעוועט ער דעם קאָסמאָס דורך דער דענק-
קראַפט פון גייסט".

שוין דערפון אַליין איז צו זען, אז דער שטרייט פון די מאָדערנע פאָרשער, צו קסענאָפאַנעס איז געווען אַ פּאַנטעאיסט אָדער דער ערשטער מאָנאָטעאיסט, איז אין גרונט גענומען זינלאָז. ווייל די איינציקייט פון געטלעכן וועזן באַטאָנט ער מיט אַזאַ שאַרפקייט בלויז אַלס קעגנזאַץ צום פאָלקסטימלעכן פּאָליטעאיזם. ווייל זיין גאָטאָנשויונג ווייזט אין אַלעם איבעריקן אַרויס אַזוי פיל פּאַנטעאיסטישע שטריכן, אַז ווען מ'זאָ, בכלל קענען אָנווענדן באַגריפן פון דער נייערער פילאָזאָפיע אויף די אָנשויונגען פון אַ פאַרסאָקראַטישן דענקער, וואָלט מען אים אָן ספק געמוזט באַצייכענען אַלס פאַנטעאיסט, כאָטש מ'דאַרף דערביי נישט אַרויסלאָזן פון אויג, אַז דידאָזיקע גאָטהייט באַזיצט גלייכצייטיק אייגנשאַפטן, וועלכע קענען אַרויסרופן די פאָרשטעלונג וועגן אַ פערזענלעכן גאָט, ווען מ'באַטראַכט זיי איזאָלירט פון די אַנדערע. די באַגריפן פּאַנטעאיזם און מאָנאָטעאיזם זענען נאָך אין קסענאָפאַנעסעס דענקען, ווי בכלל אין זיין גאַנצער תּקופה, נישט צעטיילט. היות ער האָט אָבער דאָס אַלאיינע אידענטיפיצירט מיט דער גאָטהייט, וועט מען זיין אָנשויונג אויף דער שפּראַך פון דער מאָדערנער פילאָזאָפיע מוזן באַצייכענען אַלס פּאַנטעאיסטיש, אמת מיט דער גאָרוואָס אָנגעמערקטער באַשרענקונג.

קסענאָפאַנעס פֿון קאָלאָפאָן איז דער גריכישער דענקער, וואָס האָט דורך זיין פֿאַרניכטנדיקער קריטיק פֿון דער אַנטראָפּאָרמאָרפֿישער רעליגיע און דורך זיין געניאַלער אָנשויונג פֿון דער אַל-איינער גאָטהייט, אַלס ערשטער דורכגעבראָכן אַ וועג פֿאַר דער דערקענטעניש פֿון גאָטס מעטאַפֿיזישער עקזיסטענץ. די גרויסע געדאַנקען פֿון דאָזיקן עלטסטן רעליגיאָנספֿילאָזאָף פֿון דער מערב-מענטשהייט פֿאַרלירן נישט זייער השפּעה ביז טיף אין ווייטן קריסטנטום אַריין.

אָבער ווי דערהויבן עס זאָל נישט זיין דידאָזיקע גאָט-אָנשויונג, דאַרף זי אָבער פֿאַר אונז נישט פֿאַרדעקן פֿאָלגנדעס: אַז צווישן דער מעטאַפֿיזיק און דער פֿיזיק פֿון קאָלאָפאָניער פֿעלט יעדע אָרגאַנישע פֿאַרבינדונג אויף אַזוי ווייט, אַז מ'האָט ביידע געביטן פֿון זיין דענקען געוואָלט צושרייבן (און נישט אָן אַ גרונט) צו פֿאַרשיידענע פּעריאָדן פֿון זיין לעבן. קסענאָפאַנעס אידענטיפֿיצירט די אור-סיבה מיט דער גאָטהייט; דידאָזיקע גאָטהייט איז אָבער נישט נאָר נישט געשאַפֿן געוואָרן, נאָר זי איז אויך אומבאַוועגלעך, בכלל אומפֿאַרענדערלעך. טאָ ווי זשע ברענגט זי צו שטאַנד דעם וועלט-געשעען — ווייל קסענאָפאַנעסן פֿאַלט אַפֿילו נישט איין אָפּצולייקענען דעם געשעען אין דער זעבאַרער וועלט, — בעת זי אַליין פֿאַרבלייבט אין מאַיעסטעטישער רו? אַז די אור-סיבה האָט אַזוי אַרום פֿאַרלאָרן די פֿעאיקייט צו דערקלערן די וועלט, דאָס האָט דער קאָלאָפאָניער, ווייזט אויס, לגמרי נישט באַמערקט, צוליב זיין ענטוזיאַסטישער גאָטבאַטראַכטונג. אָבער גראָד דורכדעם, וואָס ער האָט מיט קראַמפּ אונטערגעשטראָכן בלויז דידאָזיקע איין זייט אין וועזן פֿון דער אור-סיבה, האָט ער אויסגעאיבט אַ העכסט-באַדייטנדיקע ווירקונג אויף דער צייט וואָס נאָך אים, ווייל דווקא אַדאַנק דעם איז ער געוואָרן דער וועג-אויסטרעטער פֿאַר דער עלעאַטישער פֿילאָזאָפֿיע.

## 2. העראַקליט פון עפעזאָס.

אין דער געשיכטע פון דער פילאָזאָפיע האָט אַ מאָסגעבנדיקע באַדייטונג נישט נאָר די סימפּאַטיע אָדער די גייסטקרובהשאַפט פון איינצלנע דענקער מיט זייערע פאָרגייער, נאָר זייער אָפט אויך דער קעגנזאַץ, אין וועלכן זיי שטייען צו אַ פריער אויסגעבויטער סיסטעם. אַזוי, למשל, איז זיך שווער פאָרצושטעלן, אַז קסענאָפאַנעסעס שטעלונג לגבי דער אור-סיבה-באַגריף וואָלט גענוג געווען צו געבן זיין גרויסן „נאָכפאָלגער" פּאַרמענידעס די אַנטשיידנדיקע אָנרעגונג אויף צו גרינדן די עלעאַטישע פילאָזאָפיע, ווען די וועלט-אָנשויונג וועגן רולאָזן פליסן פון אַלע זאַכן, וועלכע העראַקליט האָט קורץ פאַר דעם געפּרעדיקט אין נביאישן טאָן, זאָל אים נישט האָבן געטריבן צו דער שאַרפסטער אָפּאָזיציע. ווייל נאָר אַלס שאַרפסטע רעאַקציע קעגן דער לערע פון עפעזיער ווערט אינגאַנצן פאַרשטענדלעך פּאַרמענידעסעס אָנטאָלאָגיע. פון דעם אַליין ווערט שוין קלאָר די נויטווענדיקייט צו באַטראַכטן צוערשט העראַקליטס וועלטאָנשויונג.

דער דענקער, וועלכן ס'איז באַשערט געווען צו ווערן דער אַנטיפּאָד צו קסענאָפאַנעסעס וועלטאָנשויונג, איז פּסיכאָלאָגיש איינער פון די אינטערעסאַנטסטע פּערזענלעכקייטן פון דער גריכישער קולטורגעשיכטע בכלל, — אַ כאַראַקטער-קאָפּ, וואָס איז אַזוי שאַרף אויסגעשניצט, אַז אַ סך פון זיינע ווערטער, באַזונדערס ווען מען קען זיי לייענען אין גריכישן אָריגינאַל, קריצן זיך איין אין זכרון אויף שטענדיק. זיין סטיל זאָגט שוין עדות אויף זיין שאַרף-אויסגעשפּראָכענער אינדיווידואַליטעט. אין אויסדרוק געפּרעסט, אפילו קאַרג אין ווערטער, אָבער דאָך קראַפטפול און אינהאַלטטיף, האָט זיין שפּראַך כמעט עפּעס פון שטיינגעשריפט. דערצו קומט נאָך צו דאָס פייערלעכע, נביאהשע פון זיין שפּראַך, זיין אָפט מיסטיש-קלינגענדיקע רעדנסאַרט, זיין רייכקייט אין גראַנדיעזע בילדער און געוואַגטע, אָפט דראַסטישע פאַרגלייכן; ווייל דערדאָזיקער מעכ-

טיקער גייסט, אין וועלכן עס לעבט נישט קיין קליינער טייל פון אַ דיכטער, דענקט נאָך נישט אין ריין־אַבסטראַקטע באַגריפן, נאָר אין גרויסע, קאָנקרעטע אָנשויונגען, וועלכע ווירקן אויף אונז ווי פּלאַסטיש־געצייכנטע בילדער. — פון אייגנאַרטיקן חן איז די שטאָלצע סוביעקטיוויטעט פון זעלבסטהערשערישן מאַן — ווי מוטיק און קראַפטפול ער שטעלט אַוועק גלייך אין אָנהויב פון זיין שריפט זיין „איך" קעגנאיבער „אַנדערע מענטשן!"

העראַקליטס צייט־תקופה איז די תקופה פון מעכטיק־דערוואַכטע גרויסע אינדיווידועןפון דער גריכישער קולטור, די תקופה פון די פּערסער־מלחמות, אין וועלכער דער זשעני פון אַ טעמיסטאָקלעס ראַטעוועט דעם העללעניזם פון אַזיאַטישער שקלאַפעריי. דעם עפעזיערס ווערטער זענען אָפט גאַליק, פול מיט עסיקער שאַרפקייט. אויך זיינע סאַרקאַזמען זענען אַ סימפּטאָם פון דער טיפער פאַרביטערונג פון דאָזיקן „קעניגלעכן פרוש פון גייסט", וואָס זיין קראַפט האָט נישט געפונען פאַר זיך קיין באַטעטיקונגס־פעלד אין דער דעמאָקראַטיע פון זיין פאָטער־שטאָט. סאַרא הייסע, כאָטש אָפט באַהאַלטענעליידנשאַפט עס אָטעמט פון די ווערטער פון גרויסן עפעזיער, וואָס זענען פול מיט שניידנדיקע אָנגריפן, און יעדער זאַץ, יעדעס וואָרט טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּל פון אַ אָריגינעלער פּערזענלעכקייט!

העראַקליטס פילאָזאָפיע איז נישט איינפאַך א דענק־רעזולטאַט פון א אומגעוויינלעך שאַרפן פאַרשטאַנד; זי פאָרמט גיכער די געניאַלע התגלות, וועלכע זענען אַרויסגעשטיגן צו זייער פרעדיקער פון די טיפסטע טיפענישן פון זיין אייגענער נשמה. די חכמה פון קפדנותדיקן עפעזיער איז געבוירן געוואָרן פון זיין אינערלעכסטער נשמה־איבערלעבונג. דער פון נעמט זיך דער דורך־און־דורך אינטואיטיווער אופן פון זיין דענקען, די ריין־דאָגמאַטישע פאָרם פון זיין פילאָזאָפיע, דער אויסגעשפּראָכן אַפאָריסטישער כאַראַקטער פון זיין שריפט, וואָס אַנטשפּרעכט דעם וועזן פון אַ נביא. ווייל זיין דענקען גופא איז אַפאָריס־

טיש. קיין סיסטעמאַטישע אָרדנונג אָדער אַ כסדרדיקן גע־
דאַנקענגאַנג האָט זיין ווערק, ווייזט אויס, גאָרנישט געהאַט. אין
זעלבן סדר ווי די איינצלנע געדאַנקען און דערקענטעניש־
פלעגן אויפגעבליצן, פלעגט ער זיי אויפשרייבן, גאַנץ באַשטימט
איבעררייסנדיק אַ סך מאָל אינמיטן, זיך נישט קימערנדיק וועגן
דעם, צי עס איז דאָ אַ צוזאַמענהאַנג מיט דעם פריער געזאָגטן
אָדער נישט. דעריבער האָט דילס איינגעטיילט די פראַגמענטן
אין קעגנזאַץ צו ביוואַטער, לויט אַן אויסערלעכן, אָבער פּראַק־
טישן פּרינציפּ (מיט וועלכן ער האָט זיך באַנוצט בכלל ביי
די פאַרסאָקראַטיקער, סיידן דאָרט, ווו אויסערלעכע באַגלויבטע
עדות אָדער אינערלעכער איינזען האָבן געצוווּנגען אַפּווייכן
דערפון): ער גיט זיי גרופּנווייז, איינגעטיילט לויט די מחברים,
וועלכע האָבן זיי אויפגעהיט פאַר אונז; די גרופּן גופא — אין
דער אַלפאַבעטישער אָרדנונג פון די מקורים-שריפטשטעלער.
אַזוי־אַרום האַלט ער אויף דאָס רעכט פון דער איבערליפערונג
ביי די איינצלנע מחברים, „וואָס דאָס איז אַ וועזנטלעכע מעלה
פאַר דער באַאורטיילונג פון די פראַגמענטן און זייער פאָרם.
נעמענדיק אין אַכט די געוווינהייט פון די אַנטיקע אַנטאָלאָגיעס
צו ברענגען אייגס אונטערן צווייטן די שטעלן, וואָס שטייען
אין אָריגינאַל לעבנאַנאַנדער, איז ער אויף אַזאַ אופן אין אַ סך
פאַלן געבליבן נעענטער דעם אורשפּרינגלעכן צוזאַמענהאַנג ווי
ער וואָלט דאָס געוועזן דורך אַ פאַנאַנדערטיילונג לויט אַ וויל־
קירלעך־געוויילטער אייגענער איינטיילונג". פון דער אַנדערער
זייט ווידער האָט שוין דילס באַטאָנט מיט רעכט, אַז אויב
מ'זאָגט זיך אפילו אָפּ פון געדאַנק צו רעקאָנסטרואירן אין אַלע
איינצלהייטן דעם אורשפּרינגלעכן געדאַנקענגאַנג פון העראַקליטס
שריפט (ווי בכלל פון יעדן אַנטיקן פילאָזאָף), איז פונדעסט־
וועגן זייער מעגלעך צונויפצושטעלן די אינערלעכע לאָגישע
פאַרקייטלונג פון זיינע אָנשויונגען, וועלכע „זענען דאָך אינ־
גאַנצן אומאָפּהענגיק פון דער שריפטשטעלערישער קאָמפּאָזיציע".
העראַקליטס צייט ווערט באַשטימט דורכדעם, וואָס פאַר־
מענידעס באַשעפטיקט זיך מיט אים און עפּיכאַרם (אַרום 470)

מאַכט שוין אָנגרייטונגען אויף זיינע לערעס. דעריבער פאַרמאָגט אַן אינערלעכע גרויסע וואַרשיינלעכקייט דילס סברה, אַז זיין ווערק איז פאַרפאַסט געוואָרן אַרום יאָר 490. —

העראַקליט אַליין שטאַמט פון קעניגלעכן הויז פון די קאָדרידן אין עפעזאָס, ער לאָזט אָבער איבער דעם קעניגלעכן טיטל, וואָס האָט פאַרלאָרן די ווערט צוליב דער דעמאָקראַטישער אַנטוויקלונג, פאַר זיין יינגערן ברודער און פאַרבייט דאָס לעבן פון זיין פאָטערשטאַט אויף דער איינזאַמקייט פון דער גרויסער נאַטור פון זיין יאָנישן היימלאַנד. און דאָרט אַנטפּלעקן זיך פאַר אים די אייביקע אמתן, וועלכע מיר רופן אָן — זיין פילאָזאָפיע.

## 1. העראַקליטס וועלטאָנשויונג.

ווי קסענאָפאַנעס, — און אויב מעגלעך נאָך אין אַ גרעסערער מאָס, — באַציט זיך אויך העראַקליט נעגאַטיוו צו דער פאָלקסרעליגיע, באַזונדערס צו איר אַנטראָפּאָמאָרפישן בילדער-דינסט, און צו דער האָמערישער געטערוועלט. אָבער אויך די דיאָניסישע מיסטעריען-רעליגיע מיט איר מאַסיווער סימבאָליק און אירע אָרגיאַסטישע מנהגים געפינט אין זיינע אויגן פונקט אַזוי ווייניק לייטזעליקייט, ווי די דאַמאָלסט נאָך אין אַ סך ערטער פראַקטיצירטע קאַטאַרטיק. העראַקליט שטייט בכלל מאָדנע פרעמד קעגנאיבער דעם פאָלקס-באַוווסטזיין פון זיין נאַציע און נישט נאָר אין רעליגיעזער הינזיכט. ווי אַלע אָריגינעלע דענקער איז ער גלייכצייטיק אַן אויסערסט קריטישע נאַטור, וועלכע שוינט נישט קיין בייסיקן שפּאָט אויף אירע פאָרגייער. די אויפטוען פון די יאָנישע פיזיקער פאַר און אין זיין צייט האָט ער נישט געוווסט ריכטיק אָפּצושאַצן, ווייל זיין דענקען איז לחלוטין באַשעפטיקט מיט מעטאַפיזיק. צוויי גרונדרעזולטאַטן פון דענקען טיילט ער געמיינזאַם מיט קסענאָפאַנעסן: דער לחלוטינדיקער אָפּקער פון אַנטראָפּאָמארפישן פּאָליטעאיזם און דאָס טיפע באַוווסטזיין פון דער איינהייט פון אַלדאָס עק-

זיסטירנדיקע. אין דערדאָזיקער אָנשויונג קומט צום אויסדרוק גלייכצייטיק סיי דער צוזאַמענהאַנג פון זיין פילאָזאָפיע מיט אַנאַקסימאַנדראָסעס, און סיי מיט דער אָרפישער מיסטיק. „פון אַלץ ווערט איינס און פון איינעם — אַלץ“, זאָגט דער פראַגמענט 10, „ס'איז קלוג צו אָנערקענען, אַז אַלץ איז איינס“.

און דאָך שטייט העראַקליט אין שאַרפסטן קעגנזאַץ צו קסענאָפאַנעסן. פאַרן דאָזיקן לעצטן געפינט זיך די אור-סיבה, דאָס אַל-איינע, וואָס איז אידענטיש מיט דער גאָטהייט, מחוץ פון יעדער ענדערונג, און איז דויערהאַפט אין מאַיעסטעטישער רו; הערַאקליט דאַקעגן זעט בכלל נישט אין דער וועלט קיין שום דויערנדיקס. אדרבה, גראָד די רולאָזע פאַרענדערונג פון אַלע זאַכן קומט אים פאָר אַלס דאָסווירקלעך עיקרדיקע. „אַלץ פליסט און קיין זאַך דויערט נישט“. „דו קענסט זיך נישט אָפּטוקן צוויי מאָל אין זעלבן טייך, ווייל עס פליסט צו דיר אָן אויפהער אַלץ אַנדערעס און אַנדערעס וואַסער“. אויף דער דאָזיקער וועלט איז אין קיין אָרט נישטאָ קיין דויערנדיקע עקזיסטענץ. דאָרט, ווו אונזערע חושים ווייזן אונז כלומרשט אַזאַ דויערנדיקע עקזיסטענץ, אַנטשטייט די דאָזיקע אילוזיע בלויז דורכדעם, וואָס פון דער סובסטאַנץ פון די זאַכן ווערט צייטווייליק פאַרשוווּנדן פונקט אַזוי פיל, וויפל עס קומט זיי גלייכצייטיק צו אויף אַן אַנדער וועג. אין דאָזיקן פליסן פון אַלע זאַכן שטעלט דער מענטש נישט פאָר מיט זיך קיין אויסנאַם, נישט זיין לייב, נישט זיין נשמה.

דערדאָזיקער רולאָזער שטראָם פון עקזיסטענץ, וואָס הערט נישט אויף צו שאַפן, ברענגט דערצו, אַז אין איין-און-דעמזעלבן געגנשטאַנד באַמערקן מיר אפילו סתירותדיקע אייגנשאַפטן. „דאָס קאַלטע ווערט וואַרים, דאָס וואַרימע קאַלט, פייכטעס טרוקן, טרוקענעס פייכט“. ווו מיר זאָלן נישט וואַרפן אונזער בליק, אַנטדעקן מיר דעם איבערגאַנג פון קעגנזאַצן איינס אין צווייטן, אַן אייביקן וועקסל פון נצחון און מפלה. ווייל דער גאַנצער געשעען אויף דער וועלט איז בלויז אַ קאַמף פון קעגנזעצלעכע כוחות. „קריג איז דער פאָטער פון אַלץ,

דער קעניג פון אַלץ; איינע מאַכט ער פאַר געטער, די אַנדערע פאַר מענטשן, איינע פאַר קנעכט, די אַנדערע פאַר פרייע”. ווער עס פאַרלאַנגט, ווי האָמער, אַז דער שטרייט זאָל פאַרשווינדן פון דער וועלט, דער פאַרלייקנט דעם פּרינציפּ פון אַלץ, וואָס לעבט. דידאָזיקע קאָעקזיסטענץ פון די קעגנזאַצן זעט העראַקליט אומעטום, אין מאַקראָ- ווי אין מיקראָקאָסמאָס. אָבער דערדאָזיקער קאַמף איז בלויז דער הויבשטאַנג צום העכערן. אַזוי ווי אָן קאַמף איז נישטאָ קיין לעבן, אַזוי וואָלט אויך אָן די טויזנטער קעגנזאַצן נישט מעגלעך געווען קיין האַרמאָניע אויף דערדאָזיקער וועלט. אַזוי ווי ערשט פון פאַרשיידנאַרטיקע העכערע און נידעריקערע טענער אַנטשטייט די מוזיקאַלישע האַרמאָניע, אַזויווי ערשט פון די קעגנזעצלעכע פּרינציפּן פון ווייבלעכן און מענלעכן קומט אויף די העכערע איינהייט פון דער חתונה, אַזוי קומט זיך אויך צונויף אין וועלטגעשעענישן „דאָס קעגנזעצלעכע”. מעגן די מענטשן אַפילו נישט באַגרייפן, אַז „דאָס קעגנזעצלעכע שטייט מיט זיך אַליין אין הסכּם”. קעגנזעצלעכע פאַראייניקונג ווי ביים בויגן און דער לירע *). „די אומזעבאַרע האַרמאָניע איז דאָך בעסער ווי די זעבאַרע”.

אין דעם כּלומרשט זינלאָזן תּהו־ובֿהו פון דיסאָנאַנסן און אין דער דורך קעגנזאַצן אַרויסגערופענער האַרמאָניע פונם גאַנצן וועלט־געשעען אַנטפּלעקט זיך פאַרן דענקער אַ טיפער פאַרשטאַנד, דעם פאַרשטאַנד באַצייכנט אָבער דער גריך דורך דעם וואָרט „לאָגאָס” (אייגנטלעך: דאָס מיט פאַרשטאַנד אָנגעפילטע וואָרט, ד. ה. דאָס וואָרט, אויף וויפל עס שליסט איין אין זיך אַ שכלדיקן זין). ווייל דער שכל פון מענטשן אַנטפּלעקט זיך אין קעגנזאַץ צו דער חיה ערשט אין דער שפּראַך, אין דעם גערעדטן זין־אָנגעפילטן וואָרט, באַדייט „לאָגאָס” אויך דעם שכל און איז אָפט שווער אָדער לגמרי אוממעגלעך צו איבערזעצן. הע־

*) דאָ איז געמיינט דער בויגן און די לירע פון גאָט אַפּאָלאָ, וואָס איז יונגער און קריגער צוגלייך. איב)

ראַקליט פאַרשטייט דעריבער אונטערן וואָרט לאָגאָס דעם וועלט־שכל, וואָס אַנטפּלעקט זיך פאַרן טיפערבליקנדיקן אין דעם גאַנצן וועלט־געשעען. דער לאָגאָס איז אייביק און אַלץ געשעט לויטן דאָזיקן „לאָגאָס“, מעג זיך „די מערהייט“ אפילו נישט האָבן קיין אַנונג וועגן דעם. דערדאָזיקער לאָגאָס, וואָס הערשט אין אַלץ, אין כסדרדיקן וועקסל פון די שטאָפן ווי אין בליצשטראַל, אין אינסטיקט פון דער חיה ווי אין דער מענטשלעכער נשמה, — ער איז דאָס וועלטגעזעץ. העראַקליט דריקט אויס דידאָזיקע גרונדאָנשויונג פון זיין פילאָזאָפיע אין פאַרשיידענע פאַרכאַפּנדיקע בילדער. „די זון וועט נישט אַריבערשטייגן איר מאָס ; אויב אָבער יאָ, וועלן די עריניען, די העלפעריןס פון דער דיקע, וויסן, ווי זיך אַן עצה צו געבן מיט איר“. ביי העראַקליטן, וועלכער גייט אויך אין דאָזיקן פונקט אויפן וועג, וואָס אַנאַקסימאַנדראָס האָט אויסגעטראָטן, קומט דאָ בולט צום אויסדרוק די דערקענטעניש וועגן דער נאַטורגעזעצמעסיקייט פון גאַנצן וועלטגעשעען. צי ער רופט עס וועלטגעזעץ (נאַטור) אָדער אויך צעאוס, צי ער רעדט וועגן פאַרשטאַנד, „וואָס רעגירט מיט אַלץ דורך אַלץ“, תמיד מיינט ער איינס און דאָסזעלבע. אָפטמאָל באַנוצט ער אויך דעם אויסדרוק — „די חכמה“, ווייל דאָס וואָרט לאָגאָס איז וואַרשיינלעך ווייניק פאַר זיין קאָסמאָספּרינציפּ. דידאָזיקע „חכמה“ אָדער דער לאָגאָס איז ביי אים אידענטיש מיט דער ג אָ ט־ה יי ט. אָבער אין דער צייט, וואָס קסענאָפאַנעס, וועלכער האָט שוין געמאַכט די ערשטע מעכטיקע שריט צו פאַרגייסטיקן דעם גאָטפּרינציפּ, האָט זיך נאָך פונדעסטוועגן נישט געקענט אינגאַנצן באַפרייען פון אויפפאַסן די גאָטהייט ווי אַ פּערזענלעכקייט, האָט העראַקליט זיך אָפּגעשטעלט אויפן באמת אַנטשיידנדיקן געדאַנק : ער דערקענט מיט דער גרעסטער קלאָרקייט די לחלוטינדיקע טראַנסצענדענץ פון גאָט און ציט דערפון אַרויס מיט מוט און אַנטשלאָסנקייט אַלע קאָנסעקווענצן. „גאָט איז טאָג און נאַכט, זומער און ווינטער, קריג און שלום, זאַטקייט און הונגער ; ער ווערט אָבער פאַרוואַנדלט, ווי דער

פייער, וואָס ווען ער פאַרמישט זיך מיט קטרת, ווערט ער אָנ־
גערופן לויטן דופט, וואָס יעדער מין שטראָמט אויס פון זיך".
דער קאָסמאָס אין זיין אייביקן ווערן און שטאַרבן, איז אַזוי
אַרום — רעדנדיק מיט געטען, וועלכער דענקט אָפּט אין „פויסט"
און אין „ווערטהער" דורך און דורך הערַאַקליטיש — נישט
מער „ווי דאָס לעבעדיקע קלייד פון דער גאָטהייט". הערַאַקליט
מאַכט נאָך אָבער אַ טריט ווייטער. ער טראַכט דורך דעם
געדאַנק וועגן גאָטס טראַנסצענדענץ ביזן סוף. „די חכמה איז
אָפּגעשיידט פון אַלץ", זאָגט ער איינמאָל, ד. ה. ווען מען
איבערזעצט עס אין דער שפּראַך פון דער מאָדערנער
פילאָזאָפיע: גאָט איז דאָס אַבסאָלוטע. „פאַר גאָט איז אַלץ
שיין און גוט און גערעכט, בלויז די מענטשן באַטראַכטן דאָס
איינע פאַר אומגערעכט, דאָס אַנדערע פאַר גערעכט". — די
גאָטהייט שטייט פון יענער זייט גוטס און שלעכטס, וואָס זענען
נישט מער ווי מענטשלעכע אונטערשיידן. דאָ דערגרייכט הע־
ראַקליטס דענקען זיין העכסטע מדרגה.

הערַאַקליטס לאָגאָסלערע איז דער דערהויבנסטער און
קאָנסעקווענטסטער פאַנטעאיזם, וועלכן די גריכישע פילאָזאָפיע
האָט אַרויסגעבראַכט. אָבער אויך ביי אים איז נאָך נישט
דערפירט צום סוף די באַגריפלעכע שיידונג צווישן דאָס פּער־
זענלעכע און אומפּערזענלעכע אין גאָטס וועזן. ווייל אין דאָ־
זיקן פּונקט זענען פּאַרבליבן אומקלאָרקייטן. לויט זיינע אויס־
דריקן, וועלכע מיר האָבן אויבן געבראַכט, מוזן מיר זיך דענ־
קען די גאָטהייט אַלס אומפּערזענלעך, ווייל ער רופט זי דאָך
אָפּט אָן „די חכמה". אָבער צי דען קען מען זיך פאָר־
שטעלן דעם לאָגאָס, דעם וועלטפאַרשטאַנד, וועלכן ער רופט
מערמאָל אָן אַלס „גאָט" אַלס „פאַרשטאַנד, וואָס רעגירט אַלץ
דורך אַלץ", אָן זעלבסטבאַוווסטזיין? פון דער אַנדערער
זייט דרינגט אָבער אַרויס דער גאָטהייטס שייכות צום
אורפייער ד. ה. צום אייביק־לעבעדיקן שטאָף, אַז מ'מוז זיך
זי פאָרשטעלן לחלוטין אומפּערזענלעך. אָבער אַזעלכע פּראָב־
לעמען, ווי די אונטערשיידונג פון פּערזענלעכן און אומפּער־

זענלעכן אין גאָטבאַגריף, זענען נאָך גאַנץ ווייט פון העראַקליטן, ווי בכלל פון דער מערהייט אנטיקע דענקער, כאָטש מ'קען נישט פאַרמאַכן די אויגן אויפן פאַקט, אַז העראַקליטס פילאָזאָפיע צילט צו אַן אומפּערזענלעכער אויפפאַסונג פון גאָטבאַגריף.

ווי גרויסאַרטיק עס זאָלן נישט זיין העראַקליטס געדאַנקען וועגן לאָגאָס, איז ער אָבער אויך נישט מער ווי אַ זון פון זיין תקופה, ד. ה. ער איז באַהערשט פון דענקאופן, וואָס איז פאַר דער גריכישער וויסנשאַפט אין איר ערשטן פעריאָד אַ שטילשווייגנדיקע, ווייל זעלבסטפאַרשטענדלעכע הנחה. ווען העראַקליט טרעט צו זיך פאָרצושטעלן די איינצלהייטן פון לאָגאָס אין וועלט=געשעען, קען ער זיך דאָס נאָר דענקען אין פאַרבינדונג מיט אַ שטאָפלעכע סובסטאַנץ, וועלכע ער באַטראַכט פשוט אַלס דעם טרעגער — די אור=סיבה, דאָקסאָגראַפיש אויסגעדריקט — פון וועלט=געשעען גופא. דידאָזיקע סובסטאַנץ, וואָס שיינט אים צו זיין אידענטיש מיט דעם אַלץ=באַהערשנדיקן פּרינציפּ, איז דאָס פייער. גראָד דאָס פייער, וועלכן דער גאַנצער אַלטערטום און מיטלאַלטער באַטראַכטן פאַר אַ שטאָף, האָט צוליב זיין רולאָזער באַוועגונג און פאַרענדערונג געמוזט פאָרקומען אין זיינע אויגן אַלס באַזונדערס צוגעפּאַסטער טרעגער פון אייביקן וועקסל. „אַלץ איז דער אויסטויש פון פייער און דאָס פייער איז דער אויסטויש פון אַלץ, פּונקט ווי מען טוישט אויס גאָלד אויף סחורה און סחורה אויף גאָלד”. „דידאָזיקע וועלט, דיזעלביקע פון אַלע זאכן, האָט דאָך קיינער פון די געטער און קיינער פון די מענטשן נישט געמאַכט, נאָר זי איז תמיד געווען און זי איז און וועט זיין אַן אייביק לעבעדיקער פייער, וואָס צינדט זיך אָן און לעשט זיך אויס לויט געוויסע מאָסן”. אַזוי אַרום שטעלט ער זיך פאָר דאָס פייער כמעט אַלס שכל=באַגאַבטע סובסטאַנץ, אַלס רעגירנדיקע מאַכט און במילא אויך אַלס סיבה פון דער וועלטאַנטשטייונג. אויך די וועלטאָנשויונג פון העראַקליט איז אַ פּאַנטעאיסטישער מאָניזם.

כדי בולט פאַרצושטעלן די איינצלהייטן פון דעם וועלטאַנטשטייונגס-פּראָצעס פונם אורפייער, אַנטוויקלט העראַקליט, אמת, אַ נאַאיווע, אָבער אַ דורכאויס קאָנסעקווענטע פיזיק. „דעם פייערס ענדערונגען: צוערשט ים, פון ים איין העלפט אַלס ערד, די צווייטע אַלס פייערדיקער אָטעם". איין טייל פון ים ווערט פאַרוואַנדלט אין העלע און טרוקענע אויסדאַמפונגען, פון וועלכע עס צינדט זיך ווידער אָן פייער, די אַנדערע ווערט פאַרוואַנדלט דורך אויסטריקענען אין ערד און הימל און אין אַלץ, וואָס ער נעמט אַרום. ווי אַזוי דער דענקער האָט זיך אָבער גענויער פאַרגעשטעלט די וועלטבילדונג, איז אונז נישט באַקאַנט. אייגנטימלעך נאַאיוו, ענלעך צו קסענאָפאַנעסעס (אין וועמעס שפורן ער גייט דאָ וואַרשיינלעך) איז זיין פאַרשטעלונג פון די הימלקערפערס, באַזונדערס פון דער זון און דער לבנה: זיי זענען רונדע אויסגעהוילטע שאָלן, אין וועלכע עס זאַמלען זיך אָן טאָג-טעגלעך די העלע, טרוקענע אויסדאַמפונגען פון ים און צינדן זיך אָן, און ביינאַכט, צוליבן זיג פון דער פייכטקייט, ווערן זיי ווידער אויסגעלאָשן. די בהדרגהדיקע אַנטוויקלונג, אדאַנק וועלכער עס אַנטשטייט פון פייער וואַסער און דערנאָך די איבעריקע וועלט, רופט העראַקליט אָן דער „וועג באַרג-אַראָפּ", בעת די פאַרקערטע באַוועגונג, דורך וועלכער וואַסער און ערד ווערן ווידער פאַרוואַנדלט אין פייער נאָך אַ גאַנצער ריי צווישנשטופעס, איז דער „וועג באַרג-אַרויף". דידאָזיקע אַנטוויקלונג, וואָס באַזירט אויף אַ באַשטימטן געזעץ, האָט זיך זייער לייכט געלאָזט דענקען אַלס אַן אייביק דויערנדיקער פּראָצעס, אין וועלכן עס האַלטן זיך תּמיד די גלייכגעוויכט די דריי גרונדפאָרמען פון פייער — ווייל די לופט אַלס פערטע פאָרם קען נאָך נישט העראַקליט —: אַזויפיל וואַסער ווערט שטענדיק צו פייער, פונקט אַזוי פיל פייער ווערט גלייכצייטיק אויף דער אַנדערער זייט ווידער צו וואַסער און אז. וו. ווייל העראַקליטס פיזיק האָט נישט געפאָדערט, אַז איינע פון די דריי גרונדפאָרמען פון פייער זאָל נעמען ביסלעכווייז די איבערהאַנט און

אויב ער לאָזט עס מאָרט צו, איז דאָ בולט צו דערקענען דעם איינפלוס פון די מילעזיער, וועלכע האָבן שוין פון זייער זייט געהאַט אָנגענומען באשטימטע וועלטפעריאָדן. יעדנפאַלס לערנט הערַאקליט: פונקט ווי די זאַכן פון דערדאָזיקער וועלט זענען אַנטשטאַנען פון פייער לויט אַ פעסטן געזעץ, אַזוי קומט אויך פאָר נויטווענדיק דער צוריקקער פון אַלע זאַכן אין דער אור־סיבה דורך אַ בהדרגהדיקער פאַרשטאַרקונג פונם פייער־עלעמענט אינם קאַמף פון די קעגנזאַצן.

אין דעם בהדרגהדיקן אַנטשטיין און פאַרגיין פון דער וועלט, אין איר אָפשטאַמונג פון אורפייער און אין איר צוריק פאַרוואַנדלט־ווערן אין אים, אין דאָזיקן געזעצמעסיקן ריטם פונם געשעען אַנטפלעקט זיך דער לאגאס. אויף אַזאַ אופן קומט פאָר אין באַשטימטע פעריאָדן אַ רעגלמעסיקע אָפוועקסלונג פון וועלטבילדונג און וועלטצעשטערונג. פונקט ווי פאר דער גאָטהייט איז אַ יאָר נישט מער ווי אַ טאָג, אַ מענטשנלעבן נישט מער ווי אַ יאָר, אַזוי בילדעט פאַר איר אַ וועלט־יאָר די צייט פון 360 מאָל דרייסיק מענטשלעכע יאָרן — 10.800 יאָרן. אין דעם מאָמענט, ווען עס ווערט פאַרענדיקט דאָסדאָזיקע וועלטיאָר, ד. ה. ווען אַלץ איז שוין צוריקגעקערט צום אורפייער, ווערט פאַרשווונדן אויף איין אויגנבליק יעדער אונטערשייד צווישן גאָט און וועלט. אָבער גלייך נאָכדעם, אַדאַנק דער אייביק־לעבעדיקער פייער־נאַטור, הויבט זיך ווידער אָן די אַנטשטייונג פון דער וועלט. —

דידאָזיקע לערע וועגן דער צוקונפטיקער וועלט־שרפה, וועלכע חזרט זיך רעגלמעסיק איבער צום סוף פון יעדן וועלט־יאָר, וועט שפעטער ווידער אויפלעבן אין דער סטאָאישער לערע וועגן דער „עקספּראזיס".

אין דערדאָזיקער קאָסמאָלאָגיע קומט בולט צום אויסדרוק, — ביי דער גאַנצער אָריגינעלקייט פון איר שעפער, — דער גרויסער איינפלוס פון די מילעזיער, באַזונדערס פון אַנאַקסימאַנדראָס. שוין דערדאָזיקער ווייס נישט פון קיין צייטלעכן אָנהויב פון דער וועלט, נאָר בלויז פון אַ ענדלאָזער ריי נאָכ־

אַנאַנדערדיקע וועלטן. און פּונקט ווי לויט זיין אָנשויונג קערן זיך אום מיט דער צייט אַלע זאַכן אין „אומענדלעכן" אַריין, געשטויסן דערצו דורך דער נויטווענדיקייט, אַזוי קערן זיך אויך אום, לויט העראַקליטס לערע, אין דער צוקונפט אַלע זאַכן אין דעם אורפייער, מער נישט, וואָס ביי אים קען קיין רייד נישט זיין וועגן אַן אָפּקומעניש פאַר אַ באַגאַנגענער עוול ה.

## II. דער מענטש.

דער דענקער פון עפעזאָס האָט זיך באַשעפטיקט נישט נאָר מיטן מאַקראָקאָסמאָס. העראַקליט איז דערייניקער, וואָס האָט אַנטדעקט דעם גייסטיקן מענטשן אַלס געגנשטאַנד פון דער פאָרשונג. „די גרעניצן פון דער נשמה וועסטו נישט אויסגעפינען, ווען דו זאָלסט אפילו אויסגיין יעדן וועג; אַזוי טיף פאַרבאָרגן זענען זיי" (פראַג. 45). „איך פאָרש אויס זיך גופא" (פראַג. 101). אַזעלכע באַמערקונגען באַווייזן בולט, אַז אין די טיפענישן פון דער אייגענער, אָפּט שטורמיש-אויפגערודערטער נשמה, זענען אים אַנטפּלעקט געוואָרן די געהיימנישן פון דער מענטשלעכער פסיכע בכלל. „אַלע מענטשן פאַרמאָגן די פעאיקייט צו דערקענען זיך אַליין און צו האָבן פאַרשטאַנד", זאָגט ער אַן אַנדערש מאָל (פראַג. 116). פון דעם פליסט אַרויס די פראַגע וועגן מענטשנס שייכות צום לאָגאָס, צום וועלט-שכל. אַזוי ווי העראַקליט קען זיך פאָרשטעלן דידאָזיקע לעצטע בלויז אַלס מאַטעריעל-פאַרקערפּערטע סובסטאַנץ, אַלס פייער, דעריבער האַלט ער אויך דעם אין מענטשן וווינענדיקן איינצלפאַרשטאַנד אַלס אַ קערפּערלעכע, מער אָדער ווייניקער פייערדיקע סובסטאַנץ, וואָס איז פאַרפלאָכטן ווי אַלע זאַכן פון דאָזיקן קאָסמאָס אינם קרייזלויף פון אַנטשטיין און פאַרגיין. ביי דער געבורט פון מענטשן ווערט די נשמה אַראָפּגעצויגן און פאַרטונקלט אין מענטשלעכן לייב און מוז „דינען" די הערן וואַסער און ערד, אָבער דערנאָך קומט דער מאָמענט, אין וועלכן

עס נעמט אין איר די איבערהאַנט אָדער דאָס פייכטע אָדער
דאָס פייערדיקע. דאַן קומט דער טויט: „ביי דער מערהייט דורך דעם
נצחון פון דאָס פייכטע, ביי די חכמים דורך דעם נצחון פון פייער".
„מיר לעבן פון דער נשמהס טויט, און יענע לעבט פון אונזער טויט",
זאָגט אַ פראַגמענט (77). מיטן לייבלעכן טויט הויבט זיך אָן פאַר די
נשמות אַ ניי לעבן. די נשמות פון די חכמים, אין וועלכע דאָס פייער-
דיקע נעמט די איבערהאַנט שוין אין דער ערדישער עקזיסטענץ,
ווערן „וועכטערס פון די לעבעדיקע און טויטע", בעת די נשמות פון
דער מערהייט קומען אום אויף שטענדיק מיטן אויסלעשן פונם פייער.
אָבער אויך די נשמות פון די חכמים לעבן בלויז ביז צו דער
וועלט-שרפה.

דערדאָזיקער געדאַנק פון א אינדיווידועלער, כאָטש באַ-
שרענקטער אומשטערבלעכקייט דרינגט נישט אַרויס פון הע-
ראַקליטס נשמה-לערע. דאָס האָט אויף אים געמוזט
האָבן א השפעה אַן אַלטער פאָלקסגלויבן, וועגן וועלכן עס
זאָגט עדות אויך העזיאָדס דיכטונג וועגן די יאָרהונדערטן, און
אפשר נאָכמער דער גלויבן פון די מיסטעריעס. ווייל העראַק-
ליט אַליין שטעלט זיך נאָך פאָר די מענטשלעכע נשמה שטאַרק
מאַטעריאַליסטיש. „פאַר דער נשמה באַדייט עס דעם טויט צו
ווערן וואַסער, פאַרן וואַסער — דעם טויט צו ווערן ערד; פון ערד
ווערט וואַסער, פון וואַסער — אַ נשמה", זאָגט דער 36-טער פראַגמענט.
ווייל די מענטשלעכע נשמה האַלט אין איין אַנטשטיין פון די אויס-
דאַמפונגען פון פייכטן אין קערפער און אין דער לופט, וואָס נעמט
אים אַרום פון אַלע זייטן. אויף אַזאַ אופן קומט פאָר אין משך פון
דאָזיקן לעבן אַ שטענדיקער אויסטויש צווישן די פייערדיקע נשמה-
טיילכלעך און די טיילכלעך פון וואַסער און ערד. דער טויט
קומט ערשט דאַן, ווען דאָס כסדר אַרויסשטראָמענדיקע נשמה-
פייער ווערט נישט פאַרביטן אין אַ גענוגנדיקער מאָס דורך דאָס
ניי אַריינשטראָמענדיקע. אין שייכות מיט זיין פסיכאָלאָגיע האָט
שוין העראַקליט געמאַכט אַ מערקווירדיקן פרווו צו קאָנסטרואירן
אַ דערקענטעניש-טעאָריע, כאָטש נאָך זייער אַ נאַאיוו-מאַטעריאַ-
ליסטישע, אָבער איזע איינצלהייטן זענען נישט זיכער, ווייל

מיר האָבן וועגן איר בלויז איין אייגציקן באַריכט פון אַ סך אַ שפּעטערדיקן באַריכטאָפּגעבער (סעקסטוס עמפּיריקוס). דאַקעגן ווייזן אונז זײַנע אייגענע מיינונגען אומצווייידייטיק זײַן שטעלונג צו דער פּראָבלעם פון דער דערקענטעניש.

ווי אַלקמאַיאָן האָט אויך העראַקליט דעם קלאָרן באַוווסטזײַן וועגן דער באַגרענעצטקייט פון יעדער מענטשלעכער דערקענטעניש. „אויך דער טיכטיקסטער דערקענט נאָר גלויבלעכעס" (פראַג. 28). „קינדערשפּילן זענען די מענטשלעכע מיינונגען", ווייל „דאָס מענטשלעכע וועזן האָט (פון זיך אַליין) קיין שום דערקענטענישן, אָבער דאָס געטלעכע — יאָ". —

אַזעלכע אָנשויונגען שטייען נישט אין קיין סתירה צו דער לאָגאָסלערע. דורך זײַן פאַרבינדונג מיט דעם מענטשלעכן קערפּער, וואָס איז כּסדר אויסגעשטעלט אויף פאַרענדערונגען, איז דאָך דער לאָגאָס פּאַרטונקלט. העראַקליט איז דאָך אָבער געשטויסן געוואָרן אויך פון אַן אַנדער זייט אָנצונעמען די רעלאַטיווקייט פון אַלע מענטשלעכע דערקענטענישן און אורטיילן. ווען מיר הערן פון אים אַזעלכע מיינונגען, ווי: „די אייזלען וועלן בעסער אויסקלייבן סעטשקע איידער גאָלד" אָדער „ים־וואַסער איז דאָס ריינסטע און העסלעכסטע, פאַר די פיש צום טרינקען און געזונט, פאַר די מענטשן נישט צום געניסן און שעדלעך" אָדער „דער קליגסטער צווישן מענטשן זעט אויס אין פאַרגלייך מיט גאָט, ווי אַ מאַלפּע, סיי אין חכמה, סיי אין שיינקייט, סיי אין אַלע אַנדערע טוגנטן", ד. ה. אַלס פאַרקריפּלט בילד,—ווען מיר לייענען דאָס אַלץ, דרינגט דערפון אַרויס, אַז דער עפּעזיער איז שוין געקומען צו דער דערקענטעניש, אַז אונזערע אַלע אורטיילן האָבן נאָר אַ ר ע ל אַ ט י ו ו ן ווערט. אמת, וואָס שייך דער מאָראַל האָט העראַקליט געמאַכט דעמדאָזיקן אויספיר ריין־טעאָרעטיש — אין פאַרגלייך מיטן מאָסשטאַב פון דער גאָטהייט.

אַז דער דענקער, וועלכער האָט אַנטדעקט פאַר דער וויסנשאַפט דעם גייסטיקן מענטשן, האָט שוין טיף אַריינגעבליקט אין זײַן אינערלעכסטן וועזן, איידער ער איז צוגעטרעטן אָנצוצייכענען אַלגעמיין־גילטיקע ריכטליניעס פאַרן מענטשלעכן

האַנדלען, זאָגן עדות איינצלנע פון זיינע אַפּאָריזמען, וועלכע
דריקן אויס אייביקע אמתן: „דעם מענטשנס וועזן איז זיין גאָט",
ד. ה. דעם מענטשנס אינדיווידואַליטעט באַשטימט זיין גורל, אָדער
ווען ער זאָגט: „מיטן האַרצן איז שווער צו פירן אַ קאַמף;
ווייל וואָס עס וויל, קויפט עס אויפן חשבון פון דער נשמה" —
ווייל דורכדעם „ווערט אויף אַזויפיל פאַרמינערט דאָס געטלעכע
פייער, וויפל מען שענקט דעם קערפּער" (דילס). ווייל דאָ באַ-
דייט אונזער האַרץ דעם זינלעכן באַגער. צום באַדויערן
ווייסן מיר נישט, צי דידאָזיקע געדאַנקען זענען געווען פאַר-
וועבט אין אַ גרעסערן צוזאַמענהאַנג. דעריבער האָט נאָך אַ
גרעסערן ווערט זיין באַגרינדונג פון אַן עטיק (כאָטש עס
זענען צו אונז דערגאַנגען פון איר איינצלנע אָפּגעריסענע
זאַצן), ווייל איר אינערלעכער צוזאַמענהאַנג מיט זיין איבערי-
קער וועלטאָנשויונג איז קלאָר. היות דער לאָגאָס איז געמיינ-
זאַם פאַר אַלע מענטשן, „מוז מען פאָלגן דעמדאָזיקן געמיינזא-
מען". אויפן גרונד פון מענטשנס גייסטיקער נאַטור נעמט ער אָן,
אַז דעם מענטשנס האַנדלען מוז שטיין אין הסכם מיטן
וועלט-שכל, מיטן לאָגאָס, אַ געדאַנק, וואָס האָט געהאַט
אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג פון
דער גריכישער עטיק. אָבער כדי צו קענען גיין אין די דרכים
פון געטלעכן לאָגאָס מוז מען פריער האָבן די ריכטיקע דער-
קענטעניש. „בלויז אין איינעם באַשטייט די חכמה: צו דערקע-
נען דעם שכל, וואָס פירט אַלץ אָן דורך אַלץ". „דערקענען
איז די העכסטע טוגנט, און די חכמה באַשטייט אין רעדן און
טאָן דאָס ריכטיקע, אין הסכם מיט דער נאַטור, גייענדיק אין
אירע שפּורן". (דאָס וואָרט „פיזיס", וועלכעס העראַקליט באַנוצט
צוערשט בלויז פאַר דער אַלנאַטור, איז דאָ נאָר אַן אַנדער
אויסדרוק פאַרן לאָגאָס.) אָבער די מערהייט פון די מענטשן
„לעבט אַזוי, פּונקט ווי זיי וואָלטן געהאַט אַן אייגענעם שכל".
ווייל „די מייסטע פון די געטלעכע זאַכן בלייבן פרעמד דער
מענטשלעכער דערקענטעניש, ווייל זיי ווייזן זיך אויס צו זיין
אומגלויבלעך". „די נאַטור האָט זיך ליב אויסצובאַהאַלטן". דע-

דיבער נעמט די „מערהייט״ אויף „דעם וועלטגעשעען, ווי די שפּיל פון אַ קינד״ און דעם קאָסמאָס „ווי אַ מיסטהויפן, וואָס איז אויסגעשאָטן געוואָרן סתם אין דער וועלט אַריין״.

וועגן די איינצלהייטן פון העראַקליטס עטיק זאָגן עדות בלויז ווייניקע, אָבער כאַראַקטעריסטישע מיינונגען, וועלכע שטייען אין פולן הסכם מיט זיין גרונדטעזע. „די גאווה („היב־ריס״) דאַרף מען גיכער לעשן ווי אַ שרפה״; ווייל גראָד די „היבריס״ שטעלט זיך אַקעגן דעם געזעץ און דער אָרדנונג, ד. ה. אויך קעגן אונטערוואַרפן זיך דעם וועלט־געזעץ. אינ־טערעסאַנט איז העראַקליטס שטעלונג צו זינלעכקייט. ער פאַר־אַכטעט זי, ווייל דורך איר ווערט דער מענטש פאַרפרעמדט פון לאָגאָס. שוין די נשמה פון אַ שיכור, וועלכער מוז גע־פירט ווערן פון אַ יינגל, איז פייכט, בעת די „טרוקענע נשמה איז די קלוגסטע און בעסטע״, ד. ה. די־יעניקע, וועלכע איז נישט באַפלעקט דורך איבערענטפערן זיך צום לייב.

דער וועלטשכל האָט אַ מאָסגעבנדיקע באַדייטונג נישט נאָר פאַרן איינצלנעם, נאָר אויך פאַר דער מענטשלעכער גע־מיינשאַפט... אַלע מענטשלעכע געזעצן ציען דאָך זייער יניקה פון דעם אי י ן געטלעכן״. ווייל דאָס איז דאָס געמיינזאַמע ביי אַלע. דעריבער מוז מען קעמפן פאַרן געזעץ, ווי פאַר אַ פעסטונג, ווייל אין איר פאַרקערפערט זיך דער שכל פון דער מלוכה. אַזוי אַרום קומט דאָ שוין צום אויסדרוק אַ גרונד־געדאַנק פון דער שפּעטערער מלוכה־פילאָזאָפיע.

* *

העראַקליט איז דער ערשטער גריכישער דענקער, וואָס זיין וועלטאַנשויונג איז אונז קלאָר אין אירע גרונדשטריכן ווי אין איר אינערלעכן צוזאַמענהאַנג. ער איז אַ דענקער פון שעפערישער קראַפט, איינציקאַרטיקער דרייסטקייט און דערשטוינ־לעכער קאָנסעקווענטקייט. מעטאַפיזיק, קאָסמאָלאָגיע, דערקענטע־נישטעאָריע און עטיק שפּראָצן אַרויס ביי אים פון איין־און־

דעמזעלבן וואָרצל: פון זיין גרונדאָנשויונג וועגן לאָגאָס. דערפון נעמט זיך אויך דער אינטעלעקטואַליסטישער כאַראַקטער פון זיין עטיק, וואָס איז, אמת, מער אָדער ווייניקער אייגן דער גאַנצער גריכישער עטיק, אויף וויפל זי איז וויסנשאַפטלעך באַגרינדעט.

די היסטאָרישע השפעה פון דעם עפעזיערס געדאַנקען איז אַ געוואַלטיקע. אין דער אַנטיקער צייט איז זי, קודם כל, געווארן גרונדלייגנדיק פאַר די וועלט-אָנשויונגען פון דער סטאָאַ. (ז. באַנד III). אָבער זיין פילאָזאָפיע האָט געווירקט ביז אין דער קעגנוואַרט, ווייל זי אַנטהאַלט אייביקע געדאַנקען. ס'איז גענוג זיך צו דערמאנען וועגן איר טיפן איינפלוס אויף געטען, העגעלן און דער עיקר אויף ניטשען.

# דאָס פערטע קאַפּיטל

## דער מעטאַפיזישער גרונדקעגנזאַץ: די עלעאַטן.

### 1. פּאַרמענידעס

אַ באַווייז פאַר דעם ענגן צוזאַמענהאַנג פון דער גריכישער קולטור אין מזרח און מערב און גלייכצייטיק פאַר דער מעכטיקער אינטענסיווקייט פון גריכישן גייסטיקן לעבן אין דער תקופה פון די פערסער-מלחמות איז דער פאַקט, וואָס אין ווייביקע יאָרן נאָכדעם, ווי דער גריבלער פון עפעזאָס האָט אויף דעם יאָנישן ברעג אָנגעשריבן די טיפסטע דערקענטעניש פון זיין פאָרשונג, האָט אין אַ יאָנישער קאָלאָניע אין אונטעראיטאַליע אַן אַנדער באַדייטנדיקער דענקער, פּערמאַנידעס פון עלעאַ, ביז גאָר העפטיק אָנגעגריפן הערא̇קליטס גרונדאָנשויונג. ערשט אַדאַנק דעמדאָזיקן מעכטיקן אָנגריף האָט זיך אויפגעטאָן דער טיפער תהום פון מעטאַפיזישן גרונדקעגנזאַץ, וואָס האָט געדרימלט, ווי אין אַ קנאָספ, אין ווען פון דער מילעזישער אור-סיבה.

פּאַרמענידעס „בליט", לויט אונזער מסורה, אַרום דער 69 (?) אָלימפּיאַדע (504—501 פאַר קריסטוסן), ד. ה., אַז ער איז געבאָרן געוואָרן אומגעפער אַרום 540. אין דער געשיכטע פון דער גריכישער וויסנשאַפט פאַרנעמט ער אַן אָרט צווישן הערא̇קליטן און עמפּעדאָקלעסן. דערדאָזיקער לעצטער זעצט פאָרויס די פּאַרמענידישע אָנטאָלאָגיע, און אַז פּאַרמענידעס

באַקעמפט פון זיין זייט הערַאקליטס לערע, דאָס איז געדרונ=
גען פון פראַגמענט 6 פון זיין דיכטונג: „עס איז נויטווענדיק
צו זאָגן און צו דענקען, אַז (נאָר) דאָס עקזיסטירנדיקע ע ק=
ז י ס ט י ר ט, ווייל עס איז מעגלעך, אַז עס ע ק ז י ס ט י ר ט;
דאָס נישט=עקזיסטירנדיקע דאַקעגן איז נישט מעגלעך, ד. ה.
זיין עקזיסטענץ איז אוממעגלעך. איך הייס דיר, דו זאָלסט זיך
באַטראַכטן: צוערשט וואָרן איך דיר פאַרן דאָזיקן וועג פון
דער פאָרשונג; אָבער דערנאָך אויך פאַר דעם, מיט וועלכן
עס בלאָנדזשען אומוויסנדיקע שטערבלעכע, די דאָפל=קעפּיקע,
ווייל צעטומלעניש גיט אין זייער ברוסט די ריכטונג פאַר זיי=
ער פאַרבלאָנדזשעטן געדאַנק. זיי אָבער ווערן מיטגעריסן טויב
און בלינד צוגלייך, באַטויבט, אַ סטאַדע, וואָס איז נישט פע=
איק צו אורטיילן, וואָס די עקזיסטענץ און די נישט=עקזיס=
טענץ הייסט ביי זיי דאָסזעלבע און נישט דאָסזעלבע; זיי,
פאַר וועלכע עס איז דאָ ביי אַלע זאַכן אַ הינטערווייַלעכדיקע
באַוועגונג". — דער צווייטער וועג, פאַר וועלכן פאַרמענידעס
וואָרנט דאָ, איז אָן ספק דער וועג פון הערַאקליט, וועלכער
האָט באַהויפּטעט וועגן דיזעלבע זאַכן קעגנזעצלעכעס (צ. ב.
אין פראַג. 49א. „מיר זענען עס און מיר זענען עס נישט").—
די פאַרעפנטלעכונג פון זיין ווערק איז לויט דילסן פאָרגעקו=
מען אַרום 480 פאַר קריסטוסן: דאָס איז זייער וואַרשיינלעך,
ווייל עפּיכאַרם (פראַג. 1 דילס) פאַררופט זיך אויף זיין לערע
שפּעטסטנס אַרום 470.

אין פּאָליטישן לעבן פון זיין פאָטערשטאָט האָט פאַר=
מענידעס צייטווייליק געשפּילט אַ ראָלע: אויף די געזעצן,
וועלכע ער האָט אַמאָל אָנגעצייכנט, האָבן נאָך זיינע מיטביר=
גער אין יאָרצענדליקער אַרום אָפּגעגעבן אַ שבועה פאַר די
אַרכאָנטן. צוזאַמען מיט זיין תּלמיד זענאָן האָט ער אַלס באַיאָר=
טער מאַן באַזוכט אַטען און מיט זיין באַדייטנדיקער פּערזענ=
לעכקייט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אין געוויסע קרייזן,
ווייל דאָס ווייניקסטנס לאָזט זיך אָננעמען אַלס היסטאָרישער
קערן אין פּלאַטאָנס שילדערונג (טעאַיטעטאָס 183e, פּאַרמעני=

דעם 127a, סאָפיסטעס 217c). מיט זיכערקייט זענען פעסטגע־שטעלט געוואָרן פערזענלעכע באַציונגען צו איינצלנע פיטאַ־גאָרעער (אַמעניאַס) פון זיין אונטעראיטאַלישן היימלאַנד.

אין דער צייט, וואָס העראַקליט האָט זיין חכמה מער פאַרדעקט ווי אַנטפּלעקט אין אָפּגעריסענע זאַצן, אין דערהוי־בענעם סטיל פון אַ זעער, כאָטש אין יאָנישער פּראָזע, שרייבט פּאַרמענידעס (נאָכדעם ווי ער האָט באַהערשט די פּראָבלע־מען, וואָס האָבן אים באַוועגט) אַ פעסט צוזאַמענגעבונדן, סיס־טעמאַטיש לער־געדיכט — אין פערזמאָס פון האָמערישן עפּאָס. (דערצו האָט אים קודם־כל באַוויגן דער ביישפּיל פון זיין לע־רער קסענאָפאַנעס, וואָס האָט צוגלייך מיט העזיאָדן שטאַרק באַאיינפלוסט די פאָרם פון זיין ווערק.) אַ גרויסע שוועריקייט האָט פאַר פּאַרמענידעסן פאָרגעשטעלט די דאַמאָלטיקע אַנט־וויקלונגס-שטופע פון דער גריכישער שפּראַך, וועלכע האָט ערשט דאַמאָלט אָנגעהויבן צו דענקען אין אַ גרויסן פאַרנעם מיט אַבסטראַקטע באַגריפן און אין שייכות דערמיט צו בילדן אַנט־שפּרעכנדיקע ווערטער, אַזוי אַז פאַר די שווערע, מעטאַפיזישע געדאַנקען האָט מען אין דער מערהייט פאַלן נאָך ערשט גע־מוזט שאַפן דאָס פּאַסיקע וואָרט, קודם כל דעם פאַך־אויסדרוק. אַזויאַרום איז פּאַרמענידעס אַ געוואַלטיקער וועג־דורכברעכער אויך פאַר דער געשיכטע פון דער גריכישער שפּראַך: אין אַ גרויסער מאָס האָט ער ערשט געשאַפן די שפּראַכלעכע פאָרם פאַרן פילאָזאָפישן דענקען.

פון היסטאָרישער באַדייטונג איז אויך דער פאַקט, וואָס דאָס דענקען פון פּאַרמענידעס האָט שוין אויפצוווייזן — לגבי זיינע פאָרגענגער און צייט-מענטשן — אַן אומצווייפלהאַפטן פאָרגעשריטענעם אַנטוויקלונגס־גראַד אין הינזיכט פון זיין פאָרם ד. ה. פון דער לאָגיק. פּאַרמענידעס איז דער דענקער, וועל־כער האָט איינגעפירט דעם אלף־בית פון דער דיאַלעקטיק אין דער גריכישער וויסנשאַפט. די פאָרמען פון דיס־יונקטיוון דענקען פון ענטוועדער־אָדער און אַזוי ווײ־טער, און אין צוזאַמענהאַנג דערמיט די פאַרווענדונג פון

סיללאגיזם, ווי אויך די פאָרם פון פראַגע און ענטפער, טרעטן אַרויס אַזוי כאַראַקטעריסטיש אין זיין לערדיכטונג, אַז מען איז געצוווּנגען אָנצונעמען, דאָס פּאַרמענידעס האָט זי ערשט געפונען אין לעבהאַפטיקן פערזענלעכן געדאַנקענאויסטויש מיט גלייכגעשטימטע חברים. אַלזאָ, געפינען מיר אויך דאָ דעם ענגסטן צוזאַמענהאַנג מיט אַ גייסטיקער געמיינשאַפט (אַ „שו-לע"), ווי מיר האָבן זי באַגעגנט ביי די אונטעראיטאַלישע פיטאַגאָרעער.

אין דער צייט, וואָס מיר באַזיצן פון העראַקליטן בלויז איינצלנע אַפּאָריזמען און פון די דענקער, וואָס פאַר אים, קענען מיר כמעט בלויז פאַראיינצלטע מיינונגען, און אויך די-דאָזיקע בלויז דורך די אָפט אומגעניגנדיקע אָדער אַפילו פאַר-פירנדיקע באַריכטן פון די שפּעטערע, זענען אונז פאַרבליבן פון פּאַרמענידעסן, אַלס ערשטן פון די גריכישע פילאָזאָפן, אַ געוויסע צאָל גרעסערע, אין זיך צוזאַמענגעבונדענע שטי-קער, וועלכע לאָזן אונז אַריינבליקן נישט נאָר אין זיינע גרונדאָנשויונגען, נאָר אָפּטמאָל אויך (מיט זיכערקייט) אין זיי-נע מאָטיוון און באַגרינדונגען. די פאַרשטענדעניש פון זיין לערגעדיכט איז אונז גרעסטנטיילס אויפגעזיגלט געוואָרן ערשט דורך דילס באַזונדערער אויסגאַבע.

## 1. די אָנטאָלאָגיע

די צענטראַלע דאָגמע פון פּאַרמענידעשן דענקען איז זיין אָנטאָלאָגיע, ד. ה. זיין לערע פון דעם עקזיסטירנדיקן. ווי פונדאַמענטאַל עס זאָל נישט זיין די באַדייטונג, וועלכע דידאָזיקע לערע האָט געהאַט פאַר דער געשיכטע פון דער גריכישער פילאָזאָפיע, בלייבט פונדעסטוועגן אַ רעטעניש, לכל הפחות אויפן ערשטן בליק, ווי אַזוי פּאַרמענידעס איז געקו-מען צו זיין לערע, וואָס איז אַן איינציקאַרטיקע דערשיינונג, לכל הפחות אין דער געשיכטע פון מערבדיקן דענקען. די גרונדאָנשויונג פון זיין לערער קסענאָפאַנעס וועגן דעם אל-

איינעם בילדעט אָן צווייפל איינע פון אירע געשיכטלעכע פּאָרבאדינגונגען, אָבער ערשט די לערע פון העראַקליט וועגן רולאָזן שטראָם פון ווערן האָט געגעבן דעם אַנטשיידנדיקן שטויס צו איר. ווייל גראָד דעמדאָזיקן פּראָצעס פון ווערן קען זיך פּאַרמענידעס נישט פאָרשטעלן, אַזוי אַז ער האַלט אים פאַר אוממעגלעך, ווייל ער איז אומדענקבאַר.

עס איז דאָ אַן עקזיסטירנדעס, מוז אַן עקזיסטירנדעס זיין, ווייל מען קען זיך בכלל נישט פאָרשטעלן, ווי אַזוי וואָלט עס געקענט נישט זיין. אָבער דענקען און עקזיסטירן אַנטשפּרעכן איינס דעם צווייטן: „ווייל דו ווערסט נישט געפינען דאָס דענקען אָן דעם עקזיסטירנדיקן, אין וועלכן עס ווערט אַרויסגערעדט”. דאָס ריכטיקע, ד. ה. דאָס וויסנשאַפטלעכע דענקען קען זיך באַציען בלויז אויף דאָס עקזיסטירנדיקע, די אמתע דערקענטעניש איז אידענטיש מיט דער ווירקלעכקייט. אויסער דעם עקזיסטירנדיקן קען בכלל נישט זיין קיין שום זאַך; דאָס נישט-עקזיסטירנדיקע ווערט מיט דער שטאַרקסטער באַטאָנונג אָפּגעוואָרפן דורך פּאַרמענידעסן אַלס עטוואָס אומדענקבאַרעס. אגב, וואָלט פון נישט-עקזיסטירנדעס געקענט ווערן בלויז נישט-עקזיסטירנדעס, ד. ה. גאָרנישט (פראַג. 8, 12 און 11). דעריבער טאַקע קען נישט זיין קיין שום ווערן און פאַרגיין. ווייל דאָס ווערן וואָלט דאָך באַטייט אַן איבערגאַנג פון דאָס נישט-עקזיסטירנדיקע אין דאָס עקזיסטירנדיקע, דאָס פאַרגיין ווידער — פון דאָס עקזיסטירנדיקע אין דאָס נישט-עקזיסטירנדיקע. די פאָרשטעלונג פון ווערן און פאַרגיין איז אַזוי־אַרום מעגלעך נאָר ביי דער הנחה פון דאָס נישט-עקזיסטירנדיקע. אָבער היות דאָס נישט-עקזיסטירנדיקע איז עפּעס אוממעגלעכעס, ווייל אומדענקבאַרעס, דעריבער פאַלט אויך אָפּ די הנחה פון ווערן און פאַרגיין. דאָסדאָזיקע ווערן ווי דאָס פאַרגיין זענען נאָר כימערעס פון די מענטשן, בלויז אַ גענאַרנדיקע אויסדוכטעניש, אַ קינד פון זייער ריין-ווילקירלעכער הנחה. דעריבער דאַרפן נישט פאַרמישט ווערן מיטאַנאַנדער אינם דענקען דאָס עקזיסטירנדיקע מיט דעם נישט-עקזיסטירנדיקן.

דאָס עקזיסטירנדיקע איז נישט עפּעס געוואָרענעס; ווייל עס איז אוממעגלעך עס זאָל האָבן געוואָרן סיי פון דעם עקזיסטירנדיקן סיי פון דעם נישט-עקזיסטירנדיקן: פון עקזיסטירנדיקן נישט, ווייל אין דאָזיקן פאַל וואָלט דאָך פאַר אים עקזיסטירט אַן אַנדער עקזיסטירנדיקס; אָבער אויך נישט פון נישט-עקזיסטירנדיקן, ווייל דאָס נישט-עקזיסטירנדיקע עקזיסטירט גאָרנישט. (חוצדעם וואָלט פון נישט-עקזיסטירנדיקן געקענט ווערן בלויז נישט-עקזיסטירנדיקס.) און בכלל, וואָסער צוואַנג וואָלט דען געשטויסן דאָס עקזיסטירנדיקע דערצו, אָנצוהויבן פריער אָדער שפּעטער פון דעם נישט-זיין און צו וואַקסן? ווי אַזוי וואָלט דאָס עקזיסטירנדיקע געקאָנט זיין (ערשט) אין דער צוקונפט? ווי אַזוי האָט עס דען געקענט ווען נישט איז באַשאַפן ווערן?

אַלס נישט-געוואָרן איז עס אויך אומפאַרגענגלעך; פּונקט ווי אָן אַ אָנהויב, איז עס אויך אָן אַ סוף. עס איז אַזוי־אַרום אייביק. עס איז אויך מחוץ פון יעדער באַוועגונג, פּאָזיטיוו אויסגעדריקט: אומדערשיטערלעך פעסט איינגעוואָרצלט, לחלוטין אומפאַרענדערלעך. עס בלייבט תמיד דאָסזעלבע אויפן זעלבן אָרט (פראַג. 8, 29 און ו.) עס איז אויך נישט טיילבאַר, ווייל עס איז אין אַלע היבזיכטן גלייכאַרטיק. ווייל נישטאָ אין קיין אָרט קיין שטאַרקערער זיין, וואָס זאָל קענען שטערן זיין צוזאַמענהאַנג, און אויך נישט קיין שוואַכערס. אַלץ איז אויסגעפולט פון עקזיסטירנדיקן. דעריבער איז עס אינגאַנצן פאַרבונדן צווישן זיך; עקזיסטירנדיקס גרעניצט מיט עקזיסטירנדיקס.

היות מחוץ דעם עקזיסטירנדיקן איז גאָרנישט נישטאָ, איז פאַראַן בלויז איין עקזיסטירנדיקס. ווייל דאָס עקזיסטירנדיקע איז אַ פאַרבונדענעס, דורכאויס גלייכאַרטיקעס גאַנצעס. דאָסדאָזיקע גאַנצע איז אָבער נויטווענדיקערהייט באַגרעניצט. „ווייל די געוואַלטיקע נויטווענדיקייט האַלט עס אין די קייטן פון אַ גרעניץ, וועלכע שליסט עס איין פון אַלע זייטן. דעריבער האָט דאָס עקזיסטירנדיקע אויך אַן ענדע. ווייל עס האָט נישט קיין חסרונות. ווען עס זאָל זיין אָן אַ ענדע, וואָלט אים אַלץ געפעלט״. (פראַג. 8, 32 און ו.) „היות עס איז אָבער דאַ

אַ לעצטע גרעניץ, איז עס אין אַלע ריכטונגען פאַרענדיקט (= אָפּגעשלאָסן), ענלעך צו דער מאַסע פון אַ גוט=אָפּגערונדעטן קויק, וואָס איז פון צענטר גלייך אין אַלע זייטן" (פראַג. 8, 42 און ווו., 49).

צי דען דאַרף מען דערפון דרינגען, אַז פּערמאַנידעס באַטראַכט דאָס עקזיסטירנדיקע אַלס עפּעס קערפּערלעכעס? שוין פּלאַטאָן, וואָס האָט נאָך פולשטענדיק געקענט דאָס ווערק פון דעם עלעאַט און איז שטאַרק באַאיינפלוסט געווען פון אים אין זיין אייגענעם דענקען, איז געווען גענייגט דאָס אָנצונעמען אויפן גרונד פון יענע פערזן. אָבער אויך די באַשרייבונג פון פּאַרמענידעסן אַליין פירט אַרויף אויפן דאָזיקן געדאַנק, בפרט אין יענער שטעלע, ווו עס ווערט געזאָגט: „אַלץ איז אָבער פול פון עקזיסטירנדיקן. דעריבער איז אַלץ פאַרבונדן. דאָס עקזיסטירנדיקע גרעניצט מיט עקזיסטירנדיקס". מיר זעען: דער פאַרגלייך מיט דעם פון אַלע זייטן גלייכמעסיקן קויק איז נישט געמיינט סתם בילדלעך, נאָר מ'דאַרף עס פאַרשטיין פשוטו כמשמעו. און גראָד די נאָר=וואָס ציטירטע שטעלע, קען ווייזן, אַז פּאַרמענידעס האָט זיך פאָרגעשטעלט דאָס עקזיסטירנדיקע— ווי מ י ר וואָלטן זיך אויסגעדריקט — ק ע ר פּ ע ר ל ע ך, אמת, נישט אין באַוווּסטזיניקן קעגנזאַץ צו אַן אומקערפּערלעכערווירקלעכקייט. ווייל פונקט אַזוי ווינציק ווי די אַנדערע דענקער פון זיין צייט, קען זיך נאָך אויך פּאַרמענידעס נישט פאָרשטעלן אַן אומקערפּערלעכע עקזיסטענץ; קערפּערלעכע און גייסטיקע עקזיסטענץ פאַלט נאָך ביי אים צענויף. די איבערזינלעכע, ריין=מעטאַפיזישע עקזיסטענץ איז נאָך דאַן נישט אַנטדעקט געוואָרן. דעריבער טראָגט נאָך אַפילו אַזאַ אַבסטראַקטער באַגריף ווי „דאָס עקזיסטירנדיקע" בולטע סימנים פון אַ קערפּערלעכער עקזיסטענץ. דאָ געפינט זיך, אמת, די שטרויכלונג פון זיין וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפונקט, אָבער אויף דערזעלבער שטרויכלונג שטויסט זיך אָן אויך זיין אַנטיפּאָד העראַקליט, ווען ער שטעלט זיך פאָר דעם לאָגאָס אַלס פייער. אויך אין פּאַרמענידעסעס אָנטאָלאָגיע איז דאָס איבערזינלעכע

נאָך נישט שאַרף אָפּגעטיילט פון זינלעכן (וועגן אַ פּרינציפּיע-
לער אָפּגעטיילטקייט איז דאָך שוין אָפּגערעדט). עס איז דע-
ריבער זייער ריכטיק באַמערקט געוואָרן, אַז מ׳דאַרף אים נישט
באַצייכענען נישט אַלס מאַטעריאַליסט און נישט אַלס אידעאַליסט
(ווינדעלבאַנד).

אָבער אַזוי ווי דאָס עקזיסטירנדיקע פון פּאַרמענידעסן
(אין אונזער זינען) איז קערפּערלעך, אַנטשפּרעכט דעם נישט-
עקזיסטירנדיקן פון זיין אַנטאָלאָגיע דאָס קערפּערלאָזע, וועלכעס
ער קען זיך נישט פאָרשטעלן, ד. ה. דער פּוסטער רוים. זי
עקזיסטענץ פון דאָזיקן לעצטן לייקנט טאַקע פּאַרמענידעס מיט
גרויס ליידנשאַפט. גאָמפּערץ האָט אויף דעם טרעפלעך באַמערקט,
אַז דידאָזיקע העפטיקע פּאָלעמיק פון די עלעאַטן ווייזט אויף
דעם, אַז פון אַ צווייטער זייט האָט מען שוין דאַמאָלסט געהאַט
אָנגענומען די עקזיסטענץ פון פּוסטן רוים. דאָס האָט בלויז
געקענט געשען אין די קרייזן פון יענע פאָרשער, וועלכע האָבן
זיך דער עיקר באַשעפטיקט מיט רוים-גרויסן און דער רוים-לע-
רע. קעגן דידאָזיקע איז, העכסט-וואַרשיינלעך, געווענדעט פּאַר-
מענידעסעס פּאָלעמיק.

אויב מ׳דאַרף אונטער דעם נישט-עקזיסטירנדיקן פאַרשטיין
דעם פּוסטן רוים, ווערט שוין איצט אויך פאַרשטענדלעך, פּאַר-
וואָס ער באַטראַכט דאָס עקזיסטירנדיקע אַלס לחלוטין אומבאַ-
וועגלעך, נאָכמער, אפילו אַלס אומפּאַרענדערלעך: אויב אַלץ
איז אויסגעפילט מיטן עקזיסטירנדיקן, אויב ס׳איז אין ערגעץ
קיין שפּאַרע נישטאָ, איז פון דאָזיקן שטאַנדפּונקט באַגרייפלעך,
וואָס דער באַגרינדער פון דער אָנטאָלאָגיע האָט געמוזט האַלטן
פּאַר אוממעגלעך יעדע באַוועגונג: היות אַלץ איז אויסגעפילט
פון עקזיסטירנדיקן, איז די אָרט-ענדערונג פון איינצלנע טיילן —
אין דער אמתן האָט גאָר דאָס עקזיסטירנדיקע קיין שום טיילן
נישט, עס איז אַ דורכאויס גלייכאַרטיקע סובסטאַנץ — לחלוטין
אומדענקבאַר. עס איז גאָר נישטאָ קיין אָרט אויף דעם.

אָבער אויב דאָס עקזיסטירנדיקע איז אפילו אידענטיש
מיט דעם רוים-אויספילנדיקן, קען פונדעסטוועגן נישט זיין דער

מינדסטער ספק, אַז פּאַרמענידעסעס אָנטאָלאָגיע האָט אַ שטאַרקע
טענדענץ צו מעטאַפיזיק, כאָטש דאָס איז אים גופא אומבאַ=
ווסט. אָבער באַטראַכטן דאָסדאָזיקע עקזיסטירנדיקע גלייכצײַ=
טיק אַלס גייסטיק וועזן, ווי דאָס האָבן געטאָן אייניקע ביירע
פאָרשער, איז נישט דערלויבט פון פּאַרמענידעסעס גאַנצן שטאַנד-
פּונקט און ביים פּולשטענדיקן שווייגן פון אונזערע קוועלן. און
פּונקט אַזוי שליסט זיין אָנטאָלאָגיע פּולשטענדיק אויס די עק=
זיסטענץ פון אַ גאָטהייט, ווי צעללער האָט דאָס שוין טרעפלעך
באַהאַנדלט. אגב, האָט דאָס שוין קלאָר דערקענט אַריסטאָטע=
לעס, ווען ער זאָגט: „פון אַן אורסיבה קען מער קיין רייד
נישט זיין, אויב עס עקזיסטירט נאָר דאָס איינע [דאָס עקז
זיסטירנדיקע] און דאָסדאָזיקע איינע האָט אַזעלכע אייגנשאַפט
[ווי די עלעאַטן פאַרזיכערן].

פון פּאַרמענידעסעס אָנטאָלאָגיע דרינגט אַרויס זיין שטע=
לונג צו דער וועלט פון די חושים. אויב עס איז קיין זאַך
נישטאָ אַ חוץ דעם עקזיסטירנדיקן, אויב אַלץ איז פון אים
אויסגעפילט, און דאָסדאָזיקע עקזיסטירנדיקע איז נישט גע=
וואָרן, עס איז אומפאַרגענגלעך, אומבאַוועגט, בכלל אומפאַר=
ענדערלעך, מוז די וועלט פון דער זינלעכער דערפאַרונג, וואָס
שטייט אין שאַרפסטן קעגנזאַץ צו דערדאָזיקער אָנטאָלאָגיע,
זיין נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ געגאַרערישע כימערע. די קאָנ=
סעקווענט=דורכגעפירטע אָנטאָלאָגיע פירט צו סקעפּטיציזם, שיר
נישט צום אָפּלייקענען די זינלעכע דערשיינונגסוועלט. „דעריבער
איז אַלץ אַ פּוסטער קלאַנג”, ווערט געזאָגט אין פראַג. 8, דעם
קערן=פראַגמענט פון זיין אָנטאָלאָגיע, „וואָס די שטערבלעכע
האָבן פיקסירט דורך דער שפּראַך אין דעם פּוסטן חלום, אַז
ס'איז אמת: סיי ווערן און פאַרגיין, סיי זיין און נישט-זיין, די
פאַרענדערונג פון אָרט און די אָפּוועקסלונג פון דער לויכטנ=
דיקער פאַרב”.

דאָס פירט צו דער פראַגע וועגן די קוועלן פון דער
דערקענטעניש בכלל. דאָס, וואָס איז געווען דייטלעך ביי הע=
ראַקליטן און איז געקומען צום אויסדרוק אויך ביי אַלקמ־ אָנ ,

ווייזט זיך אַרויס אויך ביי פּאַרמענידעסן, וואָס האָט אויך אין דאָזיקן פּונקט געלערנט פון זיין גרויסן אַנטיפּאָד: די פּרינ־ציפּיעלע אונטערשיידונג צווישן דער שכל־דערקענטעניש און דער עמפּינדונג פון די חושים. דאָס, וואָס דידאָזיקע לעצטע שפּיגלען אָפּ פאַר אונז, איז לחלוטין געגנאַרעריש; מאָסגעבנדיק איז בלויז די דערקענטעניש, וואָס ווערט געוווּנען דורכן שכל־דיקן דענקען. מיט דערדאָזיקער מאָס ווערן ביידע דערקענטע־נישן אָפּגעשאַצט: דער לאָגאָס פירט צום אמת, די איינדרוקן פון די חושים צום טעות. אַזוי אַרום געפינען מיר דאָ שוין דעם פּרינציפּיעלן אונטערשייד צווישן אמתן וויסן און דעם כלומרשטדיקן.

## II. די וועלט (לויט דער מענטשלעכער אילוזיע)

אין דער ערשטער הויפּטטייל פון זיין ווערק האָט פּאַר־מענידעס אַנטוויקלט דעם „אמת", ד. ה. זיין לערע וועגן עק־זיסטירנדיקן, אָבער די צווייטע העלפט האָט ער געווידמעט די „מיינונגען" אָדער בעסער: די „אילוזיע־פאָרשטעלונגען" פון די שטערבלעכע, פאַר וועמענס וועגן ער הערט נישט אויף צו וואָרענען, ווייל זיי האַלטן זיך פאַר דער אָנשווינג פון ווערן און פאַרגיין; זייערע פאָרשטעלונגען באַזירן אַזוי־אַרום אויף דער הנחה פון „נישט־עקזיסטירנדיקן", אַ הנחה, וואָס איר ניש־טיקייט האָט דער דענקער אויפגעוויזן אין ערשטן טייל פון זיין ווערק. אויף אַזאַ אופן גיט פּאַרמענידעס איבער אין דער צווייטער טייל פון זיין ווערק, וועלכעס הויבט זיך אָן מיט פראַגמענט 8, 50 און ווו., די מיינונגען פון אַנדערע, וועלכע ער האָט — ווייל זייערע גרונד־הנחות הענגען, לויט זיין מיינונג, אין דער לופטן, — מיט אַזאַ קראַפט אָפּגעוואָרפן. צווישן די ביי־ערע פאָרשער הערשט נאָך נישט קיין פולער הסכם איבער די מאָטיוון פון דערדאָזיקער שילדערונג פון די „מענטשלעכע מיי־נונגען", אָבער ווי עס זאָל נישט זיין, איז איר אינהאַלט זייער וויכטיק פאַר אונזערע ידיעות וועגן דער נאַטורפילאָזאָפישער

ספּעקולאַציע פון פּאַרמענידעסעס תּקופה, בפרט אַז קיין אַנדערע גביות-עדות האָבן מיר נישט; אָבער גענטער קענען מיר זיך אויף דעם נישט אָפּשטעלן.

פּאַרמענידעסעס אָנטאָלאָגיע האָט מען מיט אַ געוויסער באַרעכטיקונג אָנגערופן „אַ צעפּאַלונגס-פּראָדוקט", „נישט מער ווי דאָס, וואָס האָט זיך אָפּגעזעצט פון דער אורשטאָפּלערע נאָך איר זעלבסטצעפּאַלונג" (גאָמפּערץ). ווארום, ווי די מיינונגען פון די איינצלנע נאַטור-פילאָזאָפן וועגן דער אַרט פון אורשטאָף זאָלן זיך נישט סותר זיין און זיך קעגנזייטיק נישט באַזייטיקן: איין גרונדהנחה איז געווען געמיינזאַם פאַר זיי אַלע, און זי פלעגט אַרויסטרעטן מיט דער גאַנצער בולטקייט פון זייער אומצעשטערבאַרן קערן: די אומפאַרגענגלעכקייט פון אורשטאָף אַליין, און דערביי די הנחה פון זיין קוואַנטיטאַטיווער קאָנסטאַנץ (צו וועלכער ס'איז ביי פּאַרמענידעסן צוגעקומען אַלס נייעס אויך די קוואַליטאַטיווע). פון דער צווייטער זייט אָבער האָט פון זייערע סתּירותדיקע באַהויפּטונגען וועגן דער קוואַליטעט פונם אורשטאָף און זיינע וואַנדלונגען (אָדער די אָפּלייקענונג פון דידאָזיקע) געמוזט אויסקומען מיט אומפאַרמיידלעכער נויטווענדיקייט דער פּרינציפּיעלער צווייפל אין דער אמתדיקייט פון די חושים-עמפּינדונגען, אַ צווייפל, אין וועלכן פּאַרמענידעס קומט זיך צונויף, כאָטש צוליב גאַנץ קעגנזעצלעכע מאָטיוון, מיט זיין קעגנער העראַקליט.

אָבער פּאַרמענידעסעס אָנטאָלאָגיע באַדייט נישט נאָר דעם היסטאָרישן „סך-הכּל" פון דעם ערשטן פּעריאָד פון דער גריכישער נאַטור-פילאָזאָפיע. היות ווי דידאָזיקע לערע, דער אומפאַרמיידלעכער רעזולטאַט פון אַ מאַטעריאַליסטישן מאָניזם, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס לחלוטין ווערטלאָז אויף צו דערקלערן דעם וועלטפּראָצעס, — איז דערפון פאַר דעם פילאָזאָפישן דענקען אַרויסגעדרונגען די אומפאַרמיידלעכע נויטווענדיקייט (ווי בורנעט האָט דאָס טרעפלעך אויפגעוויזן) זיך אָפּצוזאָגן אָדער פון זיין מאַטעריאַליזם אָדער פון זיין מאָניזם. אָבער אַזוי ווי אַן אַנדער וועלטאָנשויונג, אַ חוץ דער מאַטעריאַליסטישער, ליגט

נאָך דאַמאָלט מחוץ דער דענק־מעגלעכקייט, בלייבט בלויז איין אויסוועג: זיך אָפּזאָגן פון מאָניזם און אָננעמען צוויי אָדער מערערע פּרינציפּן. דידאַזיקע קאָנסעקווענץ וועט דעריבער בילדן די געמיינזאַמע גרונד־הנחה פון אַלע דענקער פון פאָלגנדיקן פּעריאָד (קאַפּיטל V).

פּאַרמענידעסעס אָנטאָלאָגיע שטעלט אַזוי אַרום פאַר מיט זיין דעם אנטשיידנדיקן ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פון דער פאַראַטישער פילאָזאָפיע.

## 2. זענאָן

עס איז קלאָר, אַז דידאָזיקע אָנטאָלאָגיע מיט אירע משונהדיקע קאָנסעקווענצן האָט געמוזט אָנטרעפן אין די קרייזן פון די גריכישע דענקער אויף אַ העפטיקן ווידערשטאַנד, און אַפילו טיילווייז אַרויסרופן שפּאָט. אין פּאַרמענידעסעס תלמיד זענאָן, וועלכער האָט געלעבט מיט אים אין ענגסטער פּערזענלעכער געמיינשאַפט, האָט אָבער דידאָזיקע לערע באַקומען אַ פּאַרטיידיקער, וואָס האָט מיט אַן אומדערהערטער שאַרפזיניקייט — פּלאַטאָן רופט אים צוליב זיין (לאָגישער) דערפינדונגס־קראַפט „עלעאַטישער פּאַלאַמעדעס“ — זיגרייך באַוויזן די פּאַראַדאָקסאַלע טעזעס פון זיין לערער, אָדער, לכל הפחות, זיי פלומרשט באַוויזן כמעט אומאָנגרייפבאַר.

זענאָן איז וואַרשיינלעך געבאָרן געוואָרן אין ערשטן יאָרצענדליק פון 5 יאָרהונדערט, אַזוי אַז אַרום 450, ווען ער האָט צוזאַמען מיט פּאַרמענידעסן באַזוכט אטען, איז ער געווען אַ מענטש אין די פּערציקער יאָרן, און זיין שלאַנקע, באַחנטע געשטאַלט איז לאַנג געבליבן אין זכרון פון אַ סך אַטענער. דאַמאָלט האָט ער פאָרגעלעזן פון איינער פון זיינע שריפטן אין אַ קליינעם קרייז פון יענע אַטענער, וועלכע האָבן זיך אויסערגעוויינלעך שטאַרק אינטערעסירט מיט וויסנשאַפטלעכע פראַגעס. עס ווייזט אויס, אַז ער האָט זיך לאַנג אויפגעהאַלטן אין פּעריקלעסעס שטאָט, ווייל נישט נאָר דערדאָזיקער

אַליין האָט אים געהערט רעדן „וועגן דער נאַטור", נאָך אויך אַנדערע פאָרנעמע אטענער האָבן זיך באַטייליקט אין אַ פּאָר־טראַג-קורס, וועלכן ער האָט איינגעאָרדנט, און לויט דורכאויס באַגלויבטע ידיעות האָט אים יעדער פון זיי באַצאָלט אַ האָ־נאָראַר פון 100 מינען (אומגעפער 8,000 מאַרק לויט אונזער וואַלוטע אין יאָר 1913). זיין דיאַלעקטיק האָט דאַן געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אין די גייסטיק-אָנפירנדיקע קרייזן פון אַטען.

זענאָן אַליין האָט זיך אין אַ צייט אַרום אומגעקערט קיין עלעאַ, ווו ער איז אומגעקומען ביי אַן אַטענטאַט אויף דעם דאָרטיקן טיראַן נעאַרכאָס (?), וועלכער זאָל האָבן באַגאַנגען אַ פאַרברעכן קעגן זיין פאָטער אָדער מוטער.

דאָס כאַראַקטעריסטישע אין זענאָנס דיאַלעקטיק איז פאָלגנ־דיקס: ער באַטראַכט קריטיש אין אַלע איינצלהייטן די גרונט־אָנשויונגען פון די קעגנער, וועלכע באַקעמפן פּאַרמענידעסעס אנטאָלאָגיע. דער מעטאָד, וועלכן ער ווענדט דערביי אָן מיט אומפאַרגלייכלעכער מייסטערשאַפט לאָזט זיך קורץ כאַראַקטע־ריזירן אין פאָלגנדיקע ווערטער: דעם אומדירעקטן באַווייז-מע־טאָד, פון וועלכן מיר באַמערקן שוין געוויסע התחלות ביי פּאַרמענידעסן, אַנטוויקלט זענאָן מעטאָדיש צו דער העכסטער ווירטואָזישקייט. ער איז צוערשט מסכים מיט דער גרונדהנחה פון זיין קעגנער און אַנטוויקלט פון איר פאַר איין און דער־זעלבער זאַך צוויי אַבסאָלוט קעגנזעצלעכע קאָנסעקווענצן, אַזוי אַז דערדאָזיקער ווייס נישט וואָס צו טאָן — דער גריך פאַר־מאָגט פאַרן דאָזיקן פסיכישן צושטאַנד דאָס קורצע און טרעפ־לעכע וואָרט „אַפּאָריִ" — און ער מוז זיך אָפּזאָגן פון זיין גרונד־טעזע, וועלכע פירט צו צוויי קעגנזייטיק זיך אויסשליסנדיקע אויספירן. אָדער ווי פּלאַטאָן דריקט עס אויס: „זענאָן האָט דורך זיין קונסט דערגרייכט דאָס, אַז איין און דיזעלבע זאַך איז זיינע הערער פאָרגעקומען אַלס גלייך און אומגלייך, אַלס איינהייט און פילקייט, אַלס רועדיק און באַוועגט. אַריסטאָטע־

לעס האָט דעריבער ריעכט, ווען ער באַצייכנט אים אַלס „ער־פינדער פון דער דיאַלעקטיק".

די גרונדאָנשוינגען פון עקזיסטירנדיקן, ווי אַזוי פּאַר־מענידעס האָט זיי באַגרינדעט, טרעטן אַרויס ביי זענאָנען נאָך שאַרפער (אויב דאָס איז מעגלעך). אויך זענאָן קען זיך פאָר־שטעלן אונטער עקזיסטענץ בלויז אַ רוימלעך־אויסגעשפּרייטע עקזיסטענץ. „דאָס, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין גרויס, קיין דיק און קיין מאַסע, דאָס עקזיסטירט בכלל נישט". דעריבער מוז אַלץ, וואָס עקזיסטירט, זיך געפינען אין אַ באַשטימטן אָרט, ד. ה. אין רוים, אָדער די באַטרעפנדיקע זאַך איז גאָר נישט בנמצא.

פון די באַווייזן, וועלכע זענאָן האָט צוגעטראַכט אויף צו שטיצן די פּאַרמענידישע אָנטאָלאָגיע, זענען איינע געווענדט קעגן דער הנחה פון דער פילקייט פון די זאַכן, כדי דורכן דאָזיקן אומדירעקטן וועג צו באַווייזן די איינ־הייט פון אַלץ, וואָס עקזיסטירט, און די אַנדערע קעגן דער באַוועגונג, כדי צו באַווייזן די אומבאַוועגלעכקייט פון דעם עקזיסטירנדיקן.

פון זיינע באַווייזן קעגן דער פילקייט, קענען דאָ גע־בראַכט ווערן בלויז איינציקע, וואָס באַזירן אויף דער הנחה פון פּאַרמענידעסעס גרונדאָנשויונג, אַז עס קען זיין בלויז איין עקזיסטירנדיקס, וואָס האָט אַ רוימלעכע אויסשפּרייטונג. „אויב עס איז דאָ אַזאַ עקזיסטירנדיקס, מוז עס זיין — ווען מ'נעמט אָן, אַז עס עקזיסטירט אַ פילקייט — גלייכצייטיק גרויס און קליין, גרויס ביז צו אומענדלעכקייט, קליין ביז צו נישטיקייט. ווייל אויב עס איז דאָ אַ פילקייט, מוז זי דאָך באַשטיין פון אַ געוויסער צאָל טיילן. דידאָזיקע טיילן זענען פון זייער זייט נישט אָדער נישט טיילבאַרע איינהייטן אָדער זיי באַ־שטייען אויך פון טיילן, וואָס באַשטייען פון ווייטער נישט טייל־באַרע איינהייטן, וואָס זענען אומענדלעך אין דער צאָל און אומענדלעך קליין. אויף אַזאַ אופן באַשטייען אַלע פילקייטן פון אומענדלעך פילע, אומענדלעך קליינע, ווייטער נישט טייל־

בּאַרע איינהייטן. (אונטער דידאָזיקע אומטײלבּאַרע איינהייטן פאַרשטייט, וואַרשיינלעך, זענאָן די פּונקטן, וועלכע די קעגנער האָבּן אָנגענומען אַלס אורבּאַשטאַנדטיילן פון די זאַכן]... אָבּער דאָס, וואָס האָט נישט קיין גרויס, קיין גרעבּ און קיין מאַסע, עקזיסטירט בּכלל נישט. ווייל, ווען מען וועט עס צוגעבּן אַן אַנדער עקזיסטירנדיקן, וועט עס נישט גרעסער ווערן דערפון... (פּונקט ווי ס'וועט נישט קלענער ווערן, ווען מ'וועט עס צונעמען פון אים). יעדע פון דידאָזיקע אומטײלבּאַרע איינהייטן איז אַזוי אַרום אַ גאָרנישט. אָבּער ווען מען לייגט צונויף אַ סך נישטן, קומט אַרויס נישט מער ווי אַ נישט, אויף אַזאַ אופן זעט מען, אַז דאָס פילע איז קליין בּיז נישטיקייט. — עס איז אָבּער אויך אומענדלעך גרויס. ווייל יעדע איינציקע פון די אומענדלעך פילע טיילן פון דער פילקייט מוז דאָך האָבּן, כּדי בּכלל צו עקזיסטירן, אַ געוויסע גרויס, גרעבּ און אַ דיסטאַנץ פון אַנדערע. די פילקייט האָט אָבּער אומענדלעך פיל אַזעלכע טיילן; ווייל פאַר דעם בּאַטרעפנדיקן טייל ליגט נאָך תּמיד אַן אַנדער טייל. אָבּער אומענדלעך פיל טיילן, פון וועלכע יעדע איינע האָט אַ געוויסע גרויס, מאַכן אויס אַן אומענדלעכע גרויס. אויף אַזאַ אופן זעען מיר, אַז די פילקייט איז אויך אומענדלעך גרויס. אָבּער היות איין און דיזעלבּע זאַך קען נישט גלייכצייטיק זיין אומענדלעך קליין און אומענדלעך גרויס, עקזיסטירט זי בּכלל נישט.״

אויף דער אַרגומענט וועגן דעם פאַלנדיקן הירזשקערנדל איז, ווייזט אויס, געווענדעט געווען קעגן דער פילקייט: „ווען עס פאַלט אַראָפּ אַ גאַנץ פערטל הירזש, גיט עס אַ שטאַרקן קלאַפּ. אויבּ אַזוי וואָלט אויך געמוזט געבּן אַ קלאַפּ (אויבּ מ'נעמט אָן, אַז דאָסדאָזיקע פערטל בּאַשטייט פון אַ סך איינהייטן], ווען עס זאָל אַראָפּפאַלן איין־איינציק הירזש־קערנדל, יאָ, אפילו אַ צענטויזנטס־חלק פון אַ קערנדל. (מיר הערן אָבּער גאָרנישט פון דאָזיקן קלאַפּ. אַזוי אַרום זעען מיר, אַז דאָס פערטל בּאַשטייט אויך נישט פון קיין פילקייט.)״

נאָך דערשטוינלעכער, צוליבּ די אַפּאָריען, אין וועלכע

זיין שאַרפזין האָט פאַרפלאָנטערט זיינע צייטמענטשן, זענען זענאָנס פיר אַרגומענטן קעגן דער באַוועגונג, וועלכע אַריסטאָטעלעס האָט אונז איבערגעליפערט.

## א.

עס איז אוממעגלעך דורכצומאַכן אַ באַשטימטע שטרעקע אין אַ באַשטימטער צייט. ווייל תמיד מוז מען פריער קומען ביז צו דער העלפט (צו דער מיט) פון דער שטרעקע, איידער מ׳דערגרייכט איר סוף. איידער מ׳דערגרייכט אָבער די מיט פון דער שטרעקע, מוז מען צוערשט קומען ביז צו דער מיט פון דער ערשטער העלפט; איידער מ׳דערגרייכט דידאָזיקע, מוז מען קומען ביז צו דער מיט פון ערשטן פערטל און אַזוי ווייטער ביז אין אוממענדלעכקייט אַריין. יעדע שטרעקע צעפאַלט זיך אַזוי אַרום אויף אוממענדלעך פיל, אוממענדלעך קליינע טיילשטרעקעס. אָבער אוממענדלעך פיל שטרעקעס קען מען נישט דורכמאַכן אין אַ באַשטימטער צייט. — די אָפּפרעגונג פון דאָזיקן פאַלשן שלוס געפינט מען שוין ביי אַריסטאָטעלעסן ג׳פּא : זענאָן פאַרשטייט דאָ אין דער אמתן דאָס וואָרט „אוממענדלעך” אין פאַרשיידענע זינען : איינמאָל לויט דער טיילונג ; ער שטעלט זיך פאָר, אַז די שטרעקע איז טיילבאַר ביז אין דער אוממענדלעכקייט ; אָבער פון דער אַנדערער זייט — און דאָס איז נישט דערלאָזבאַר — לויט דער אויסשפרייטונג (די לענג). ווייטער : אויב ער שטעלט זיך פאָר, אַז די באַשטימטע שטרעקע ווערט געטיילט ביז אין דער אוממענדלעכקייט אַריין, האָט ער אויך די באַשטימטע צייט, אין וועלכער מ׳מאַכט זי דורך, געמוזט טיילן אין אוממענדלעכקייט אַריין (אין אוממענדלעך פיל, אוממענדלעך קליינע צייטאיינהייטן). דאַן וואָלט די זאַך געווען מעגלעך אויסצופירן, ווי זי איז דאָס טאַקע אין דער ווירקלעכקייט : די (אין געדאַנק) ביז אין דער אוממענדלעכקייט אַריין טיילבאַרע (אין דער אמתן אָבער באַגרעניצטע) שטרעקע קען דורכגעמאַכט ווערן אין אַ ביז אין דער אוממענדלעכקייט טיילבאַרער (אין דער אמתן אָבער באַגרעניצטער) צייט.

## ב. דער אַזויגערופענער „אַכיללעאוס".

דאָס לאַנגזאַמסטע (דער שילדקרעט) קען קיינמאָל נישט דעריאָגט ווערן דורך דעם שנעלסטן (אַכילל). ווייל פריער מוז דער נאָכיאָגער אָנקומען צום פּונקט, פון וועלכן דאָס אַנטלויפנדיקע וועזן האָט זיך געלאָזט אין וועג. (און ביז ער קומט צום דאָזיקן פּונקט, האָט דאָסדאָזיקע שוין ווידער דורכגעמאַכט אַ געוויסן שטח פאָרויס, און אַזוי ביז אין דער אומענדלעכקייט אַריין). היות דאָס לאַנגזאַמערע (דער שילדקרעט) געפינט זיך תמיד אויף אַ געוויסן שטח פאָרויס, קען זי אַכילל קיינמאָל נישט אָניאָגן. — ביים דאָזיקן סאָפיזם לאָזט זענאָן אַרויס פון אויג, אַז דער מרחק צווישן נאָכיאָגער און געיאָגטן ווערט תמיד קלענער צוליב זייער פאַרשיידענער שנעלקייט, אַזוי אַז ער ווערט ענדלעך דערפירט צום נול. ווייל אַכילל מאַכט דורך אין דערזעלבער צייט נישט נאָר דעם מרחק צווישן זיין שטיי-אָרט און דעם לעצטן אויסגאַנגס-פּונקט פון דעם שילדקרעט, נאָר אויך די שטרעקע פון איר לעצטן אויסגאַנגס-פּונקט ביז צו איר איצטיקן אָרט, ווייל ער איז אויף אַזוי פיל שנעלער פאַר דעם שילדקרעט. אויב אַכילל לויפט, צום ביישפּיל, צען מאָל אַזוי שנעל ווי דער שילדקרעט, און איז פון איר דערווייטערט אויף איין קילאָמעטער, בעת זיי לויפן ביידע גלייך אַרויס, איז אין דער צייט, וואָס דער שילדקרעט וועט דורכמאַכן $1/9$ קילאָמעטער וועט אַכילל דורכמאַכן $10/9 = 1\,1/9$ קילאָמעטער, ד. ה. ער וועט זי אָניאָגן פּונקט אין דעם מאָמענט, ווען זי האָט דורכגעמאַכט $1/9$ קילאָמעטער.

## ג. די פליענדיקע פייל רוט.

די (כלומרשט) פליענדיקע פייל געפינט זיך אין אַ באַשטימטן מאָמענט „אין גלייכן רוים" מיט זיך אַליין. אָבער קיין זאַך באַוועגט זיך נישט, ווען עס געפינט זיך „אין גלייכן רוים" מיט זיך אַליין. דאָס (כלומרשט) באַוועגטע (די פליענדיקע פייל) געפינט זיך אָבער אין אַ באַשטימטן מאָמענט „אין גלייכן רוים".

דאָס הייסט, אַז זי רוט אין אַ באַשטימטן מאָמענט; דאָסזעלבע איז אָבער אויך אין יעדער אַנדער (וועלכן נישט איז) מאָמענט. ווען מען לייגט אָבער צונויף אין געדאַנק דידאָזיקע אַלע מאָמענטן, אַזוי אַז זיי מאַכן אויס אַ געוויסע צייט, איז אויך דאָסזעלבע: אַזוי ווי אין איין באַשטימטן מאָמענט געפינט זיך די פייל אויך אין אַלע אַנדערע פאָלגנדיקע מאָמענטן „אין גלייכן רוים", ד. ה. זי רוט.

דאָ האָט זענאָן געמאַכט אַן אויסטערלישן פאַלשן אויספיר דורכדעם, ווייל אין גריכישן האָבן די ווערטער „אין גלייכן רוים" (זיין) אַ דאָפּלטן זינען: זיי קענען באַדייטן „פאַרנעמען דעם גלייכן רוים ווי פריער", אָבער אויך „זיין אויף דעם גלייכן אָרט אין רוים ווי פריער". עס ווייזט אויס, אַז זענאָן האָט צונויפגעמישטביידע באַדייטונגען: פון דעם, וואָס די פליענדיקע פייל פאַרנעמט תמיד דעם גלייכן רוים (מיט זיך אַליין), האָט ער געמאַכט דעם פאַלשן אויספיר, אַז זי געפינט זיך תמיד אויפן גלייכן אָרט, ד. ה., אַז זי רוט. דערמיט פאַרבינדט אָבער זענאָן נאָך אַן אַנדער געדאַנק: אַז די פייל באַוועגט זיך בכלל נישט אין אַ באַשטימטן מאָמענט, און היות זי באַוועגט זיך נישט אין יעדן איינצלנעם מאָמענט, מאַכט ער דעם אויספיר, אַז זי באַוועגט זיך בכלל נישט — וואָס דאָס וואָלט געווען ריכטיק נאָר דאַן, ווען די צייט וואָלט באַשטאַנען פון בלויז נישט-פאַרבונדענע (דיסקרעטע) איינצלנע מאָמענטן. און אפילו דאַן וואָלט עס נישט געווען ריכטיק; ווייל די פליענדיקע פייל רוט אפילו קיין איין מאָמענט נישט, זי געפינט זיך אין אַ נישט-איבערגעריסענער באַוועגונג; ווייל אַ מאָמענט איז אַן אומענדלעך קליין צייט-טיילכל; אין דאָזיקן אומענדלעך קליינעם צייט-טיילכל מאַכט די פייל דורך טאַקע נישט מער ווי אַן אומענדלעך קליינע שטרעקע, אָבער דאָך תמיד אַ געוויסע שטרעקע. אַזוי-אַרום רוט זי קיינמאָל נישט, אַפילו נישט אַ מאָמענט.

## ד. וועגן קערפּערס, וואָס באַוועגן זיך אין סטאַדיאָן איינע אַקעגן די אַנדערע מיט דער גלייכער געשווינדקייט




א = רוענדיקע קערפּערס,
ב = קערפּערס, וועלכע באַוועגן זיך פון ה צו ד,
ג = קערפּערס, וועלכע באַוועגן זיך פון ד צו ה,
ה = אָנהויב, ד = סוף פון סטאַדיאָן.

דאָ פירט זענאָן אַרויס פון דער הנחה פון דער באַוועגונג אַן אַנדער פּאַראַדאָקס: די האַלבע צייט איז גלייך צו דער טאָפּלטער. ער שטעלט זיך פאָר אין אַ סטאַדיאָן דריי פּאַראַלעל-ליגנדיקע רייען פון אַ גלייכער צאָל גלייך-גרויסע קערפּערס (צום בײַשפּיל, קויקן). די אויבערשטע ריי זענען די קויקן אַ, וועלכע ליגן אומבאַוועגלעך אויף זייער אָרט. אין דער מיטלער ריי געפינען זיך די קויקן ב, אין דער אונטערשטער די קויקן ג. די קויקן ב. און ג. באַוועגן זיך מיט אַ גלייכער שנעלקייט, אָבער אין קעגנזײַטיקע ריכטונגען, די ריי ב. פון רעכטס צו לינקס, די ריי ג. פון לינקס צו רעכטס. ביידע רייען — סיי ב סיי ג — באַוועגן זיך פאַרבײַ דער קויק-ריי אַ. מיט אַ גלייכער שנעלקייט, ד. ה. זיי מאַכן דורך די גלייכע שטרעקע אין דער גלייכער צייט, (לאָמיר זאָגן: אין דער צייט X). אַזוי־אַרום — מאַכט זענאָן אַן אויספיר — באַוועגן זיי זיך אויך איינע פאַרבײַ דער צווייטער אין דערזעלבער צייט (דער צייט X), ווײַל סיי ב סיי ג טראָגן זיך דאָך דורך פאַרבײַ דער ריי אַ. מיט דערזעלבער שנעלקייט (פאַלשער אויספיר!). אָבער די קערפּערס ב און ג, וועלכע לויפן איינע אַקעגן די אַנדערע, מאַכן דורך אין דער צייט X נישט נאָר דעם שטח פון דער

דיי אַ, פֿאַרבײַלויפֿנדיק אײנע פֿאַרבײַ דער צווייטער, נאָר אַ דאָפּלטע שטרעקע, ד. ה. 2אַ. אַזויאַרום קומט אויס, אַז לויפֿנדיק אײנע אַקעגן די אַנדערע מאַכן זיי דורך די שטרעקע 1אַ אין דער האַלבער צייט, ד. ה. אין דער צייט $\frac{X}{2}$ (ד. ה. זיי לויפֿן פֿאַרבײַ אײנע פֿאַרבײַ די אַנדערע אין דער צייט $\frac{X}{2}$). אַזויאַרום קומט אויס, אַז אײנמאָל דאַרפֿן זיי האָבן די צייט X, כּדי דורכצומאַכן די שטרעקע אַ, אָבער דאָס צווייטע מאָל — נישט געקוקט אויף דער גלײַכער שנעלקייט ווי פֿריער — די צייט $\frac{X}{2}$! די האַלבע צייט איז אַזויאַרום גלײַך צו דער טאָפּלטער. היות דאָס איז אוממעגלעך, מוז די הנחה, וואָס פֿירט צו אַזעלכע אוממעגלעכקייטן — די הנחה וועגן דער באַוועגונג — זײַן פֿאַלש, ד. ה. עס איז נישטאָ קיין באַוועגונג.

זענאָן מאַכט דאָ בנוגע דערזעלבער זאַך — די גלײַכע שנעלקייט פֿון צוויי רייען קערפּערס — צוויי פֿאַרשיידענע אויספֿירן, דאָס ערשטע מאָל אַ פֿאַלשן, דאָס צווייטע מאָל אַ ריכטיקן און פֿאַרגלײַכט דאַן צווישן זיך די דאָזיקע ביידע רעזולטאַטן. כאָטש די ביידע רעזולטאַטן זענען זיך סותר און ווען מען נעמט אָן, אַז זיי זענען ביידע ריכטיק, פֿירן זיי צו אַן אוממעגלעכקייט (די האַלבע צייט = דער טאָפּלטער) פֿאָרשט ער נישט נאָך, צי ער האָט נישט אַמאָל אין זײַן אַרגומענטאַציע געמאַכט אַ פֿעלער, ד. ה. אַ פֿאַלשן אויספֿיר, נאָר ווייטער אָננעמענדיק די ריכטיקייט פֿון די ביידע אויספֿירן, מאַכט ער דערפֿון דעם אויספֿיר, אַז דער (כּלומרשטער) פֿיזיקאַלישער פֿאַקט, וואָס ליגט צוגרונד פֿון די ביידע אויספֿירן — די באַוועגונג — עקזיסטירט בכלל נישט. דאָס לאָזט זיך דערקלערן בלויז דערמיט, וואָס ער איז פֿון פֿריער (צוליב דער פּאַרמענידישער אָנטאָלאָגיע) געווען איבערצייגט, אַז עס קען נישט עקזיסטירן קיין שום באַוועגונג. ווען נישט דאָס, וואָלט ער, מסתּמא, אַנטדעקט דעם טעות פֿון דער צווייטער אַרגומענטאַציע. ווײַל ס'איז אוממעגלעך אָנצונעמען, אַז זענאָן אַליין זאָל נישט האָבן געהאַלטן זײַנע „באַווייזן" פֿאַר צווינגנדיק, נאָר ער זאָל זיי האָבן אָנגעווענדעט בלויז כּדי אָפּצופֿרעגן די קעגנער.

צו אונז איז דערגאַנגען זענאָנס נאָך אַן אַרגומענטאַציע, וועלכע איז וואַרשיינלעך אומדירעקט געריכטעט קעגן דער הנחה פון דער באַוועגונג. זענאָן ספּקט אין דער עקזיסטענץ פון די געגנשטאַנדן אין רוים, ד. ה. פון רוים אַליין: אויב רוים איז עפּעס, ווו קען ער זיך געפינען? אויב דער רוים געהערט צום עקזיסטירנדיקן, טאָ ווו קען ער זיין? אויב אָבער אַלץ וואָס עקזיסטירט, געפינט זיך אין רוים, מוז זיך דער רוים געפינען אין אַן אַנדער רוים און אַזוי ווייטער ביז אָן אַ סוף. דאָס לאָזט זיך אָבער נישט דענקען. הייסט עס, אַז עס איז בכלל נישטאָ קיין רוים. — דידאָזיקע אַרגומענטאַציע, וועלכע קען באַווייזן, אַז ערשט אין יענער צייט איז אויפגעשווומען דאָס וויסן פון דער רוים־פּראָבלעם אַלס פּראָבלעם, איז וואַרשיינלעך געווענדט קעגן דער פּיטאַגאָרעאישער לערע וועגן ליידיקן רוים.

זענאָנס דיאַלעקטיק, קודם־כל איר גרונט־פּרינציפּ, זיינע „דיכאָטאָמיע”, ד. ה. די אין געדאַנק דורכגעפירטע צווייטיילונג פון די זאַכן ביז אין דער אומענדלעכקייט, זאָגט עדות אויף אַן אויסגעשפּראָכן מאַטעמאַטישער אויסבילדונג, וועלכע ער האָט געקענט באַקומען בלויז אין די קרייזן פון די אונטעראיטאַלישע פּיטאַגאָרעער. ס׳איז מעגלעך, אַז מ׳דאַרף נאָך מאַכן אַ טריט ווייטער, ווייל די נייערע פאָרשונג (טאַננערי) האָט אַרויסגע־שטעלט (אין קעגנזאַץ צו צעללערן) מיט גרויס וואַרשיינלעכ־קייט די טעזע, אַז זענאָנס פּאָלעמיק איז אין דער ערשטער ליניע געווענדט קעגן די פּיטאַגאָרעער, וועלכע האָבן זיך פאָרגעשטעלט, אַז די פילקייט איז צוזאַמענגעשטעלט פון אומענדלעך פיל, אומענדלעך קליינע, נישטטיילבאַרע, דיסקרעטע איינהייטן (פּונקטן) און גראַד פון דערדאָזיקער גרונד־הנחה פון די קעג־נער אַנטוויקלט זענאָן די קעגנזייטיק־זיך־אויסשליסנדיקע קאָנ־סעקווענצן.

זענאָנס דיאַלעקטיק האָט אויף זיינע צייטמענטשן, אויף וויפל זיי האָבן זיך אינטערעסירט מיט וויסנשאַפט, געמאַכט אַן אומפאַרווישלעכן איינדרוק. זיינע איבעראַשנדיקע אַרגומענטן

קעגן דער פּילקייט און קעגן דער באַוועגונג פון די זאַכן האָט מען נישט געקענט אָפּפרעגן און איבערצייגט איז מען אָבער אויך נישט געווען! שוין דער איינדרוק פון די חושים אַליין האָט דאָס נישט אויפגעהערט אָפּצולייקענען. אָבער גראָד דידאָזיקע אומהיימלעכע לאַגע, וועלכע זענאָנס „באַווייזן" האָבן אַרויסגערופן, זענען געוואָרן אַ מעכטיקער הויבשטאַנג פאַר דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פון דענקען. אמת טאַקע, זיינע אַלע שאַרפזיניקע באַווייזן באַזירן אויף סאָפיזמען, אָבער אַ דאַנק די אַפּאָריען, צו וועלכע זיי האָבן געטריבן די קעגנער, האָבן זיי געגעבן מעכטיקע אָנרעגונגען דעם דענקען און האָבן קודם-כל געהאַט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער לאָגיק. דאָס איז צו זען נישט נאָר פון זיין שטאַרקער השפּעה אויף דער עריסטישער סאָפיסטיק און אויך אויף דער אַטאָמיסטיק, נאָר אויך אויף די מעטאַפיזישע פאָרשונגען פון פּלאַטאָן און אַריסטאָטעלעס, וועלכע האָבן דורך זענאָנס דיאַלעקטיק באַקומען אַ געוואַלטיקן שטויס צו דער אַנטוויקלונג פון דער לאָגיק און האָבן גראָד דורכדעם באַקומען די מעגלעכקייט צו לייזן יענע אַפּאָריען, ד. ה. צו דערקענען זענאָנס סאָפיזמען (פּאַראַלאָגיזמען) אַלס אַזעלכע. אויך די געשיכטע פון דער נייערער פּילאָזאָפיע ווייזט אויף, ווי די מאַטעמאַטישע אינפיניטעסימאַל-רעכנונג, אַז זענאָן האָט דאָ צום ערשטן מאָל אָנגעוואָרפן פּראָבלעמען (ווי, למשל, די מענטשלעכע פאָרשטעלונגען פון רוים, צייט און באַוועגונג), וועלכע באַשעפטיקן נאָך היינט ערנסט דעם לאָגיקער און דעם טעאָרעטישן מאַטעמאַטיקער.

## 3. מעליסאָס

נאָך פּאַרמענידעסעס אָנטאָלאָגיע און איר שאַרפזיניקער פאַרטיידיקונג דורך זענאָנס דיאַלעקטיק, איז אוממעגלעך געווען צו מאַכן אַ וועזנטלעכן טריט ווייטער אויף דעם איינמאָל-באַטראָטענעם געדאַנקנוועג, כל זמן מ'האָט זיך פעסט געהאַלטן

ביים לערערס הנחות. אַז מ׳האָט זיך דאָ באמת געפונען אויף אַ בלינדער ליניע באַווייזט אונז די לערע פון מעליסאָס פון סאַמאָס: זיין לעבנסצייט ווערט גענויער באַשטימט דורכדעם, וואָס ער האָט אין יאָר 441 קאָמאַנדירט אַלס גענעראַל מיט דעם סאַמישן פלאָט קעגן פעריקלעסן. די לפי־ערכדיק גרויסע ברוכשטיקער פון זיין שריפט, וועלכע סימפּליקיאָס האָט אויפגעהיט, האָבן קיין שום שייכות נישט צו זיין (רעלאַטיוו קלײנער) באַדייטונג אַלס דענקער. זיינע „באַווייזן״ קעגן דער הנחה פון דער פילקייט און קעגן דער באַוועגונג און במילא קעגן יעדער פאַרענדערונג פון די געגנשטאַנדן, וועלכע זענען נישט דער ערך וויינציקער אָריגינעל און שאַרפזיניק ווי די באַווייזן פון זיין לערער זענאָן, וואַרפן אָבער אַ אינטערעסאַנט ליכט אויף דעם אַלגעמיינעם שטאַנד פון וויסנשאַפטלעכן דענקען, בפרט פון דער לאָגיק, אַרום דער צייט פון 440.

אין מעליסאָס׳ דענקען וואַרפט זיך קודם כל אין די אויגן -- שוין נישט רעדנדיק וועגן זיינע גראָבע סאָפיזמען און וועגן מאַנגל פון אמת אריגינעלע געדאַנקען — דאָס פעלן פון יעטוועדער פיזיקאַלישער בילדונג. די נאַטורדערשיינונגען, וועלכע ער באַטראַכט אַלס בלענדעניש, ווערן לחלוטין איגנאָרירט, ווי, למשל, ביי זיינע באַווייזן קעגן דער הנחה פון ווערן און פאַרגיין, קעגן דער מעגלעכקייט פון דער מישונג (פון די שטאָפן) און פון דער באַוועגונג. ס׳איז קלאָר, אַז אויפן דאָזיקן וועג האָט די גריכישע וויסנשאפט נישט געקענט האָפן אויף אַ ווייטערן פּראָגרעס. עס האָט שוין אָבער עקזיסטירט דער מאַן, וואָס אַרויסגייענדיק, אַלס דאָקטאָר, פון דער פאָרשונג פון דער אָרגאַנישער נאַטור און גלייכצייטיק אָננעמענדיק געוויסע עיקרדיקע רעזולטאַטן פון דער פּאַרמענידישער אָנטאָלאָגיע, האָט ער אַרויפגעפירט די אַנטוויקלונג פון גריכישן דענקען אויף נייע, פיל־צוזאָגנדיקע וועגן.

# דאָס פינפטע קאַפּיטל

## די דריי גרויסע פאַרמיטלונגס־פּרווון

### 1. עמפּעדאָקלעס.

עמפּעדאָקלעס איז איינע פון די מערקווירדיקסטע געשטאַלטן פון 5-טן יאָרהונדערט; זיין וועזן איז פול מיט כלומרשט אומאויסגלייכלעכע סתירות און איז דאָך אַ גאַנצעס: פון איין זייט דער עקזאַקטער פיזיקער, וועלכער רופט נאָך היינט אַרויס אונזער באַוווּנדערונג דורך זיינע באַדייטנדיקע אַנטדעקונגען און טעאָריעס, פון דער צווייטער זייט — דער ענטוזיאַסטישער מיסטיקער, וועלכער ווּפט אַלס צאָרנדיקער נביא די מענטשהייט צו פאַרלאָזן איר שענדלעכן וועג; אַלס בירגער פּשוט און באַשיידן אין זיין דערשיינען, אַלס נביא — אין פייערלעך־פּאָמפּעזע פּראָצעסיעס, פול מיטן באַוווּסטזיין פון זיין איבערדישער מאַכט און חשיבות; ווי פאַוסט אַ פאָרשער פול מיט הייסן דראַנג זיך דורכצושלאָגן ביז צו די לעצטע געהיימנישן אין הימל און אין דער נאַטור און גלייכצייטיק דערמיט אַן אויסגעשפּראָכענער סופּראַנאַטוראַליסט, וועלכער שטייט אין די נאָנטסטע באַציונגען מיט די כוחות פון יענער וועלט, וועלכער „באַשעפטיקט זיך מיט דער מאַגיע" און פילט זיך אַלס האַר פון די עלעמענטן און פון די רוחות, וועלכער באַזיצט איבערנאַטירלעכע כוחות, איז געוואָרן אַליין אַ גאָט און פאָדערט פון

זײַנע תּלמידים „גלױבן״; און גראָד דערדאָזיקער זעלבער מענטש האָט דעם קלאָרן באַװוסטזײַן װעגן דער באַגרענעצטקײט פֿון יעדער מענטשלעכער דערקענטעניש. װי פֿאַוסט איז אױך עמ־פּעדאָקלעס אַ פּאָלקספּרײַנט פֿון גרױסן סטיל, װעלכן זײַנע פֿאַנ־טאַזיע־רײַכע לאַנדסלײַט פֿאַרערן מיט כּמעט פֿאַרגעטערנדיקער שרעק פֿאַר זײַן װוּנדערהײלונג און פֿאַר זײַן אַלעמען מזל־ברכה־דיקער טעטיקײט. דעריבער האָט אים ערנסט רענאַן אָנגערופֿן: „אַ מישונג פֿון ניוטאָן און קאַגליאָסטראָ״. — עמפּעדאָקלעסעס אימפּאָנירנדיקע דערשײַנונג און זײַן מעכטיקע השפּעה קען מען מער־װײניקער באַגרײַפֿן ערשט דאַן, װען מען שטעלט זיך קלאָר פֿאָר דעם אײגנאַרטיקן פֿאָלקס־כּאַראַקטער פֿון די דרום־סיציליִ־שע גריכן און װען מען נעמט אין באַטראַכט, סאַראַ געװאַל־טיקן אױפֿבלי די גריכישע קולטור האָט דורכגעלעבט גראָד אױף דעמדאָזיקן קאָלאָניאַלן באָדן (סיציליע, אונטעראיטאַליע) שױן גאַנץ פֿרי אױף אַלע געביטן, אין בירגערלעכן לעבן װי אין װירטשאַפֿטלעכער הינזיכט, אין דיכטונג און סקולפּטור־קונסט (סעלינונט), אין מיסטישער רעליגיעזיטעט און אין רײנער װיסנ־שאַפֿט, באַזונדערס אין דער עקזאַקטער (מאַטעמאַטיק, אַסטראָ־נאָמיע און מעדיצין).

עמפּעדאָקלעס פֿון אַקראַגאַס, די הײַנטיקע גירקענטי, דער זון פֿון מעטאָן, איז געבױרן געװאָרן אַרום יאָר 495 (געװיס נישט קײן סך שפּעטער) און לױט דעם עדות זאָגן פֿון אַריס־טאָטעלעס און הערשאַקליטעס — געלעבט 60 יאָר, אַזױ אַז זײַן טעטיקײט פֿאַלט דער עיקר אױס אין צװײטן דריטל פֿון 5־טן יאָרהונדערט. לױט די ידיעות פֿון זײַן ייִנגערן בן־דור גלאַו־קאָס פֿון רעגיאָן איז זיכער, אַז ער איז געקומען אין דעם דאַן נאָר־װאָס געגרינדעטן טהוריאָאי (43—444), לױט װאָס אַפּאָל־לאָנדאָר האָט אָנגעגעבן זײַן געבורט אין 83—484 (זײער װאָר־שײַנלעך צו שפּעט!). עמפּעדאָקלעס שטאַמט, װי הערשאַקליט פֿון עפֿעזאָס, פֿון אַ חשובער, רײַכער משפּחה; זײַן גלײַכנאָמיקער זײדע האָט געזיגט אין דער 71־טער אָלימפּיאַדע (496—493) אין אָלימפּיאַ מיטן פֿירגעשפּאַן און איז װאַרשײַנלעך געשטאַנען

נאָנט צו די פּיטאַגאָרעער (אָדער צו די אָרפּיקער) ; ס׳איז מעג-
לעך, אַז אויף אַזאַ אופן האָט ער געהאַט אויפן אייניקל אַ
שטאַרקע מיסטישע השפּעה ; דערדאָזיקער לעצטער וואַקסט אויף
אינמיטן שטראָם פון דרום-סיציליענס פיל-באַוועגטן שטאָטישן
לעבן און ווערט אינגיכן אַרייַנגעצויגן אין די פּאָליטישע פּאַר-
טיי-קאַמפן פון זיין פאָטערשטאָט. דעם קעניג-טיטל, וועלכן מ׳לייגט
אים פאָר, וואַרפט ער אָפּ ; זיין האַרץ געהערט דעם „פאָלק״.
נאָכן טויט פון זיין פאָטער, וועלכער האָט אַרום 470 געשפּילט
אַן אַנטשיידנדיקע ראָל ביי דער פאַרטרייבונג פון טיראַן טי-
ראַזידאַיאָס און ביי דער איינפירונג פון דעמאָקראַטיע,
האָט ער אַליין אויך נישט איינמאָל מיט דערפאָלג אָנטיילגענו-
מען אין די פּאָליטישע קאַמפן פון זיין פאָטערשטאָט, סיי קעגן
די פּרוּוון צו באַנייען די טיראַניע, סיי קעגן די אָליגאַרכישע
אינטריגעס, אָבער שפּעטער, ערשט אין לעצטן אָפּשניט פון זיין לעבן,
האָט ער צוליב באַנייטע פאַרטיי-קאַמפן געמוזט פאַרלאָזן אַק-
ראַגאַס און זיך אַוועקלאָזן קיין פּעלאָפּאָנעז, ווו ער האָט אויך
באַזוכט די אָלימפּישע שפּילן און איז זייער געשעצט געווען.
פון פּעלאָפּאָנעז איז ער שוין נישט צוריקגעקומען. זיין סוף,
וועגן וועלכן ס׳איז קיין שום גענויערס נישט באַקאַנט, איז
שוין גלייך נאָכדעם אַרומגעוועבט געוואָרן דורך דער לעגענדע.
בעת זיינע אָנהענגער האָבן פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז ער איז
אַריין אין די עליזעישע פעלדער, האָבן זיינע קעגנער פאַרזי-
כערט, אַז ער איז אַריינגעשפּרונגען אין דער עטנע, כדי זיין
שפּורלאָזעס פאַרשווינדן זאָל שאַפן דעם איינדרוק, אַז ער איז
אַוועק צו די געטער. יעדנפאַלס איז ער שוין גלייך נאָך זיין
טויט פאַרערט געוואָרן דורך זיינע צאָלרייכע אָנהענגער אין
סיציליען אַלס „העלד״.

אַלס פאָלקספריינט האָט עמפּעדאָקלעס געווירקט מיט אַזאַ
מזל-ברכה באַזונדערס דערפאַר, ווייל ער איז לויט זיין דער-
ציונג פון יוגנט אָן געווען אַ נאַטורגעלערנטער דאָקטאָר ; מיט
דעם שאַרפזין פון אַ פאָרשער, וואָס מאַכט איין וויכטיקע אַנט-
דעקונג נאָך דער צווייטער, פאַרבינדט זיך ביי אים אַן אומגע-

זויינלעכע ליבע צום כלל, וועלכע טרייבט אים צו פאַרווענדן
זיינע וויסנשאַפטלעכע ידיעות לטובת זיינע פיל-געפּלאָגטע לאַנדס-
לייט. אַזוי, למשל, זאָל ער האָבן פאַרשטאָפּט אַ באַרג-שפּאַלט
אין באַרג אַקראַגאַס, כדי צו שיצן די תבואות און מענטשן
פון דעם פאַרדאַרבנדיקן „שיראָקאָ" *); אַזוי זאָל ער האָבן גע-
זונט געמאַכט אַ טייך ביי סעלינונט און דורכדעם אַ סוף גע-
מאַכט צו דעם ווילדעווען פון דער מאַלאַריע.

פון עמפּעדאָקלעסעס שריפטן זענען שוין פרי פאַר-
לאָרן געגאַנגען אַ דיכטונג „קסערקסעס' איבערגאַנג" (קיין איי-
ראָפּע), צאָלרייכע טראַגעדיעס (וואָס זייער עכטקייט איז נישט
איינגאַנצן זיכער), א הימן פאַר אַפּאָללאָנען א. אנד.; פון זיין
הויפּטווערק, וועלכן די שפּעטערע האָבן אַ נאָמען געגעבן
„פון דער נאַטור" און געטיילט אין צוויי ביכער, זענען
דערהאַלטן געוואָרן גרויסע שטיקער (אין דער פאָרם גייט ער
אין די שפּורן פון פּאַרמענידעסן, בעת דער אינהאַלט אַנטפּלעקט
מער דעם פיזיאָלאָג, ווי דעם דיכטער); ווייטער זענען אויך
געבליבן שטיקער פון זיין רעליגיעז-מיסטישער דיכטונג „קאַט-
האַרמען" (רייניקונגען), אַ ווערק, וואָס איז אָן ספק באַאיינ-
פלוסט דורך דער אָרפישער פּאָעזיע, שטעלנווייז אויך דורך
קסענאָפאנעסן. זיין באַגייסטערטער סטיל, וואָס איז רייך מיט
געוואַגטע בילדער און באַצווינגנדיקע פאַרגלייכן, וואָס ווערט
געטראָגן פון אַ מעכטיקער פאַנטאַזיע און אַ שטאַרקן פּאַטאָס
האָט לויט אַריסטאָטעלעס' אורטייל געגעבן אַ שטויס אין סי-
ציליען צו דער אַנטוויקלונג פון דער רעטאָריק. ווי ס'איז דער-
וויזן געוואָרן, איז גאָרגיאַס, דער אייגנטלעכער באַגרינדער פון
דערדאָזיקער קונסט, געווען זיין שילער.

## I. דער פיזיקער

פּאַרמענידעסעס לערע וועגן דעם איין - עקזיסטירנ-
דיקן, וואָס איז אומגעשאַפן, וואָס איז אומפאַרגענגלעך און
קוואַליטאַטיוו-אומפאַרענדערלעך, באַדייט דעם אנטשיידנדיקן

*) טרוקענער דרום-ווינט.

ווענדפונקט אין דער געשיכטע פון דער פּראַקטישער פילאָזאָפיע. ווייל דורך דער אָנטאָלאָגיע פון עלעאַט ווערט בולט דער מעטאַפיזישער גרונדקעגנזאַץ צו דער לערע פון הערַאקליטן, וועלכער האָט געפּרעדיקט אין דער שפּראַך פון א זעער מיט אומפאַרגעסלעכע פאַרגלייכן און גראַנדיעזע בילדער וועגן דער רוּלאָזער ענדערונג פון די דערשיינונגספאָרמען פון דעם אייניציקן לעבעדיקן אורשטאָף, ד. ה. אַ שטענדיקע קוואַליטאַטיווע פאַרענדערונג פון דער איינאייניציקער, דורכן לאָגאָס דורכגעדרונגענער מאַטעריע, פון וועלכער עס קומט אַרויס די פילקייט פון די געגנשטאַנדן און אין וועלכער זיי קערן זיך אום צוריק אין דער געגעבענער צייט, לויט אַ באַשטימטן געזעץ. דער עלטסטער דענקער, וועלכער מאַכט דעם פּרווו אויסצוגלייכן דעמדאָזיקן קעגנזאַץ, איז עמפּעדאָקלעס. פּאַרמענידעס רעזולטאַטן וועגן דער נאַטור פון עקזיסטירנדיקן בילדן איין פונדאַמענט פון זיין פילאָזאָפיע. עמפּעדאָקלעס געפינט זיך אָבער גלייכצייטיק אונטער דעם איינפלוס פון הערַאקליטן: ער האַלט זיך פעסט ביי דער פאַרשיידנאַרטיקייט (פילקייט) פון די זאַכן און זייער שטענדיקער פאַרענדערונג. דעריבער מוז ער, כדי צו קענען דערקלערן די זעבאַרע וועלט, אָננעמען, אַז עס זענען דאָ אַ סך עקזיסטירנדיקע, וועלכע זענען טאַקע אומגעשאַפן, זענען אומפאַרגענגלעך און קוואַליטאַטיוו-אומפאַרענדערלעך, אָבער זיי זענען אונטערגעוואָרפן דער רוימלעכער באַוועגונג. עמפּעדאָקלעס נעמט אָן, אַז עס זענען דאָ פיר אַזעלכע עקזיסטירנדיקע: ערד, וואַסער, לופט און פייער, פון וועלכע יעדער פאַרמאָגט באַזונדערע אייגנשאַפטן. אַלע זאַכן פון דער דאָזיקער וועלט זענען צוזאַמענגעשטעלט פון די קלענסטע טיילכלעך פון די דאָזיקע פיר גרונדשטאָפן (אָדער פון אייניצלנע פון זיי), וועלכע ליגן איינס לעם די צווייטע, ווי די ציגל אין אַ מויער. בלויז לויט דעם קוואַנטום-שייכות פון די טיילכלעך פון די דאָזיקע פיר אורשטאָפן אונטערשיידן זיך די איינצלנע זאַכן, וואָס זייער מישונג שטעלט זיך עמפּעדאָקלעס פאָר ריין מעכאַניש, און דעריבער, ווען די זאַכן צעפאַלן זיך, קומען ווידער אַרויס אין זייער אומפאַרענ-

דערטער געשטאַלט די אורבאַשטאַנדטיילן פון דידאָזיקע „פיר וואָרצלען פון אַלץ". אַזוי אַרום איז עמפּעדאָקלעס געוואָרן דער אַנטדעקער פון באַגריף „ע ל ע מ ע נ ט", וואָס איז גרונד־לייגנדיק פאַר דער גאַנצער נאַטורוויסנשאַפט ביז אויף הייני־טיקן טאָג. און אַפילו די לערע וועגן דער פירצאָל פון די עלעמענטן, ביי וועלכער עס האָבן מסתּמא מיטגעווירקט די פּרינציפּן פון זיינע יאָנישע פאָרגענגער, איז געווען אָנגענומען ביז טיף אין אַכצנטן יאָרהונדערט (ביז דעם פראַנצויזישן כע־מיקער לאַוואַזיע).

ווי די עלעאַטישע אָנטאָלאָגיע, האַלט זיך אויך עמפּע־דאָקלעס ביי דער אַקסיאָמע: עס איז נישטאָ נישט קיין אַנט־שטיין פון דעם נישט־זיין און נישט קיין אונטערגיין אין דעם נישט־זיין. דידאָזיקע דערקענטעניש, וועלכע איז אינדעראמתן שוין די שטילשווייגנדיקע הנחה פון דער יאָנישער פיזיק, באַ־קומט ערשט איר אמתע דערקלערונג דורך עמפּעדאָקלעסעס עלעמענטן־לערע: היות מ'קען נישט רעדן וועגן אַנטשטיין און פאַרגיין אין אייגנטלעכן זין, טאָ ווי זאָל מען דאַן פאַרשטיין די נאַטורדערשיינונגען, וועלכע מען פאַרצייכנט געוויינלעך אַלס אַנטשטיין און פאַרגיין? דער באַגרינדער פון דער עלעמענטן־לערע גיט אויף דעם פאָלגנדיקע תּשובה: די (כּלומרשטע) אַנט־שטייונג איז נישט מער ווי פאַרייניקונג (מישונג) פון די קלענ־סטע טיילכלעך פון די גרונדשטאָפן, און זייער „פאַרגיין" איז בלויז די צעשיידונג פון דידאָזיקע. די מענטשן רעדן, אמת, וועגן געבורט און טויט, בעת זיי וואָלטן נאָר געדאַרפט רעדן וועגן פאַרייניקונג און צעשיידונג (פראַג. 8 און 9). אַזוי אַרום דערקלערט עמפּעדאָקלעס צום ערשטן מאָל אַלע פאַרענדערונ־גען אין דערדאָזיקער זעבאַרער וועלט מיט באַוועגונגס־פּראָצעסן פון קלענסטע אומפאַרענדערלעכע שטאָפּטיילכלעך.

כּדי אָנשוילעך צו מאַכן די „אַנטשטייונג" פון די פאַר־שיידענע זאַכן פון די פיר עלעמענטן, באַנוצט ער זיך מיט אַלערליי געוואַגטע פאַרגלייכן, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש

פארן דיכטער-פילאָזאָף: אַזוי ווי מאָלער מישן צענויף די פּיל-פאַרביקע גיפטן, נעמענדיק פון איינעם מער, פון צווייטן ווי-ניקער און שאפן דערפון די געשטאלטן אויף זייערע בילדער, „בוימער, מענער און פרויען, ווילדע חיות און פייגל און פיש, וואָס לעבן אין וואסער, און לאַנגלעבנדיקע געטער", אַזוי דאַרף מען אויך זוכן דעם מקור פון די שטערבלעכע זאכן, וועלכע דערשיינען פאַר אונז אַזויפיל אין זייער אומענדלעכער פאַר-שיידנאַרטיקייט — נישט ערגעץ אַנדערש ווי נאָר אין די עלע-מענטן (פראַג. 23).

עמפּעדאָקלעס האָט אַנטשלאָסן אָנגעווענדט זיין עלעמענטן-לערע אויך אויף דער אָרגאַנישער וועלט, וועלכע שטייט אין פאָדערגרונט פון זיין וויסנשאַפטלעכן אינטערעס. אייגנאַרטיק איז דערביי זיין אָנשויונג וועגן דעם, ווי אַזוי עס שטעלט זיך צענויף דער אָרגאַנישער קערפּער: אויך זיינע פאַרשיידענע סובסטאַנצן באַשטייען פון עלעמענטן-מישונגען אין וועלכע עס הערשט אַ גאַנץ באַשטימטע צאָל-שייכות: אַזוי, למשל, באַשטייען די ביינער פון חיות און מענטשן פון 4 טיילן פייער, 2 טיילן ערד, 1 טייל לופט און 1 טייל וואַסער, די אָדערן דאַקעגן — פון 2 טיילן וואַסער 1 — פייער, 1 — ערד. דאָ לאָזט זיך דערקענען אַן אָריגינעלע אָנווענדונג פון דער פּיטאַ-גאָרעאישער צאָלן-לערע אויף דער לערע וועגן דער עלעמענטן-מישונג.

היות עמפּעדאָקלעס האַלט (אין הסכּם מיט דער עלעאַטי-שער אָנטאָלאָגיע), אַז די פיר אורשטאָפן זענען לחלוטין אומ-פאַרענדערלעך, מוז ער זיי אויך באַטראַכטן אלס אומבאַוועגלעך. אַזוי ווי ער גלויבט אָבער אין דער באַוועגונג פון די זאַכן, איז ער דעריבער געצוווּנגען — כּדי צו דערקלערן די דאָזיקע באַוועגונג — אונטערצושיידן איינעם פון צווייטן די עלע-מענטן, ד. ה. דעם שטאָף און די קראַפט, וואָס באַוועגט און פאָרמט אים. אַזוי אַרום גיט ער — כאָטש אומבאַוווּסט פאַר זיך אַליין — דעם ערשטן שטויס צו דעם קאָסמישן דואַליזם אין דער געשיכטע פון גריכישן דענקען, לכל הפּחות אין

פּרינציפּ. אַזוי ווי ער קען אָבער נישט דערקלערן די קעגנזעצלעך-סותרדיקע נאַטור=געשעענישן פון פאַרייניקונג און צעשיידונג, פון אויפבוי און צעשטערונג מיט איין=און=דערזעלבער אורקראַפט, מוז ער אָננעמען צוויי באַוועגנדיקע אורוועזנס: די *ליבע און דעם קאַמף*. דער קאַמף איז צעשיידנדיקער, די ליבע — דער פאַראייניקנדיקער פּרינציפּ.

ביידע כוחות, וואָס שטעלן פאָר מיט זיך די סיבות פון גאַנצן וועלטגעשעען, פירן צווישן זיך אַן אומאויפהערלעכן קאַמף: אַן אייביקער נצחון און אַן אייביקע מפּלה. דעריבער קומען פאָר אין פּעריאָדישער אָפּוועקסלונג וועלטבילדונג און וועלטצעשטערונג, לויט דעם צי דער קאַמף אָדער די ליבע האָט די אויבערהאַנט. אָבער אויך אין די באַלעבטע וועזנס ווילדעוועט שטענדיק דערדאָזיקער קאַמף פון די ביידע כוחות, וועלכע דער דיכטער-פילאָזאָף פאָלגט נאָך דורך דער גאַנצער ממשלה פון דער נאַטור און שילדערט אים אין זיינע איינצלנע פאַזעס מיט פּלאַסטישער בילדלעכקייט (פּאַרג. באַז. דעם פראַג. 20 און 21.) „ווייל אויך שטערבלעכע גלידער פאַרמאָגן אין זיך ליבע; דורך איר טרוימען זיי וועגן ליבעס, פירן דורך האַנדלונגען פון פאָרונג, וועלכע זי רופט אָן דאָ מיטן נאָמען אַנטציקונג, דאָ מיטן נאָמען אַפראָדיטע. ווי אַזוי זי קרייצט אַרום צווישן זיי 1) דאָס האָט נאָך קיין שטערבלעך אויג קיינמאָל נישט געזען...” (פּראַג. 17, 22 און ווייט.)

צווישן די אומצאָליקע מאָמענטן פון דער שטענדיק-זיך-פאַרענדערנדיקער קאַמפּלאַגע צווישן די ביידע קעגנער, זענען דאָ צוויי, וועלכע אונטערשיידן זיך פון אַלע אַנדערע און אַנטשפּרעכן קעגנזעצלעך איינער דעם צווייטן: דער מאָמענט, אין וועלכן די ליבע זיגט פולקאָם איבער דעם קאַמף, און דעריעניקער, אין וועלכן דער קאַמף זיגט פולקאָם איבער דער ליבע. דעם מאָמענט, ד. ה. דעם קאָסמישן צושטאַנד, אין וועלכן די ליבע האָט פאַרשטויסן דעם קאַמף ביז צו די לעצטע גרענעצן פון

1) צווישן די עלעמענטן

קאָסמאָס, באַצייכענען מיר אין הסכּם מיט עמפּעדאָקלעסעס אָנ-
שווינג מיטן וואָרט „ספייראָס”, — אַן אויסדרוק, וועלכן ער
אַליין האָט אויסגעוויילט. ווייל אין דאָזיקן איז די גאַנצע מאַ-
סע פון די עלעמענטאַרטיילכלעך צוזאַמענגעקנוילט אין אַ קויק,
וואָס האָט נישט אין זיך קיין אונטערשיידן און במילא אויך
נישט קיין קוואַליטעט, ווייל סיי דאָס פייער סיי די אַנדערע
עלעמענטן האָבן אין אים פאַרלאָרן זייערע אייגנטימלעכע אייגנ-
שאַפטן. דערדאָזיקער ספייראָס איז אין יעדער הינזיכט גלייכ-
אַרטיק אין זיין קויקפאָרמיק-צענויפגעבאַלטער מאַסע, וועלכע
דערמאָנט אונז פאַרמענידעסעס אָנשווינג וועגן איינציק-עקזיס-
טירנדיקן און קסענאָפאַנעסעס אָנשווינג וועגן וועלטגאַנצן. אָבער
אינדעראמתן איז דאָך דער ספייראָס נישט מער ווי אַן אָפּרו-
מאָמענט אין דעם רולאָזן וועלטפּראָצעס. ווייל גלייך הויבט ווי-
דער אָן צו קומען צו זיך די קעגנמאַכט. ביסלעכווייז ווערט
זי אַלץ שטאַרקער, און דער הייסער גערעַנגל פון קאַמף מיט דער
ליבע ברענגט דערצו, אַז דאָס, וואָס דידאָזיקע האָט צוזאַמענ-
געבונדן אין דער אַל-איינהייט, ווערט צעשיידט און אַזוי אַרום
פאַרוואַנדלט זיך די איינהייט אין משך פון קאָסמישן קאַמף פון
די ביידע כּוחות אין אַ פילקייט: די אומצאָליקע אורטיילכלעך
פון די פיר עלעמענטן טיילן זיך ביסלעכווייז אויס פון דער
פאַרבינדונג פון דעם ספייראָס. אָבער דערביי שטעלט די ליבע
אַ כּסדרדיקן ווידערשטאַנד איר קעגנער, און אויף אַזאַ אופן,
דורך דעם קעגנזייטיקן ווידערשטאַנד פון די ביידע כּוחות קומט פאָר
די אַנטשטייונג פון דער „וועלט”. אין ווייטערדיקן פאַרלויף
פון קאַמף פירט דאָס צום איצטיקן צושטאַנד: נאכדעם
ווי דער פּונקט, ווען ליבע און קאַמף געפינען זיך אין גלייכ-
געוויכט-צושטאַנד ליגט פון הינטן, הויבט זיך אָן די
הערשאַפט פון קאַמף, וועלכער געווינט צולעצט אינ-
גאַנצן די אויבערמאַכט. דאַן שפּאַלט זיך דער קאָסמאָס
אויף זיינע פיר עלעמענטן: דאָס גאַנצע פייער זאַמלט
זיך צענויף אינאיינעם, און אויפן זעלבן אופן טיילט זיך
אָפּ יעדער עלעמענט פון די אַנדערע, אַ צושטאַנד, וואָס זיי
ן

פולשטענדיקע איינטרעטונג ווערט באַצייכנט דורך אַ אַנטיקן קענער פון עמפּעדאָקלעסעס פילאָזאָפיע (ער האָט נאָך געלייענט דאָס גאַנצע ווערק פון אַלקאַגאַנטינער) אַלס „נישט־וועלט" (אַקאָסמיאַ).

אָבער אויך דאָס איז נאָר אַן איבערגאַנג. ווייל גלייך הויבט זיך ווידער אָן אויפסניי דער אייביקער קאַמף צווישן ליבע און קאַמף: אונטער דער השפעה פון דער ליבע קומט ביסלעכווייז פאָר אַ פאַנאַנדערטיילונג פון די אורטיילכלעך פון די אין זיך געאיינטע גרונדשטאָפן, ד. ה. עס קומט קודם כל פאָר אַ פאַנאַנדערפאַלונג פון די אָפּגעזונדערטע פיר עלעמענטן אויף די קלענסטע טיילכלעך, וועלכע קומען דאַן צווישן זיך אין די פאַרשיידנסטע פאַרבינדונגען אַ דאַנק דער אַלץ־ווייטערדיקער אַריינדרינגונג פון דער ליבע.

„און תיכּף האָבן זיך אויסגעבילדעט שטערבלעכע, וועל-
כע זענען פריער אומשטערבלעך געווען,
און געמישטס, וואָס איז פריער אומגעמישט געווען, אין
וואַנדל פון די וועגן.
פון דערדאָזיקער מישונג זענען אַרויסגעקומען אומצאָליקע
מחנות וועזנס,
אין טויזנטערליי געשטאַלטן, אַ וווּנדער צוצוזען".

עס בילדעט זיך, אַלזאָ, אויס אַ נייע קאָסמאָגאָניע און צאָאָגאָניע, אַנאַלאָגיש צו יענער, וועלכע איז אַנטשטאַנען דורך דער ווירקונג פון קאַמף אויף דעם ספייראָס. ווייל אין דער מיטצווישן די ביידע פּאָליוסן פון וועלטגעשעען: „ספייראָס" און „אַקאָסמיאַ" און צווישן דער „אַקאָסמיאַ" און דעם פאָלגנדיקן „ספייראָס" זענען אין קרייזלויף פון דער אַנטוויקלונג דאָ צוויי קאָנגרוענטע מאָמענטן, ווו ליבע און קאַמף האַלטן אויף אין געראַנגל דעם גלייכגעוויכט. אַזוי אַרום איז דאָ אַ טאָפּלטער אורשפּרונג פון אַלע זאַכן, איינמאָל אונטער דער אָנהויב־איבערהערשאַפט פון קאַמף און איינמאָל אונטער דער איבערהערשאַפט פון דער ליבע.

אָבער אויך די נייע וועלט, וועלכע אַנטשטייט נאָך דער

„אַקאָסמיאַ" דויערט נישט אייביק. ווייל דער גערַאנגל פון די ביידע געטלעכע כוחות הערט קיינמאָל נישט אויף. ווייל זייער אייביקער קאַמף און זיינע פעריאָדישע פּאַוזעס באַזירן אויף דער נויטווענדיקייט, וועלכע בילדעט, וואַרשיינלעך, דעם וועלט-געזעץ פון גאַנצן געשעען.

דאָס וועזן פון דידאָזיקע ביידע כוחות, וועלכע מאַכן נאָך אויף אונז אַ האַלב-מיטישן איינדרוק, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דער „קאַמף" איז היסטאָריש נאָ־קרובהט מיט הערַאקליטס אָנשויונג וועגן קאַמף אַלס דעם קעניג פון אַלע זאַכן — האָט עמפּעדאָקלעס נאָך געלאָזן אין האַלב-טונקל. ווייל אָט באַצייכנט ער זיי אַלס געטער, ווייל ער זעט זיי, כאָטש אומבאַוווּסט, אַלס פערזענלעך-חירקנדיקע כוחות, אָט שטעלט ער זיי אין איין ריי מיט די פיר גרונדשטאָפן, ער באַטראַכט זיי, הייסט עס, אַליין אויך אַלס שטאָפן. אמת, אין דידאָזיקע שטאָפן פאַר-קערפּערן זיך כוחות, אָבער זיי ווירקן פונדעסטוועגן בלויז דראַנגאַרטיק. וועגן אַ באַגריפלעכער שיידונג צווישן קראַפט און שטאָף, קערפּערלעכער און אומקערפּערלעכער ווירקלעכקייט, און ווער רעדט צווישן פּערזענלעכעס און אומפּערזענלעכעס האָט עמפּעדאָקלעס געטראַכט פונקט אַזוי ווייניק, ווי די עלטע-רע דענקער פון זיין צייט. אָבער אויך קיין איינע פון דידאָ-זיקע צוויי וועלט-כוחות בלייבט נישט באַשרענקט אויף איר גרונדדווירקונג, ווייל אין אַ געוויסער פּאַזע פון וועלטפּראָצעס צעשיידט אויך די ליבע, פאַרייניקט אויך דער קאַמף אור-טיילכלעך פון די עלעמענטן. אויף אַזאַ אופן בלייבן אומגע-לייזט געוויסע אומקלאָרקייטן און סתירות.

אויך צווישן די עלעמענטן גופא און זייער פאַרשיידנאַר-טיקסטע פאַרבינדונגען הערשט אָפטמאָל אַ נישט-צו-אויסגלייכנ-דיקע פיינטשאַפט, פונקט ווי ביי אַנדערע — צוזאַמענפירנדיקע ליבע. „אַלץ, וואָס איז קרובהש לויט דער אַרט פון דער מי-שונג, האָט זיך קעגנזייטיק ליב, ווייל עס איז דורך אַפראָדיטע ענלעך אויסגעבילדעט. דאַקעגן האָט זיך פיינט אויף דער העכסטער מדרגה דאָס אַלץ, וואָס איז צום ווייטסטן פון אנאַנדער

לויט דער אָפּשטאַמונג, לויט דער מישונג און אירע פאָרמען, וואָס איז לחלוטין נישט געווינט צו פאַרבינדן זיך מיטאַנאַנדער" (פראַג. 22, 4 און ווייט.). עס באַשטייט אַזוי אַרום צווישן אַ סך זאַכן אַ מין ווען-קרובהשאַפט, וואָס פירט צענויף דאָס גלייכע מיט גלייכן, בעת אַנדערע זענען צעשיידט צווישן זיך דורך אייביקער פיינטשאַפט. אַזוי, למשל, איז דאָ וואַסער מער קרובהש מיט וויין, אָבער מיט בוימל זאָגט זיך עס אָפּ צו פאַרמישן (פראַג. 91).

דאָס וועזן און די ווירקונג פון די ביידע קאָסמישע כּוחות קומען צום פולן אויסדרוק ערשט ביים אַנטשטיין (און פאַרגיין) פון וועלטגאַנצן און פון די אָרגאַנישע וועזנס. אויב דער וועלט-פּראָצעס איז אַפילו אַן אייביקער, ד. ה. אַז וועגן אַ אָנהויב און אַ סוף פון די זאַכן אין אייגנטלעכן זינען קען גאָר קיין רייד נישט זיין, פונדעסטוועגן איז דאָ שוין פאַראַן דער אויסגאַנגס-פּונקט פאַר עמפּעדאָקלעסעס פאָרשטעלונג וועגן דער אַנטשטייונג פון דער איצטיקער וועלט. דאָס איז אויף אַ נאַטירלעכן אופן איינער פון די צוויי פאַליוסן פונם וועלט-געשעען, ווען איינע פון די ביידע כּוחות קעמפט אויס פאַר זיך די פולשטענדיקע הערשאַפט. אָבער היות דער גריך איז פּעאיק זיך פאָרצושטעלן דעם „אָנהויב" בלויז אַלס אַ פּלאַנלאָזע אורמישונג פון אַלע שטאָפן און עמפּעדאָקלעס באַטראַכט פאַרן פּרינציפּ פון יעדער פאַרייניקונג (מישונג) די ליבע, איז במילא שוין אָנגעצייכנט פאַר אים דער אויסגאַנגספּונקט פון זיין קאָסמאָגאָניע. דאָס איז דער מאָמענט אין וועלכן אַלץ אין „ספייראָס" איז געווען בונט דורכגעמישט אַדאַנק דער ליבע. צוליב דער סתירה צווישן אונזערע מקורים איז אוממעגלעך גענוי צו באַשטימען די איינצלנע פאַזעס פון דער עמפּעדאָקלעאישער קאָסמאָגאָניע; מ'קען זיי נאָר טיילווייז היפּאָטעטיש אַנטדעקן.

ס'איז זיכער, אַז אין ספייראָס, וועלכער איז אומבאַוועגלעך געלעגן אין זעליקער רואיקייט, איז געקומען די ערשטע באַוועגונג דורך דער ווירקונג פון קאַמף, וועלכער האָט אַרויס-

גערופן אויף אַ וואַסער נישט איז שטעלע אַ גרויסע אָנזאַמ־
לונג פון פייער און (אונטער דער תיכף־אָנגעהויבענער קעגנ־
ווירקונג פון דער ליבע) אַ ווירבלבאַוועגונג פון די שטאָף־
מאַסן. אַדאַנק דערדאָזיקער לעצטער האָט זיך צוערשט
אויסגעטיילט פון דער אורשפּרינגלעכער עלעמענטן־מישונג
די לופט, וועלכע האָט זיך צעגאָסן אַרום אין אַ קרייז און
אויף אַזאַ אופן, אין דער פאָרם פון אַ קויק, אַרומגענומען
דאָס גאַנצע. דערנאָך האָט זיך אַרויסגעריסן דאָס פייער אינ־
דערהויך אונטער דער קויק־פאָרמיקער לופטהילע, וועלכע
האָט זיך אונטער זיין ווירקונג פאַרהאַרטעוועט אין אַ פעסטן
„קריסטאַל־אַרטיקן” געוועלב (דער הימל). אין דער מיט פון
גאַנצן האָט זיך אָבער צענויפגעקנוילט דאָס שווערע אַלס די
ערד און „אַדאַנק אַ געוויסער בויטוועדיקייט” איז זי געוואָרן
פעסט. זי פאַרבלייבט אין דערדאָזיקער לאַגע, געהאַלטן אין דער
לופטן דורך דער שנעלער קרייזונג פון הימלגעוועלב. אין
רעזולטאַט פון מעכטיקן דרייען זיך האָט פון דער ערד אַרויס־
געשפּרודלט דאָס וואַסער. דער ים איז דאָך נישט עפּעס אַנ־
דערש ווי „דער שווייס פון דער ערד”. פון דעם פייער אָבער,
וואָס די לופט האָט נאָך אַנטהאַלטן אין זיך און אַרויסגעשטויסן
ביי דער ערשטער אויסשיידונג, האָבן זיך אויסגעבילדעט די
שטערן. דער הימל־קויק, וואָס נעמט אַרום דעם קאָסמאָס און
דרייט זיך טאָג־טעגלעך אַרום דער ערד, באַשטייט פון צוויי
האַלב־קויקן; איינע איז אינגאַנצן פול מיט פייער, די צווייטע
פון לופט און בלויז אַביסל פייער. ווען דער פייערדיקער
האַלב־קויק איז אינדערהויך, איז טאָג; דאַקעגן, ווען אויבן
געפינט זיך דער לופט־אָנגעפילטער, אין וועלכן עס איז בלויז
דאָ און דאָרט אַריינגעטריפט אַביסל פייער, הערשט נאַכט.
טאָג און נאַכט ווערן דאָ נאָך דערקלערט נישט נעמענדיק אין
באַטראַכט די זון. דידאָזיקע איז נאָר אַ ליכטרעפלעקס פון
פייערדיקן האַלבקויק, וועלכער האָט זיך אָנגעזאַמלט אין אַ
ריזיקער קריסטאַללינז, וואָס באַוועגט זיך צוזאַמען מיט דער
קרייזונג פון דעם וועלטקויק. (צוליב מאַנגל אין מקורים בלייבן

די פרטים סתּירותדיק און אומזיכער). די קאָסמאָגאָניע פון עמפּעדאָקלעס ווייזט אויף אין אירע גענויערע אויספירן, נישט אָנרירנדיק דערביי זיינע ביידע פּרינציפּן, די ווירקונג פון ריין־מעכאַנישע כּוחות. ווען מען לאָזט אַרויס פון אויג די פרטים, אונטערשיידט זי זיך נישט וועזנטלעך פון דער קאָסמאָגאָניע פון זיינע צייטמענטשן און פאָרגייער.

באמת אָריגינעל ווייזט זיך עמפּעדאָקלעס אַרויס ערשט אין זיין צ אָ אָ ג אָ נ י ע. צוערשט, פריער פאַר אַלץ, זענען אַנטשטאַנען, אונטער דער ווירקונג פון פייכטקייט און וואַרימקייט אין די ערד־אינערלעכקייטן, די געוויקסן און ביימער, וועלכע זענען אין דער אמתן אויפן האַלבן וועג שטייגעבליבענע לעבעדיקע וועזנס. חיות און מענטשן האָבן זיך אָבער בהדרגהדיק אַנטוויקלט דורך אַ ריי צווישנשטופעס. צוערשט זענען אַנטשטאַנען פון דער טראָגעדיקער ערד בלויז איינצלנע גלידער, וועלכע זענען זיך דערנאָך צוזאַמענגעוואַקסן, דערנאָך פולשטענדיקע וועזנס, אָבער ערשט אין פערטן סטאַדיום האָבן זיי זיך צווישן זיך ווייטער פאַרמערט. אָבער דערדאָזיקער פּראָצעס, ביי וועלכן דאָס גלייכע האָט שטענדיק געטראַכט וועגן גלייכן, האָט אונטער דער קעגנווירקונג פון שטרייט דורכגעמאַכט אייגנאַרטיקע אַנטוויקלונגס־פאַזעס. „עס האָבן פון דער ערד אַרויסגעשפּראָצט אַ סך קעפּ אָן העלזער, נאַקעטע הענט זענען פאַרוואָרפן געוואָרן דאָ און דאָרט, פאַראיינצלטע אויגן האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט אָן שטערנס” (פראַג. 57). אָבער בעת די ליבע טראַכט, אויף צו להכעיס דעם שטרייט, וועגן פאַרייניקן קרובהשעס מיט קרובהשעס, פירט גלייכצייטיק דער צ ו פ אַ ל זיין וווּנדערלעך שפּיל; אויף אַזאַ אופן „זענען אַנטשטאַנען לאָמע וועזנס מיט אומצייליקע הענט” (פראַג. 60). אויף אַזאַ אופן זענען דורכן שפּיל פון צופאַל טיילן פון חיות צוזאַמענגעוואַקסן אין אויסטערלישע פאַרזעענישן. „עס זענען אויסגעוואַקסן אַ סך טאָפּל־פּנימדיקע, טאָפּל־ברוסטיקע וועזנס, אַ קערפּער פון אַן אָקס מיט אַ פּנים פון אַ מאַן, אָבער אויך מענערגעשטאַלטן מיט אַ קו־קאָפּ, געמישטע וועזנס, וואָס זענען

צונויפגעשטעלט פון מאַן און פרוי" (פּראַג. 61). אַלץ, וואָס האָט זיך פאַרייניקט מיטאַנאַנדער אויף אַזאַ אופן, אַז ס'איז פעאיק געווען צו לעבן, האָט באַקומען אַ נשמה און גע-בליבן לעבן, ווייל זייערע טיילן זענען געווען צוגעפּאַסט צו-אַנאַנדער און האָבן קעגנזייטיק באַפרידיקט זייערע באַדערפענישן, בעת יענע אַלע פאַרזעענישן זענען אומגעקומען.

אויף אַזאַ אופן ווייזט אַרויס דער ביאָלאָג עמפּעדאָקלעס, כאָטש אין אַ פאַנטאַסטישער הילע, אַ מערקווירדיק פריע דער-קענטעניש פון דער בהדרגהדיקער אַנטוויקלונג פון דער אָרגאַני-שער וועלט. וואָס איריע איינצלנע ממשלות זענען נאָך פאַר זיין טיפן בליק נישט געווען צעטיילט דורך נישט אַריבערצו-טרעטנדיקע אָפּגרונטן; ווייל געוויקסן, חיות און מענטשן זענען פאַרבונדן דורך אַ געמיינזאַמע באַנד; דער אונטערשייד צווישן זיי איז בלויז אַ שטופנאַרטיקער, נישט קיין וועזנטלעכער, ווייל ער שרייבט צו די פלאַנצן נישט נאָר געפילן פון בענקשאַפט, טרויער און פרייד, נאָר אפילו דענקפעאיקייטן. אָבער מ'דאַרף אויך נישט אַרויסלאָזן פון אויג זיין איינזען אַז פון די מחנות נאַטורבאַשעפענישן בלייבן לעבן נאָר באמת לעבנספעאיקע. אַזוי-אַרום דאַרפן מיר באַטראַכטן עמפּעדאָקלעסן צוזאַמען מיט זיין גייסטיקן פאָטער אַנאַקסימאַנדראָסן אַלס די עלטסטע פאַרטרע-טער פון דער אָפּשטאַם-טעאָריע. — אין שייכות מיט זיין צאָ-אָגאָניע האָט עמפּעדאָקלעס אויך געמאַכט דעם ערשטן פּרווו צו דערקלערן די אַנטשטייונג פון די אַרטן און פון ביידע מינים.

ווי מ'זעט איז ביי עמפּעדאָקלעסן דעם ביאָלאָג נישטאָ קיין שפּור פון אַ טעלעאָלאָגישן קוק אויפן נאַטורלעבן, ווייל אַפילו ביי דער אויסבילדונג פון מענטשלעכן אויג אָדער פון הויט-השדרה לאָזט ער שפּילן אַן אַנטשיידנדיקע ראָל דעם צופאַל. אויך ליבע און קאַמף טראָגן אין זיין צאָאָגאָניע דעם כאַ-ראַקטער פון בלויז אינסטינקטיוו-ווירקנדיקע כוחות, אָבער נישט פון צוועקבאַוווּסטע אינטעליגענצן. זיי גיבן אָפּט נישט מער ווי דעם ערשטן שטויס צום נאַטורגעשעען, בעת די ווייטערדיקע

אַנטוויקלונג איז שוין אָפּהענגיק פון אַנדערע, פון זיי אומאָפּהענגיקע פאַקטאָרן. אַז אויף אַזאַ וועג איז אוממעגלעך אַ באַפרידיקנדיקע דערקלערונג פון דער אַנטשטייונג פון די אָרגאַניזמען, האָט שוין שאַרף באַמערקט דער גרויסער זאָאָלאָג אַריסטאָטעלעס.

עמפּעדאָקלעסעס דענקען באַשעפטיקט זיך נישט נאָר מיט דער באַלעבטער נאַטור. אויך אין דער אַנאָרגאַנישער פיזיק — די אונטערשיידונג צווישן אָרגאַנישער און אַנאָרגאַנישער נאַטור שטאַמט, ווי באַקאַנט, ערשט פון אַריסטאָטעלעסן — האָט ער דערגרייכט באַדייטנדיקע דערקענטענישן. ער אַנטדעקט, למשל, די געשווינדקייט פון ליכט, ד. ה. דעם פאַקט, אַז דאָס ליכט נויטיקט זיך אין אַ געוויסער צייט ביז עס דערגרייכט פון דער זון צו דער ערד, אַז עס מוז צוערשט דורכלויפן די אַטמאָספערע, איידער עס דערגרייכט צו אונז, און אַז דידאָזיקע באַוועגונג, וועלכע ער פאַסט אויף אַלס אַן אויסשטראָמונג פון קערפּערלעכער סובסטאַנץ, באַמערקן מיר נישט בלויז צוליב איר אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט. מיר געפינען שוין ביי אים אויך די איבערראשנדיקע קענטעניש פון די לופטדרוק-ווירקונגען און דעם לופט-ווידערשטאַנד, וועלכע ער באַנוצט ביי זיין פיזיקאַלישן עקספּערימענט, כדי אויפצוקלערן דעם מענטשלעכן אָטעמען.

דידאָזיקע דערקענטענישן, וועלכע האָבן געלאָזן ווייט הינטער זיך זיין צייט, קען מען אפשר האַלטן פאַר פאַראייַנצלטע גליקלעכע אַנטדעקונגען פון אַ טיפן גייסט, אָבער זייער וויסנשאַפטלעכע באַדייטונג אַלס נאַטורפאָרשער פון גרויסן סטיל ווייזט עמפּעדאָקלעס אָן שום ספק אַרויס דורך זיין באַגרינדונג פון אַ פּ י ז י ק אַ ל י ש ע ר ט ע אָ ר י ע, וועלכע ער ווענדט אָן מיט דערשטוינלעכער קאָנסעקווענץ אויף די פאַרשיידנסטע געביטן פון דער זעבאַרער וועלט. אַלע זאַכן אונטער דער לבנה, ד. ה. אַלע, פון די פיר עלעמענטן געבילדעטע שטאָפן זענען דורכגענומען מיט פיינע, פאַר דעם נאַקעטן אויג אומזעבאַרע הוילקייטן (פּאָרעס), וואָס וועקסלען זיך אָפּ מיט פעס-

טע (אומדורכדרינגבאַרע) טיילן פון די סובסטאַנצן. דידאָזיקע **פּאָרעס**, — וועלכע ער האָט זיך וואָרשיינלעך פאָרגעשטעלט אַלס אָנגעפילט מיט דינע לופט, ווייל עמפּעדאָקלעס לייקנט צוזאַמען מיט די עלעאַטן דעם פּוסטן רוים — אַנטשפּרעכט פון דער אַנדער זייט די אויסשטראָמונג פון פייכטקייט, וואָס קומט פאָר פון אַלע אַנטשטאַנענע זאַכן. ווייל נישט נאָר געוויקסן און חיות, ערד און ים, נאָר אפילו די מעטאַלן און שטיינער טיילן אויס פון זיך כסדר אַלערליי פליסיקייטן. פון דידאָזיקע לעצטע פּאַסן איינע פאַר געוויסע אַרטן פון די פּאָרעס, די אַנדערע דאַקעגן זענען אָדער צו קליין אָדער צו גרויס פאַר זיי.

אויפן גרונט פון דערדאָזיקער אָנשויונג דערקלערט עמפּעדאָקלעס אויך דעם מאַגנעטיזם. די אויסשטראָמונגען פון מאַגנעט שטויסן קודם כל אָפּ די לופט, וואָס ליגט אויף די פּאָרעס פונם אייזן, ד. ה., וואָס פאַרשפּאַרט זיי, אַזוי אַז די אויסשטראָמונגען פון אייזן קענען פון זייער זייט זיך באַוועגן צו די פּאָרעס פון מאַגנעט. היות זיי זענען „סימעטריש” צו דידאָזיקע, אַזוי אַז זיי פּאַסן צו זיי, שטראָמען זיי אַריין אין זיי און דער אייזן גופא ווערט מיטגעריסן נאָך זיי צום מאַגנעט. — דאָ האָבן מיר פאַר זיך דעם ערשטן וויסנשאַפטלעכן פּרווו צו דערקלערן דעם מאַגנעטיזם. סאַראַ מהלך פון דער דערקלערונג פון אַ טהאַלעס, וואָס וואָרצלט נאָך אין האַלבאַנימיסטישן דענק-אופן!

אָבער ערשט אין דער אָרגאַנישער נאַטור האָט זיך אַרויסגעשטעלט די גאַנצע פרוכטבאַרקייט פון דער פּאָרעסטעאָריע. קודם כל אין דער געוויקסנפיזיאָלאָגיע, וועלכע האָט צו פאַרדאַנקען עמפּעדאָקלעסן, אויב נישט איר באַגרינדונג, טאָ אַ גאַנצע ריי פון די וויכטיקסטע דערקענטענישן. די פּאָרעסלערע דינט אים אויך דאָ אויף צו דערקלערן די סיבות פון האַרבסטיקן בלעטערפאַל פון די בלעטערבוימער, ווי אויך די שטענדיקע גרינקייט פון געוויסע דרום-קוסטעס. אָבער אויך אין זיין דערקלערונג פון מענטשלעכן אָטעמען, וועלכע ער וויל דערווייזן דורך אַן עקספּערימענט מיט דעם וואַסערזייגער, ווענדעט

ער אָן זיין לערע פון דער פּאָרעס=סימעטריע, ווייל אים איז
שוין באַקאַנט דאָס אָטעמען דורך דער הויט.

די פּאָרעס=לערע איז אויך דער באַזיס פון דער עמפּע=
דאָקלעאישער חושים=פיזיאָלאָגיע. ווייל יעדע עמפינדונג
באַזירט אויף דעם אַריינפּאַסן פון געוויסע, פון די זאַכן אַרויס=
גייענדיקע אויסשטראָמונגען אין געוויסע פּארעס (אונזערע חושים=
אָרגאַנען). דעריבער איז אַן עמפינדונג אוממעגלעך, ווען דידאָ=
זיקע זענען צו ברייט אָדער צו ענג פאַר די אויסשטראָמונגען,
ד. ה. ווען עס איז נישטאָ קיין סימעטריע צווישן די פּאָרעס
און די אויסשטראָמונגען. ווייל אין ערשטן פאַל קומט נישט
פאָר קיין באַרירונג (פון די אויסשטראָמונגען און פּאָרעסווענט),
בעת אין צווייטן איז אוממעגלעך די אויסשטראָמונגען זאָלן
אַריינדרינגען אין די פּאָרעס. אויפן גרונד פון דערדאָזיקער
טעאָריע דערקלערט עמפּעדאָקלעס אויך דעם פּ אָצעס פון זען,
וועלכן ער וויל דערקלערן דורך אַ פּאַרגלייך מיטן לייכטן פון
אַ לאמטערן, וואָס איר דורכזיכטיקע וואַנט לאָזט דורך דאָס
ליכט נאָך אויסן, אָבער נישט די אויסערע, פון ווינט באַוועג=
טע ליכט, נאָך אינעווייניק (פראַג. 84). אין אויג, וואָס ווערט
געשיצט דורך אַ סך פיינע הויטן און הילעס, זענען די פּא=
רעס פון וואַסער און פייער איינגעלייגט שיכטנווייז. מיט די
פּארעס פון פייער דערקענען מיר דאָס ווייסע, מיט די פּארעס
פון וואַסער — דאָס שוואַרצע. ווייל די פּארעס פון איינעם
פּאַסן זיך צו די אויסשטראָמונגען פון דעם אנדערן. ווען עס
פאַרייניקן זיך די אויסשטראָמונגען פון די געגנשטאַנדן מיט די
שטראַלן, וועלכע דאָס אויג שיקט אַרויס אַנטשטייט, אין דאָ=
זיקן לעצטן אַ „בילד" פון געגנשטאַנד. (ביי דער פראַגמענ=
טאַרישקייט פון אונזערע איבערליפערונגען בלייבן דאָ געוויסע
אומקלאָרקייטן).

די לערע וועגן די פּארעס און די אויסשטראָמונגען האָט
עמפּעדאָקלעס בכלל פאַרווענדט אויך אין זיין אָפּטיק, אַזוי,
למשל, ביי דער דערקלערונג פון דער דורכזיכטיקייט פון גע=
וויסע סובסטאַנצן, ווי לופט, וואַסער און אַנד. אויך דעם פּע=

נאָמען פון אָפשפיגלונג האָט ער דערקלערט דורך זיין טעאָריע וועגן די אויסשטראָמונגען פון די געגנשטאַנדן, און אין ענגער שייכות מיט זיין לערע וועגן די עלעמענטן האָט ער שוין אַפילו געמאַכט די ערשטע טריט צו אַ פאַרבנלערע.

עמפּעדאָקלעסעס פסיכאָלאָגיע איז נאָך שטאַרק מאַטעריאַליסטיש (אויך אין דעם ווייזט ער זיך אַרויס אַלס זון פון זיין צייט). מ'געפינט נאָך נישט ביי אים אפילו קיין גענויערן אונטערשייד פון די גייסטיקע גרונדטעטיקייטן. און זיין שטעלונג צו די פּראָבלעמען, וועלכע מיר נעמען אַרונטער אין דער שפּראַך פון דער מאָדערנער פילאָזאָפיע אונטערן באגריף „דערקענטענישטעאָריע", וואַרפט שוין גאָר אַ גרעל ליכט אויף דער שטופע פון זיין מעטאַפיזישן דענקען. זיין איבערציינונג, וועלכע לאָזט זיך שוין מערקן אין זיין פיזיאָלאָגיע פון דעם זע־חוש, קומט אויך דאָ צום אויסדרוק: נ אָ ר פ ו ן ג ל ײ כ ן ו ע ר ט ד ע ר ק ע נ ט ד אָ ס ג ל ײ כ ע — אַ געדאַנק, וואָס האָט געהאַט אַ השפעה אויף יאָרטויזנטער 1). אָבער היות מיר דענקען מיט דעם בלוט, וואָס איז אויפן פיינסטן אופן צענויפגעמישט פון אַלע עלעמענטן, ציט דערפון עמפּעדאָקלעס בלויז די קאָנסעקווענצן, ווען ער זאָגט:

„וויל מיט דער ערד [וואָס אין אונז] זעען מיר די
ערד, מיט דעם וואַסער — דאָס וואַסער,
„מיט דער לופט — די געטלעכע לופט, מיטן פייער — דאָס פייער,
„מיט דער ליבע — די ליבע, דעם שטרייט — מיט
דעם טרויעריקן שטרייט".

אַז ביי אַזאַ אָנשויונג ווערט געשטעלט אונטער אַ פראַגע די איינהייט פון דער „נשמה", דערדאָזיקער געדאַנק איז נאָך דאַמאָלט געלעגן מחוץ דעם דענקפעלד פון די דענקער.

1) פארג. געטעס „ווען דאָס אויג זאָל נישט זיין זוניק, וואָלט עס קיינמאָל נישט געקענט דערבליקן די זון". אויך אין אנדערע ערטער געפינט מען ביי געטען דידאָזיקע אָנשויונג פון דער אנטיקער פילאָזאָפיע.

עמפּעדאָקלעס פּסיכאָלאָגיע איז דער רעזולטאַט פון אַ קאָנסעקווענטן, אָבער נאָך דערשטוינלעך-נאַאיוון מאַטעריאַליזם. דעריבער איז נאָך דערשטוינלעכער זיין טיפע, כמעט פּעסי-מיסטיש-קלינגענדיקע דערקענטעניש וועגן דער ענגער באַגרע-ניצטקייט און רעלאַטיווקייט פון יעדער מענטשלעכער דערקענ-טעניש, בפרט פון יחיד, ווי דאָס דרינגט אַרויס פון צווייטן כאַראַקטעריסטישן פראַגמענט. זיינע טיפע דערקענטענישן האָט דעריבער דער דיכטער-פילאָזאָף צו פאַרדאנקען דער התלהבות פון געטלעכע כוחות, ד. ה. פון דער מוזע (פראַג. 4 וו.).

אין עמפּעדאָקלעסעס „סיסטעם" (אויף וויפל עס לאָזט זיך שוין אָנווענדן אויף זיין וועלטאָנשויונג דערדאָזיקער אויס-דרוק) האָבן געטער קיין אָרט נישט לעבן די עלעמענטן און די קאָסמישע פּאָטענצן. דאָרט, ווו ער באַנוצט אָבער יאָ זיי-ערע נעמען, סיי פאַר די עלעמענטן, סיי פאַר דער ליבע און פאַרן קאַמף אָדער גאָר פאַרן ספייראָס, באַנוצט ער זיי אין אַלעגאָרישן זינען. פאַרן באַגרינדער פון דער עלעמענטנלערע האָבן זיך די געטער פון פאָלקסגלויבן שוין פון לאַנג אויפגע-לייזט אין פיזיקאַלישע שטאָפן און כוחות.

## II. דער מיסטיקער

קעגנאיבער דעם „פיזיקער" שטייט עמפּעדאָקלעס דער מיסטיקער, ווי ער אנטפּלעקט זיך אונז אין „ק אַ ט ה אַ ר מ ע ן", זיין צווייט ווערק, וואָס איז דערגאַנגען צו אונז אין גאַנץ גרויסע פראַגמענטן. דאָ ווייזט ער זיך אַרויס אַלס פּרעדיקער פון אָנשויונגען, וואָס, פאַרגליכן מיט זיין נאַטורפילאָזאָפיע, מאַכן זיי אַן איינדרוק, ווי געשטאַלטן פון אַן אַנדער וועלט. דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן קיין פּראָבלעמען פון דער גריכי-שער וויסנשאַפט, נאָר וועגן לערעס פון אַ באַשטימטן גלויבן, וועלכע אַ גאָט-באַגייסטערטער נביא פּרעדיקט פאַר זיינע סיצי-לישע לאַנדסלייט, וועגן אַ רעליגיעזער מיסטיק, וואָס שטייט נישט אין קיין שום אינערלעכן צוזאַמענהאַנג מיט זיין פילאָ-

זאָפיע, אדרבה, זי געפינט זיך אָפט אין אומאויסגלייכלעכע סתירות צו דערדאָזיקער, אַ מיסטיק, וואָס ס'איז אוממעגלעך, זי זאָל האָבן אויפגעקומען אין גייסט פון דענקער גלייכצייטיק מיט זיין נאַטורפילאָזאָפיע: יאָרן, און אפשר יאָרצענדליקער מוזן אָפטיילן די דאָזיקע צוויי. אָבער היות אין די „קאטהארמען" ווערן דערמאָנט געוויסע גרונדאָנשויונגען פון דער עמפּעדאָקלייִשער פיזיק, מוז מען די מיסטיק באַטראַכטן פאַר דער שפּעטערדיקער גייסטריכטונג פון דענקער, צו וועלכער ער האָט זיך געווענדעט ערשט אין זיינע עלטערע יאָרן.

עמפּעדאָקלעסעס מיסטיק איז אויסגעוואַקסן פון דער אָרפיש-פּיטאַגאָרעאישער נשמה-לערע, מיט וועלכער מיר האָבן זיך פריער באַקענט; זי שטעלט פאָר מיט זיך ביז אַ געוויסער מאָס דעם שלוסשטיין פון דערדאָזיקער לערע, ווייל זי נעמט צונויף אינאיינעם, אויפן גרונד פון אייגענער אינערלעכער איבערלעבונג, מיט אומגעוויינלעכער קראַפט אירע אַלע עיקרדיקע אידעען. ווייל אַדאַנק זיין פייערדיקער נאַטור, זיין גליענדיקער פאַנטאַזיע, נעמט זי אָן אַזאַ פערזענלעכע באַפאַרבונג, אַזאַ לעבעדיקע געשטאַלט, אַז אונז דאַכט זיך, דאָס זי איז געבוירן געוואָרן פון זיין אייגענעם אינערלעכן וועזן.

דעם מיטלפּונקט פון דערדאָזיקער מיסטיק פאַרנעמט די מענטשלעכע נשמה און איר גורל. אויך דער מיסטיקער עמפּעדאָקלעס שטייט אויפן באָדן פון שאַרפסטן אַנטראָפּאָלאָגישן דואַליזם: דער לייב איז פאַר אים נישט מער ווי „מענטשאַרומגענומענע ערד", ווייל די נאַטור האָט אָנגעקליידט די נשמה „מיט אַ פרעמדאַרטיקער הילע פון פלייש". דער לייב צעפאַלט נאָכן טויט אויף זיינע אור-באַשטאַנדטיילן פון די פיר עלעמענטן, אָבער די מענטשלעכע נשמה איז פון געטלעכן אורשפּרונג. אין איר פאַרוועלטלעכער עקזיסטענץ איז זי געווען אַ גליקזעליקער דעמאָן אין דער ממשלה פון די געטער, אין אומגעטריבטער אייגנהייט מיט דעם אור-אייגנעם, מיטן געטלעכן ספייראָס. אָבער צוליב דער שולד פון „ווילדעווענדיקן קאַמף", וואָס וויל אומעטום אויף דער וועלט שאַפן פון דער

איינהייט אַ פילקייט, איז זי אַרויסגעריסן געוואָרן פון איר גליקזעליקער פאַרייניקונג, פאַרוואָרפן געוואָרן פון „הימל" אויף דער עקלהאַפטער ערד, אויף דעמדאָזיקן „אָרט אָן פרייד, וווּ עס בלאָנדזשען אַרום אין טונקלקייט איבערן עמק הבכא מאָרד און האַס און מחנות אַנדערע פאַרזעענישן, אויסצערנדיקע קראַנקהייטן, כּוחות פון פוילעניש און פאַרגענגלעכע שאַפונגען". דאָ מוז זי דורכמאַכן אַ לאַנגן וואַנדער-וועג דורך פאַרשיידענע לייבער פון חיות און געוויקסן, ביז זי קערט זיך ווידער אום, אין דער צוקונפט, אַדאַנק דער ליבע, צו דער געטלעכער איינהייט.

אויף אַזאַ אופן איז די נשמה, וואָס לעבט אין מענטשן, אַ פאַרשיקטע אויף דער ערד, אַ רולאָז-אַרומבלאָנדזשענדיקע פרעמדע, וואָס איז פאַריאָגט געוואָרן פון איר געטלעכן היימלאַנד צום אָרט פון טויזנטערליי זינדן און פאַרברעכנס. דערפון פליסט אַרויס פאַר איר אויף דער ערד איר העכערע אויפגאַבע. ווייל דעם זינקען פון דער נשמה אַנטשפּרעכט — ווייניקסטנס ביי איינצלנע אויסדערוויילטע אינדיווידועז — זייער בהדרגהדיקע דערהויבונג, ווייל עס איז זיי באַשערט אָפּצוקומען די שולד, וועלכע זיי זענען באַגאַנגען אין זייער פאַרוועלטלעכער עקזיסטענץ. אַזעלכע מענער, וואָס זענען אויסדערוויילט פון טויזנטער זענען פעאיק צו שטייגן אַלץ צו העכערע שטופעס פון פולקאָמענקייט. ענדלעך ווערן זיי „זעער, זינגער און מוזיקער, פירשטן צווישן די ערד-באַוווינענדיקע מענטשן; זיי וואַקסן אויף צו געטער, די רייכסטע מיט כּבוד". מיט דער צייט ווערן זיי אָבער „חברים פון אַנדערע אומשטערבלעכע, זיצן ביים זעלבן טיש מיט זיי, אויסגעטאָן פון מענטשלעכן יאָמער אין נישט-אויסצושעפּנדיקער קראַפט".

אַזאַ בהדרגהדיקע פאַרגאָטונג פון חכם האָט עמפּעדאָקלעס איבערגעלעבט אויף זיך אַליין. אויף אַזאַ אופן קען ער, דער לעצטער גרויסער קאַטאַרטער פון אַלטן סטיל, אויפטרעטן אַלס דער ג ו א ל פון זיינע אומגליקלעכע לאַנדסלייט, ער קען זיי ריינוואַשן פון זייערע בלוטיקע פאַרברעכנס. אמת, דער

"ביא עמפעדאָקלעס פאָדערט גלויבן פאַר זיינע וווּנדערלעכע לערעס; ווייל אָן גלויבן איז נישט מעגלעך קיין אמתע רע־טונג (דאָ קומט בולט צום אויסדרוק דער תהום צווישן דער גריכישער וויסנשאַפט און דערדאָזיקער כמעט אָריענטאַלישער מיסטיק.) דער חכם איז באַקאַנט מיט אַלע געהיימנישן אין הימל און אין דער נאַטור, ער באַזיצט אפילו כמעט אַ איבער־מענטשלעכע מאַכט אַקעגן די זאַכן פון וועלטגעשעענ. דאָס היסטאָרישע אורבילד פון דאָזיקן חכם איז פּיטאַגאָראַס, דער פּיטאַגאָראַס פון דער לעגענדע, אויף וועמען עס זענען, וואָר־שיינלעך, געזאָגט געוואָרן די דערהויבענע ווערטער פון 129-טן פראַגמענט. אָבער אויך דער „גאָט" עמפעדאָקלעס איז געווען „אַמאָל אַ יונג, אַ מיידל, אַ צווייג, אַ פויגל און אַ שטומער פיש, וואָס טויכט אויף פון ים". ווייל אויך ער איז דורך דעם קאַמף פאַרשטויסן געוואָרן פון זיין געטלעכן הײמלאַנד אין דאָזיקן עמק הבכא, און פאַרמשפט צו אַ לאַנגער שווערער נשמה־וואַנדערונג.

ערשט דורך דער לערע פון דער נשמה־וואַנדערונג באַ־קומט איר אייגנטלעכע באַדייטונג די ענגע קרובהשאפט צווישן מענטש און חיה, וואָס דרינגט שוין אַרויס פון דער עמפּע־דאָקלעאישער נאַטורפילאָזאָפיע. פון ראַדיקאַלער באַדייטונג זע־נען די אויספירן פון דערדאָזיקער קרובהשאפט: אַלץ, וואָס איז באַלעבט, איז פאַרבונדן מיט אַ געמיינזאַמען באַנד, מיט אַ רעכט־פאַרהעלטניש, וואָס איז גילטיק פאַר אַלעמען. דערפון דרינגט ממילא אַרויס אַלס קאַטעגאָרישער געבאָט די שוינונג און אַכטונג פון אַלדאָס לעבעדיקע. דעריבער איז אַן עקלהאַפטסטער פאַרברעכן צו טויטן חיות און עסן זייער פלייש. די לייבער פון די חיות, וועלכע די פאַרשאָלטענע פאַרצערן, זענען דאָך „ווינערטער פון געפייניקטע נשמות". און אַ „פאָטער קוילעט זיין ליבן זון, וועלכער האָט געביטן זיין געשטאַלט, און איז זיכער, אַז ער טוט אַ זאַך, וואָס איז ניחא גאָט!" און דער נביא, וואָס ברויזט אין הייליקן צאָרן צוליב אַזעלכע גרויל־מעשים, רופט אויס צו זיינע לאַנדסלייט:

„ווילסט איר טאַקע נישט אויפהערן די שווידערלעכע
רציחות? אָך, צי דען מערקט איר גאָר נישט,
ווי איר צעפלייִשט איינער דעם צווייטן, ווייל אייערע
מעשים זענען תמיד געדאַנקענלאָז?"

* *
*

פאַר דער געשיכטע פון דער גריכישער פילאָזאָפיע ווייזט עמפּעדאָקלעס אַרויס זיין דאָפּלט געזיכט. אַלס פיזיקער מאַכט ער דעם ערשטן — דורך־און־דורך אָריגינעלן — פּרוּוו צו פאַרמיטלען צווישן הערעקליטס לערע און פּאַרמענידעסעס אָנטאָלאָגיע, דורך זיין לערע פון די פיר עלעמענטן, וועגן דער פאַרייניקונג און שיידונג פון אומפאַרגענגלעכע שטאָפן אַלס דעם פּלומרשטן אַנטשטיין און פאַרגיין, איבט ער אויס אויף דער נאָכצייט אַן אומגעהייערע ווירקונג, דורך זיין אונטערשיידונג צווישן שטאָף און די כוחות, וואָס פאָרמירן אים, ווערט ער דער וועג־צוגרייטער פון אַ קאָסמישן דוּאַליזם, דורך זיין לערע וועגן ליבע און קאַמף אַלס וועלט־באַהערשנדיקע כוחות פירט ער אַריין אַ עטישן מאָמענט אין דער נאַטורפילאָזאָפיע; אַלס מיסטיקער, אַלס פאַרענדיקער פון דער אָרפיש־פּיטאַגאָרעאישער נשמה־לערע ווירקט ער דורך זיין באמת פּלאַסטישער אויסגעשטאַלטונג פון דערדאָזיקער אידעע אויף די אָנשויונגען פון די שפּעטערדיקע, אויך אויף פּלאַטאָנען. די צוויי גרונד־מאָטיוון, דער ריין־וויסנשאַפטלעכער, פיזיקאַלישער און דער רעליגיעז־מיסטישער, וואָס זענען נישט אויסגעגליכן צווישן זיך אין זיין פאַסצינירנדיקער פּערזענלעכקייט און ווירקן אין זיין אייגענעם ווערק נעבנאַנאַנדער, אָדער רוען לויט דער ריי נאָך, איבן אויס מיט אָריגינעלער קראַפט אַ השפּעה אויף דער שפּעטערדיקער צייט, ביזן סוף פון דער אַנטיקע און ווייטער נאָך — ביז צו דער שוועל פון דער קעגנוואַרט.

## 2. אַנאַקסאַגאָראַס

אַנאַקסאַגאָראַס פון קלאַצאָמענאַי, העגעזיבולאַסעס זון, פון אַ פּאָרנעמער, רייכער משפּחה, איז געבוירן געוואָרן אַרום יאָר 500. (אַפּאָללאָדאָר גיט אָן זיין געבורט אין דער 70 אָלימפּיאַדע.) אויס ליבע צו וויסנשאַפט איז ער מוותר אויף זיין פּאָטערס פאַרמעגן און לאָזט זיינע גיטער ליגן אומבאַאַרבעט, אַלס פּאַשע פאַר שאָף, ווייל ער שטעלט פאָר מיט זיך דעם מוסטער-טיפּ פון אַ וועלטפרעמדן דענקער, וואָס איז אינגאַנצן אָפּגעגעבן מיט דינען דער וויסנשאַפט. ס'איז העכסטוואַרשיינלעך, אַז אַלס אַזעלכן פייערן אים די באַרימטע פערזן פון אוריפּידעס: „גליקלעך איז דער מאַן, וואָס האָט זיך געהייליקט דער פאָרשונג און טראַכט קיינמאָל נישט וועגן פאַרברעכנס און וועגן שאָדן ברענגען די בירגער, ער, וואָס זיין אינערלעך אויג איז בלויז געווענדט צו דעם קיינמאָל זיך נישט עלטערנדיקן בנין פון אייביקן וועזן: לויט וועלכן אופן, לויט וואָסער פּלאַן ער איז אַמאָל מייסטערהאַפט געשאַפן געוואָרן. ביי אַזאַ הויכן גייסט האָט דאָך דאָס בייז קיינמאָל נישט קיין פּלאַץ"). —

אין זיין יוגנט איז ער — אַזוי דאַרף מען אַרויסדרינגען פון טעאָפראַסטס אַ באַמערקונג — געשטאַנען אין פּערזענלעכע באַציונגען מיט דער מילעזישער „שולע", וועלכע האָט עקזיסטירט אַ לאַנגע צייט אויך נאָך דעם פאַלן פון דער שטאָט אין יאָר 494, און ער איז שטאַרק מושפּע געוואָרן דורך די מילעזיער (אַנאַקסימאַנדראָס, אַנאַקסימענעס). אַרום יאָר 462 איז ער אַוועק קיין אַטען, ווו ער האָט געלעבט, ד. ה. געפּאָרשט אין משך פון 30 יאָר. דאָ קומט ער אויך אין נאָענטער באַרירונג מיט אוריפּידעסן און פּעריקלעסן, אויף וועלכע זיין פּערזענלעכקייט, ווי אויך זיין „מעטעאָראָלאָגיע" האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. אויך טוקידידעס האָט זיכער געקענט זיין נאַטורפאָרשונג, ער האָט (פּונקט ווי פּעריקלעס) אָנגענומען זיין דערקלערונג פון דער ליקוי-לבנה.

אַנאַקסאַגאָראַס ברענגט די יאָנישע וויסנשאַפט און דערמיט די ערשטע „אויפקלערונג" קיין אַטען, וואָס איז נאָך דאַ-

מאָלט גרעסטנטיילס געווען אַלטגלויביק. דערדאָזיקער נייער גייסט איז דער גרויסער מאַסע פון אַטעניש בירגערטום אַ צייט לאַנג געווען חשוד; באַזונדערס האָט אַרויסגערופן גרויס אומצופרידנקייט זיין לערע וועגן די הימלקערפּערס — די זון האָט ער דערקלערט אַלס אַ גליענדיקע שטיין־מאַסע, — און אַרום יאָר 432, ווען פּעריקלעסעס קעגנער נעמען אונטער די ערשטע אָנגריפן קעגן זיינע מקורבים, ווערט ער אָנגעקלאָגט אין גאָטלעסטערונג (אויפן גרונד פון דער פּסעפיזמאַ פון דיאָפּעיטעס), כלומרשט צוליב זיין מיינונג וועגן דער זון. דער גאַנג און אויסגאַנג פון פּראָצעס, ביי וועלכן פּעריקלעס אַליין זאָל זיך האָבן משתדל געווען פאַר אים, בלייבט אומזיכער צוליב די סתירותדיקע מסורות. יעדנפאַלס פאַרלאָזט דאַמאָלט אַנאַקסאַגאָראַס אויף אייביק אַטען און באַזעצט זיך אין דעם העללעספּאָנטישן שטעטעלע לאַמפּסאַקאָס, ווו ער גרינדעט אַ „שולע" (אַרכעלאַאָס, וואָס זיין נאָכפאָלגער איז מעטראָדאָר) און אין אַ פּאָר יאָר אַרום (אַרום 428) שטאַרבט ער; אַ לאַנגע צייט נאָך זיין טויט ווערט נאָך דאָרט זיין אָנדעקען געהאַלטן אין גרויס כבוד.

פון אַנאַקסאַגאָראַסעס נ אַ ט ו ר - פ אָ ר ש ו נ ג האָט אַ באַזונדערס גרויסע באַדייטונג זיין מעטעאָראָלאָגיע. אונטערן דאָזיקן נאָמען פאַרשטייט מען די אויספאָרשונג פון די „זאַכן אין דער הויך", ד. ה. די דערשיינונגען און געשעענישן אין דער ממשלה פון די וואָלקנס ווי אויך אין דער ספערע פון די הימלקערפּערס. זיין אָנשויונג וועגן דער נאַטור פון דער זון ווערט באַשטעטיקט פאַר אים דורך דעם געוואַלטיקן מעטעאָר, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן ביי אַאיגאָספּאָטאַמאָי (אויף דעם האַלבאינזל גאַלליפּאָלי) אין יאָר 467. זיינע פאָרשטעלונגען וועגן דער גרויס און דעם מרחק פון די הימלקערפּערס ווייזן שוין אויף אַ באַדייטנדיקן שריט פאָרויס. ער האלט, אַז די זון „איז גרעסער פאַרן פּעלאָפּאָנעז", די לבנה באַטראַכט ער אַלס אַ באַוווינטע ערד, מיט בערג און טאָלן. זיין באַזונדערער פאַרדינסט באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט צום ערשטן מאָל דער־

קלערט פּאָלקאָמען ריכטיק די פאַרפינסטערונגען פון דער זון און דער לבנה, וועלכע די מערהייט מיט ניקיאַסן האָבן באַטראַכט אלס אומהיימלעכע ווונדערצייכנס.

אין דער אייגנטלעכער מעטעאָראָלאָגיע — ווי מיר באַנוצן דאָס וואָרט היינט, ד. ה. זייט אַריסטאָטעלעס — איז מערקווירדיק זיין דערקלערונג וועגן דער אַנטשטייונג פון האָגל. אַנאַקסאַגאָראַס דערקענט בכלל דער ערשטער די אַנטשיידנדיקע באַדייטונג פון די טעמפּעראַטור-פאַרענדערונגען און אונטערשיידן פאַר דער אַנטשטייונג פון די אַטמאָספערישע דערשיינונגען און זעט שוין דאַן אין דער זון די לעצטע סיבה פון אַלע מעטעאָרישע דערשיינונגען. אויף זיין איבעריקער פיזיאָלאָגיע קענען מיר זיך דאָ נישט אָפּשטעלן. פונדעסטוועגן וויל איך דאָ נאָך אָנמערקן, אַז אַנאַקסאַגאָראַס געהערט צו די יעניקע פריגריכישע דענקער, וועלכע באַזיצן אויך אַ מאַטעמאַטישע בילדונג, אַזוי אַז אין תּפיסה זאָל ער נאָך האָבן געטראַכט וועגן דער פּראָבלעם פון דער קוואַדראַטור פון קרייז.

פון זיין שריפט, וואָס איז אין קעגנזאַץ צו די ווערק פון עמפּעדאָקלעס, געשריבן אין אַ ניכטערער, פּשוטער פּראָזע, אין אַ קלאָרן, דורכזיכטיקן סטיל, זענען דערגאַנגען צו אונז אַ גאַנצע ריי גרעסערע פראַגמענטן, צווישן וועלכע עס איז באַזונדערס וויכטיק דער צוועלפטער.

## I. די שטאָפלערע

צוזאַמען מיט עמפּעדאָקלעסן טיילט אויך אַנאַקסאַגאָראַס די „איבערצייגונג, וואָס איז אייגן אַלע אַלטע פיזיקער", אַז קיין זאַך קען נישט אַנטשטיין פון גאָרנישט און קיין זאַך קען נישט פאַרגיין אין גאָרנישט. אַזוי ווי יענער באַזירט אויך ער אויף די פונדאַמענטאַלע הנחות פון פּאַרמענידעשער אָנטאָלאָגיע, לויט וועלכער דאָס עקזיסטירנדיקע איז אומגעשאַפן, איז אומפאַרגענגלעך און קוואַליטאַטיוו אומפאַרענדערלעך. דעריבער עקזיסטירט נישט אויך פאַר אַנאַקסאַגאָראַסן נישט קיין אַנטשטיין

און נישט קיין פאַרגיין אין אייגנטלעכן זין פון דידאַזיקע ווער־טער. „די ווערטער „אַנטשטיין" און „פאַרגיין" באַנוצן די העל־לענען נישט ריכטיק. ווייל קיין שום זאַך אַנטשטייט נישט און פאַרגייט נישט, נאָר פון די [שוין] פאַראַנענע זאַכן קומט פאָר אַ מישונג אָדער אַ צעשיידונג. און אויף אַזאַ אופן וואָלט ריכ־טיק געווען, ווען זיי באַצייכענען די אַנטשטייונג אלס אַ מי־שונג, און דאָס פאַרגיין אַלס אַ צעשיידונג" (פראַג. 17).

אויך אַנאַקסאַגאָראַס איז זיכער נישט נאָר אין דער קוואַנ־טיטאַטיווער, נאָר אויך אין דער קוואַליטאַטיווער באַשטענדיקייט פון די אין דער וועלט פאַראַנענע שטאָפן. ביז דאַן איז ער אין פולן הסכם מיט עמפעדאָקלעסן, ד. ה. ער שטייט מיט אים אויף דעמזעלבן באָדן פון דער עלעאַטישער אָנטאָלאָגיע. און פונדעסטוועגן קומט ער צו אַן אַנדער רעזולטאַט. אויב די שטאָפן זענען נישט אַנטשטאַנען, זיי זענען אומפאַרגענגלעך און קוואַליטאַטיוו־אומפאַרענדערלעך, טאָ ווי קומט עס, וואָס פונם ברויט וועלכן מיר עסן, ווערן געבילדעט ביינער, פלייש, מוס־קולן, אָדערן, האָר א. אז. וו. און פון דער נאַרונג פון דער חיה — פעדערן אָדער הערנער? ווי קומט עס, וואָס פונם וואַ־סער פון טייכל, וועלכעס עס זויגן איין די וואָרצלען פון בוים, ווערן געשאַפן האָלץ, קאָרע, בלעטער אָדער פרוכט? „ווי אַזוי", רופט ער אויס, „וואָלט פון נישט־האָר געקענט ווערן האָר און פלייש פון נישט־פלייש?" די אורבאַשטאַנדטיילן פון די זאַכן זענען דאָך אומפאַרענדערלעך? אויף דעם איז מעגלעך בלויז איין ענטפער: דאָס כלומרשט ניי־אַנטשטאַנענע מוז זיך שוין פון פריער געפינען אין דער שפייז, וואָס מ'פירט אַריין אין קער־פער. אין דעם ברויט, וועלכן מיר עסן, אין דעם וואַסער, וועלכן מיר טרינקען, זענען שוין פון אָנהויב אָן געווען אַלע שטאָפן פון אונזער קערפער, אמת, אין אַזעלכע קליינע טייל־כעלעך, אז מיר קענען זיי נישט אויפנעמען מיט אונזערע חושים, מיר קענען עס נאָר אַרויסדרינגען דורך דעם דענקען. אויך דאָס בלוט אַנטשטייט נישט ערשט אין קערפער, נאָר עס געפינט זיך שוין אין די שפייזן; דאָס גלייכע ווערט אָבער

דערנערט פון גלייכן. דעריבער מוזן עקזיסטירן צאָלרייכע, אומ־ זעבאַר־קליינע טיילכעלעך, וואָס אונזערע שוואַכע חושים קענען זיי אין פאַראיינצלטן צושטאַנד נישט דערקענען, נאָר ערשט דורך זייער דערשיינען אין אַ גרויסער צאָל קומען זיי אַריין אין דער ממשלה פון אונזערע חושים.

אַלץ געפינט זיך דעריבער אין אַלעמען; יעדע זאַך אַנט־ האַלט אין זיך צו ביסעלע פון אַלע שטאָפן; מיר רופן אָבער אָן די זאַכן לויט דעם שטאָף, וואָס האָט אין זיי די אויבער־ האַנט, וועלכער, פאַרייניקט אין אומצאָליקע, אומענדלעך קליינע, גלייכאַרטיקע טיילכעלעך, געפינט זיך מייסטנס אויף זייער אויי־ בערפלאַך. אגב זענען גראָד די־יעניקע שטאָפן, וואָס זעען אויס איינפאַך, ווי לופט און פייער, אַמבאַוונטסטן געמישט. היות דער באַגריף פון דער כעמישער פאַרוואַנדלונג פון די שטאָפן איז נאָך אַנאַקסאַגאָראַסן לחלוטין פרעמד, כאָטש אַ דאַנק זיין טעאָריע איז ער איין מאָמענט גאָר נאָענט זי צו אַנטדעקן, און פון דער צווייטער זייט איז פאַר אים זיכער, אַז פון גאָרנישט קען קיין זאַך נישט אַנטשטיין, דעריבער זעט ער נישט קיין אַנדער אויסוועג (באַאָבאַכטנדיק טאָג־טעגלעך, אַז אַלץ קומט אַרויס פון אַלץ, כאָטש נישט אינגאַנצן דירעקט, נאָר אין אַ געוויסער בהדרגהדיקייט) ווי אָנצונעמען פונקט אַזויפיל גרונד־ שטאָפן, ווי עס ווייזן אונז די חושים, ד. ה. אומענדלעך פיל. עמפעדאָקלעסעס היפּאָטעזע וועגן בלויז פיר עלעמענטן איז אים, וואַרשיינלעך, פאָרגעקומען נישט גענוגנדיק כדי דורך זייער מי־ שונג און אויפלייזונג צו קענען באַגרייפן די אומענדלעכע פאַר־ שיידנאַרטיקייט פון דער זעבאַרער וועלט.

די שטאָפן זענען אָבער אומענדלעך נישט נאָר לויט דער צאָל און לויטן מין, נאָר זיי באַשטייען אויך פון ממש אומ־ ענדלעך קליינע טיילכלעך. ווייל אונטער דער השפּעה פון די יינגערע עלעאַטן מיינט אַנאַקסאַגאָראַס באמת ערנסט מיט דעם באַגריף פון אומענדלעכקייט אין זיין פיזיק. פון די קליינע איז נישטאָ קיין קלענסטעס, נאָר תמיד נאָך אַ קלענערס. ווייל עס איז אוממעגלעך, אַז דאָס עקזיסטירנדיקע זאָל נישט

עקזיסטירן. אָבער אויך פון גרויסן איז תמיד דאָ אַ
גרעסערס. און עס איז גלייך צו די קליינע לויט דער
פילקייט [ד. ה. גרויסעס ווי קליינעס אַנטהאַלטן אומענד-
לעך פיל טיילן]. פאַר זיך אַליין איז אָבער יעדע זאַך סיי
גרויס און קליין [גרויס און קליין זענען נאָר רעלאַטיווע באַ-
גריפן]. (פראַג. 3.) אין דאָזיקן צוזאַמענהאַנג האָט אַ קאַפּיטאַלע
באַדייטונג דער 6-טער פראַגמענט: „און היות פון גרויסן ווי
פון קליינעם זענען דאָ אַ גלייכע צאָל טיילן (ד. ה. אומענדלעך
פיל), איז אויך פון דערדאָזיקער הנחה צו זען, אַז אַלץ מוז
זיין אין אַלעמען. ווייל עס איז אוממעגלעך, אַז עפּעס זאָל עק-
זיסטירן אין אָפּגעזונדערטקייט; אַלץ האָט אַ חלק אין אַלץ.
אויב עס איז אָבער נישט געמאָלט קיין קלענסטעס, קען עס
אויך נישט ווערן אָפּגעזונדערט און עקזיסטירן פאַר זיך אַליין,
נאָר פּונקט ווי צום אָנהויב, אַזוי מוז אויך איצט אַלץ זיין צו-
זאַמען. אין אַלץ זענען אָבער אַנטהאַלטן פיל (שטאָפן) און
אַ גלייכע פילקייט אין די גרעסערע ווי אין די קלענערע פון
די זיך-אויסטיילנדיקע זאַכן". —

אַנאַקסאַגאָראַס שטעלט זיך אַזוי אַרום פאָר נישט נאָר
די טיילונג פון אַ זאַך, ד. ה. פון אַ וועלכער נישט איז שטיק
מאַטעריע, ביז אין אומענדלעכקייט אַריין, נאָר ער נעמט אויך
אָן די אומענדלעכקייט פון דער שטאָפלעכער מישונג פון אַ
זאַך, ד. ה. מ'מעג אָן אויפהער האַלטן אין איין טיילן אַ שטיק
מאַטעריע, — תמיד וועט יעדע פון דידאָזיקע טיילן, ווי קליין
זי זאָל נישט זיין, אַנטהאַלטן טיילן פון אַלע שטאָפן. פאַר-
שטייט זיך, אַז אין דער מישונג פון די זאַכן זענען פאַר-
שיידן די מאָס- פאַרהעלטענישן פון די איינצלנע שטאָפן צווישן
זיך. לויט דעם שטאָף, וועלכן זיי אַנטהאַלטן צום מיינסטן, גיבן מיר
אַ נאָמען די זאַכן. — דער אויספיר, וועלכן אַנאַקסאַגאָראַס
מאַכט פון דער אומענדלעכער טיילבאַרקייט אויף דער אומענד-
לעכקייט פון דער שטאָף-מישונג, איז, אמת, נישט קיין צווינגנדי-
קער, עס קען אָבער נישט זיין קיין שום ספק, אַז ער האָט
באמת געמאַכט אַזאַ אויספיר. אָבער גלייכצייטיק קען מען נישט

פאַרמאַכן די אויגן אויפן פאַקט, אַז דידאָזיקע אָנשווינג פון אַנאַקסאַגאָראַסן, אַז „אַלץ איז אַנטהאַלטן אין אַלעם" האָט געוויסע שוועריקייטן, וועלכע זענען נאָך נישט געקומען צום באַוווסטזיין פון איר שעפער. ווייל מיר קענען זיך פאָרשטעלן די טיילונג פון די זאַכן ביז אין דער אומענדלעכקייט אַריין, אָבער אַן אומענדלעכע מישונג פון די שטאָפן — נישט. ווייל דאָס שטויסט זיך אָן אין די גרענעצן פון אונזער פאָרשטעלונגס-פעאיקייט. מיר מעגן אַפילו הונדערט מאָל האָבן די גוטע כוונה זיך פאָרצושטעלן, אַז די אויפסניי צעטיילטע טיילכלעך פון דער מאַטעריע באַשטייען פון אַ געמיש פון אַלע שטאָפן, פונדעסטוועגן מוזן מיר זיך פאָרשטעלן די אורטיילן פון דער באַטרעפנדיקער שטיק מאַטעריע אַלס איינשטאָפיק, ווייל מיר אונטערשיידן און רופן אָן די זאכן לויט דעם שטאָף, וואָס נעמט די איבערהאַנט אין זיי (שטיין, האָלץ, אייזן און אַז. וו.). וואָרום ווי אַזוי דען אַנדערש קענען מיר זיי אַ נאָמען געבן, אויב נישט לויט איין באַשטימטן שטאָף, וואָס זיינע אורטיילכלעך מוזן מיר זיך אומבאַדינגט פאָרשטעלן איינשטאָפיק? אויך אַנאַקסאַגאָראַס אַליין האָט זיך נישט געקענט באַפרייען פון דערדאָזיקער דענקנויטווענדיקייט, ווייל זיין אויסדרוק דער „נאָמען פון די זאַכן" (פראַג. 4) קען מען בלויז פאַרשטיין אַלס אומזיכטבאַר-קליינע טיילן פון איין-און-דעמזעלבן שטאָף. אויף אַזאַ אופן פאַלט דער דענקער אריין, אומבאַוווסט פאַר זיך אַליין, אין אַ סתירה צו איינער פון זיינע אייגענע לערעס, ווייל אויך ער קען נישט דענקען אַנדערש ווי אָנשוילעך; אויך ער נעמט אָן אורטיילכלעך, וואָס באַשטייען בלויז פון איין-איינציקן שטאָף, „זאָמען", פון וועלכע דידאָזיקע זעבאַרע וועלט איז אויסגעבויט.

די שטאָפן אין אַנאַקסאַגאָראַסעס פיזיק רופט אַריסטאָטעלעס אָן דער ערשטער „גלייכטיילִיקע". די היסטאָריקער פון דער אַלטער פילאָזאָפיע האָבן געפירט אַ לאַנגן שטרייט וועגן דעם, צי אַנאַקסאַגאָראַס אַליין האָט שוין באַנוצט דעמדאָזיקן אויסדרוק „האָמעאָמעריען". לויט די רעזולטאַטן פון דער בייס-

טער פֿאָרשונג, וואָס האָבן ענטגילטיק באַשטעטיקט דעם אור-
טייל פֿון שלייערמאַכער און צעללער, איז אָבער (נישט געקוקט
אויף גאָמפּערצן און אַנד.) קיין מינדסטער ספק נישטאָ, אַז
אַנאַקסאַגאָראַס האָט אים נאָך גאָרנישט געקענט באַנוצן, אַז
דערדאָזיקער אויסדרוק שטאַמט גיכער פֿון אַריסטאָטעלעס׳ אייגנ-
טימלעכער טערמינאָלאָגיע און ער באַשווערט מער די פֿאַר-
שטענדעניש פֿון דער אַנאַקסאַגאָרישער שטאָפֿלערע, ווי ער
פֿאַרלייכטערט זי. אין דערדאָזיקער אָפּהאַנדלונג וועט ער דע-
ריבער מער נישט באַנוצט ווערן און ס׳איז שוין צייט, ער
זאָל בכלל פֿאַרשווינדן פֿון דער געשיכטע פֿון דער פֿאַראַטי-
שער פֿילאָזאָפֿיע.

פֿון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט באַדייט אַנאַקסאַגאָראַסעס
שטאָפֿלערע אַ מערקווירדיקן רעגרעס. זי טיילט מיט דער עלע-
אַטישער אָנטאָלאָגיע, אויף וועלכער זי באַזירט, דעם גלייכן
פֿאַלשן אויספֿיר: היות פֿון נישט-עקזיסטירנדיקס קען קיינמאָל
נישט ווערן עקזיסטירנדיקס, קען דעריבער פֿון אַזאַ-און-אַזאַ
עקזיסטירנדיקן נישט ווערן קיין אַזאַ-און-אַזאַ אַ נ ד ע ר ש
עקזיסטירנדיקס. אָבער היות ער אָנערקענט אַלס לחלוטין ווירק-
לעך די פֿילקייט און די באַוועגונג פֿון די זאַכן, און פֿון דער
אַנדערער זייט איז פֿאַר אים eo ipso זיכער די קוואַליטאַטיווע
אמתדיקייט פֿון די חושים-איינדרוקן און ער באַזיצט נאָך קיין
שום ידיעות נישט וועגן דער כעמישער אומוואַנדלונג פֿון די
שטאָפֿן, — איז ער געצוווּנגען אָנצונעמען אומצאָליקע קוואַלי-
טאַטיוו-פֿאַרשיידענע עקזיסטירנדיקע, ד. ה. אומצאָליקע פֿאַרשיידענע
גרונדשטאָפֿן — פּונקט אַזאַ מעכטיקער רעגרעס לגבי דעם מאָ-
ניזם פֿון די עלטערע יאָניער, ווי דערדאָזיקער איז געווען אַ
קינדיש-געניאַלע פֿאָרויסאָנונג פֿון די מאָדערנסטע כעמישע טע-
אָריעס. אָבער די לערע וועגן דער מישונג אין אומענדלעכקייט
אַריין איז נישט מער ווי איינע פֿון יענע ביז צום עקסטרעם
געפֿירטע פֿאַראַלגעמיינערונגען, מיט וועלכע די יוגנטגעשיכטע
פֿון דער גריכישער וויסנשאַפֿט איז אַזוי רייך. בעת אַנאַקסאַגאָ-
ראַס האָט אויפֿן גרונד פֿון דער דערפֿאַרונג בלויז געדאַרפֿט

קומען צום אויספיר, אַז אַסך איז אַנטהאַלטן אין אַסך אָבער נישט אַז אַלץ אין אַלעם, האָט ער מיט זיין דאָזיקן אויספיר כּחלוטין פאַרלאָזן דעם עמפּירישן באָדן, וואָס זיינע פאַקטן האָבן אים גאָרנישט באַרעכטיקט דערצו.

## II. דער באַוועגנדיסער פּרינציפּ

אויך אַנאַקסאַגאָראַס, וואָס די אומענדלעכע שטאָפן זענען פאַר אים אומפאַרענדערלעך לויט זייער אַרט און צאָל, אָבער דערביי ספקט ער אויך נישט אין דער פילקייט און אין דער באַוועגונג פון די זאַכן, מוז אָננעמען אַ באַוועגונגס-פּרינציפּ, וואָס איז אָפּגעזונדערט פונם שטאָף. אָבער זיין ענטפער קלינגט אַנדערש ווי עמפּעדאָקלעסעס. אויב יענעמס פּרינציפּן „ליבע" און „קאַמף" זענען נאָך געווען האַלב מיסטיש-פּאָעטישע, כּמעט מיסטישע כּוחות, גייט אַרויס דער ניכטערער יאָנישער דענקער ביים ווייזן זיין וועלטפּרינציפּ פון ריין-פאַרשטאַנדיקע מאָמענטן. די וועלט, וואָס רינגלט אונדז אַרום, בפרט דער אויסגעשטערנטער הימל, וואָס בילדעט אייגנטלעך דעם לייטמאָטיוו פון דעם קלאַצאָמעניערס פאָרשונג, ווייזט אַרויס אַ פּלאַנמעסיקע אָרדנונג, אַן אומדערשיטערלעכע געזעצמעסיקייט. זי איז אַ ק אָ ס מ אָ ס. דעמדאָזיקן פונדאַמענטאַלן אמת האָט שוין דערקענט אַנאַקסימאַנדראַס; אויפן גרונט פון דער זייט דאַן פאָרגעקומענער פילאָזאָפישער אַנטוויקלונג ציט אַנאַקסאַגאָראַס קאָנסעקווענצן פון דאָזיקן אמת. דאָס וואָרט „קאָסמאָס" באַצייכנט אַ צוועקמעסיק-איינגעאָרדנטעס גאַנצעס, ווייל אַן אָרדנונג אָן אַ צוועק איז זיך נישט מעגלעך פאָרצושטעלן. אָבער צוועקמעסיק-איינגעאָרדנטע זאַכן קענען שטאַמען בלויז פון אַ שעפער, וואָס האַנדלט לויט באַוואוסטע צוועקן. אַלס אַזאַ שעפער האָט אַנאַקסאַגאָראַס דערקענט — ווי מיר, מענטשן, בכלל, אויפן גרונט פון אונדזער אינערלכער דערפאַרונג — בלויז דעם ד ע נ ק נ ד י ק ן ג יי ס ט, ווי ער אַנטפּלעקט זיך אין אונדז גופא. און לויטן מוסטער פון גייסט, וועלכן ער באַטראַכט אַלס דעם ווירקנדיקן

פּרינציפּ אין אונז, שטעלט ער זיך פֿאָר אויך דעם העלשנדיקן פּרינציפּ אין מאַקראָקאָסמאָס. אויך אין וועלטאַל איז דער גייסט דער פּרינציפּ פֿון דער אָרדנונג.

עס איז קיין ספק נישט, אַז צום דאָזיקן באַדייטנדיקן אויספֿיר האָט געפֿירט דעם קלאַצאָמעניער די אויספֿאָרשונג פֿון געשטערנטן הימל. אויך אַ שטעלע פֿון באַרימטן 12-טן פּראַגמענט לאָזט עס דייטלעך דערקענען: „אַלץ האָט דער גייסט דערקענט. און פֿון וועלכער אַרט עס זאָל זיין און ווי עס איז געווען דאָס, וואָס איז שוין איצט נישטאָ, דאָס אַלץ האָט איינגעאָרדנט דער גייסט, אויך דידאָזיקע קרייזונג, וועלכע עס פֿירן איצט אויס די הימלקערפּערס און די זון און די לבנה.

ווען דער גייסט זאָל, לויט אַנאַקסאַגאָראַסעס אויפֿפֿאַסונג, זיין נישט מער ווי די ריינע דענק־פֿעאיקייט, וואָלט ער, אַלס וועלט־פּרינציפּ, נישט גענוג געווען אויף צו דערקלערן דעם גאַנצן וועלט־געשעען. וואָרום פֿונוואַנעט נעמט זיך די באַוועגונג און די דורך איר אַרויסגערופֿענע פֿאַרענדערונג פֿון די זאַכן? אַנאַקסאַגאָראַס אידענטיפֿיצירט אָבער אומבאַוווּסטזיניק צוויי פֿאַרשיידענע פֿאַקטאָרן: ער אידענטיפֿיצירט דעם גייסט אַלס דענקפֿעאיקייט מיטן לעבנספּרינציפּ אַלס אַ צו מעשים פֿעאיקן ווילן און אַזוי אַרום איז פֿאַר אים דער גייסט, דורך וועלכן מיר דענקען גלייכצייטיק אויך די אורסיבה פֿון אַלע אונזערע באַוועגונגען. אָבער אַזוי ווי דענקען, ד. ה. דערקענען און פֿון דער אַנדערער זייט באַוועגונג קומען אים פֿאָר ווי די צוויי גרונדפֿאַקטאָרן פֿון מענטשלעכן גייסט, שרייבט ער דידאָזיקע אויך צו דעם גייסט אַלס וועלטפּרינציפּ. דעם וועזן און די באַדייטונג פֿון זיין דאָזיקן פּרינציפּ, אַרום וועלכן מ׳האָט אַזויפֿיל געקעמפֿט, דערקענט מען אַמבעסטן דורך די פּרעדיקאַטן, וועלכע אַנאַקסאַגאָראַס גיט אים, און דורך די ווירקונגען, וועלכע ער שרייבט אים צו. די דענקפֿעאיקייט (דער „נוס”) איז איינפֿאַך, ד. ה. ער איז נישט צוזאַמענגעשטעלט פֿון פֿאַרשיידענע טיילן אָדער שטאָפֿן; ער איז ריין, ד. ה. מיט קיין שום אַנדערעס נישט פֿאַרמישט, „אַליין, פֿאַר זיך אַליין, ווייל ווען ער זאָל

נישט זיין מיט זיך אַליין, נאָר פאַרמישט מיט וואָס נישט איז אַנדערעס, וואָלט ער געהאַט אַ חלק אין אַלע זאַכן... און דאָס מיט אים פאַרמישטע וואָלט בלויז געשטערט, אַזוי אַז ער וואָלט אויף קיין איין זאַך נישט געהערשט אויפן זעלבן אופן ווי דאַן, ווען ער וואָלט געווען פאַר זיך אַליין" (פראַג. 12). דער גייסט איז בכלל „דאָס פיינסטע און ריינסטע פון אַלע זאַכן". פונקט אַזוי ווי ער איז אומפאַרמישט, ווערט ער אויך נישט מושפּע פון קיין שום זאַך אויסער אים, ער איז בכלל פולקאָם אומפאַרענדערלעך.

שוין דערפון דרינגט אַרויס, אַז אַנאַקסאַגאָראַס וויל באַצייכענען דעם גייסט אַלס עפעס אומפאַרגלייכלעכעס. אמת, אייניקע פון זיינע מיינונגען קלינגען אַזוי, ריכטיק ווי דער „נוס" וואָלט געווען אַ גאַנץ באַזונדערע סובסטאַנץ. ווייל אַנאַקסאַגאָראַסעס „גייסט" אַנטהאַלט נאָך אייניקע „קערפּערלעכע" סימנים, אַזוי, למשל, ווען עס ווערט מערערע מאָל באַטאָנט, אַז ער איז מיט קיין שום זאַך אויף דער וועלט נישט פאַרמישט אָדער, אַז ער איז די פיינסטע און ריינסטע פון אַלע זאַכן. אָבער פונדעסטוועגן איז ביי אַנאַקסאַגאָראַסן אַזוי בולט די טענדענץ צו דער ריינער גייסטיקייט פון באַגריף, אַז מ'האָט זי קיינמאָל נישט געטאָרט אַרויסלאָזן פון אויג. אויף דעם זאָגן שוין עדות זיינע פּרעדיקאַטן, וואָס ווילן פאָרשטעלן דעם „נוס" אַלס עפעס, וואָס איז וועזנטלעך פאַרשיידן פון אַלעם אַנדערן אויף דער וועלט. אָבער אַנטשיידנדיק איז פאָלגנדעס: די עיקרדיקע אייגנשאַפט פון „נוס" איז דאָס דערקענען, ד. ה. גראָד די פעאיקייט, וואָס איז אייגן דעם גייסט און נאָר אים. אַזוי, למשל, ווערט געזאָגט אין פראַגמענט 12: „ער האָט פון יעדע זאַך יעדע ידיעה". „אַלץ, וואָס האָט זיך אויסגעמישט, אָפּגעזונדערט און אָפּגעשיידט פונאַנאַנדער, אַלץ האָט דער גייסט דערקענט".

דער „נוס" איז אַזוי אַרום אַלוויסנדיק. און אויף זיין דערקענטעניש איז געגרינדעט זיין פעאיקייט צו אָרדנען די זאַכן ביים אַנטשטיין פון דער וועלט. אַז דאָס דערקענען איז באמת

די גרונדאײגנשאַפט פון זײן װעלטפּרינציפּ, באַװײזט ענדל אַנאַקסאַגאָראַס אַלײן דורך אױסװײלן פאַר דעמדאָזיקן פּרינציפּ זײן װאָרט „נוס", אַ װאָרט, װאָס באַצײכנט פּשוט די דענקפעאיקײט, שױן צוזאַמען מיט דער כּװנה, װי דאָס איז שױן צו דערקענען פון דעם האָמערישן שפּראַך-געברױך. עס באַצײכנט, הײסט עס, אַ רײן-גײסטיקע טעטיקײט. מיטן דאָזיקן אײנערסטן װעזן פון „נוס" הענגט אױך צוזאַמען דאָס, װאָס ער באַזיצט די הערשאַפט איבער אַלץ, װאָס האָט אַ נשמה. אַזױ אַרום איז צו זען, אַז דורכן װאָרט „נוס" — װעגן דעם קען פאַרן קעגער פון זײנע פראַגמענטן קײן שום צװײפל נישט זײן — האָט אַנאַקסאַגאָראַס געװאָלט באַצײכענען זײן פּרינציפּ אַלס אַ רײן-גײסטיק (און דעריבער מיט קײן שום זאַך אױף דער װעלט נישט פאַרגלײכלעכעס) װעזן. דאָס, װאָס דאָ און דאָרט איז נאָך זײן אױסדרוק, ד. ה. זײן דענקען באַדעקט מיט אַ מאַטעריאַליסטישער שיכט, איז אַ פאַקט, װאָס האָט פאַרשײדענע סיבות: דאָ װירקט אױף אים נישט נאָר דער אײנפלוס פון זײנע יאָנישע (הילאָזאָאיסטישע) פאָרגענגער, נאָר בכלל דער אומשטאַנד, װאָס דאַן איז נאָך דער באַגריף פון אַבסאָלוט-אומקערפּערלעכן נישט אַנטדעקט געװען.

חוצדעם דאַרף נאָך גענומען װערן אין אַכט פאָלגנדיקער װעזנטלעכער מאָמענט: דער העללענער בכלל, אױך דער פילאָזאָף, אפילו אין דער צײט פון דער שפּעטער סטאָיאַ, דענקט מער אָנשױלעך („פּלאַסטיש"), בעת דער מאָדערנער מענטש, בפרט דער געלערנטער, װאָס װערט אַלץ פרעמדער צו דער נאַטור, דענקט מער באַגריפלעך (אַבסטראַקט).

פונדעסטװעגן װערט דורכדעם נישט פאַרמינערט דער אמת, אַז אַנאַקסאַגאָראַס האָט זיך געפונען אױפן ריכטיקן װעג צו אַנטדעקן די רײנע גײסטיקײט. אַלע זײנע שפּראַכלעכע אױסדרוקן שאַפן דעם בולטן אײנדרוק, אַז ער קעמפט ממש זיך צו באַפרײען פון דעם מאַטעריאַליסטישן דענק-אופן. מיר דאַרפן דעריבער באַטראַכטן אַנאַקסאַגאָראַסן אַלס דעם ערשטן דואַליסט אין דער געשיכטע פון מערב-געדאַנק,

ווען מיר לאָזן דאָ אין אַ זייט עמפּעדאָקלעסן, וועלכער האָט דער ערשטער אונטערשיידט די באַוועגנדיקע כּוחות „ליבע" און „קאַמף" (וועלכע ער האָט זיך, אמת, נאָך פאָרגעשטעלט זייער קערפּערלעך און זיי געלאָזט ווירקן ריין טריב־מעסיק) פון אומבאַוועגטן שטאָף. אַנאַקסאַגאָראַסעס „נוס"־לערע איז באמת דער פּונקט „אויף וועלכן דער רעאַליזם פון דער עלטערער נאַטור־פילאָזאָפיע שפּרייזט אַריבער איבער זיך אַליין".

פּונקט ווי דער גייסט איז „אַליין, פאַר זיך אַליין", אַזוי איז ער אויך אַ „זעלבסטהערלעך" וועזן, ד. ה. ער האָט זיין מאַכט פון זיך אַליין. און אזוי ווי אַלדאָס נשמהדיקע איז מיט אים פאַרקרובהט, הערשט ער דעריבער איבער אַלץ, וואָס האָט אַ נשמה. ער הערשט אין אַלע לעבעדיקע וועזנס, גרויסע ווי קליינע, איידעלע און געמיינערע. אָבער ער הערשט נישט נאָר אין דער ממשלה פון נשמהדיקן; ער האָט די אַנטשיידנדיקע מאַכט אויך אין דער ממשלה פון פיזישן. ער איז דאָך די ערשטע באַוועגנדיקע קראַפט, וואָס גיט דעם ערשטן שטויס צו דער וועלט־אַנטשטייונג. דער גייסט איז נישט נאָר אַלוויסנדיק, ער איז אויך אַלמעכטיק, אייביק און אַלאָנוועזנדיק.

אָבער אין וועזן פון אַנאַקסאַגאָרישן גייסט זענען נאָך דאָ פונדעסטוועגן טונקעלע פּונקטן. ווען ער זאָגט, אַז דער גייסט איז דאָ אין אַלע לעבעדיקע וועזנס, סיי גרויסע, סיי קליינע, איידעלע ווי געמיינע, איז שווער צו זאָגן, ווי אַזוי קען דאָ אויפגעהיטן ווערן די איינהייטלעכקייט (ווי בכלל די פּערזענלעכקייט) פון גייסט. און פון דער צווייטער זייט פעלט דאָ, ווי אַריסטאָטעלעס האָט דאָס שוין באַטאָנט, אַ קלאָרע אונטערשיידונג צווישן גייסט און נשמה.

דער גייסט איז דעריעניקער, וואָס גיט דעם אַנטשיידנדיקן שטויס צו דער וועלט־אַנטשטייונג. „אויך איבער דער גאַנצער קרייזבאַוועגונג האָט דער גייסט געהאַט די מאַכט. און צוערשט האָט דידאָזיקע קרייזבאַוועגונג זיך אָנגעהויבן פון אַ געוויסן קליינעם פּונקט; זי פאַרכאַפּט אָבער אַלץ אַ ברייטערן שטח און וועט זיך נאָך אויך ווייטער פאַרשפּרייטן". פּונקט ווי־

דער גייסט אָרדנט אַלץ איין אין דער פאַרגאַנגענהייט, קעגנ־וואַרט און צוקונפט, אַזוי איז ער אויך דער אַרויסרופער „פון דערדאָזיקער קרייזבאַוועגונג, וועלכע עס פירן איצט אויס די שטערן, די זון און די לבנה, דער עטער און די לופט בײַ זייער אויסשיידונג; ווייל טאַקע דידאָזיקע קרייזבאַוועגונג האָט אַרויסגערופן די אויסשיידונג [פון די שטאָפן]" (פראַג. 12).

נאָך דעם אַלעם דאַרף מען אָפּוואַרטן מיט שפּאַנונג, ווי אַזוי דער אַנטדעקער פון „נוס" האָט זיך פאָרגעשטעלט די ווייטערע אַנטוויקלונג פון דעמדאָזיקן קאָסמאָס. אָבער דאָ דער־וואַרט אונז אַ שווערע אַנטוישונג, וועלכע עס האָבן שוין גע־מוזט איבערלעבן, צו זייער גרויסן עגמת נפש, די גרעסטע גריכישע דענקער פון דער שפּעטערדיקער צייט. אַזוי שטעלט פעסט אַריסטאָטעלעס לויט סאָקראַטן און פּלאַטאָנען: „אַנאַקסאַ־גאָראַס באַנוצט דעם גייסט אַלס deus ex machina פאַר דער וועלטבילדונג, און ווען ער ווייס נישט, צוליב וועלכן גרונד עפּעס איז נויטווענדיקערהייד אַזוי [ווי עס איז,] שלעפּט ער צו הילף דעם גייסט; אָבער געוויינלעך נעמט ער גיכער אָן אַלעס אַנדערע אַלס די סיבה פון הועלטגעשעען, איידער דעם גייסט", ד. ה. ער דערקלערט עס דורך ריין־פיזיקאַליש־מעכאַ־נישע סיבות, נישט אָנגעבנדיק אַפילו, ווי אַריסטאָטעלעס שי־לער אוידעמאָס וואַרפט אים פאָר, צוליב וועלכער סיבה דער גייסט האָט גלייך ווידער אָפּגעשטעלט אינגאַנצן זיין טעטיקייט, פונקט ווי ער האָט אויך נישט אָנגעגעבן קיין סיבה, פאַרוואָס דער גייסט האָט אין איין שיינעם טאָג געגעבן דעם ערשטן שטויס צו דער אַנטשטייונג פון דער וועלט, נאָכדעם ווי ער איז אַן אומענדלעכע צייט פאַרבליבן אין רו־צושטאַנד. אַנאַקסאַ־גאָראַס האָט נאָך, ווייזט אויס, לגמרי נישט איינגעזען די סתירה, וואָס עס אַנטהאַלט די הנחה פון אַ וועלטאַנטשטייונג אין דער צייט, בעת מ'נעמט אָן די אייביקייט פון גייסט און פון די שטאָפן.

אַזוי אַרום זעען מיר, אַז דער אַנטדעקער פון אַ טיפער אידייע, וואָס באַדייט דעם ערשטן זיכערן טריט צו אַ טעלעאָלאָ־

גישער וועלטאָנשויונג, בלייבט שטיין ביים דאָזיקן ערשטן טריט און קערט זיך גלייך ווידער אום צו אַ ריין-מעכאַניסטישער נאַטוראויפפאַסונג. אויף דעם ערשטן בליק איז דערדאָזיקער פאַקט זייער פאַרוואונדערלעך. אָבער האָבנדיק וועגן אים אַזעל-כע אומצווייפלדייטיקע גביות-עדות, ווי פּלאַטאָן און אַריסטאָטע-לעס, איז נישטאָ קיין מינדסטער ספק אין זיין ריכטיקייט. אַזוי ווי מיר באַזיצן פון אַנאַקסאַגאָראַסעס ווערק בלויז איינצל-נע פראַגמענטן, קענען מיר דערקלערן דעמדאָזיקן פאַקט בלויז דורך השערות.

די געשיכטע פון דער אַלטער פילאָזאָפיע ווייזט אונז, אַז די ערשטע באַגרינדער פון אַ אָנשויונג ציען אָפט נישט אַרויס אַלע קאָנסעקווענצן, וועלכע זי אַנטהאַלט אין זיך. על כן: אַנאַקסאַגאָראַס, וועלכער האָט אָנגענומען (אונטער דעם איינפלוס פון די עלעאַטן) אַן אומגעשאַפענע, אומבאַוועגטע מאַטעריע, האָט בשום אופן זיך נישט געקענט דערקלערן, וואָס עס האָט איר געגעבן דעם שטויס צו באַוועגונג און וואָס עס האָט אַריינגעבראַכט דידאָזיקע פּלאַנפולע אָרדענונג אין אור-שפּרינגלעכן כאַאָס. די מאָטיוון, וועלכע האָבן אים געבראַכט דערצו, ער זאָל אָננעמען דעם גייסט אַלס וועלטפּרינציפּ, זע-נען שוין אויבן געשילדערט געוואָרן. אָבער ווי נאָר די פראַ-גע וועגן א ו ר ש פּ ר ו נ ג פון דאָזיקן קאָסמאָס איז געווען פאַרענטפערט, האָט זיך שוין אַלדאָס איבעריקע (אַזוי האָט ער געגלויבט) געלאָזט דערקלערן אויף אַ ריין-מעכאַנישן וועג. אמת, אין דער אָרגאַנישער נאַטור, בפרט ביי דעם דאַמאָלטיקן שטאַנד פון דער פיזיאָלאָגיע, וואָלט דאָס פאַרשאַפט גרויסע שוועריקייטן. אָבער גראָד דאָסדאָזיקע געביט איז געווען גאַנץ ווייט פון קלאַצאָמעניער. די קאָנסעקווענצן, וועלכע עס האָט געמוזט ברענגען מיט זיך די הנחה וועגן גייסט אַלס וועלט-פּרינציפּ, האָט ער דעריבער געלאָזט אין אַ זייט, באַזונדערס פאַר דער אָרגאַנישער וועלט. דעריבער געפינען מיר נישט ביי אים קיין שפּור פון אַ טעלעאָלאָגישער נאַטורדערקלערונג אין די פּרטים. דער השגחה-גלויבן פון דער שפּעטערער גריכישער פאָ-

פאָלאַרפּילאָזאָפיע, ווי מיר טרעפן אים צוערשט אין קסענאָפאָנס „מעמאָראַבּיליען" אַלס סאָקראַטיש און דערנאָך אין דער וועלט־אָנשויונג פון דער סטאָאַ (און במילא פון אַלטן קריסטנטום), איז נאָך לחלוטין פרעמד דעם באַגרינדער פון דער „נוס"־לערע.— פונדעסטוועגן בלייבט אַנאַקסאַגאָראַסעס אומפאַרגעסלעכער פאַרדינסט, וואָס ער האָט צום ערשטן מאָל פּרינציפּיעל אונטערשיידט גייסט און מאַטעריע, באַלעבטע און אומבאַלעבטע נאַטור, וואָס ער האָט שאַרף באַטאָנט די זעלבשטענדיקייט פון גייסט לגבי דעם שטאָפלעכן.

דידאַקטיקע לערע וועגן „גייסט", וואָס איז אומגעשאַפן, וואָס ווערט פון קיין זאַך אין דער וועלט נישט באַאיינפלוסט, וואָס איז אָפּגעשיידט פון אַלע אַנדערע זאַכן, וואָס האָט יעדע ידיעה וועגן יעדער זאַך, וואָס האָט די גאַנצע מאַכט אין הימל און אויף דער ערד בלויז פון זיך אַליין, וואָס הערשט איבער אַלץ, וואָס האָט אַ נשמה, סיי אַ גרויסע, סיי אַ קליינע, וואָס האָט אויך אין מאַקראָקאָסמאָס אַלץ איינגעאָרדנט שיין און קלוג — דידאַקטיקע דערהויבענע אָנשויונג איז און בלייבט (נישט געקוקט אויף אירע אַלע שוואַכע פונקטן אין די פּרטים) אַ גרויסאַרטיקע קאָנצעפּציע, וואָס האָט געמאַכט אַ טיפן איינדרוק אַפילו אויף די גרעסטע שפּעטערע דענקער, אויף סאָקראַטן, פּלאַטאָנען און אַריסטאָטעלעסן. הגם דידאַקטיקע האָבן קלאָר איינגעזען און שאַרף קריטיקירט די שוואַכע פונקטן פון דער נוס־לערע, האָט זי דאָך דויערנדיק באַאיינפלוסט זייער אייגענעם דענקען.

* *
*

פאַרגלייכט מען אַנאַקסאַגאָראַסעס קאָסמאָגאָניע מיט דער קאָסמאָגאָניע פון זיינע פאָרגענגער און צייטחברים, האָט זי אויפצווייזן וויכטיקע אינטערעסאַנטעס. אורשפּרינגלעך, ד. ה. פאַר דער אַנטשטייונג פון דער וועלט, זענען אַלע שטאָפן געווען צוזאמען, ד. ה. עס האָט עקזיסטירט אַן אַלגעמיינע מישונג פון די אום־

צייליקע, אומענדלעך-קליינע טיילכלעך פון די אומצייליקע שטאָפן. דעריבער האָט מען קיין שום איינצלנעס נישט געקענט דער-קענען דייטלעך צוליב זיין קליינקייק, און מ'האָט אויך נישט געקענט אונטערשיידן קיין שום פאַרב. אין דער צייט, וואָס אַנאַקסימאַנדראָסעס „אומענדלעכע" איז געווען אַ קוואַליטאַטיוו-איינהייטלעכע, אין אַלעם איבעריקן אָבער אַן אומבאַשטימטע מאַסע, אַנטהאַלט שוין אַנאַקסאַגאָראַסעס אורמישונג אַלע עמפּי-רישע שטאָפן אין זייער קוואַליטאַטיווער באַשטימטקייט, הגם אין אומזעבאַרע קליינע טיילכלעך. און בעת אַנאַקסימאַנדראָס נעמט אָן, אַדאַנק זיין פּרינציפּ, אומצייליקע וועלטן, קען דער אַנט-דעקער פון „נוס" אלס באַוועגנדיקע סיבה, אָננעמען בלויז איין איינציקע וועלט.

אין דערדאָזיקער אורמישונג איז אונטער דער ווירקונג פון שטויס, וואָס איז געקומען פון גייסט, אַנטשטאַנען אַ קרייז-אַרטיקע באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין אַ באַשטימטן פּונקט און זיך אַלץ מער און מער פאַרשפּרייט און וועט זיך נאָך אַלץ מער און מער פאַרשפּרייטן. ווייל די אויסשיידונג פון דער אומענדלעכער שטאָפּמאַסע איז לחלוטין נאָך נישט אָפּגע-שלאָסן דורך דער קאָסמאָגאָניע. דידאָזיקע קרייזאַרטיקע באַ-וועגונג, וואָס איז געקומען פון גייסט, האָט אַרויסגערופן די אויסשיידונג פון די איינצלנע שטאָפן, דערביי האָט זיך דאָס גלייכע באַהעפט מיט גלייכן. (דאָ ווירקט, זעט אויס, אַן עמ-פּעדאָקלישע אָנשויונג.) אַזוי אַרום זעען מיר, אַז די קאָסמאָ-גאָניע באַזירט אויך ביי אַנאַקסאַגאָראַסן נישט נאָר אויף דער אויסטיילונג פון דעם פאַרשידנאַרטיקן. נאָר דערדאָזיקער גייט פאָרויס — אין געוויסע גרענעצן — די פאַרייניקונג פון גלייכן. אויף ווייטערדיקע איינצלהייטן פון זיין קאָסמאָגאָניע קענען מיר זיך דאָ נישט אָפּשטעלן.

אַנאַקסאַגאָראַסעס היסטאָרישע שטעלונג אין דער אַנט-וויקלונג פון דער גריכישער וויסנשאַפט לאָזט זיך קורץ כאַ-ראַקטעריזירן אויפן פאָלגנדיקן אופן: פון איין זייט לאָזן זיך מערקן אין אים מאָטעבנדיקע איינפלוסן פון דער פּאַרמענידי-

שער אָנטאָלאָגיע און דער זענאָנישער דיאַלעקטיק (באַזונדערס פון אומענדלעכקייטסבאַגריף), און פון דער צווייטער זייט פאַרנעמט ער מיט זיין דענקען דעם מיטלפּלאַץ צווישן עמפּעדאָקלעסן און לויקיפּאָסן. ווייל אין קיין אָרט געפינט מען נישט ביי אים קיין רמז אויף דער אַטאָמלערע, בעת די איינפלוסן פון עמפּעדאָקלעסעס הויפּטווערק אויף אים שטייען דאָ און דאָרט מחוץ פון יעדן ספק. אין זיין ספּעציעלער פיזיק לאָזט זיך ממש בולט אָנטאַפּן דער איינפלוס פון די מילעזיער, קודם כל פון אַנאַקסימענעסן, בעת מ׳געפינט נישט ביי אים קיין שפור, וואָס זאָל עדות זאָגן וועגן זיין באַקאַנטשאַפט מיט די פּיטאַגאָר׳עישע לערעס. אָבער אין זיין אָנשויונג וועגן גייסט איז ער אַזוי אָריגינעל, ווי דאָס איז נאָר מעגלעך פאַר אַ דענקער, וועלכער איז געשטאַנען אין אַ גרויסן געשיכטלעכן צוזאַמענהאַנג.

## 3. לויקיפּאָס

וועגן לויקיפּאָסעס פּערזאָן ווייסן מיר נאָר דאָס, אַז אין צווייטן דריטל פון 5-טן יאָרהונדערט האָט ער אויסגעוואַנדערט פון זיין היימלאַנד מילעט אין דער אונטעראיטאַלישער עלעאַ, ווו ער איז געוואָרן זענאָנס תּלמיד, און אַז שפּעטער, געוויס ערשט נאָך 450, האָט ער געגרינדעט אַן אייגענע „שולע“ אין דער טראַקישער אַבדעראַ, ווו דעמאָקריט איז געוואָרן זיין גרעסטער תּלמיד.

לויקיפּאָסעס שריפטן זענען שוין גאַנץ פרי פאַרייניקט געוואָרן מיט די אַ סך צאָלרייכערע שריפטן פון דעמאָקריטן אין איין „Corpus“ און דעריבער, ווען זייערע טיטלען (אָדער זייערע אַריינפירונגען) זענען שפּעטער פאַרלאָרן געגאַנגען, האָט מען זיי מער נישט געקענט אָפּטיילן פון דעמאָקריטס, אַזוי אַז שוין עפּיקור (געב. 341) האָט געספקט אין דער היסטאָרישער עקזיסטענץ פון אַ לויקיפּאָס. אָבער אַריסטאָטעלעס און טעאָפראַסט ציטירן אים, אָפטמאָל אויך צוזאַמען מיט דעמאָקריטן,

וועלכן אַריסטאָטעלעס באַצייכנט איינמאָל גאַנץ פּשוט אַלס לוי־
קיפּאָסעס אַ תּלמיד. טעאָפראַסט האָט אויך „די גרויסע וועלט־
אָרדנונג״ אויסדריקלעך דערקלערט אַלס לויקיפּאָסעס אַ ווערק.
אַזוי אַרום זעען מיר, אַז אַריסטאָטעלעס און טעאָפראַסט, די־
דאָזיקע צוויי ערשטראַנגיקע קענער, — קעגן וועלכע עס האָט
קיין שום ממשות נישט די לייכטזיניקע פּלוידעריי פון אַ
עפּיקור, — האָבן נאָך מיט זיכערקייט געקענט אונטערשיידן
די שריפטן פון די צוויי „אַבדעריטן״. אַזוי אַרום איז לויקיפּאָ־
סעס היסטאָרישע עקזיסטענץ פולשטענדיק זיכער; נאָך די אויס־
פירן פון צעללער און דילס קען מער קיין רייד נישט זיין וועגן
אַ „לויקיפּאָס־פראַגע״!

דער דריטער פון די גרויסע דענקער, וועלכער האָט פּרו־
בירט ברענגען אין האַרמאָניע די פּאַרמענידישע אָנטאָלאָגיע
מיט העראַקליטס לערע וועגן שטראָם פון אַלע זאַכן ווי אויך
מיט די רעזולטאַטן פון דער אַלגעמיינער חושים־עמפּינדונג, איז
לויקיפּאָס פון מילעט. אויך לויקיפּאָס האַלט צוזאַמען מיט זיין
לערער זענאָן, אַז דאָס עקזיסטירנדיקע מוז זיין אומגעשאַפן,
אומפאַרענדערלעך, אומפאַרגענגלעך. אָבער פונקט אַזוי זיכער
איז פאַר אים די פילקייט און די באַוועגונג פון די זאַכן. דע־
ריבער מוז אויך לויקיפּאָס אָנערקענען די פילקייט פון די זאַכן,
וועלכע די עלעאַטן האָבן געלייקנט צוליבן מאָטיוו, וואָס עס
איז נישטאָ עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל זיי צעשיידן, ווייל אַלץ איז
דאָך פול מיטן עקזיסטירנדיקן. צוליבן זעלבן מאָטיוו האָבן זיי
אויך געלייקנט יעדע מעגלעכקייט פון באַוועגונג. זיי האָבן אַנט־
שידן געלייקנט אין דער עקזיסטענץ פונם „פוסטן״, וועלכעס
האָט פאַר זיי באַדייט דאָסזעלבע ווי דאָס „נישט־עקזיסטירנדיקע״.

לויקיפּאָס האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז אָן „פוסטן״
איז נישט מעגלעך נישט קיין באַוועגונג, נישט קיין פילקייט,
און דעריבער מאַכט ער דעם אַנטשיידנדיקן טריט, און נעמט
אָן די ווירקלעכקייט פון פוסטן; ער האָט דעם מוט צו דער־
קלערן, אַז דאָס נישט־עקזיסטירנדיקע, ד. ה. דער פוסטער רוים,
עקזיסטירט פונקט אַזוי ווי דאָס עקזיסטירנדיקע (ווייל לויקיפּאָס

באַצייכנט דאָס „פּוסטע" אַלס דאָס „נישט-עקזיסטירנדיקע" און שטעלט עס אַוועק אין קעגנזאַץ צום „פולן", ד. ה. דאָס קערפּערלעכע, וועלכעס איז דאָס עקזיסטירנדיקע אין אייגנטלעכן זין פון וואָרט). דאָס „פולע" און דאָס „פּוסטע" זענען אַזוי אַרום בכלל די גרונדיסודות פון דער וועלט. אָבער וואָס אַזוינס איז דאָס פולע?

עמפּעדאָקלעס, וואָס זיין טיפער איינפלוס אויף לויקיפּאָסעס דענקען איז לעצטנס איבערצייגנדיק אויפגעוויזן געוואָרן, האָט שוין געהאַט אָנגענומען די עקזיסטענץ פון קלענסטע עלעמענטן-טיילכלעך, וואָס ליגן איינס לעבן אַנדערן אין אומזעבאַר-קליינע פּיצלעך און בילדן אַזוי אַרום די זעבאַרע וועלט. אָבער ווי ס'ווייזט אויס, האָט ערשט זענאָנס „דיכאָטאָמיע" פון געגנשטאַנדן, דאָס הייסט די ביז אין אומענדלעכקייט אַריין מעגלעכע צווייטיילונג פון די קערפּערס (וואָס דאָס שטעלט בכלל אונטער אַ פראַגע-צייכן די גאַנצע קערפּערוועלט) האָט אַרויסגעפירט לויקיפּאָסן אויפן צווייטן פונדאַמענטאַלן באַגריף פון זיין פילאָזאָפיע. ווייל דורכדענקענדיק די שטאָפּפּראָבלעם קומט ער, אין דירעקטן קעגנזאַץ צו זיין לערער זענאָן, צום אויספיר, אַז עס מוזן עקזיסטירן געוויסע פעסטע, ווייטער נישט-טיילבאַרע אורטיילכלעך פון די קערפּערס. ווייל ווען מען לאָזט צו דעם געדאַנק, אַז די געגנשטאַנדן קענען געטיילט ווערן אָן אַ סוף, מוז מען אויך אָננעמען, אַז זיי אַנטהאַלטן אָן אַ סוף קלענסטע אויסגעהוילטקייטן, ווייל אָן „פּוסטעס" אין די קערפּערס לאָזט זיך נישט פאָרשטעלן זייער צעטיילבאַרקייט. הייסט עס, אַז ווען עס זאָל מעגלעך זיין אַזאַ אומענדלעכע געטיילטקייט פון די שטאָפן, ווי דאָס וויל האָבן זענאָן, וואָלטן אַלע זעבאַרע זאַכן געמוזט באַשטיין אויסשליסלעך פון לעבנאַנאַנדערליגנדיקע „פּוסטקייטן" (אויסגעהוילטקייטן), אַזוי אַז אויסער זיי וואָלט בכלל קיין זאַך נישט עקזיסטירט, אַלץ וואָלט געווען פּוסט פון סובסטאַנץ. אַזוי אַרום שטעלט זיך אַרויס, אַז זענאָנס (מאַטעמאַטיש געמיינטע) דיכאָטאָמיע פון די געגנשטאַנדן לאָזט זיך אין דערווירקלעכקייט, ד. ה. פיזיקאַליש גאָרנישט דורכ-

פירן. אדרבה, די טייֿלכלעך מאַטעריע, וואָס אַדאַנק זיי באַקו-
מען די קערפּערס זייער מאַסע, מוזן לגמרי פריי זיין פון
וועלכע-נישט-איז „אויסגעהוילטקייטן“, זיי מוזן זיין „פול“ און
במילא ווייטער נישט טייֿלבאַר, זיי מוזן זיין „אַטאָמען“ 1), און
בכלל לחלוטין אומפאַרענדערלעך. פון אַזעלכע אומזעבאַר-קלײנע,
ווייטער נישט-טייֿלבאַרע שטאָפּטייֿלכלעך באַשטייען דעריבער
אַלע זעבאַרע קערפּערס, וואָס האָבן פון זייער זייט צווישן זייערע
דאָזיקע אורבאַשטאַנדטייֿלן, די אַטאָמען, מער אָדער ווייניקער
„פּוסטקייטן“ (אויסגעהוילטקייטן).

די אומצייליקע אַטאָמען, פון וועלכע עס איז אויסגע-
בויט די דאָזיקע זעבאַרע וועלט, אונטערשיידן זיך דורך זייער
געשטאַלט, לאַגע און אָרדנונג. אַריסטאָטעלעס קלערט עס אויף
אויף זייער אַ פיינעם אופן: אַ A אונטערשיידט זיך פון אַ
N דורך דער געשטאַלט, די בוכשטאַבנגרופּע AN פון דער
בוכשטאַבנגרופּע NA דורך זייער אָרדנונג, אַ I פון אַ H דורך
זיין לאַגע. אָבער אין דער צייט, וואָס די צאָל פון די בוכ-
שטאַבנפאָרמען איז באַגרעניצט, איז די פאַרשיידנאַרטיקייט פון
די אַטאָמגעשטאַלטן אומענדלעך: איינע זענען גלאַט, אַנדערע
שאָרסטקע, איינע רונד, די אַנדערע קאַנטיק, אָדער אין דער פאָרם
פון האַטשיקעס א. א. וו., א. א. וו. די דאָזיקע דריי גרונדאונ-
טערשיידן פון די אַטאָמען, וואָס זייער שטאָפלעכע סובסטאַנץ
איז ביי אַלע איין-און-דיזעלבע, איז די סיבה פון דער פאַר-
שיידנקייט פון די געגנשטאַנדן, פונקט ווי די זעלבע וואָרטעלע-
מענטן (די בוכשטאַבן) בילדן אויס „טראַגעדיע“ און „קאָמע-
דיע“. ווייל אַ חוץ דער אויסשפּרייטונג (רוימאויספילונג), ווייל
זיי זענען דאָך דאָס „פולע“, האָבן נישט די איינצלנע אַטאָמען
קיין שום אייגנשאַפט — נישט רעכענענדיק זייער פאָרם, וואָס
איז פאַרבונדן מיט זייער קערפּערלעכקייט, — וואָס זאָל קענען
אויפגענומען ווערן דורך די חושים. ווייל לויקיפּאסעס אַטאָמען זע-
נען אַ פולקאָמענע קאָפּיע פון פאַרמענידישן „עקזיסטירנדיקן“,

---

1) „אַטאָמאָס“ הייסט ווערטלעך: אומצעשניידבאַר.

מער נישט, וואָס דאָ איז עס צעשפּליטערט אין אומצייליקע אורטייל׳כלעך, כדי צו קענען דערקלערן די פילקייט פון די געגנשטאַנדן: אומגעשאַפן, אומפאַרענדערלעך, אומפאַרגענגלעך; חוצדעם האָבן זיי אָבער קיין שום אַנדער אייגנשאַפט נישט, ווי די קערפּערלעכע אויסשפּרייטונג. אַזוי אַרום איז דאָ — אויפן גרונד פון דער עלעאַטישער אָנטאָלאָגיע — צום ערשטן מאָל געפונען געוואָרן דער באַגריף פון ריינער מאַטעריע, אָן יעדער קוואַליטעט. אָבער ווען לויקיפּאָס דערקלערט אַלע פאַרשיידנ־קייטן פון די זעבאַרע זאַכן, ווי פאַרב, געשמאַק, גערוך, סטרוק־טור און אז. וו. דורך דער פאַרשיידענער פאָרם, אָרדנונג און לאַגע פון זייערע אַטאָמען, הייסט עס, אַז דאָ ווערן צום ערשטן מאָל אונטערשיידט פּרימערע און סעקונדע־רע אייגנשאַפטן פון די זאַכן, ד. ה. אַלע אייגנשאַפטן פון די זאכן (א חוץ זייער קערפּערלעכקייט), וועלכע מיר גע־מען אויף מיט אונזערע חושים, ווערן דערקלערט אַלס סוביעק־טיוו — אַן אָנשויונג, וועלכע עס האָבן שוין געטיילט, אמת, אויך פריערע דענקער, אָבער קיינמאָל האָט מען זי נאָך נישט פּרובירט באַגרייפלעך צו מאַכן. אויף אַזאַ אופן איז פון זיך אַליין אָפּגעפאַלן די פראַגע וועגן דער צאָל אורשטאָפן, וועלכע עמפּעדאָקלעס האָט באַשרענקט אויף פיר און אַנאַקסאַגאָראַס האָט געהאַלטן פאַר אומענדלעך. אַזוי אַרום איז די ערשטע פּראָב־לעם פון דער גריכישער נאַטורפילאָזאָפיע, — וועלכע די עלטסטע מילעזיער האָבן געשטעלט, — געלייזט געוואָרן דורך זייער לעצטן גרויסן שילער.

פּונקט ווי דער גאַנצער פּראָצעס פון אַנטשטיין און פאַר־גיין באַזירט אויף דער פאַרבינדונג און צעשיידונג פון די אַטאָ־מען, אַזוי דערקלערט זיך אויך די פאַרענדערונג פון איין־און־דערזעלבער זאך אויסשליסלעך מיט דער פאַרענדערטער אָרד־נונג פון זיינע אַטאָמען. אַזא מין פאַרענדערונג איז אָבער נאָר באַגרייפלעך, ווען מען נעמט אָן די עקזיסטענץ פון „פוסטן“, ווייל אָן דעם פוסטן, ד. ה. אָן די קלענסטע אויסגעהוילטקייטן אין די קערפּערס, איז אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן א בהדרגה.

דיקע אומגרופּירונג פון זייערע אַטאָמען. און פּונקט ווי דער „אונטערגאַנג" פון אַ זאַך קען דערקלערט ווערן בלויז דורכ־דעם, וואָס אין זיינע אויסגעהוילטקייטן דרינגען אַריין פרעמדע אורטיילכלעך און רייסן אויף די אורשפּרינגלעכע סטרוקטור פון זיינע אַטאָמען, אַזוי קען מען זיך אויך דאָס וואַקסן פון אָרגאַנישע וועזנס פאָרשטעלן בלויז אויף דער אַרט: אין זיי־ערע קלענסטע אויסגעהוילטקייטן דרינגען אומבאַמערקט אַריין פעסטע אורטיילכלעך, וואָס זענען קרובהש מיטן אָרגאַניזם און שפּרייטן אים אויס.

אַזוי אַרום זענען די אַטאָמען און דער פּוסטער רוים די צוויי איינציקע אורסיבות פון דער ווירקלעכקייט. אָבער נישט נאָר אין די איינצלזאַכן זענען דאָ אומצייליקע פּוסטע רוימען; אויך אונזער קאָסמאָס, ווי בכלל אַלע וועלטן, רינגלט אַרום דער פּוסטער רוים, וואָס שפּרייט זיך אויס ביז אין אין־סוף אַריין.

פּונקט ווי דאָס ווערן און די פאַרענדערונג פון די זאַכן הערט קיינמאָל נישט אויף, אַזוי געפינען זיך אויך די אַטאָמען אין אייביקער באַוועגונג. פּונקט ווי דאָס „פולע", ד. ה. דער גאַנ־צער סכום אַטאָמען איז פון אייביק אָן געווען, אַזוי איז אויך זיין באַוועגונג אָן אַ אָנהויב און אָן אַ סוף. שטאָף און באַ־וועגונג קענען נישט אָפּגעטיילט ווערן איינס פון צווייטן. די באַוועגונג פון די אַטאָמען נויטיקט זיך נישט ביי לויקיפּאָסן אין קיין ווייטערדיקער סיבה. זי איז פאַר אים זעלבסטפאַר־שטענדלעך. דאָ האָט אויף אים וואַרשיינלעך שטאַרק געווירקט די אָנשוייונג פון די אַלטע מילעזישע הילאָזאָאיסטן, מיט וועלכע ער, אַלס זון פון דער זעלבער שטאָט, האָט זיך מסתמא גע־פונען אין פערזענלעכע באַציִונגען. די דואַליסטישע פּרווון, וועלכע עס האָבן געמאַכט זיינע גרויסע צייט־חברים עמפּעדאָק־לעס און אַנאַקסאַגאָראַס, כדי צו לייזן די וועלט־פּראָבלעם, האָבן נישט באַפרידיקט זיין קילע, ניכטערע נאַטור, וועלכע האָט באַקומען די ערשטע יניקה אין מילעזישן דענקען. אויב די טעגלעכע דערפאַרונג באַווייזט, אַז דער שטאָף געפינט זיך

אין אייביקער פאַרענדערונג, ד. ה. אין באַוועגונג פון די אַטאָ־
מען, איז שוין נישט נויטיק קיין באַזונדערער פּרינציפּ, וואָס
זאָל דערקלערן די באַוועגונג פון די זאַכן. פון אַלע דריי
אָריגינעלע פּרוּוון, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן, כּדי גובר צו
זיין דעם מעטאַפיזישן גרונדקעגנזאַץ צווישן העראַקליטן און
פּאַרמענידעסן, איז לוקיפּאָסעס—דורך זיין קלאַסישער איינפאַכ־
קייט און דורכפירונג — דער געניאַלסטער.

פונקט ווי די אַטאָמען געפינען זיך פון אייביק אָן אין
באַוועגונג, אַזוי אַנטשטייען און פאַרגייען פון אייביק אָן אויך
אַלע איינצלנע וועלטן — ווייל ביי דער אומענדלעכער צאָל
אַטאָמען און דער גרענעצלאָזיקייט פון די פוסטע רוימען זע־
נען, נאַטירלעך, דאָ אומצייליקע וועלטן. די אַנטשטייונג פון
אַזאַ וועלט מוזן מיר זיך פאָרשטעלן אויף פאָלגנדיקן אופן:
פון די אומצייליקע אַטאָמען, וועלכע באַוועגן זיך אַהין און
אַהער אין דער „גרויסער פוסטקייט”, שטויסן זיך אומציי־
ליקע אָן איינע מיט די צווייטע; אַ סך שפּרינגען גלייך ווי־
דער אָפּ איינע פון די צווייטע, אָבער אַנדערע דאַקעגן, וואָס
האָבן לויט זייער געשטאַלט און לאַגע אַ געוויסע סימעטריע,
פאַרפלעכטן זיך מיטאַנאַנדער אַדאַנק אַ מין ווענז־קרובהשאַפט;
עס בילדן זיך אויס אַטאָמקאָמפּלעקסן; צוליב דעם, וואָס די־
דאָזיקע אַטאָמקאָמפּלעקסן ווערן פון פאַרשיידענע זייטן געשטויסן
דורך די אַטאָמען, רופן זיי אַרויס אַ ווירבל־באַוועגונג, וואָס
ציט אַריין אין איר רשות אַלץ מער אַטאָמען, אַזוי אַז עס
קנוילט זיך צונויף אַלץ אַ גרעסערע מאַסע. ווען די אַטאָמ־
קאָמפּלעקסן, וואָס געפינען זיך אין מיטן דער ווירבל־באַוועגונג,
קענען מער נישט אַרומקרייזן אין איר אין גלייכגעוויכט (צוליב
זייער פאַרשיידנאַרטיקייט) דאַן טיילן זיך אויס צוויי גרופּעס
(דערביי שליסט זיך אָן גלייכאַרטיקס 1) צו גלייכאַרטיקס): די פיי־
נערע אַטאָמען ווערן געשטויסן צו דער פּעריפעריע, און דאָ
פאַרבינדן זיי זיך צוזאַמען צוליב דער ווירבל־באַוועגונג און

1) דאָ קומט צום אויסדרוק דער איינפלוס פון עמפּעדאָקלעסעס אַנשויונג.

בילדן דעם הימל-געוועלב (וועלכן ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אין זער פאָרם פון אַ פולן קויק). אַנדערע מאַסן פון די זעלבע אַטאָמען, וואָס זענען האַסטיק געשטויסן געוואָרן צו דער פעריפעריע, האָבן אויסגעבילדעט די הימלקערפערס, וואָס האָבן זיך אָנגעגליט צוליב זייער וויכערדיק-שנעלער באַוועגונג. אָבער די גרעבערע און שווערערע שטאָפן האָבן זיך דערווייל אַראָפּגעלאָזן אונטן, ד. ה. צום מיטל-פונקט פון דער קויק-אַרטיקער וועלט, און צוליב דער ווירבל-באַוועגונג זיך צוזאַ-מענגעקנוילט אין אַ קויקאַרטיקער מאַסע, וואָס האָט געבילדעט דעם קערן פון אונזער ערד.

ווי עס שיינט, האָט זיך לויקיפּאָס אויף אַ אַנאַלאָגישן אופן אויך פאָרגעשטעלט דעם צוקונפטיקן אונטערגאַנג פון די איינצל-נע וועלטן, אָבער גענויערעס איז אונז נישט באַקאַנט וועגן דעם. ס'איז אָבער כּדאַי צו באַמערקן, אַז אין גאַנצן וועלט-פּראָצעס, אין דעם ווערן, וואַקסן און פאַרגיין האָט ער איינ-געזען די הערשאַפט פון אַ געוויסער „נויטווענדיקייט", אַ מין פאָרויסזאָגונג פון דעם, וואָס מיר רופן אָן נאַטורגעזעץ.

אויך די מענטשלעכע „נשמה" האָט לויקיפּאָס דערקלערט אין הסכּם מיט זיין מאָניסטישער וועלטאָנשויונג. די נשמה (וועלכע ער שטעלט זיך פאָר גאַנץ קערפּערלעך) איז פאַר אים, ווי שוין פאַר זיין אורפאָטער טהאַלעס, די סיבה פון דער באַ-וועגונג פון לעבעדיקן אָרגאַניזם, ווי בכלל פון לעבנספּראָצעס. זי באַשטייט פון פיינע, קויקפאָרמיקע אַטאָמען, ווי דאָס פייער (וואָס געפינט זיך אויך תּמיד אין באַוועגונג). אַלס טרעגער פון לעבנספּראָצעס איז זי ענג פאַרבונדן מיט דעם אָטעמונגס-פּראָצעס. היות די אַטמאָספערישע לופט דריקט צונויף די קער-פּערס פון די לעבעדיקע וועזנס און וויל אַרויסטרייבן פון זיי די-יעניקע אַטאָמען, וואָס זענען אַמלייכטסטן באַוועגלעך און מאַכן במילא מעגלעך דעם לעבעדיקן וועזן זיך צו באַוועגן, — קומט דעריבער די אָטעמונג צו הילף די לעבעדיקע וועזנס, ווייל דורך איר דרינגען אַריין אין זיי כּסדר נייע פייעראַטאָמען. די-דאָזיקע דערלאָזן נישט, אַז די פייעראַטאָמען, וואָס געפינען זיך

אין די לעבעדיקע וועזנס זאָל זיי אַלע פאַרלאָזן, אָדער זיי פאַרבייטן די אַרויסגעשטויסענע, און גלייכצייטיק שטעלן זיי אַ ווידערשטאַנד דעם אַטמאָספערישן דרוק אויף די אָרגאַנישע קערפערס, אַזוי אַז מ׳זאָל פון זיי נישט קענען אַרויסשטויסן אַלע פייעראַטאָמען. ווען די אויסשיידונג פון די נשמהאַטאָמען שטייגט אַביסל אַריבער זייער אַריינאָטעמונג, פאַלט דער מענטש אַריין אין שלאָף; ווען די אויסאָטעמונג פון דידאָזיקע אַטאָמען איז אינגאַנצן גובר די אַריינאָטעמונג ברענגט עס דעם טויט.

די נשמה אַלס גייסטיקעס (דענקנדיקס) וועזן האָט זיך נאָך, ווייזט אויס, געפונען מחוץ פון לויקיפּאָסעס דענקען. דאַקעגן אָבער האָט ער געמאַכט (אונטערן איינפלוס פון עמפּעדאָקלעסעס אָנשויונגען) אַן אינטערעסאַנטן פּרוּוו צו שאַפן אַ פיזיאָלאָגיע פון די חושים. דאָס זען, למשל, קומט פאָר, לויט זיין מיינונג, אויף פאָלגנדיקן אופן: פון די געגנשטאַנדן טיילן זיך אָפּ קליינע אָפּבילדונגען זייערע, זיי באַגעגענען אונזער אויג און שפּיגלען זיך אָפּ אין אים. ווייל דאָס זען איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי אויפנעמען אַן אָפּשפּיגלונג פון געזעענעם געגנשטאַנד אין אונזער שוואַרצאַפּל.

כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס לויקיפּאָס האָט פּרינציפּיעל נישט אונטערשיידט דאָס עמפּינדן און דאָס דענקען, וועלכע אַלקמאַיאָן פון קראָטאָן האָט שוין שאַרף אונטערשיידט; חוצדעם איז ער אין זיין קאָסמאָגאָניע אויפפאַלנדיק אָפּגעשטאַנען לגבי די גרויסע אַנטדעקונגען פון די ייִנגערע פּיטאַגאָרעער. אָבער זיין אומפאַרגעגנגלעכער פאַרדינסט בלייבט די פּרינציפּלערע — די אַטאָמטעאָריע, — דורך וועלכער ער האָט געהאַט אַן אומגעהייערע ווירקונג אויף יאָרטויזנטער פון נאַטוריויסנשאַפטלעכז דענקעי

יאטשקאווסקיס
פאָפולערוויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעק

# געשיכטע
# פון דער פילאָזאָפיע

## II. די גריכישע פילאָזאָפיע

פון פראָפ. ד״ר ווילהעלם קאפעללע

צווייטע טייל

## פון דער סאָפיסטיק ביז פלאַטאָנס טויט

פון דייטש: י. ראַפּאָפּאָרט

19 ווארשע—ניו-יאָרק 29

Printed in Poland

# דאָס צווייטע בוך

## די אויפקלער-תקופה

אויך אין דער געשיכטע פון דער גריכישער קולטור רעדט מען פון אַ אויפקלער-תקופה, הגם די היסטאָרישע פאָרבאַדינגונגען פון דער אַנאַלאָגישער גייסטיקער באַוועגונג פון 18-טן יאָרהונדערט זענען טיילווייז זייער פאַרשיידן פון די פאָרבאַדינגונגען פון דער פעריקלעאישער תקופה. אָבער פונדעסטוועגן בלייבט דער געמיינזאַמער נאָמען באַרעכטיקט, ווען מען פאַרשטייט אונטערן וואָרט „אויפקלערונג״ דאָס באַוווסטזיניקע שטרעבן פון די פירנדיקע גייסטער פון אַ תקופה צו באַפרייען דאָס דענקען פון די מענטשן פון אונטער דער הערשאַפט פון די אָנשויאונגען און מנהגים, וועלכע זיי האָבן געירשנט פון די אבות, און שטעלן זיי לגבי דער „טראַדיציע״ אויף אייגענע פיס, און קודם כל אויפן רעליגיעזן געביט, מיט וועלכן עס איז אומצערייסבאַר פאַרבונדן (באַזונדערס אין דער גריכישער פאָלקס-אָנשויאונג) דאָס עטישע און סאָציאַלע דענקען און פילן. דידאָזיקע עמאַנסיפּאַציע פון פאַרשטאַנד, פון אייגענעם דענקען פון די מיטאָלאָגישע פאָרשטעלונגען, אַ ריין אינטעלעקטועלע, קריטישע רעפלעקסיע, וועלכע איז לגבי די נאַטור-פראָצעסן שוין אַרויסגערופן געוואָרן צום לעבן דורך די יאָנישע דענקער פון 6-טן יאָרהונדערט, פאַרנעמט זיך אין משך פון פינפטן יאָרהונדערט דער עיקר מיט דער וועלט

פונם מענטשן, שטעלנדיק פאַר איר משפט אַלע איינריכטונגען אין דער מלוכה און געזעלשאַפט אַזוי גוט ווי זייערע פּרינציפּן אין רעליגיע און מאָראַל, און באַזונדערס אַלע געביטן פון גייסטיק־זיטלעכן לעבן.

אין דער צווייטער העלפט פון 5־טן יאָרהונדערט באַהערשט בּיסלעכווייז דידאַקטיקע גייסטיקע שטרעמונג אַלע פאָרגעשריטענע געגנטן פון דער גריכישער וועלט (יאָניען, אַטטיקאַ, דעם גריכישן מערב מעבר לים) און ווערט אַ מאַכט אין לעבן פון דער נאַציע, און זי באַקומט אויך אַ אַנטשיידנדיקע באַדייטונג פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער פילאָזאָפיע. דעריבער רעדן אויך די מאָדערנע היסטאָריקער פון דער אַלטער פילאָזאָפיע וועגן אַן אויפקלער־תקופה, וואָס האָט געבראַכט מיט זיך דעם קלאַסישן פעריאָד פון גריכישן דענקען. דערביי דאַרף מען אָבער נישט אַרויסלאָזן פון אויג, אַז צוליב דער קאָמפּליצירטקייט און באַזונדערס צוליבן אירציאָנעלן עלעמענט פון דער מענטשלעכער פסיכיק ביי די איינצלנע גרויסע פערזענלעכקייטן פון גריכישן גייסטיקן לעבן, האָט זיך דידאַקטיקע אויפקלערונג אויסגעדריקט אויף אַ זייער פאַרשיידנאַרטיקן אופן, אויך האָט זי נישט אינגאַנצן באַהערשט זייער דענקען און האָט נישט אַרומגעכאַפּט אָדער דעראָבערט אַלע שיכטן און שטאַמען פון דער גריכישער נאַציע.

### דאָס ערשטע קאַפּיטל

# אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק.

## די סאָפיסטיק.

דאָס היימלאַנד פון דער גריכישער אויפקלערונג, ווי פון דער גריכישער וויסנשאַפט בכלל, איז יאָניען. דער מאָרגנ-שטערן פון דערדאָזיקער יאָנישער פרייהייט פון דענקען שיינט שוין איבער די האָמערישע געדיכטן, וועלכע טראָגן אויף זיך אַ קוים באַמערקבאַרע שפור פון אַלטן נשמה-קולט, וואָס ווייסן כמעט ווי גאָרנישט וועגן גלויבן אין רוחות, וועלכע ווייזן אויף אַ שטאַרקע פאַרמענטשלעכונג פון זייערע געטער-געשטאַלטן און אַ אויסגעשפּראָכן ראַציאָנעל-אַוועקגעשטעלטע מעדיצין, וואָס איז, אַ חוץ אין איין-איינציקן פאַל, פריי פון אָבערגלויבנס.

דער ערשטער עפּאָכע-מאַכנדיקער אויפקלערער — נאָך אַלץ מיט דער נויטיקער באַוואָרעניש, ווייל ראַדיקאַלע אָדער גאָר אַבסאָלוטע אויפקלערער זענען ביי די גריכן געווען בלויז איינצלנע, — וועלכן מ'קען מיט רעכט אָנרופן מיטן דאָזיקן נאָמען, איז קסענאָפאַנעס פון קאָלאָפאָן, מיט וועלכן מיר האָבן זיך שוין פריער באַקענט 1). אויך ביי העראַקליטן לאָזט זיך

1) פאַרגל. 1 טייל ז. 58 און ווייט.

מערקן אין אַ געוויסן הינזיכט אַ קרובהשע טענדענץ. אויך די אַלעגאָרישע אויסטייטשונג פון דער געטער- און העלדן-לעגענדע, וואָס איז אויפגעקומען אין אָנהויב פון 5-טן יאָר-הונדערט, אויב נישט פריער נאָך (טעאַגענעס פון רעגיאָן), איז אַ סימפּטאָם פון אַ קריטיק-התחלה, דאָסזעלבע אויך די ביס-לעכווייזע פּאַרזיטלעכונג פון גאָטבאַגריף ביי איינצלנע דיכטער און דענקער, וואָס האָבן איבערגעיאָגט זייער צייט (סימאָנידעס, קסענאָפאַנעס, הערקליט).

אין משך פון 5-טן יאָרהונדערט — שוין אין זיין ערש-טער העלפט—איז צו דערקענען אין וויכטיקע צווייגן פון דער גריכישער פּראָזע-ליטעראַטור דעם נייעם גייסט פון קריטישער רעפלעקסיע און זעלבשטענדיקן דענקען, ווי, למשל, אין דער עלטערער היסטאָריאָגראַפיע פון העקאטאיאָס פון מילעט, פון העלאַניקאָס, ווי פ. יאַקאָבי האָט דאָס שוין אויפגעוויזן, און שפּעטער ביי אַקידידעס, וואָס זיין אויפפאַסן די סיבות פון געשיכטלעכע, ווי אויך פון קאַטאַסטראָפאַלע נאַ-טור-געשעענישן איז דורכאויס אַ ראַציאָנעלע. ביי טוקעדידעסן ווייזט זיך, וואַרשיינלעך, אַרויס אויך דער איינפלוס פון אַנאַק-סאַגאָראַסן, וועלכער האָט אַרום יאָר 462 אַריינגעפירט די יאָ-נישע אויפקלערונג — הגם צוערשט זייער לאַנגזאַם און ביי אַ שווערן ווידערשטאַנד — אין אַלטגלויביקן אַטען [1]; דידאָזיקע לעצטע ווייזט אויף ערשט אין לעצטן דריטל פון 5-טן יאָרהונדערט טיפגייענדיקע ווירקונגען פון „מאָדערנעם" דענקאופן. אַ מערקווירדיקע גבית-עדות וועגן דעם איז יענע אַנטיטעאָדיציי in nuce אין אַ טייל פון אַריסטאָפאַנעסעס „וואָלקן", וועמעס אומבאַקאַנטער מחבר עס איז, מסתמא, גע-ווען אַ צייטחבר פון עכטן אַטעאיסט דיאַגאָראַס פון מעלאָס.

אויף אַ באמת אימפּאָנירנדיקער מדרגה ווייזט זיך אַרויס-די אויפקלערונג אין איינצלנע שריפטן פון דער היפּפּאָקראַטי-שער זאַמלונג, למשל, „וועגן לופט, וואַסערן און געגנטן" און

1) פאַרגל. 1 טייל ז. 130 און ווייט.

אין דער שריפט „וועגן דער הייליקער קראַנקהייט" (ד. ה. די
עפּילעפּסיע), וועלכע געהערן ביידע צו איין מחבר, אַ
שאַרפן דענקער, וואַרשיינלעך פון דער פּעריקלעאישער
תקופה. אָבער מיט דעם טיטל „פרייהייט פון אָבער-
גלויבנס" שטאָלצירט בכלל די היפּפּאָקראַטישע מעדיצין, וועל-
כע שטרעבט פּרינציפּיעל צו אַ ריין-ראַציאָנאַלער עטיאָלאָגיע
פון די קראַנקהייטן און וועלכע באַנוצט שוין באַוווסטזיניק
דעם עקספּערימענט אַלס פּרינציפּ אויסצופאָרשן די קראַנקהייט-
סיבות.

פון אַנדערע געביטן פון יאָנישן לעבן (האַנדל און שיפ-
פאַרקער) ברענגט די פאַרגלייכנדיקע פעלקערלערע — אירע
באַדייטנדיקע התחלות געפינען מיר שוין ביי קסענאָפאַנעסן —
אויך אין גריכישן מוטערלאַנד (אטען) דעם שטויס צו געדאַנ-
קענגענג, וואָס האָבן געמוזט אַרויסרופן אַ שטאַרקע יוירונג
אין די פירנדיקע גייסטער. עס אַנטוויקלען זיך אַדאַנק זיי די
שפּראָצלעך פון רעלאַטיוויסטישער לעבנס-אָנשויאונג ; די פּראָבּ-
לעם, וועלכע פון די מענטשלעכע זיטן און געוווינהייטן וואָרצ-
לען אין דער נאַטור, און וועלכע פון זיי — אין דער טראַ-
דיציע, הויבט אָן צו באַשעפטיקן אָן אויפהער די דענקנדיקע
קעפּ פון דער גריכישער נאַציע און זי וועט זיך אַזוי שנעל
נישט באַרואיקן.

אַ באַהערשנדיקע מאַכט אין גייסטיקן לעבן בכלל
ווערט אָבער דידאַקטיקע גאַנצע באַוועגונג (וואָס אירע לעצטע סי-
בות דאַרפן נאָך אויפגעקלערט ווערן) ערשט אין דער צוויי-
טער העלפט פון 5-טן יאָרהונדערט אַדאַנק דער ס א-
פ י ס ט י ק, וואָס האָט פון איר זייט געצויגן חיונה פון די
סאָציאַלע און אַלגעמיינע קולטור-צושטאַנדן פון יענער תקופה.

*

*

די הויפּטקוועלע פון אונזערע ידיעות וועגן דער סאָ-
פיסטיק זענען די פּלאַטאָנישע דיאַלאָגן ; נישט געקוקט אויף

דער גאַנצער פּלאַסטיק פון גרויסן קינסטלער פּלאַטאָן גיבן זיי-
אונז די סאפיסטיק אין אַ איינזייטיקער און דעריבער נישט
אומפּאַרטייאישער באַלויכטונג; חוץ דעם: אַריסטאָפאַנעס (באַזונ-
דערס די „וואָלקנס"), אויך קסענאָפאָן און איזאָקראַטעס; וויכ-
טיקע ידיעות געפינען מיר אויך ביי אַריסטאָטעלעסן און —
פון דער שפּעטערדיקער צייט — קודם כל אין די סאפיסטנ-
ביאָגראַפיעס פון פילאָסטראַט ווי אויך ביי דיאָגיניזיאָס פון הא-
ליקארנאָס.
דאָס גאַנצע קוועלנמאַטעריאַל וועגן דער עלטערער סא-
פיסטיק אין דילס „פראג. פון די פּאַרסאָקראַטיקער II[3]" איז
איצט פאַרפולשטענדיקט דורך וויכטיקע פראַגמענטן אין זיינע
„הוספות צו דער 3 אויפלאַגע פון די פראַגמענטן פון די פאַר-
סאָקראַטיקער". (בערלין, ווייַדמאַן, 1922).
דער אויסדרוק „סאָפיסט" איז נאָך אין דער עלטערער
שפּראַך, (לכל הפּחות ביז צום אָנהויב פון פּעלאָפּאָנעזישן
קריג) נישט קיין זידל-וואָרט. ער באַצייכנט דעם פאָרשטייער
פון אַ וויסנשאַפט אָדער פון אַ קונסט (אויך אַ טעכניק, דע-
ריבער אויך דעם קלוגן דערפינדער). העראָדאָט רופט אָן סאָ-
לאָנען און פּיטאַגאָראַסן סאָפיסטן, אַנדראָטיאָן רופט אָן מיטן
דאָזיקן נאָמען די 7 חכמים ווי אויך סאָקראַטעסן, ליזיאַס—פּלאַ-
טאָנען און עסכינעסן. סאפיסט און פילאָזאָף ווערן אורשפּרינג-
לעך באַנוצט אַלס סינאָנימען. ערשט אין אטען באַקומט דאָס
וואָרט אַ שלעכטן קלאַנג שוין ביי אַריסטאָפאַנעסן, וואָס פאַר-
שטייט אונטערן דאָזיקן נאָמען אַלע ניי-מאָדישע חכמה-לערערס,
דערנאָך ביי סאָקראַטעסן און נאָך אים ביי פּלאַטאָנען, וועל-
כער באַקעמפט פּרינציפּיעל די גאַנצע ריכטונג. לויט אים איז
דער סאפיסט אַ מאַן, וואָס האָט ליב אַ גרויסן שכר, וועלכער
יאָגט זיך נאָך רייכע יינגלעך, איז אַ הענדלער און קרעמער פון
גייסטיקער סחורה, וואָס ער גופא האָט קיין אַנונג נישט וועגן
איר ווערט אָדער ווערטלאָזיקייט. און אויך לויט קסענאָפאָנען,—
וואָס גיט דאָ זיכער איבער די שטימונג נישט נאָר פון די
סאָקראַטיקער, נאָר בכלל פונם אַלט-איינגעזעסענעם אטענישן

בירגערטום, — זענען סאָפיסטן לייט, וואָס פאַרקויפן, ווי „מוּ-מעס", די חכמה פאַר געלט יעדן איינעם. זיי ריידן, כּדי אָפּ-צונאַרן, שרייבן צוליב ריוח און ברענגען קיין שום נוצן נישט. אַריסטאָטעלעס דערקלערט די סאָפיסטיק אַלס פּלומרשטע חכמה און דעם סאָפיסט פאַר אַ הענדלער אויפן גרונט פון דערדאָזיקער פּלומרשטער חכמה. דאָס, וואָס דאָס וואָרט „סאָפיסט" ווערט נאָך היינט פאַרשטאַנען אין שלעכטן זינען, האָבן מיר צו פאַר-דאַנקען דער סאָקראַטיק, קודם כּל פּלאַטאָנען, דעם דם-שונא פון דער סאָפיסטיק.

• •
•

דער אורשפּרונג פון דער סאָפיסטיק איז שוין טיילווייז באַרירט געוואָרן. מערערע פאַקטן ווירקן דאָ צוזאַמען: צוערשט דער רעזולטאַט פון דער בין-איצטיקער נאַטור-פילאָזאָפישער ספּעקולאַציע, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט עקלעקטיציזם, רעזיגנאַציע אָדער סקעפּטיציזם; דאַן די מעכטיקע אַנטוויקלונג פונם געאָ- און עטנאָגראַפישן וויסן, אַדאַנק וועלכן די מענטשלעכע קולטור גופא, מיט אַלע אירע „דערגרייכונגען", איז אַליין מער געוואָרן אַ פּראָבלעם. אָבער דעם אַנטשיידענעם שטויס צו דער אויפקלערונג האָט געגעבן דאָס דעמאָקראַטישע בירגערטום, וואָס האָט זיך פּראַקטיש געניטיקט אין אַ לחלוטין נייע אַרט ביל-דונג און דערציאונג, ווייל די אַלטע האָבן מער נישט באַפרי-דיקט די פאַרענדערטע פאָדערונגען פונם לעבן. ווייל ווער עס וויל זיך איצט דורכשלאָגן אַ וועג אין לעבן, האָבן גליק און דערפאָלג אין קאַמף פאַר כּבוד און מאַכט, מוז קודם כּל זען אימפּאָנירן זיינע מיטבירגער מיט וואָרט און זשעסט דורך פער-זענלעכע אַרויסטרעטונגען אין דער סוווערענער פאָלקס-פאַר-זאַמלונג.

אַזוי אַרום אַנטשטייט בּיסלעכווייז אַ גאַנץ נייער ביל-דונגס-אידעאַל, — נישט געקוקט אויפן ליידנשאַפטלעכן ווידער-שטאַנד מצד די אָנהענגער פונם אַלטן, ווי ער ווערט באַזונ-

דערס גוט געשילדערט אין געוויסע אַריסטאָפאַנישע קאָמעדיעס, — און עס זענען שוין אויך דאָ די מענער, וואָס ווילן באַפרידיקן דידאַקטישע באַדערפעניש, וואָס ווילן פאַרווירקלעכן דעמדאָזיקן אידעאַל דורך זייער לערע. ווייל אויך דאָ אַנטשפּרעכט דער אָנבאָט דעם אַלגעמיינעם נאָכפרעג. אָבער די מענער, וועלכע נעמען זיך אונטער צו באַפרידיקן אַזעלכע פאָדערונגען, רופט מען „חכמה-לערער" (סאָפיסטן). באַזונדערס גרויס איז זייער צאָל אין אַטען, דעם זאַמלפּונקט פון דער אַלץ ראַדיקאַלערער דעמאָקראַטיע און די הויפּטשטאָט פון דער אַטטישער מלוכה; זיי קומען אַהער פון נאָענט און ווייט און די שטאָט פון פעריקלעס ווערט אינגיכן אַ מיטלפּונקט פון גייסטיקן קאַמף און אַ ברענפּונקט פון דער נייער לעבנסאָנשויאונג.

די סאָפיסטן, וועלכע הויבן זיך אָן צונויפצוקומען אין דער פעסטונג פון דער גריכישער קולטור, זענען פון שטאַנדפּונקט פון די אַטענער דורכאויס „אויסלענדער", וועלכע באַטן אָן זייער דינסט אַלס לערער פון לעבנס-חכמה פאַר יונגעמענטשן פון רייכע הייזער, כּדי זיי צוצוגרייטן אויפן איינציקצוגעפּאַסטן אופן — ווי זיי פאַרזיכערן — צום קאַמף פאַר רייכטום און מאַכט. עס איז אַ קלאָרע זאַך, אַז דער געגנשטאַנד פון זייערע רעפלעקסיעס איז נישט דער נאַטורגעשעען, נאָר דער מענטש אַלס דענקנדיקער און האַנדלענדיקער סוביעקט, אַלס אינדיווידועל און געזעלשאַפטלעך וועזן.

שוין צוליב דעם אַליין דאַרף מען מיט דער סאָפיסטיק אָנהויבן דעם צווייטן פעריאָד פון דער אַלטער פילאָזאָפיע, הגם דערדאָזיקער צווייטער פעריאָד איז לחלוטין נישט קיין אָרגאַנישער המשך אָדער אַ ווייטעראַנטוויקלונג פון דעם ערשטן, וואָס זיין געגנשטאַנד איז די נאַטור; די גריכישע פילאָזאָפיע — ווי עדואַרד מייער האָט דאָס טרעפלעך אויסגעדריקט — „איז דורך דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון דער נאַציע געצוווּנגען געוואָרן צו פאַרלאָזן איר אַלטע ריכטונג און זיך פאַרנעמען מיט פּראָגעס, וואָס זענען ביז איצט קוים באַ-

מערקט געהאָרן דורך דער פאַכמענישער פאָרשונג, און זייער באַהאַנדלונג איז געבליבן אין אַ זייט פון אירע [דער פילאָזאָפיעס] פאָרשונגען״.

שוין דערפון אַליין איז קלאָר, אַז די וועזנטלעכע אונטערשיידן צווישן די סאָפיסטן און די גריכישע פילאָזאָפן פאַר זיי זענען זייער גרויס און זיי ליגן נישט נאָר אין געגנשטאַנד פון זייערע ספּעקולאַציעס. אויך זייער מעטאָד איז אינגאַנצן אַן אַנדערער, ווי מיר וועלן דאָס באַלד זען, אָבער מער פאַר אַלץ באַשטייט דער חלוק אינם צוועק פון זייער טעטיקייט; די אַלטע פיזיקער זענען געווען ריינע פאָרשער, זייער איינציקער ציל — צו דערגיין דעם אמת לשם דעם אמת גופא, אויסצופאָרשן דעם צוזאַמענהאַנג פון די אָביעקטן אינם לעבן פון מאַקראָ- און מיקראָקאָסמאָס. זייער אינטערעס איז דעריבער געווען (דורכאויס באַטירלעך) אינגאַנצן אָפּגעקערט פון די טאָג-געשעענישן (אַנאַקסאַגאָראַס). אויך די פראַגע, צי זיי האָבן תלמידים אָדער נישט, איז געווען לגמרי אַ צווייטראַנגיקע. גאַנץ אַנדערש איז אָבער מיט די סאָפיסטן! זיי אַלע זענען לערער פון חכמה, וואָס טרעטן אַרויס עפנטלעך, וואָס פאַרקויפן זי פאַר גוט געלט, וואַנדערנדיק פון שטאָט צו שטאָט, צו זייערע דערשטוינטע צוהערער. אַלע זענען זיי געווען דורכגעדרונגען מיטן באַוווסטזיין פון אומפאַרגלייכלעכן ווערט פון זייער וויסן, די מיינסטע פון זיי זענען געווען באַהערשט פון אַ כמעט גראָטעסקער גאווה און גרויסהאַלטעריי, פון אַן אומבאַגרענעצטן זעלבסטבאַוווסטזיין. פון דער אַנדערער זייט, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אין די קרייזן פון דער אַטטישער „געזעלשאַפט״ האָבן זיי נישט געהאַט קיין גרויסן אָנזען, האָבן זיי דאָך אַרויסגערופן ביי דער „גאָלדענער יוגנט״ אַ גליענדיקן אינטערעס און אָפּטמאָל ממש אַ שטורמישן ענטוזיאַזם פאַר זייער חכמה און פּערזאָן (זאָל מען פאַרגלייכן אין אָנהייב פון פּלאַטאָנס „פּראָטאַגאָראַס״ די מייסטערהאַפטע שילדערונג פונם איינדרוק, וואָס עס האָט געמאַכט אויפן יוגנטלעכן היפּפּאָקראַטעס די ידיעה, אַז אין אַטען איז אָנגעקומען דער דאָזיקער באַרימ-

טער סאָפּיסט). אָבער אַלע האָבן זיי אין לעצטן סך-הכּל געהאַט איין ציל פאַר זייער חשובער פּערזאָן: צו דערגרייכן דורך זייערע אַרויסטרעטונגען אַ וואָס גרעסערן כּבוד און רייכטום. פאַר די אַלטע פילאָזאָפן איז די זאַך געווען אַלץ, זי פלעגט כּמעט איננאַנצן פאַרשטעלן זייער פּערזאָן, פאַרן סאָפּיסט אָבער איז מאָסגעבנדיק די רעכט פון זיין פּערזאָן, פאַר וועלכער די זאַך איז מייסטנס בלויז אַ מיטל צום צוועק. דערפון נעמט זיך אויך די העטעראָגענע פאַרשיידנאַרטיקייט פון די געגנ-שטאַנדן, וועלכע אַ סך פון זיי באַהאַנדלען. אָבער די הויפּט-געגנשטאַנדן פון דער לערע זענען ביי אַלעמען גלייך (דאָס איז דיקטירט געוואָרן דורך די באַדערפענישן פון פּראַקטישן לעבן אין די גריכישע דעמאָקראַטיעס): קודם כּל די רעטאָ-ריק און די דיאַלעקטיק, דערנאָך די עטיק און פּאָליטיק (פּאָ-ליטישע טעאָריע); חוצדעם „בילדונג" אין ברייטסטן זי-נען פון דאָזיקן וואָרט: לעבן דער רעטאָריק, גראַמאַטיק, סטיליסטיק, מיטאָלאָגיע, דיכטער-דערקלערונג, מוזיקאַלישע טע-אָריע, אָבער אויך — אַדאַנק דער היסטאָרישער השפּעה פון פריערדיקן פּעריאָד — אַסטראָנאָמיע, מעטעאָראָלאָגיע, קאָסמאָ-לאָגיע (פאַר יעדער איינעם, נאַטירלעך!); ביי איינצלנע ממש פולשטענדיקע פּאָליהיסטאָריע (היפּפּיאַסן). אָבער דער ענדציל פון זייער לערע איז פאָלגנדיקס: זיי ווילן דערציען זייערע שילער צו דענקען, ריידן און מעשים: כּדי זיי זאָלן האָבן אין לעבן אַ וואָס גרעסערן דערפאָלג. זייער אייגנט-לעכער ציל איז צוגרייטן זיי צום פּראַקטישן לעבן. אַזוי אַרום ברענגען די סאָפּיסטן צום לעבן די בילדונגס-פּראָבלעם; דער אומפאַרמיידלעכער רעזולטאַט דערפון וועט זיין דער קאַמף פאַר דער יוגנטבילדונג.

די פאָרם, אין וועלכער די סאָפּיסטן לייגן פאָר זייער חכמה, איז זייער פאַרשיידן: אָדער דורך איינצלנע פאָרטראָגן פאַר אַ גרעסערן עולם, — דערביי ווערן די פאָרטראָגן פריער זאָרגעוודיק צוגעגרייט אָדער געהאַלטן עקספּראַמט, — אין יום-טוב-פאַרזאַמלונגען (אָלימפּיאַ), אין די „גימנאַזיען" אָדער

פאַר אַ געלאַדענער געזעלשאַפט, צי אין הויז פון אַ רייכן מעצענאַט ווי קאַלליאַס, צי אין אַ ענגערן קרייז דיספוטאַנטן, ד. ה. אין דער פאָרם פון אַ דיספוט-דיאַלאָג; אָבער אויך דורך גאַנצע פאָרטראָג-ציקלען און לענגערע קורסן.

אָבער נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אַלע סאָפיסטן האָבן געוויסע געמיינזאַמע גרונדשטריכן — אין די הויפּט-געגנשטאַנדן פון זייער לערע, אין דעם „מעטאָד" ווי אין אופן פון זייערע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען אַלס לערער פון חכמה, אין דעמזעלבן פּראַקטישן ציל און אויך אין דער אַלגעמיינער גייסטיקער ריכטונג, וואָס ווייזט אויף אַ קריטישן ראַציאָנאַליזם, וואָס נעמט אָן ביי די מייניסטע דעם כאַראַקטער פון אַ פּרינציפּיעלן סקעפּטיציזם אָדער גאָר ניהיליזם, — פאַרמאָגט פונדעסטוועגן די סאָפיסטיק פאַרשיידנאַרטיקע טיפּן און וועזנטלעך-פאַרשיידענע ריכטונגען, באַזונדערס אין איר עלטערער לגבי איר ייננגערער אַנטוויקלונגס-פאַזע.

דער באַדייטנדיקסטער פון זיי אַלע איז אָן ספק

## פּראָטאַגאָראַס.

פּראָטאַגאָראַס פון אַבדעראַ, וואָס האָט לויט אַפּאָללאָדאָרן „געבליט" אין דער 84 אָלימפּיאַדע (444—441), איז וואַרשיינלעך געבאָרן געוואָרן אַרום 480 (אָדער אַביסל פריער). אַחוץ סיציליע האָט ער דער עיקר באַזוכט אַטען, לכל הפחות דריימאָל, אויף אַ לענגערע צייט, דאָ איז ער געקומען אין נאָענטערע פּערזענלעכע באַציאונגען צו פּעריקלעסן און אונטערן לעצטנס איינפלוס איז ער וואַרשיינלעך מיטגעגאַנגען אין 444/43 אין דער ניי-געגרינדעטער טוריאָי, פאַר וועלכער ער האָט פאַרפאַסט די געזעצן. נאָכדעם איז ער נאָך נישט איינמאָל געווען אין אַטען און געהאַט אַן אומגעוויינלעכע השפעה אויף דער אַטישער געזעלשאַפט. אַחוץ זיינע אַרויסטרעטונגען אַלס לערער פון חכמה, פאַר וועלכער ער האָט דער ערשטער גענומען האָנאָראַר און, ענלעך צו גאָרגיאַסן און היפּיאַסן, געהאַט דער-

פון פאַנטאַסטישע הכנסות, האָט ער דאָ אויך פאַרגעלייענט פון זיינע שריפטן, ווי, למשל, פון זיין שריפט „וועגן די געטער", וואָס איר אָנהויב האָט שפּעטער געדינט אַלס שטיק-פונקט פאַרן אָנגריף קעגן אים. ווייל אין יאָר 411 איז ער דורך פּיטאָדאָראָסן — איינעם פון די פיר הונדערט — אָנגעקלאָגט געוואָרן אין „גאָטלאָזיקייט", און זיינע ביכער האָט מען, לויטן פאָלקס-באַשלוס, אָפּגענומען ביי די באַזיצער און זיי פאַרבּרענט אויפן מאַרק; ער אַליין, ווי ס'שיינט, האָט זיך געראַטעוועט פון דער פאַראורטיילונג דורך אַנטלויפן. ער איז דערטרונקען געוואָרן בעת זיין רייזע קיין סיציליע, אומגעקומען אין עלטער פון 70 יאָר.

לויט פּלאַטאָנס גבית-עדות איז ער העכער 40 יאָר טעטיק געווען אין גריכנלאַנד אַלס לערער פון חכמה, אַזוי אַז זיין עפנטלעכע טעטיקייט פאַלט אויס אין דער צייט פון 451—411. ער דערמאָנט צאָלרייכע, צום טייל זייער כאַראַקטעריסטישע שריפטן-טיטלען, ווי „אַנטילאָגיען", „דער אמת אָדער די צעשמעטערנדיקע (דאָס הייסט רעדעס)", אַ גאַנצע ריי פראַגמענטן מיט אַ וויכטיקן אינהאַלט זענען דערגאַנגען צו אונז אַדאַנק פּלאַטאָנען און אַנדערע. אַ לעבעדיק בילד פון זיין פערזענלעכקייט און פון זיין גאַנצן וויסן, ווי אויך פון דעם סאָפיסטישן מהות בכלל באַקומען מיר דורך פּלאַטאָנס גלייכנאַמיקן דיאַלאָג. („פּראָטאַגאָראַס".)

* *
*

ווי עס שיינט איז פּראָטאַגאָראַס אַרויסגעגאַנגען פון העראַקליטס לערע וועגן פלוס פון אַלע זאַכן. פּונקט ווי די זאַכן פון דער אויסערלעכער וועלט מאַכן דורך כסדרדיקע פאַרענדערונגען דורך דעם אומאויפהערלעכן אָפּשטרעמען און צושטרעמען פון די קלענסטע טיילכעלעך, אַזוי ענדערן זיך אויך אָן אַ אויפהער דער מענטשלעכער קערפּער און זיינע חושים. דעריבער ווערט אויך דער אינהאַלט פון די עמפּינ-

דונגען פון כלומרשט דעמזעלבן אָביעקט תמיד זיין אַן אַנדערער, ווייל ער ווערט מאָדיפיצירט נישט נאָר דורך די פאַרענדערונגען פון דער זאַך גופא, נאָר אויך דורך די ענדערונגען פון אונזערע חושים, אַרויסגערופענע דורך קראַנקהייט, עלטער אָדער אַנדערע סיבות. מיר קענען דעריבער נישט זאָגן וועגן קיין איין זאַך, ווי אַזוי זי זעט אויס, נאָר בלויז, ווי אַזוי זי דערשיינט פאַר אונז אין דעם אָדער יענעם אויגנבליק. דערפון איז געדרונגען, אַז מעגלעך זענען נאָר רעלאַטיווע אורטיילן. דער מענטש איז דאָך בכלל „דער מ אָ ס ש ט אַ ב פון אַלע זאַכן, פון די ווירקלעכע, אַז זיי עקזיסטירן, פון די נישט־ווירקלעכע, אַז זיי עקזיסטירן נישט". ווייל אַזוי ווי די זאַכן דערשיינען פאַר מיר, אַזוי זענען זיי פאַר מיר; אַזוי ווי זיי קומען דיר פאָר, זענען זיי פאַר דיר. ווייל יעדער איינער זעט זיי אַנדערש. דער זעלבער לופטשטראָם קומט איינעם פאָר קאַלט, און דעם צווייטן — נישט. ווי אַזוי די זאַכן דערשיינען פאַרן איינצלנעם אינדיווידואום, דאָס הענגט אָפּ פון יעדן איינעמס חושים־עמפינדונגען. אַ געוויסע קוואַליטעט — ווי, למשל, ווארים, קאַלט, זיס, ביטער און אַז. ווייט. — פאַרמאָגן די זאַכן בלויז אויף אַזוי וויט, אויף וויפל דער איינצלנער מענטש נעמט זיי אויף מיט זיינע חושים (דאָ, זעט אויס, לויכט זיך אָפּ דער איינפלוס פון לויקיפּאַסעס לערע וועגן די סעקונדערע אייגנשאַפטן פון די זאַכן).

פּראָטאַגאָראַסעס דערקענטעניש־לערע איז דורכאויס סענסואַליסטיש: די זאַכן, וועלכע ווערן אויפגענומען דורך אונזערע חושים, עקזיסטירן, דאַקעגן די־יעניקע, וועלכע קומען נישט אַריין אין געביט פון אונזערע חושים, עקזיסטירן גאָרנישט אין מאַטעריעלע פאָרמען. אַזוי פאָרמולירט איינער פון אונזערע שפּעטערע אינפאָרמאַטאָרן — נישט אָפּווייכנדיק דערביי פון אמת — פּראָטאַגאָראַסעס אָנשויאונג.

פּראָטאַגאָראַסעס פונדאַמענטאַל־פּרינציפּ, וועלכער באַטראַכט אָן ספק דעם מענטשן אַלס אינדיווידואום און נישט אַלס מין, זאָגט עדות אויף אַן אויסגעשפּראָכענעם ס ו ב י ע ק ט י וו י ז ם.

פון דאָזיקן לעצטן פליסט אַרויס פאַר אים שטרענג-קאָנסעק-
ווענט זיין רעוואָלוציאָנערער אויספיר: עס איז בכלל נישטאָ
קיין אַבסאָלוטער אמת. ווייל פון יעדער זאַך באַזונדער לאָזט
זיך אַלץ באַהויפּטן מיט דעמזעלבן רעכט; ווייל יעדער אור-
טייל פון די פאַרשידענע אינדיווידועןאיז גלייך באַרעכטיקט. ווייל
יעדע פאָרשטעלונג פון איינצלנעם סוביעקט איז אמתדיק —
אַ הנחה, וועלכע פלאַטאָן וועט באַקעמפן מיט דערזעלבער אַנט-
שידנקייט, ווי דעמאָקריט. דידאָזיקע הנחה לייזט אויף די
סתירות. דער רעזולטאַט פון דאָזיקן דערקענטעניש-טעאָרע-
טישן סוביעקטיוויזם איז אַ פּרינציפּיעלער סקעפּטיציזם לגבי
יעדער אַרט דערקענטעניש, וועלכע פּרעטענדירט אויף אַבסאָ-
לוטער גילטיקייט, אפילו לגבי דער מאַטעמאַטיק טרעט אַרויס
דעראָזיקער סקעפּטיציזם מיט דעם איינווענד, ווייל אינדער-
אמתן עקזיסטירן גאָרנישט אַזעלכע גלייכע אָדער קרומע ליניעס
ווי דאָס נעמט אָן דער געאָמעטער, און אויך די טאַנזשענטע
ליניע רירט קיינמאָל נישט אָן אפילו אין איין-איינציקן פּונקט
דעם (חושימדיק אויפנעמבאַרן) קרייז.

דעמזעלבן סקעפּטיציזם ווייזט פּראָטאַגאָראַס אַרויס לגבי
דער רעליגיע. „וועגן די געטער קען איך גאָרנישט וויסן, נישט
צי זיי עקזיסטירן, נישט, אַז זיי עקזיסטירן נישט, אויך נישט,
ווי אַזוי זיי זענען אויס. ווייל אַ סך זאַכן שטערן מיר דאָס
צו דערגיין: די אומקלאָרקייט פון דער זאַך און די קורצקייט
פון מענטשלעכן לעבן” (פראַג. 4).

אלס פאָרמאַלן רעזולטאַט פון פּראָטאַגאָראַסעס סוביעק-
טיוויזם דאַרף מען באַטראַכטן זיין דיאַלעקטיק; ער זאָל דער-
ערשטער האָבן באַהויפּטעט, אַז צו יעדער זאַך זענען דאָ צוויי
קעגנזעצלעכע — גלייכבאַרעכטיקטע — שטאַנדפּונקטן. וועגן יע-
דער פראַגע קען מען דעריבער דיספּוטירן in utramque par-
tem. דער דיאַלעקטיקער קען דעריבער דורך זיין קונסט „מאַכן
די שוואַכערע זאַך פאַר דער שטאַרקערער”. און דידאָזיקע קונסט
זאָגט פּראָטאַגאָראַס פאַר אויסצולערנען זיינע שילער. אַ חכם
איז אָבער דער-יעניקער, וועלכער קען ווירקן דורך זיין קונסט

אויף יעדן איינעם פון אונז, אַז די זאַך, וואָס קומט אים פאָר — און זי איז דעריבער — שלעכט, זאָל אונז פאָרקו־מען — און במילא זיין — גוט. דער דיאַלעקטיקער קען דאָך פאַרוואַנדלען אין די אויגן פון אַ מענטשן דאָס קליינע אין גרויסעס און דאָס גרויסע אין קליינעס.

די דעגענערירטע פאָרם פון דערדאָזיקער דיאַלעקטיק, צו וועלכער עס האָט שוין געלייגט דעם פונדאַמענט פּראָטאַגאָראַ־סעס מעטאָד גופא, איז די אַזויגערופענע ע ר י ס ט י ק (די קונסט פון דער שטרייט־רעדע), וועלכער עס גייט בכלל נישט אין דערגרונטעווען דעם אמת, נאָר אין דערוועקן אַ פאַלשע פאָרשטעלונג דורכדעם, וואָס איר פאָרשטייער באַמיט זיך צו בלייבן גערעכט לגבי זיין קעגנער פאַר יעדן פרייז — זאָל זיין אַפילו דורך די גרעבסטע סאָפיזמען, ווי דאָס ווייזט אונז פּלאַטאָנס „אויפידעמאָס“, — אַ שטריך, וואָס איז שוין אייגן געווען אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס אויך די אַלטע סאָפיסטן.

דער חכמה־לערער פּראָטאַגאָראַס האָט זיך אָבער שוין צו־ליב ריין־פּראַקטישע מאָטיוון נישט געקענט אָפּזאָגן פון פּאָזי־טיווע לערעס. דעריבער פּרעטענדירט ער דער עיקר אויף אַן עטיש־פּעדאַגאָגישער ראָל, ער באַהויפּטעט, אַז ער וועט זיינע שילער מאַכן בעסער, ער וועט זיי לערנען די „טוגנט“. אונ־טערן דאָזיקן באַגריף פאַרשטייט ער קודם כל די בירגערלעכע טוגנט: די קונסט צו זיין אַ גוטער באַלעבאָס און צו קענען גוט ריידן און האַנדלען אין אָנגעלעגנהייטן פון דער פּאָטער־שטאָט. אָבער דעם אייגנטלעכן מהות פון דערדאָזיקער טוגנט האָט זיך נאָך פּראָטאַגאָראַס נישט קלאָר פאָרגעשטעלט, הגם זיינע פּרעטענזיעס אַלס מייסטער פון דער מענטש־בילדונג טראָגן אין זיך התחלות צו אַ פּעדאַגאָגישער פּסיכאָלאָגיע. דער דער־פאָלג פון יעדער לערע איז דאָך אָפּהענגיק פון דער פאַרבאָר־גענער באַגאַבונג און לאַנג־אנהאַלטנדיקער איינאיבונג. דאָס „גוטע“, אַ באַגריף, וועלכן ער, אַלס לערער פון „טוגנט“, האָט נישט געקענט אויסמיידן, האָט ער זיך באַמיט צו דעפינירן —

אויב מען קען מאַכן אַן אויספיר פון פּלאַטאָנס דיאַלאָג — אַלס דאָס נוצלעכע, וועלכעס איז, לויט זיין מיינונג, בלויז רעלאַטיוו. ווי עס שיינט, האָט ער נאָך פון זיין סוביעקטיוויזם נישט אַרויסגעצויגן קיין איבערקערערישע קאָנסעקווענצן פאַר דער עטיק.

פּראָטאַגאָראַסעס עיקרדיקע באַדייטונג פאַר דער געשיכטע פון דער גריכישער פילאָזאָפיע לאָזט זיך קורץ אויסדריקן דורך פאָלגנדיקן זאַץ: דורך פּראָטאַגאָראַסעס רעלאַטיוויזם און סוביעקטיוויזם ווערט נישט נאָר געשטעלט די דערקענטעניש-פּראָבלעם, נאָר זי ווערט, אויב נאָך נישט צו ד ע ר, איז אָבער צו אַ פונדאַמענטאַלער פּראָבלעם פונם גריכישן דענקען בכלל.

* *
*

דער אופן, ווי אַזוי ג אָ ר ג י אַ ס פון לעאָנטינאָי, (אַרום 483 ביז 375 פאַר קריסטוסן) האָט באַהאַנדלט דידאַקטיקע פּראַגן, וועקט אויף אין ערשטן מאָמענט אַ ספק, צי דאַרף זיין נאָמען בכלל דערמאָנט ווערן אין דער געשיכטע פון דער פילאָזאָפיע. פון זיין שריפט „וועגן נישט-עקזיסטירנדיקן” (פּראַג. D 3) זענען אונז פאַרבליבן די „באַווייזן” (וועלכע באַזירן אויף מער אָדער ווייניקער גראָבע סאָפיזמען) פאַר זיינע 3 טעזיסן, וועלכע זאָגן פאָלגנדיקס: 1. עס איז גאָרנישט נישטאָ, 2. אָבער ווען מען זאָל אפילו אָננעמען, אַז עס איז יאָ עפּעס דאָ, וואָלט עס דאָך נישט מעגלעך געווען אויפצונעמען, 3. און ווען מען זאָל דאָס אפילו יאָ קאָנען אויפנעמען, וואָלט מען עס דאָך נישט געקענט מיטטיילן.

די שטאַרק „סאָפיסטישע” באַווייזן פון דידאַקטיקע טעזיסן, וועלכע מען קען לייענען ביי דילסן, האָט מען לעצטנס דערקלערט אַלס גאָרגיאַס' אַ „שפּיל”, וואָס צו זיין אינהאַלט האָט ער זיך נישט באַצויגן ערנסט. ווען מען נעמט אין אכט דעם אינהאַלט פון די דריי טעזיסן און דעם אופן, ווי אַזוי זיי

ווערן „דערוויזן", איז דידאָזיקע מיינונג זייער באַגרייפלעך. אָבער דערדאָזיקער אורטייל פאַלט אַרונטער אונטער אַ פראַגע־צייכן, ווען מען פאַרגלייכט די גאָרגיאַנישע אַרגומענטאַציע מיט זענאָנס דיאַלעקטיק, וועלכע בילדעט בולט סיי לויט דער פאָרם און סיי לויט דעם אינהאַלט איר יסוד. אגב ווייזט אויך די באַגרינדונג פון דער טעזע 3, אַז גאָרגיאַס רירט דאָ ערנסט אָן אמתע פראָבלעמען פון דער דערקענטעניש־טעאָריע (די פראַגע וועגן דער שייכות פון געגנשטאַנד צום געדאַנק און פון געדאַנק צום וואָרט). אויך דער פאַקט, וואָס ביי יענע אַרגומענטן ווייזט זיך גאָרגיאַס' דענקען אַרויס אַלס אַ ריין־סענסואַליסטישער און איז דורכדעם גייסטיק־פאַרקרובהשט מיט פראָטאַגאָראַסעס, איז סותר די מיינונג, אַז עס האַנדלט זיך דאָ בלויז וועגן גאָרגיאַס' אַ דיאַלעקטישער קונץ.

אַזאַ ניהיליזם באַווייזט, אין תּוך גענומען, אַז דערדאָזי־קער מאַן האָט זיך לחלוטין אָפּגעקערט פון יעדער אַרט פי־לאָזאָפיע ווי פון דער גאַנצער וויסנשאַפט בכלל. דידאָזיקע וואַנדלונג איז וואַרשיינלעך פאָרגעקומען דאַן, ווען ער האָט בדעה געהאַט זיך צו ווידמען אינגאַנצן דער רעטאָריק, פון וועלכער עס זענען דערגאַנגען צו אונז זייער כאַראַקטעריסטי־שע פראָבעס אין די פראַגמענטן פון זיינע שריפטן. און גראָד די אויפגעהיטע פראַגמענטן באַשטעטיקן, אַז פאַר גאָרגיאַסן איז די דיאַלעקטיק געוואָרן אַ ריין פאָרמאַלע קונסט, וואָס איר אינהאַלט איז פאַר אים מער אָדער ווייניקער גלייכגיל־טיק. דאָס דענקען האָט זיך ביי אים פאַרוואַנדלט אין אַ וויר־טואָזער שפּיל מיט ווערטער און מיט מער אָדער ווייניקער סכעמאַטישע באַגריפן. ווייל דערדאָזיקער גאָרגיאַס האָט, אין תּוך גענומען, בלויז אַ יין איבערצייגונג: דעם גלויבן, און טאַ־קע דעם אומבאַדינגטן גלויבן, אין דער מ אַ כ ט פון וו אָ ר ט; דאָס וואָרט, גלויבט ער, האָט די גרעסטע השפּעות אויף דער נשמה פונם מענטשן. גלויבט ער דאָך, אַז דורך דער קונסט פון זיין רעדע — וואָס אירע טעכנישע שפּראַכלעך־סטיליסטי־שע מיטלען דאַרפן אונז דאָ נישט באַשעפטיקן — קען ער

דערוועקן אין די מענטשן יעדע איבערצייגונג, וועלכע איז גלויבט זיך נאָר, פונקט ווי זיין צייט-חבר און צעך-קאָלעגע פּראַזימאַכאָס פון קאַלצעדאָן האָט זיך פאַרמאָסטן אַרויסצורופן אין זיינע צוהערער לויט זיין איינזען אַלערליי אַפעקטן (ווי, צום ביישפּיל, צאָרן און מיטלייד), און זיי אויך ווידער איינצושטילן, אָדער ווי אַנטיפאָן דער סאָפיסט האָט געגלויבט, אַז ער באַזיצט די קונסט פון אַליפּיע (שמערץ-באַפרייאונג פון דער נשמה), ווייל קיינער האָט נישט אַזאַ שרעקלעכן צער, וועלכן ער (אַנטיפאָן) זאָל אים נישט קענען פאַרטיליקן דורך זיין איבעררײדונגס-קונסט.

אַזוי אַרום האָט זיך ביי גאָרגיאַסן און אַנדערע סאָפיסטן צו דער דיאַלעקטיק באַהעפט — אַלס גלייכווערטיקע שוועסטער — די קונסט פון דער קלינגנדיקער, בלענדנדיקער רעדע, וועלכע טרעט אַרויס פאַר אונז ביז גאָר בולט אין די פראַגמענטן פון זיין „עפּיטאַפיאָס" און אין זיינע ביידע דעקלאַמאַציעס „פּאַלאַמעדעס" און „העלענע". אַז פאַר אים איז די פאָרם אַלץ, און דער אינהאַלט אַזוי גוט ווי גאָרנישט, זעט מען אויך דערפון, וואָס ער האָט וועגן איין-און-דערזעלבער זאַך פאַרפאַסט סיי לויב- סיי טאַדלונגס-רעדעס, און אויך די שענדלעכקייט פון זיינע עקספּראָמט-רעדעס וועגן יעדער טעמע, וועלכע עס האָבן אים געשטעלט זיינע צוהערער, זאָגט עדות וועגן זיין אומבאַגרעניצטן צוטרוי צו זיין פאָרמעלער קונסט און געשיקטקייט, אָבער גלייכצייטיק וועגן זיין מוראדיק-פאַלשער פאָרשטעלונג וועגן עכטן מהות פון דער עכטער וויסנשאַפט. דעריבער זענען ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש פאַרן גייסט פון זיין תקופה זיינע אומגלויבלעכע מאַסן-השפּעות אין די פאַרשיידענע גריכישע שטעט און געגנטן און זיינע ריזיקע, צו זיינע השפּעות אַנטשפּרעכנדיקע הכנסות, פון וועלכע ער האָט געקענט שענקען דעם דעלפישן גאָט אַ גאָלדענע סטאַטוע פון זיין אייגענער פּערזאָן.

דידאָזיקע אַרט רעטאָריק (און סאָפיסטיק) האָט באַדייט

פאַרן גאַנצן גייסטיקן לעבן פון דער גריכישער נאַציע אַן אומגעהייערע סכנה. ווען דידאַקטישע שטרעמונג וואָלט באַקומען די הערשאַפט איבער דער בילדונג פון דער אויפוואַקסנדיקער יוגנט, בפרט פון דער געזעלשאַפטלעכער אויבערשיכט אין אַטען, וואָלט דאָס באַדייט דעם אומקום פון וויסן און אינהאַלט פון דער גריכישער קולטור. אויב דאָס איז נישט געשען, איז דאָס סאָקראַטעסעס און פּלאַטאָנס פאַרדינסט. און עס איז שפּעטער געקומען דער טאָג, ווען סאָקראַטעסעס גרעסטער שילער איז אין דעם לײדנשאַפטלעך-צעפלאַקערטן קאַמף אַרום דעם בילדונגס-אידעאַל פון דער גריכישער נאַציע געצוווּנגען געווען פאַרניכטנדיק אָפּצורעכענען זיך מיט דערדאָזיקער גאַנצער ריכטונג אין דער פּערזאָן פון איר דורך דער מאַסע פאַרגעטערטן פירער.



אַחוץ פּראָטאַגאָראַסן און גאָרגיאַסן דאַרף מען דערמאַנען אַלס באַרימטע סאָפיסטן פון עלטערן דור פּ ר אָ ד י ק אַ ס ן פ ו ן ק ע אָ ס, וואָס זיינע פּרווון אויפצושטעלן אַ שאַרפע באַגריפלעכע אונטערשיידונג צווישן סינאָנימע ווערטער זענען אָפּט אויסגעלאַכט געוואָרן דורך פּלאַטאָנען, ווייל זיי האָבן געשטאַמט פון ווילקיר און פּעדאַנטעריע. גאָר באַקאַנט איז זיין משל וועגן „העראַקלעס אויפן פּרשת דרכים”, וואָס האָט אין זיך, ענלעך צו דעם שפּעטערדיקן „טראָיאַנישער שמועס” פון היפּפּיאַס, אַ שטאַרקע מאָראַלפּעדאַגאָגישע טענדענץ. העראַקלעס, וועלכער דאַרף אויסוויילן צווישן אַ לעבן פון „טוגנט” און זינלעכע תּענוגים, קלייבט אויס, נישט געקוקט אויף די לאָקנדיקע צוזאָגן פון זינלעכן לעבן, דעם שטילן שטעג פון דער טוגנט, ביי וועמעס ציל עס ווינקט די גליקזעליקייט;

פּ ר אַ ז י מ אַ כ אָ ס ן פ ו ן ק אַ ל צ ע ד אָ ן, וואָס איז דער עיקר אַ רעטאָריקער, באַקאַנט דורך זיין לערע וועגן די רעכט פון שטאַרקערן, ווי עס דערציילט אונז דאָס ערשטע בוך

פון פּלאַטאָנס „מלוכה". אויסערדעם איז מערקווירדיק זיין פּיסכאָלאָ־
גיע פון די אַפעקטן, צו וועלכער ער איז געקומען, פּונקט ווי פּראָ־
דיקאָס און אַנדערע סאָפיסטן, דורך דער רעטאָריק;

היפּפּיאַס פון עליז, דעם ענציקלאָפּעדיסט פון דער
סאָפיסטיק, וועלכער פירט אַריין אין דער דיאַלעקטיק נישט נאָר געאָ־
מעטריע, אַסטראָנאָמיע, מוזיקטעאָריע און ריטמיק; ער באַשעפ־
טיקט זיך אויך, ווי איינצלנע פון זיינע צייט־חברים, מיט קונסט־
טעאָרעטישע פראַגן, מיט דער גריכישער אורגעשיכטע, דערביי
האָט ער גרויסע פאַרדינסטן פאר דער עלטערער גריכישער געשיכטס־
פאָרשונג אדאַנק זיין אָלימפּישער זיגער־רשימה; ער האָט זיך
אויך באַשעפטיקט מיט שפּראַכלעכע באַאָבאַכטונגען און שטודיעס.
גלייכצייטיק איז ער, ווי די מערהייט פון זיינע חברים, אויפ־
געטראָטן אַלס וואַנדער־רעדנער אין ספּאַרטאַ, אַטען און אַפילו
אין קליינע שטעטלעך פון סיציליע, דערביי איז אים צונוץ
געקומען זיין זכרון־קונסט, מיט וועלכער ער האָט שטאָלצירט
נישט ווינציקער ווי מיט זיינע פאַרשיידענע פּראַקטישע האַנט־
געשיקטקייטן.

קריטיאַסן, אַ פעטער פון פּלאַטאָנס מוטער, וועלכער
קומט אום אין אַטען אין 403 אַלס איינער פון די דרייסיק
טיראַנען. ער איז, אמת, נישט אַרויסגעטראָטן אַלס חכמה־לע־
רער, ער האָט אָבער אַנטוויקלט אַ רייכע שריפטשטעלערישע
טעטיקייט אין סאָפיסטישן גייסט, ער האָט פאַרפאַסט צאָלרייכע
עלעגיעס, דראַמעס און צאָלרייכע פּראָזע־ווערק, דער עיקר וועגן
מלוכה־קאָנסטיטוציעס (פּאָליטיען), ער האָט אויך געשריבן וועגן
דערפינדונגען, בכלל קומט צום אויסדרוק ביי אים און
אויך ביי אַנדערע סאָפיסטן אַ שטאַרקער קולטור־געשיכטלעכער
אינטערעס.

וועגן סאָפיסט אַנטיפאָן, וואָס דאָס אַלטערטום האָט שוין
נישט געקענט אונטערשיידן זיין ליטעראַרישע ירושה פון דער
ליטעראַרישער ירושה פונם גלייכנאָמיקן רעדנער, וועלן מיר ריידן
שפּעטער.

עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן דער אַזויגערופענער

Anonymus Jamblich, דער מחבר פון אַ מאָראַל־פילאָזאָפישן טראַקטאַט, וועלכן פ. בלאַס האָט אַנטדעקט אין פראָטרעפטיקאָס פון יאַמבליק. מען רעכנט אים געוויינלעך צו צו די סאָפיסטן, הגם זיין גאַנצע געמיינזאַמקייט מיט זיי באַשטייט אין דעם, וואָס ער פאַרנעמט זיך, אַזוי ווי זיי, מיט עטיש־פאָליטישע פראַגן, וועלכע ער לייזט אָבער, לחלוטין פריי פון רעלאַטיוויזם און סקעפּטיציזם, אין פאָזיטיוון זינען: ער איז אַ אַנטשידענער קעגנער פון דער הערנמאָראַל און אַ ענערגישער קעמפער פאַר אַ סאָציאַל־אָריענטירטער עטיק, און זיין קולטור־געשיכטלעכע טעאָריע איז כאַראַקטעריסטיש דורך זיין אָנשויאונג, אַז ביים ערשטן צוזאַמענקום פון מענטשן איז געזעץ און גערעכטיקייט אַנטשטאַנען פון נויט, ווייל אָן די דאָזיקע צוויי גרונדזיילן איז אוממעגלעך אַ צוזאַמענלעבן פון מענטשן.

דער דאָזיקער מחבר פאַרדינט אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט צוליב דעם, ווייל אויף וויפל מיר קענען זען איז ער דער איינציקער דענקער פאַר אָדער אין איין צייט מיט סאָקראַטעסן, וואָס טרעט אַרויס אין קעגנזאַץ צו די אַנדערע סאָפיסטן מיט אַ פאָזיטיווער אידעאַליסטישער עטיק, וועלכע איז אין איר גרונדריכטונג זייער נאָנט צו דער סאָקראַטיש־פלאַטאָנישער.

איינצלנע וויכטיקע געדאַנקען פון די אָדער אַנדערע סאָפיסטן וועלן מיר נאָך ברענגען ביי אַ געלעגנהייט.

*

*

די מעכטיקע גייסטיקע שטרעמונג פון יענער צייט, וועלכע מיר רופן אָן סאָפיסטיק לויט אירע רעפּרעזענטאַטיווע פאָרשטייער, וואַרפט ביסלעכווייז אַרויף איר קריטישע באַטראַכטונג אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכער קולטור. דערביי האָט דער פאַרגלייך מיט די אָנשויאונגען און אינסטיטוציעס פון אַנדערע פעלקער ווי אויך מיט די פון דער גריכישער פאַר־

אנגעגנהייט אויפגעוויזן, אַז אַ סך זאַכן, וואָס גילטן איצט אַלס
עהייליקטע אינסטיטוציעס, זענען דאָס נישט תמיד געווען, נאָר
יי זענען אַ רעזולטאַט פון אַ לענגערער אַנטוויקלונג. אין שייכות
דערמיט געפינט זיך אויך די לעבהאַפטע אורגעשיכטלעכע ספּע-
קולאַציע פון דער סאָפיסטיק ווי בכלל פון די ספּעקולאַטיווע
קעפּ פון איר תקופה: וועגן דער אַנטשטייאונג פון מלוכה און גע-
זעלשאַפט, רעליגיע און מאָראַל, שפּראַך און זיטן, און דערביי
באַגייט מען געוויינלעך דעמזעלבן גרונד-טעות ווי די אויפ-
קלערער פון 18-טן יאָרהונדערט: די אַנטשטייאונג פון דידאַ-
זיקע גייסטיקע שאַפונגען דערקלערט מען מיט אַן איינמאָליקן באַ-
וווסטזיניקן אַקט פון אַ איינצלנעם מענטשן. זייער כאַראַק-
טעריסטיש זענען דאָ די ספּעקולאַציעס וועגן דעם מקור פון
רעליגיע און מאָראַל. אַזוי, למשל, גיט פּראָדיקאָס אַ פול-
שטענדיק ראַציאָנאַליסטישע דערקלערונג וועגן דעם מקור פונם
גאָט-גלויבן: די מענטשן פון דער אורצייט האָבן די מזל-
ברכהדיקע נאַטור-כּחות, ווי זון און לבנה, טייכן און קוואַלן
געהאַלטן פאַר געטער, און נעבן דידאָזיקע האָבן זיי אָפּגעגעבן
געטלעכן כּבוד די גרויסע דערפינדער פון קולטור-טעכנישע
דערגרייכונגען נאָך זייער טויט. פון קריטיאַס האָט גאָר דער-
קלערט די רעליגיע פאַר אַ באַוווסטזיניקע דערפינדונג פון אַ
אויסגעמאַכטן קאָפּ, וועלכער האָט אויסגעטראַכט אַ מעכטיק, אַי-
בערערדיש, אַלוויסנדיק וועזן און אים אָפּגעגעבן אַלס וווינונג
דעם הימל, די היים פון דונער און בליץ, כּדי אָפּצושרעקן
דורך זיין יום-הדין אויך דעם פאַרברעכער, וואָס גרייט זיך צו
זיין טאַט אין דער פינסטער. זייער כאַראַקטעריסטיש זענען
אויך די רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען פון סאָפיסטישע קרייזן,
וועלכע עס אַנטוויקלען קאַליקלעס אין פּלאַטאָנס „גאָרגיאַס” און
פּראַזימאַכאָס אין דער „מלוכה” וועגן דעם מקור פון דער מאָ-
ראַל, וועלכע באַזירט אויף קעגנבאַטירלעכע אָפּמאַכן פון די
מענטשן לטובת די שוואַכע אָדער זי אַנטשפּרעכט נאָר דעם
נוצן פון דער הערשנדיקער רעגירונג.
איר פולע אַנטוויקלונג האָט דידאָזיקע, פאַרן פּאָלקסבאַ-

וואָסטזיין ווי בכלל פאַר יעדער פּאָזיטיווער עטיק צעשטערערי־
שע טענדענץ דערגרייכט ערשט אין דער ״י נ ג ע ר ע ר ס א ־
פ י ס ט י ק, וועמעס פאַרשטייער מיר קענען, אמת, נאָר זעלטן
אָנרופן ביי די נעמען, וועלכע זענען אָבער דורכדעם נישט
ווינציקער וויכטיק פאַר דער ווייטערדיקער צייט (דאָס ווייזט
שוין די ליידנשאַפטלעכקייט מיט וועלכער פּלאַטאָן באַקעמפט
זיי). לויט דער צייט געהערן זיי צום לעצטן דריטל פון
פינפטן, אָבער על פּי רוב ערשט דער ערשטער העלפט פון
פערטן יאָרהונדערט.

אַ פונדאַמענטאַלע באַדייטונג האָט דאָ די אָנשויאונג, אַז
אויך די מאָראַלישע ווערט-אורטיילן האָבן נאָר אַ רעלאַטיווע
באַדייטונג. אַזוי, למשל, געפינען מיר אין די „צווייפאַכע
רעדעס״, וואָס זענען אַנטשטאַנען אַרום 400-טן יאָר, אַ פערזן-
ציטאַט פון אַ נישט-אָנגערופענעם טראַגיקער, לויט וועלכן עס
קומט אויס, אַז קיין זאַך איז אין תוך גענומען נישט גוט און
נישט שלעכט, נאָר דיזעלבע האַנדלונגען ווערן לויט די אומ-
שטענדן גוט אָדער שלעכט. אין אַ באַרימטן פראַגמענט פון
אויראָפּידעס ווערט געזאָגט: „וואָס איז דען שלעכט, אויב
דער וואָס טוט עס, זעט דאָס נישט איין?״ — ווערטער, וועל-
כע עס זאָגט אין זיין טראַגעדיע „עאָלאָס״ וואָרשיינלעך מאַ-
קאַרויס (דער זון פונם טיטל-העלד), וועלכער האָט פאַרפירט
די אייגענע שוועסטער. ווי ס׳ווייזט אויס, גיט דאָ אויראָפּידעס
איבער אַ אָנשויאונג, וועלכע איז דעמאָלט געווען שטאַרק אין
דער מאָדע, נישט טיילנדיק זי אַליין. צי איר שעפער איז
טאַקע פּראָטאַגאָראַס, ווי מען נעמט אָן, איז ביים איצטיקן
שטאַנד פון אונזער טעקסט-מסורה אין אַ גרויסן ספק. פאַר
דער געשיכטע פון דער עטיק איז גענוג פעסטצושטעלן דעם
וויכטיקן פאַקט, אַז אין דער תקופה פון פעלאָפּאָנעזישן קריג,
ד. ה. אין סאָקראַטעסעס תקופה איז נאָך שטאַרק פאַרשפּרייט
געווען אַ מיינונג — וואָס טראָגט אויף איר שטערן אַ בולטן
שטעמפּל פון סאָפיסטישן מקור — אַז אויך די עטישע אָפּשאַ-

צונגען האָבן נאָר אַ רעלאַטיווע, אָבער נישט קיין אַבסאָלוטע גילטיקייט.

אַ אַנאַלאָגישע דערשיינונג דערצו שטעלט פאָר מיט זיך יענער סאָציאַלער רעלאַטיוויזם, וועלכן עס פרעדיקט דער סאָפיסט אַנטיפאָן אין די ניי-אַנטדעקטע גרויסע פראַגמענטן פון זיין שריפט וועגן דעם „אמת". דאָ ווערט אין פראַגמענט ב. אויסדריקלעך באַהויפּטעט די נאַטירלעכע גלייכקייט פון אַלע מענטשן, נישט נאָר פון חשוב און געמיין, נאָר אויך פון העלענער און באַרבאַרן. „ווייל פון נאַטור אויס זענען מיר אַלע גלייך אין יעדער הינזיכט. אַלע מענטשן האָבן דאָך פון דער נאַטור די גלייכע באַדערפענישן און זיי קענען זיי באַפרידיקן אויף אַ גלייכן אופן. מיר אָטעמען אַלע איין די גלייכע לופט דורך דער נאָז און דורכן מויל, מיר נוציקן זיך אַלע אין דיזעלבע שפייזן..." אויב מיר מאַכן סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אונטערשיידן איז דאָס זיכער נאָר אַ רעזולטאַט דערפון, וואָס מיר זענען פאַרפרעמדט איינער פון צווייטן דורך דער אָפּשטאַמונג. צוליבן זעלבן טעם ווערט פון אַנדערע סאָפיסטן נעגירט אָדער אַנדערש אויסגעטייטשט דער באַגריף פון דער פיינער אָפּשטאַמונג (פון „וווילגעבאָרן"), אַלס אַ ווילקירלעכער, נישט באַגרינדעטער אין דער נאַטור. און אַ צווייטער פון די-דאָזיקע שילער, אַלקידאַמאַס, מאַכט פון דער זעלבער גרונד-אָנשויאונג דעם אויספיר — וואָס איז פאַר דער אַנטיקער געזעלשאַפט ממש רעוואָלוציאָנער, — אַז *אַלע מענטשן זענען פון דער נאַטור פריי*, אַן אָנשויאונג, פאַר דער דעמאָלטיקער וועלט ממש אַן אומדערהערטע, וואָס וואַרפט אָפּ אַלס לחלוטין ווילקירלעכן דעם פונדאַמענטאַלן אונטערשייד צווישן קנעכט און פרייע.

ביי אַזאַ געוואַגטן דענקען בנוגע די אַלגעמיינע געזעלשאַפטלעכע צושטאַנדן קען אונז שוין נישט איבערראַשן, ווען איינצלנע דענקער, ווי *היפּאָדאַמאָס פון מילעט* אָדער *פאַלעאַס פון קאַלצעדאָן*, טרעטן שוין אַרויס אין דער פעריקלעאישער תקופה מיט אַ פולשטענדיקער סאָ-

ציאַלער, אַנדערע גאָר מיט אַ עכט־סאָציאַליסטישער מלוכה־טעאָריע, און גאָר אַנדערע פּראָקלאַמירן די ווייבער־געמיינשאַפט אַלס אַ הויפּט־פּונקט פון זייער סאָציאַל־פּאָליטישער פּראָגראַם.

אַזעלכע געדאַנקען האָבן געקענט דערגרייכן זייער אמתע אַנטוויקלונג בלויז טיילווייז, און דאָס אויך ערשט אין דער העלעניסטישער תקופה. פאַר דער תקופה פון אַ סאָקראַטעס איז נישט דער ערך וויכטיקער דער פאַקט, וואָס פונם עטישן סוביעקטיוויזם פון די ייִנגערע סאָפיסטן האָט זיך אַנטוויקלט אַ גרעניצלאָזער אינדיווידואַליזם. נישט נאָר וואָס עס קומט אויף די חצוהדיקע באַהויפּטונג, אַז די גאַנצע זיטלעכקייט באַזירט בלויז אויף קאָנווענציאָנאַליזם, נאָר אַלס קעגנזאַץ צו דערדאָזיקער קאָנווענציאָנעלער מאָראַל ווערט אויך באַגרינדעט די לערע פון אַ נאַטור־רעכט.

דערדאָזיקער קעגנזאַץ ווערט שוין געניי באַהאַנדלט ביי אַנטיפאָנען אין איינעם פון די נייע פראַגמענטן און דערביי ווערט אפילו פאַרזיכערט, אַז אויך דער פּיעטעט־געפיל לגבי די עלטערן וואָרצלט נישט אין דער נאַטור. די קאָנווענציאָנעלע רעכט איז געשאַפן געוואָרן בלויז אַלס שוץ פון די שוואַכע קעגן די תאוות פון די שטאַרקע. 1) די אמתע רעכט איז גיכער די פּריווילעגיע פונם שטאַרקערן. ווי באַקאַנט דריקט אויס געניי דעמדאָזיקן געדאַנק אין פּלאַטאָנס „מלוכה” דער סאָפיסט פראַזימאַכאָס: ווער עס האַנדלט גערעכט (אין אָנגענומענעם זין) ברענגט זיך תמיד בלויז שאָדן; ווער עס האַנדלט דאַקעגן אומגערעכט, האָט נאָר פּריווילעגיעס און נוצן. דעריעניקער, וואָס באַגייט אומרעכטן אין גרויסן סטיל, וואָס באַרויבט און פאַרקנעכטעט דעם כלל מיטבירגער, וואָס באַראַבעוועט די טעמפּלען פון די געטער, וואָס צעטרעט אָן שום איינזעעניש די אינטערעסן פון זיינע מיטמענטשן, וואָס פאַרכאַפּט די מאַכט איבער דער געמיינשאַפט — מיט איין וואָרט: דער טיראַן, — איז דעריבער דער גליקלעכסטער מענטש

1) קריטיאַס פראַג. 25 קאַליקלעס אין „גאָרגיאַס” 483 און ווי

וואָס אַלע זענען אים מקנא. און ס'איז גאַנץ ריכטיק — ווייל דאָס שעפּט יניקה פון דער נאַטור אַליין — וואָס דער שטאַרקערער — דערדאָזיקער איז דער בעסערער! — הערשט איבער דעם שוואַכערן און עקספּלואַטירט אים, ווייל די כלומרש־טע גערעכטיקייט און די פאָדערונג פון גלייכקייט — אַז אַלע מענטשן האָבן גלייכע רעכט — איז נאָר אויסגעטראַכט גע־וואָרן דורך דער פחדנישער און שוואַכער מאַסע, בעת דידאָ־זיקע עקזיסטירט דאָך אינדעראמתן נאָר צוליב דעם, כדי צו דינען דעם שטאַרקן און אים צוהעלפן ביים דערגרייכן זיינע צילן. נאָכמער, דער באמת שטאַרקער האָט נישט נאָר דאָס רעכט — ווייל די קראַפט, — צו הערשן איבער אַלע אַנדערע, נאָר ער מעג געבן פולע פרייהייט אַלע זיינע תאוות און פאַר־לאַנגען און זיי באַפרידיקן אינגאַנצן לויט זיין פערזענלעכן איינזען, ווייל זיין קלוגשאַפט און די קראַפט מאַכן אים פע־איק דערצו. ער וואָלט געווען אַ נאַר, ווען ער זאָל דאָס נישט טאָן! —

אזעלכע געדאַנקען אַנטוויקלט קאַליקלעס אין פּלאַטאָנס „גאָרגיאַס”, אָן שום ספק אויפן יסוד פון לעבנס־אָנשויאונגען, וועלכע איינצלנע סאָפיסטן האָבן פאַרטראָטן מיט דער גרעסטער ענערגיע און וואָס וואָרצלען אין אינערלעכסטן וועזן פון יע־נער תקופה, ווייל אַזאַ „הערנמאָראַל” און די באַהויפּטונג, אַז דער שטאַרקער אינדיוויד — און נאָר ער אַליין — האָט דאָס רעכט „אויסצולעבן” זיך אינגאַנצן פריי, אָן שום שטערונגען, באַקומט אין פּאָליטישן לעבן פון דער צייט מער ווי אַ — מען קען אפילו זאָגן: אין נעגאַטיוון זינען „קלאַסישע” — פאַרווירקלעכונג: אין קריטיאַס, דעם פירער פון די דרייסיק טיראַנען, און נאָכמער אין אַלקיביאַדעס און, פון דער צוויי־טער זייט, אין דעם ספּאַרטאַנער ליזאַנדער. און אויף דעם, אַז אפילו די עפנטלעכע מאָראַל, ד. ה. די פּאָליטיק, וועלכע ווערט פאַרטראָטן דורכן סוווערענעם פאָלק, איז געווען פול מיטן דאָזיקן גייסט און האָט געהאַנדלט אין הסכם מיט אים, קען עדות זאָגן אויף אַ דערשיטערנדיקן אופן די גרויזאַמע

פאַרגוואַלדיקונג דורך אַטען דעם קליינעם אינזל מעלאָס, וועל־כעס האָט געוואָלט אָפּהיטן זיין אומאָפּהענגיקייט און נישט גע־וואָלט אַריינטרעטן אַלס מיטגליד אין דער אַטישער מלוכה (416 פאַר קריסטוסן). טוקידידעס, דער גרויסער פּאָליטישער דענקער פון די גריכן, האָט גאַנץ ריכטיק אויפגענומען דידאַ־זיקע געשעענישן און זיי געשילדערט אויף אַ אומפּאַרגעסלעכן אופן.

* * *

די היסטאָרישע באַדייטונג פון דער גריכישער סאָפיסטיק איז קלאָר פאַר יעדן איינעם. דורך איר — און דאָס איז אַ פונדאַמענטאַלער אונטערשייד פון פריערדיקן (נאַטורפילאָזאָפישן) פּעריאָד פון דער גריכישער פילאָזאָפיע — ווערט דער מענטש מיט זיין דערקענטעניש און האַנדלונגען דער מיטלפּונקט פון אַלע ספּעקולאַציעס. ערשט דורך פּראָטאַגאָראַסן ווערט געשאַפן די דערקענטעניש־פּראָבלעם, ערשט דורך זיין פּרינציפּיעלן סוב־יעקטיוויזם ווערט באַגרינדעט די דיאַלעקטיק און אַזוי אַרום צוגעגרייט די געבורט פון דער לאָגיק.

אָבער אויך אויפן געביט פון פּסיכאָלאָגיע האָבן די סאָ־פיסטן פאַרדינסטן: פאַרשנדיק די ווירקונגען פון דער רעד־נער־קונסט אויף די צוהערער האָבן זיי געלייגט דעם ערשטן שטיין צו דער פּסיכאָלאָגיע פון אַפעקטן און — אַדאַנק זייער לערער־טעטיקייט — געשאַפן די ערשטע יסודות פון דער פּע־דאַגאָגישער פּסיכאָלאָגיע; זיי האָבן זיך פאַרטראַכט וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער שפּראַך און געשאַפן די התחלות פון דער שפּראַך־וויסנשאַפט (גראַמאַטיק) און גלייכצייטיק האָבן זיי אויך געגעבן אַ גרויסן שטויס פאָראויס די אורגעשיכטלעכע ספּעקולאַציע, הגם זייערע טעאָריעס וועגן דער אַנטשטייאונג פון מלוכה און קולטור זענען נאָך געווען רוי און זענען פול געווען מיט גראָבע טעותן.

פון דער צווייטער זייט איז אָבער נישטאָ קיין שום ספק;

אויב דער סאָפיסטישער רעלאַטיוויזם און סוביעקטיוויזם וואָלט אַרויס אַלס זיגער, וואָלט דאָס באַדייט אַ טויט-אורטייל פאַר יעדער אַרט וויסנשאַפט און זיטלעכקייט. אָבער גראָד דערדאָזיקער רעלאַטיוויזם, דידאָזיקע רעוואָלוציאָניזירונג פון די גייסטער, וואָס פרעגט אַלץ אָפּ: די יסודות פון דער דערקענטעניש און דורכדעם דעם אמת גופא, די געזעצן פון מענטשלעכן האַנדלען און דורכדעם יעדע אַרט זיטלעכקייט, אָט די-דאָזיקע עיקרדיקע טענדענצן פון דער סאָפיסטיק, וואָס גרייפן אָן דעם אינערלעכסטן נשמה-קערן פון דער גריכישער נאַציע האָבן דאָס אַרויסגערופן צום לעבן אַ סאָקראַטעס, וואָס זיין גאַנצער דענקען איז אויסגעוואַקסן אויפן באָדן פון טיפסטער רעאַקציע קעגן דער סאָפיסטישער „וועלטאָנשויאונג" — סאָקראַטעס פון אַטען. ווייל דער פאַקט, וואָס ער איז אַ אַטענער, האָט אַ גרויסן ווערט. „אָן דער סאָפיסטיק איז אוממעגלעך געווען דאָס דערשיינען פון אַ סאָקראַטעס און אַ פלאַטאָן", האָט יאָהאַנעס געפקען איינמאָל געזאָגט אין שאַרפסטן קעגנזאַץ צו ווילאַמאָוויצן און אַזויאַרום טרעפלעך כאַראַקטעריזירט דעם גרויסן—אין אַ געווויסער מאָס נעגאַטיוון—היסטאָרישן פאַרדינסט פון דער סאָפיסטיק: ווייל אָן דער סאָפיסטיק איז זיך אוממעגלעך פאָרצושטעלן סאָקראַטעסן פונקט ווי לוטערן אָן דער רוימישער קירכע און איר דעגענעראַציע. דער קעגנזאַץ איז יענער כח, וואָס רופט אַרויס אין די גרויסע אינדיווידוען נייע פעריאָדן פון דער געשיכטע פון גייסט.

## דאָס צווייטע קאַפּיטל

# סאָקראַטעס

סאָקראַטעס איז געבאָרן געוואָרן אין אַטען אין יאָר 469 (אָדער 470) פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכנונג. ער איז געווען אַ זון פון סקולפּטאָר סאָפראָניסקאָס און דער הייבאַם פענאַרעטע. צוערשט זאָל ער זיך האָבן באַשעפטיקט מיט דעם פאָטערס מלאכה; אָבער ער האָט זי זיכער גאַנץ פרי פאַרלאָזן. וועגן דעם גאַנג פון זיין אויסבילדונג ווייסן מיר נישט קיין שום פערזענלעכעס; זיכער איז בלויז, אַז ער האָט באַקומען די יוגנטבילדונג (ביים גראַמאַטיקער, קיטאַריסט, פּעדאָטריב *)), וועלכע איז אין אַטען געווען געזעצלעך-פאַרפליכטנד יק פאַר בירגער-זין. אויך וועגן דעם גאַנג פון זיין פילאָזאָפישער אַנטוויקלונג ווייסן מיר נישט קיין שום באַשטימטס — די סקיצע אין פּלאַטאָנס „פעדאָן" 96 און ווייט. קען נישט באַטראַכט ווערן אַלס היסטאָריש; — עס איז נישטאָ קיין שום ערנסטער גרונד אָנצונעמען אַ נאַטור-פילאָזאָפישן פעריאָד אין דער פריצייט פון זיין דענקען.

קיין „לערער" האָט סאָקראַטעס בכלל נישט געהאַט: עס איז אָבער זיכער, אַז ער איז באַקאַנט געווען מיט די שריפטן פון איינצלנע באַדייטנדיקע „פאַרסאָקראַטיקער" (העראַקליט, אַנאַקסאַגאָראַס). אָבער דעם שטאַרקן שטויס האָט זיין דענקען באַקומען פון דער מעכטיקער גייסטיקער באַוועגונג, וואָס טראָגט דעם נאָמען „סאָפיסטיק". אַז ער איז געווען גוט באַהאַוונט

*) קיטאַריסט—קיטאַרא-לערער (אַזאַ גריכישער מוזיק-אינסטרומענט), פּעדאָטריב—גימנאַסטיק-לערער. (דער איב.)

אויך אין דער קלאַסישער פּאָעזיע פון זיין פאָלק (האָמער, די טראַגיקער) איז אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט.

סאָקראַטעס׳ לעבן שטייט אין פולן הסכם מיט זיינע פּרינ־ציפּן און לערעס, דיזעלבע האַרמאָניע ווייזט אויך אויף סאָ־קראַטעס דער בירגער. אַלס לעצטער האָט ער זיך אַרויסגע־וויזן אַלס מוטיקער, פליכטבאַוואוסטזיניקער זעלנער אין דריי קריגסצוגן פון פעלאָפּאָנעזישן קריג (ער האָט זיך אויסגע־צייכנט אַלס האָפּליט *) אין די בלוטיקע שלאַכטן און קריטישע לאַגעס ביי פּאָטעידאַיאַ צווישן 432 און 429, ביי דעליאָן אין 424, ביי אַמפּיפּאָליס אין 422), אויך אין בירגערלעכן לעבן האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אַלס כאַראַקטער. אַזוי, למשל, איז ער אין אַרגונוזענפּראָצעס אין יאָר 406 געווען אַ פּריטאַן **) און אַלס אַזעלכער איז ער מוטיק אַרויסגעטרעטן קעגן דער צוויילדעוועטער אַטענישער פאָלקס־פאַרזאַמלונג אַלס פאַרטיידיקער פון רעכט, און אויך אונטער דער טעראָרהערשאַפט פון די דריי־סיק האָט ער זיך נישט אונטערגעגעבן די תּליניש באַפעלן פון די טיראַנען. אומעטום, וווּ עס האָט אים גערופן זיין בירגער־פליכט, האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אַלס גראַדליניקער מענטש. אָבער אין דער אייגנטלעכער פּאָליטיק האָט ער זיך קיינמאָל נישט באַטייליקט; ער האָט געפילט, אַז דידאָזיקע וועט אים אָפּרייסן פון זיין אמתער אויפגאַבע, און ער האָט איינגעזען, אַז אין דער ראַדיקאַלער דעמאָקראַטיע האָט ער נישט קיין אַרבעטס־פּלאַץ. זיין פּאַטערשטאַט אַטען האָט ער, אַחוץ בעת די קריגסצוגן, קיינמאָל נישט פאַרלאָזן, אפילו די געגנט האַרט לעבן די שטאָט־טויערן האָט ער קוים געקענט. זיין דענקען איז אינגאַנצן געווענדט נאָך אינעווייניק צו, די נישט־באַזעלטע אויסנוועלט אינטערעסירט אים גאַנץ ווייניק; דעריבער האָט ער אויך קיין פאַרשטענדעניש נישט פאַר נאַטור און נאַטורוויסנ־שאַפט.

---

*) אַ שווער־באַוואָפנטער גריכישער אינפאַנטעריסט. (דער איב.).

**) די פאַרשטייער פון דער רעגירונגס־מאַכט אין אטען. (דער איב.)

סאָקראַטעס איז נישט קיין איינזאַמער, פון דער וועלט אָפּגעקערטער גריבלער; זיין גאַנצע טעטיקייט שפּילט זיך אָפּ אין באַציאונגען צו זיינע מיטמענטשן. אָבער ווען און דורך וואָס ער האָט אַנטדעקט זיין אמתן „באַרוף", ווייסן מיר נישט (ווייל דער שפּרוך פון דעלפישן אָראַקול, וועלכן עס האָט אַרויסגערופן זיין פאַרערער כאַירעפאָן, האָט אים בלויז געשטאַרקט אויפן וועג, וועלכן ער האָט שוין פון פריער געהאַט באַטראָטן); אָבער די ערשטע שפּורן פון זיין עפנטלעכער טעטיקייט, וועלכע מיר דערקענען, פאַלן אויס אין אָנהויב פון פּעלאָפּאָנעזישן קריג (ארום 432/31); אַרום 424 האָט ער שוין געמוזט זיין באַקאַנט דער גאַנצער שטאָט, ווי דאָס דרינגט אַרויס פון אַריסטאָפאַנעסעס „וואָלקנס", וואָס זענען שוין אויפגעפירט געוואָרן אין 423 און פירן אים אַרויס אַלס מעטעאָראָלאָג, ד. ה. אַלס אַטעאיסט און אַרכיסאָפיסט, וועלכער קען מייסטערהאַפט די קונסט פון העלפן זיגן די שלעכטערע זאַך דורך זיינע רעדעס — אַ קאַריקאַטור, וואָס האָט, ווי באַקאַנט, געהאַט אַ פאַטאַלן איינפלוס אויף דער מיינונג פון זיינע מיטבירגער וועגן סאָקראַטעסן. אינדערעמתן איז סאָקראַטעס נישט אַרויסגעטראָטן נישט אַלס נביא און נישט אַלס „לערער" פון חכמה; פאַרקערט, ער אַנטוויקלט זיינע געדאַנקענגענג אין אַ כלומרשט פרייען שמועס, — וועלכן ער באַהערשט באַלד מיט איינציקאַרטיקער מייסטערשאַפט, — אין געמיינשאַפט מיט אַנדערע אַלס אַ זוכער פון אמת און אַלס אַ גייסטיקער פירער אין הויכן און ברייטן זינען פון דאָזיקן וואָרט. אויפן מאַרק, אין וואַרשטאַט פון האַנטווערקער, אָבער דער עיקר אין די גימנאַזיעס, וווּ די אַטטישע בחורים און מענער פון דער געזעלשאַפטלעכער אויבערשיכט האָבן זיך באַשעפטיקט מיט קערפּערלעכער קולטור, האָט מען אים טעגלעך געקענט געפינען ביי אַ טיף־עגבערנדיקן שמועס מיט אַנדערע.

נישט שטרעבנדיק אָנצוקניפּן צו וועמען נישט איז פּערזענלעכע דערציאונגס־באַציאונגען אָדער גאָר לויטן שטייגער

פון די סאָפיסטן צו נעמען האָנאָראַר פאַר זיין לערנען, איז ער דאָך אינגיכן געוואָרן, אַ דאַנק דעם אייגנטימלעכן צויבער פון זיין פערזאָן, דער אומבאַשטריטענער פירער פון אַ קרייז בחורים, דער עיקר פון דער אַטטישער חשובער געזעלשאַפט, פון וועלכער צאָלרייכע בחורים האָבן געקוקט אויף אים ווי אויף אַ פאַרגעטערטן לערער, נישט געקוקט אויף זיין העסלעכער אויסערלעכקייט און זיין משונהדיקן וועזן, און אויב ער האָט אייניקע פון זיי אַרומגערינגלט מיט באַזונדערער ליבע, וועלכע האָט אין פאַרשידענע פאַלן — פאַר אַן אַטענער פון זיין צייט איז נישט געווען אין דעם קיין שום אויסערגעוויינלעכס — אַנטהאַלטן אין זיך אַן עראָטיש-פּאַטאָלאָגישן עלעמענט, האָט ער אים אָבער זיטלעך איינגעצוימט און פאַרגייסטיקט. ער איז דאָך מיט זיינע תלמידים פאַרבונדן געווען דורכן געמיינזאַמען פאַרלאַנג צו אמת און צו דערקענען דאָס באמת שיינע און גוטע. אויך אַלקיביאַדעס און קריטיאַס האָבן צייטווייליק געהערט צו זיין קרייז.

סאָקראַטעס, וועלכער איז דורך זיין באַדערפנישלאָזיקייט, זעלבסטבאַהערשונג, אויסדויער און פאַרהאַרטעוועטקייט פונקט ווי דורך זיין טיפן זיטלעכן ערנסט און דורך זיין אָריגינעלער לעבנסבאַטראַכטונג, וואָס זוכט דער עיקר דעם אינערלעכן מענטשן, געווען אַ מוסטער פאַר זיינע תלמידים — צו די נישט-גינסטיקע ידיעות פון אַריסטאָקסענאָסן וועגן זיין כאַראַקטער מעג מען פאַרגלייכן יאָעלן (I 810, 2), וועלכער האָט וועגן דעם געזאָגט דאָס בעסטע — האָט אַנטוויקלט אין משך פון אַ גאַנצן מענטשנלעבן אין טעגלעכן פאַרקער מיט דער אונטערוואַקסנדיקער יוגנט און מיט רייפע מענער אַ טיפגרייכנדיקע, אַפילו אַן איינציקאַרטיקע טעטיקייט. אָבער אַלס זיבעציק-יאָריקער (אין יאָר 399 פאַר קריסטוסן) איז ער אָנגעקלאָגט געוואָרן דורך זיינע דריי מיטבירגער (אַניטאָס, מעלעטאָס, לי. קאָן) אין דעם, אַז ער גלויבט נישט אין די מלוכה-געטער, אַ

ער פירט איין אַנדערע נייע געטער און ער פאַרדאַרבט די יוגנט.
דער גאַנג און אויסגאַנג פון פּראָצעס זענען באַקאַנט. צוליב זיין גאָטלאָזיקייט און זיין פלומרשט פאַרדאַרבנדיקן איינפלוס אויף דער אַטענישער יוגנט ווערט סאָקראַטעס פאַרמשפט צום טויט; זיין עקזעקוציע ווערט אָבער אָפּגעלייגט אויף 30 טעג, ווייל לויט אַן אוראַלטן מנהג דאַרף זיך פריער אומקערן די אינצווישן אָפּגעגאַנגענע מלוכה-שיף פון דער דעלישער יום-טוב-דעלעגאַציע.

אין משך פון דערדאָזיקער צייט באַמיט זיך זיין פריינט קריטאָן אים איבערצורײדן, ער זאָל אויסמיידן די אויספירונג פון אורטייל דורך אַנטלויפן בײנאַכט פון דער תפיסה. סאָקראַטעס וואַרפט אָפּ דעם פאָרשלאַג מיט רואיקער אַנטשיידנקייט, ווייל דערהויבענער איבער אַלע אַנדערע שטימען פון זיין אינערלעכקייט קלינגען די פלאַמיקע ווערטער פון מלוכה-געזעץ אויף וועלכן דער רעכטער בירגער קען נישט עובר זיין.

זיינע תלמידים האָבן טעגלעך געהאַט די געלעגנהייט צו באַוואונדערן אין תפיסה זיין געלאַסנקייט און פריילעכן געמיטצושטאַנד, און אין אָוונט פון דרייסיקסטן טאָג טרינקט ער אויס דעם גיפט-בעכער אין קלאָרער רואיקייט און אין פולקאָמענער האַרמאָניע מיט זיין לעבן און ווירקן, אין טיפן שלום מיט זיך אַליין און מיטן גורל, וועלכן די גאָטהייט האָט אים באַשערט, ביז צו זיין לעצטן אויגנבליק אין זיין וועזן און אין זיינע ווערטער דערזעלבער, ווי ער איז געווען אין לעבן. אַזוי אַרום ווערט זיין טויט זיין גרעסטע זיטלעכע טאַט, אומפאַרגעסלעך פאַר זיינע תלמידים און פריינט, וועלכע זענען געווען עדות דערפון. ערשט סאָקראַטעסעס טויט — נישט נאָר דערפאַר ווייל ער איז געשטאָרבן (פרייוויליק, פאָלגנדיק דעם געזעץ), נאָר דער אופן, ווי אַזוי, ד. ה. די האַלטונג מיט וועלכער ער איז געשטאָרבן — איז די קרוינונג פון זיין אומפאַרגענגלעכן לעבן.

סאָקראַטעס אַליין האָט גאָר נישט „געשריבן”; ביי א

מענטשן, וועלכער האָט זיין גאַנץ לעבן געוואָלט זיין בלויז אַ זוכער פון אמת און אַ מענטשנפאָרשער און מענטשן-אויספרו-ווער, איז דאָס זייער באַגרייפלעך. אָבער דערדאָזיקער פאַקט איז גלייכצייטיק די סיבה, וואָס מיר מוזן דאָ קורץ באַרירן די „ס אָ ק ר אַ ט ע ס - פּ ר אָ ב ל ע ם", ווייל אין דער „סאָ-קראַטישער ליטעראַטור", וואָס איז אַנטשטאַנען גלייך נאָך זיין טויט (און אין אַ קלענער מאָס אפשר נאָך פאַר דעם), און אין וועלכער ער טרעט אַרויס אַלס איר העלד און אמת-זוכער, דערשיינט זיין פּערזאָן אין אַ גאַנץ פאַרשיידענער באַלייכטונג און באַדייטונג.

עס זענען דערגאַנגען צו אונז צוויי זייער פאַרשיידענע „סאָקראַטעס-פּאָרטרעטן": 1) אין די דיאַלאָגן פון פּלאַטאָן, זיין גענויאַלסטן תּלמיד און דעם גרעסטן קינסטלער פון דער גרי-כישער פּראָזע-ליטעראַטור, און אין די שריפטן פון קסענאָפאָן, דער עיקר אין זיינע „סאָקראַטישע מערקווירדיקייטן". (צו דעם קומען נאָך צו אַריסטאָטעלעסעס ידיעות וועגן סאָקראַטעסעס באַ-דייטונג פאַר דער געשיכטע פון דער גריכישער פילאָזאָפיע.) דעריבער האָבן אייניקע מאָדערנע פאָרשער אָנגענומען אַלס מאָסגעבנדיקע קוועלע פאַר זייער אויפפאַסונג פון סאָקראַטעסעס פּערזענלעכקייט און פילאָזאָפיע דער עיקר קסענאָפאַנען, אַנ-דערע ווידער קודם כל פּלאַטאָנען, און גאָר אַנדערע קסענאָ-פאַנען, דערגאַנצט און פאַרטיפט דורך פּלאַטאָנען (ווי שלייער-מאַכער, למשל), און עס זענען דאָ אויך אַזעלכע וואָס שטיצן זיך אויסשליסלעך אויף אַריסטאָטעלעסן. עס דאַרף אָבער היינט גילטן אַלס אומבאַדינגטער אמת, אַז קסענאָפאָן, אַ לגמרי אומ-פילאָזאָפישער קאָפּ, וואָס האָט גאָר נישט באַגריפן סאָקראַטע-סעס אינערלעכן וועזן און זיין אמתע באַדייטונג און ער שיל-דערט אים דעריבער בעיקר אַלס באַנאַלן, פלאַכן מאָראַלפי-

1) דעם סאקראטעס פון די „וואָלקנס" ווי בכלל פון דער אַלטער קאָמעד-יע קען מען נישט נעמען ערנסט אין באַטראַכט — א חוץ געוויסע אויסערלעכ-קייטן — אויף צו באקומען דעם עכטן סאקראטעס-בילד.

ליסטער און דערביי אַלס טעלעאָלאָגיש-אָריענטירטן „טעאָלאָג", קומט לחלוטין נישט אין באַטראַכט אַלס קוועלע פאַר סאָקראַטעסן (אַחוץ וואָס שייך איינציקע אויסערלעכע שטריכן), בפרט ס'איז היינט אַן אומבאַשטריטענער פאַקט, אַז ער האָט געהערט צו סאָקראַטעסעס קרייז בלויז אַ לפי ערך קורצע צייט, בעת זיין פּראָצעס און טויט איז ער געווען ווייט אין אויסלאַנד און די „מעמאָראַביליען" (אַחוץ דעם הויפּטטייל 1 און 2) האָט ער פאַרפאַסט ערשט דרייסיק יאָר נאָך סאָקראַטעסעס טויט, און אפשר שפּעטער. גלייכצייטיק איז ביי היינטיקס טאָג מחוץ פון יעדן ספק אַז די פּריפּלאַטאָנישע דיאַלאָגן (צוזאַמען מיט דער אַפּאָלאָגיע און קריטאָן) זענען אַן ערשטראַנגיקע קוועלע פאַר אונזער אויפפאַסונג וועגן סאָקראַטעסן, הגם זיי ווייזן אונז סאָקראַטעסעס בילד אין קינסטלערישער פאַרוואַנדלונג און זיי לאָזן אים נישט פאַרטרעטן בלויז אייגענע לערעס — אַ פאַקט, פון וועלכן עס פליסן אַרויס ווייטערע פּראָבלעמען פון דער פאָרשונג, דאָס באַרעכטיקט אונז אָבער נישט, ווי דאָס האָט געטאָן ה. מייער אין זיין באַדייטנדיקן, אָבער איינזייטיקן בוך, צו פאַרוואַרפן די גבית-עדות פון אַריסטאָטעלעסן וועגן סאָקראַטעסן דעם דיאַלעקטיקער און באַטראַכטן אים אויסשליסלעך אַלס „עטישן פּראַקטיקער" און בכלל נישט אויפפאַסן אים אַלס פילאָזאָף. דידאָזיקע אָנשויאונג, נישט געקוקט אויף דער הסכמה פון ווילאַמאָוויצן, קען זיך נישט אַרויסווייזן פאַר לעבנס-פעאיק. אַ גאַנצע ריי באַקאַנטע פאָרשער (ווי יעגער, פּרעכטער, יאָעל און באַזונדערס ערנסט האָפמאַן) האָבן שוין אין קעגנזאַץ דערצו באַטאָנט, אַז אַריסטאָטעלעסעס גבית-עדות לאָזט זיך בשום אופן נישט אָנטווערטן אָדער לגמרי באַזייטיקן, בפרט אַז עס שיינט צו זיין אויסגעשלאָסן — באַזונדערס נאָך האָפמאַנס אויספאָרשונג, — דאָס אַריסטאָטעלעס זאָל דאָ געוועזן זיין אָפּהענגיק פון קסענאָפאָנס „מעמאָראַביליען"; אַחוץ דעם ווערן באַשטעטיקט אַריסטאָטעלעסעס ידיעות וועגן דעם דיאַלעקטיקער סאָקראַטעס דורך די פּריפּלאַטאָנישע דיאַלאָגן, וועלכע דערזעלבער פאַרדינסטפו-

לער פאָרשער שאַצט איין — און געוויס מיט רעכט — אַלס פונדאַמענטאַלע קוועלע וועגן סאָקראַטעסן: דער עיקר (אויסער דער אַפּאָלאָגיע) דורך דעם פּראָטאַגאָראַס, לאַכעס, מלוכה I, ליזיס, כאַרמידעס און אויטיפראָן. פון דער צווייטער זייט ווייזן אָבער אויך יענע פּריפּלאַטאָנישע דיאַלאָגן (ווי צום ביישפּיל דער פּראָטאַגאָראַס און דער לאַכעס), אַז סאָקראַטעס איז נישט געווען אויסשליסלעך אַ דיאַלעקטיקער, אויך נישט קיין ריינער טעאָרעטיקער, נאָר אַ פּערזענלעכקייט, וואָס האָט דורך איר גאַנצן „דעמאָנישן" וועזן, דורך ביישפּיל, פּערזענלעכע אימפּולסן און פּרינציפּן, ווי דורך איר גאַנצן עטאָס בכלל, געמאַכט אַן אומאויסלעשלעכן, אויף אַנדערע ממש אַן איינציקאַרטיקן איינדרוק, וואָס פּלעגט זיי אויפוועקן צו אַ ניי לעבן. ווייל אין דער אמתן איז סאָקראַטעס אידאָס ערשטע אידאָס צווייטע, אידער פּראַקטישער באַגרינדער פון דער דיאַלעקטיק און אי אַ ממשותדיקער מאָראַליסט, דער עטישער פּראַקטיקער, ד. ה. אַ דערוועקער צו אַן אמת זיטלעכן לעבן. אָן דעמדאָזיקן צווייטן גרונדשטריך פון זיין וועזן וואָלט גאָרנישט געווען באַגרייפלעך זיין באמת פענאָמענאַלע השפּעה אויף זיינע תּלמידים (דער עיקר אָבער אויף אַ גייסט ווי פּלאַטאָן), וועלכע האָט גלייכצייטיק אַרויסגערופן צום לעבן אַ גאַנצע „סאָקראַטישע ליטעראַטור".

## סאָקראַטעס דער פילאָזאָף

### 1. דער דיאַלעקטיקער

פונקט ווי די סאָפיסטיק, שטייט אויך סאָקראַטעס אויפן באָדן פון דער „אויפקלערונג"; אויך זיין פּרינציפּיעלע שטעלונג לגבי די טראַדיציאָנעלע אָנשויאונגען פון גריכישן פאָלק איז די שטעלונג פון דער קריטישער רעפלעקסיע, אויך ער נעמט נישט אָן קיין איין „מיינונג" פון די אַלט-פאָדערער אָן אַ קריטישער

באַטראַכטונג. און פונדעסטוועגן עקזיסטירט אַ טיף-גרייכנדיקער אונטערשייד צווישן סאָקראַטעסעס שטאַנדפּונקט און דעם שטאַנדפּונקט פון די סאָפיסטן: בעת דידאַזיקע שטעלן מיט זייער סקעפּטיציזם אונטער אַ פראַגע-צייכן די גאַנצע דערקענטעניש און די גאַנצע זיטלעכקייט, ווי בכלל די אינערלעכסטע יסודות פון דער גריכישער קולטור אין דער מלוכה און געזעלשאַפט, לעבט סאָקראַטעס מיט דער פעלזנפעסטער איבערצייגונג, אַז עס מוז עקזיסטירן אַן אַבסאָלוטער אמת, וואָס איז דערגרייכבאַר פאַרן מענטשן און איז אומאָפּהענגיק פונם טראַכטן און מיינען פונם איינצלנעם אינדיווידואום פונקט אַזוי ווי פון דעם טראַכטן און מיינען פון דער מאַסע. דער דאָזיקער אמת אָדער ריכטיקער דידאָזיקע אמתן זענען דערגרייכלעך בלויז אויפן וועג פון שכלדיקן דענקען; דעריבער דאַרף מען נעמען דעמדאָזיקן וועג פאָרזיכטיק און קאָנסעקווענט. אין דעם מענטשלעכן שכל גופא ליגן פאַרבאָרגן די געזעצן פון דענקען און דורכדעם אויך די מעגלעכקייטן פון דער אמתער דערקענטעניש. אַזוי אַרום אַנטדעקט סאָקראַטעס אין די געזעצן פון מענטשלעכן שכל אַ גאַנץ נייע וועלט, וואָס געפינט זיך מחוץ דער ממשלה פון די חושים-עמפּפינדונגען און פון די פערזענלעכע אָנשויאונגען פון די איינצלנע מענטשן. דורכדעם ווערט באַזיגט דער סענסואַליזם און דער סוביעקטיוויזם פון אַ פּראָטאַגאָראַס ווי בכלל דער רעלאַטיוויזם פון די סאָפיסטן און די וויסנשאַפט ווערט געראַטעוועט אָדער בעסער נאָך: זי ווערט צום ערשטן מאָל אויף אַן אמת באַגרינדעט. ווייל דער באַגריף פון וויסן גופא באַקומט דאָ צום ערשטן מאָל אַ פעסטן פונדאַמענט; בעת די פריערדיקע דענקער — נישט אַריינרעכענענדיק פּאַרמענידעסן — האָבן אין זייערע לערעס קיינמאָל נישט אונטערשיידט שאַרף צווישן סוביעקטיווע מיינונגען און עקזאַקט באַהויפּטונגען, ווערט דורך סאָקראַטעסן צום ערשטן מאָל פעסטגעשטעלט דער פּרינציפּיעלער אונטערשייד צווישן וויסן און מיינען: אמתעס וויסן איז נאָר דאָס באַגריפלעכע וויסן. ערשט סאָקראַטעס אַנטדעקט

די באַגריפן, וואָס זענען גילטיק פאַר אַלע דענקנדיקע מענטשן אויף אַ גלייכן אופן און ווערט אַזוי אַרום דער באַגרינדער פון דער וויסנשאַפט וועגן דאָס אַלגעמיינע (די לאָגיק). אָבער די באַגריפן פאַרמאָגן פאַר סאָקראַטעסן אַן אָביעקטיווע וויר־לעכקייט. אויף אַזאַ אופן האָט סאָקראַטעס געפונען אין די באַגריפן אַן אַלגעמיין־פאַרפליכטנדיקע נאָרם פון מענטשלעכן דענקען, וועלכע פאַלט נישט אַרונטער דעם קאַפּריז פונם איינצל־נעם סוביעקט און שטייט איבער אַלע אינדיווידוען און איז דאָך לעבעדיק אין זיי גופא.

אָבער דידאָזיקע באַגריפן, ד. ה. די איינצלנע באַשטימ־טע באַגריפן (ווי צום ביישפּיל דעם באַגריף פון גערעכטיקייט) דאַרף מען ערשט אויסגעפינען, ווייל סאָקראַטעס מיינט נישט, אַז ער באַזיצט שוין דעם אמת, פאַרקערט, ער געפינט זיך אויף דער שטענדיקער יאָגט נאָך אים, און ווען עס דאַכט זיך אים באמת, אַז ער האָט שוין געפונען אַ טייל פון אמת, שטעלט פאַר אים דידאָזיקע גלייך אַ ניי רעטעניש. פון יעדער ענדלעך געפונענעם ענטפער פליסן תמיד אַרויס נייע פּראָבלעמען. אַזוי אַרום איז סאָקראַטעס דאָס אורבילד פון רולאָזן אמת־זוכער, אין קעגנזאַץ צו די „חכמים” פון דער פאַרגאַנגענהייט, דער ערשטער „פילאָזאָף” אין אייגנטלעכן זינען פון דאָזיקן וואָרט, אַ פילאָ־זאָף, וועלכער איז טיף אינערלעך איבערצייגט אין דער עקזיס־טענץ און דערקענבאַרקייט פון דאָזיקן אמת, און דאָך איז אים גלייכצייטיק קלאָר, אַז די מענטשלעכע דערקענטעניש האָט גרע־ניצן און דער אמת קען געפונען ווערן בלויז בהדרגהדיק, פון שטופּע צו שטופּע, אויף די פאַרפּלאָנטערטע וועגן־שטעגן פון דענקען.

דעריבער איז אויך די פאָרם פון זיין פילאָזאָפירן אַ גאַנץ אַנדערע ווי ביי די נאַטורפילאָזאָפן און די סאָפיסטן, וועלכע פלעגן אין טאָן פון אַ נביא אָדער אַ געזעצגעבער אַרויסברענגען זייער „לערע” מיט אַפּאָדיקטישער זיכערקייט: היות ווי ער איז נישט מער ווי אַ אמת־זוכער, ווענדט ער זיך ביי יעדער אָנגעטראָפענער אַפּאָריע נאָך הילף צו די מיט־

מענטשן, כדי אין געמיינשאַפט מיט זיי צו געפינען דעם אמת: אין דער פאָרם פון אַ געשפּרעך. אַן אומדערמידלעכער אויספרעגער, לערנט ער זיך איינגיכן אויס אָנצופירן מיטן שמועס מיט אומדערהערטער מייסטערשאַפט, שפּילנדיק אַליין די ראָל פונם נישט־ווייסער, וועלכער ווייס בלויז נאָר איינס, אַז ער „ווייס" גאָר־נישט, און וועלכער איז דערביי פונדעסטוועגן אַזוי פעסט איבערצייגט אין דער באַווייזקראַפט פון שכלדיקע מאָטיוון ביים אויפזוכן די באַגריפן און די פון זיי אַרויספליסנדיקע פאָדערונגען צום מענטשלעכן דענקען און האַנדלען׳ ווי מיר זענען איבערצייגט אין לאָגישן צוואַנג פון אַ מאַטעמאַטישן באַווייז: ער ווייס, אַז יעדער דענקנדיקער מענטש ווערט געצוווּנגען דורך די אויך אין זיין באַוווּסטזיין הערשנדיקע געזעצן מסכים צו זיין מיט זיי פרייוויליק, ד. ה. אויפן יסוד פון אייגענער איבערצייגונג.

אין זיינע שמועסן ווענדט סאָקראַטעס אָן אַ גאַנץ באַשטימטן „מעטאָד", נעמענדיק געוויינלעך אַלס אויסגאַנגס־פונקט אַ וועלכן נישט איז צופעליקן פאַקט פון טריוויאַלער טאָג־טעגלעכקייט; נישט אומזיסט האָט ער דאָך, — ווי ער פלעגט זאָגן אין שפּאַס, — געירשנט פון זיין מוטער די קונסט פון אַ הייבאַם: דורך זיין מעטאָד העלפט ער קומען אויף דער וועלט די דערקענטענישן, וואָס דרימלען אין באַוווּסטזיין פונם מיטשמועסער. לויט אַריסטאָטעלעסן פלעגט סאָקראַטעס פּלאַנמעסיק אָנווענדן די אינדוקציע און די דעפיניציע, כדי זיי צו פאַרווענדן אין סילאָגיזמען. אַרויסגייענדיק פון אַ אַלגעמיין־אָנערקענטן אמת און פעסטשטעלנדיק דערביי דעם באַגריף פון דער אויסגאַנגס־פאָרשטעלונג, זוכט סאָקראַטעס אין געמיינשאַפט מיט אַנדערע אַרויסצושיילן פון אַ גאַנצער ריי קאָנקרעטע איינצלפאַלן דעם באַגריף, וואָס איז געמיינזאַם ביי זיי אַלע, און אים אַרומצוזימען (צו דעפינירן) דורך אַ באַשטימטער שפּראַכלעכער פאָרמולירונג. דערביי ווערט די אויספּרוּווּנג פון אַ געוויסער פראַגע כמעט ווי פון זיך אַליין פאַרוואַנדלט אין אַ אויספּרוּווּנג סיי פון אייגענעם סיי פון אַנ־

דערנס שטאַנדפּונקט, און גאָר אָפּט שטעלט זיך אַרויס אין משך פֿון שמועס, אַז דער אַנדערער, וואָס איז געווען שטאַרק איינגעגלויבט אין דעם, אַז ער באַזיצט זיין „חכמה" אָדער „קונסט", האָט קיין שום אַנונג נישט וועגן די באַגריפֿן, וועלכע ער לאָזט נישט אַרויס פֿון מויל — ווי, למשל, דעם באַגריף פֿון דער „טוגנט", — נאָכמער, אַז ער האָט בכלל קיין אַנונג נישט (ווי מיר זעען דאָס זייער בולט אין פּלאַטאָנס „פּראָטאַגאָראַס") וועגן דער עקזיסטענץ פֿון די פּראָבלעמען, וועלכע ליגן פֿאַרבאָרגן אין דידאָזיקע באַגריפֿן אָדער אין זיינע באַהויפּטונגען וועגן דידאָזיקע — ווי, למשל, וועגן דער איינהייט אָדער דער פֿילקייט פֿון דער טוגנט, — און אַזוי אַרום אַנטוויקלט זיך דער שמועס מיט אינערלעכער נויטווענדיקייט צו אַ פֿולשטענדיקער דעמאַסקירונג (אייגנטלעך: צעקלאַפּונג) פֿון באַרימטן חכמה-לערער אָדער פֿון אַ גרויסן ווירטואָז מצד דעם באַשיידענעם נישט-ווייסער סאָקראַטעס. אויפֿן קאָנטראַסט פֿון דאָזיקן ווי ס'שיינט גאָר פּשוטן פֿרעגער און דער חכמה-גאווה פֿון דעם צווערשט אַזוי זעלבסטזיכערן צווייטן, וועלכן עס באַפֿאַלן אַלץ מער אַנגסטן ביי די עגבערנדיקע פֿראַגעס פֿון סאָקראַטעסן, באַזירט די סאָקראַטישע „איראָניע".

## 2. דער באַגרינדער פֿון דער עטיק.

אָבער דידאָזיקע אומדערהערטע דיאַלעקטישע קונסט, וועלכע סאָקראַטעס האָט דאַן צום ערשטן מאָל אָנגעווענדט אויף אונזער ערד, איז נישט נאָר אַ גייסטרייך שפּיל מיט געדאַנקען און ווערטער. דער אינהאַלט אירער באַשטייט פֿון איין-איינציקן צענטר, צו וועלכן עס לויפֿן זיך צונויף אַלע אירע שטעגן: *די גרונדפֿראַגעס פֿון דער זיטלעכקייט.* ווייל סאָקראַטעסעס דאָזיקע דיאַלעקטיק איז נאָר די וועג-פֿלאַסטערין פֿאַר זיין עטיק. דידאָזיקע מוז סאָקראַטעס באַגרינדן פֿונסניי, ד. ה. וויסנשאַפֿטלעך קעגן די צעפֿרעסנדיקע אַרגומענטן פֿון דער סאָפֿיסטיק, בכלל פֿון דער „אויפֿקלערונג".

און אין דאָזיקן פּונקט — אין דעם, וואָס ער האָט אונטער-
גענומען דעמדאָזיקן פּרוּוו מיטן פֿולן באַוווּסטזיין פֿון זיין וויכ-
טיקייט, מיט וויסנשאַפֿטלעכע אַרגומענטן, מעטאָדיש — ליגט
דער גרונד, פֿאַרוואָס סאָקראַטעס געהער צו דער רייע גריכי-
שע פֿילאָזאָפֿן (און נישט נאָר צו די „עטישע פּראָטרעפּטיקער"),
וועלכע האָבן געשאַפֿן אַ נייע עפּאָכע אין דער געשיכטע פֿון
מענטשלעכן דענקען.

סאָקראַטעס ווערט דער גרינדער פֿון אַ אויטאָנאָמער זיט-
לעכקייט, וועלכע ער אַליין באַזירט אויפֿן שכל. דורכדעם ווערט
די מאָראַל צום ערשטן מאָל אומאָפּהענגיק פֿון דער אומגע-
הייערער מאַכט פֿון דער טראַדיציע, באַזונדערס פֿון דער
איבערליפֿערטער רעליגיע, און גלייכצייטיק ווערט זי איינגע-
וואָרצלט פֿעסטער ווי ווען נישט איז. ווייל אויך דאָ ליגן אין
באַוווּסטזיין פֿונם „נישט-ווייסער" סאָקראַטעס אומדערשיטערלעכע
פֿונדאַמענטאַלע איבערצייגונגען: דער גלויבן אין דעם, אַז עס
עקזיסטירט אַן אַבסאָלוטעס גוטס אָדער שלעכטס. דער אורסאָפֿיס-
טישער געדאַנק, וועלכן עס דריקט איינמאָל אויס דער טראַ-
גישער דיכטער; „וואָס איז דען שלעכט, ווען דער, וואָס
טוט עס זעט דאָס נישט איין?" — דער דאָזיקער דענקשטייגער
האָט קיינמאָל נישט דערשיטערט דעם קערן פֿונם סאָקראַטישן
שטאַנדפּונקט: ד. ה. זיין אוממיטלבאַרן זיטלעכן באַוווּסטזיין,
וואָס לעבט אין אים אין אַ גאָר שטאַרקער מאָס, ווייל סאָ-
קראַטעס אונטערשיידט אין דער אמתן — ווי דאָס האָט צו-
ערשט קלאָר דערקענט ערנסט האָפּמאַן — צוויי מינים וויסן:
איין מין נעמט אַרום די גרונד-דערקענטענישן פֿונם פּראַק-
טישן שכל, דער צווייטער מין באַדייט דעם אַרויסגעדרונגענעם
איינצלוויסן פֿונם טעאָרעטישן שכל. יענער מין אַנטהאַלט זיינע
אַפּריאָרישע זיטלעכע גרונדאיבערצייגונגען — אַז עס איז דאָ
אַן אָביעקטיווע גוטס און שלעכטס, אַז מען מוז טאָן דאָס גוטע,
דאָס שלעכטע דאַקעגן טאָר מען פֿאַר קיין פֿאַל נישט טאָן[1] —

1) פֿאַרגלייך פּלאַטאָנס „קריטאָן" 48 און ווייט. „אַפּאָלאָגיע" 29 b.

דעם אינהאַלט פון אַזעלכע אַפּריאָרישע גרונד-דערקענטעניש ,,ווייס" סאָקראַטעס, און טאַקע מיט אַבסאָלוטער אינערלעכער זיכערקייט, אויפן גרונד פון זיין אוממיטלבאַרן זיטלעכן באַוווסטזיין. אַזוי, למשל, איז ער אַ פּ ר י אָ ר י אַבסאָלוט זיכער, אַז דער שלעכטס-טוער מוז באַשטראָפט ווערן2) — אָן אָנשויאונג פון וועלכער עס דרינגט אַרויס נישט נאָר דאָס, אַז ביי סאָקראַטעסן איז בכלל קיין ספק נישטאָ, אַז עס עקזיסטירט אַן אַבסאָלוטעס רעכט און אומרעכט, נאָר זי אַנטהאַלט אויך די אומבאַדינגטע אָנערקענונג פון זיטלעכן געזעץ, וואָס הערשט איבער אַלע יחידים, וואָס איז פון זיי לחלוטין אומאָפּהענגיק, און זיין אַפּריאָרישע עיקרדיקע איבערצייגונג, אַז דערדאָזיקער זיטלעכער געזעץ מוז אָפּגעהיט ווערן (דורך באַשטראָפן דעם פאַרברעכער). דאַקעגן דער אַנדערער אַרט וויסן — אין וואָס עס באַשטייט דאָס גוטע אין יעדן איינצלנעם פאַל, — קען דערגרייכט ווערן בלויז אויפן דיאַלעקטישן וועג, פאַרשטייט זיך אַז נאָר דורך דעם, וועד עס פאַרמאָגט שוין יענע גרונדכללים פון פּראַקטישן שכל. סאָקראַטעס אַליין דערקלערט, אַז ער גופא פאַרמאָגט נאָך נישט דעמדאָזיקן (טעאָרעטישן) וויסן, אָבער זיכער נישט דערפאַר, ווייל ער ספקט צי מען קען עס דערגרייכן, נאָר פּשוט דערפאַר, ווייל ער זוכט עס נאָך. ער זוכט עס אָבער מיט אַזאַ עקשנות דערפאַר, ווייל ער ווייס, אַז ער וועט עס געפינען. ווייל טיילווייז האָט ער עס שוין געפונען.

פון סאָקראַטעסעס דאָזיקן אוממיטלבאַרן באַוווסטזיין — אַז דער מענטש דאַרף טעגלעך אויסוויילן צווישן גוטס און שלעכטס, — נעמט זיך זיין ב אַ ג ר י ף פ ו ן ד ע ר פ ל י כ ט, וועלכע איז נישט אַריינגעדרונגען אין דעם גריכישן דענקען ערשט דורך דער אָריענטאַליש-באַאיינפלוסטער סטאָאַ, נאָר ער געפינט זיך שוין דייטלעך אין זיין אָנהויב-צושטאַנד אין סאָקראַטעסעס באַוווסטזיין. דאָס דרינגט אַרויס מיט פולער זיכער-

2) פלאַטאָן ,,איפיפראָן" 8 b און ח.

קייט פון די באטראכטונגען אין פלאטאנס אפאלאגיע 1); אמת,
דערדאזיקער באגריף ווערט דארט נישט דיאלעקטיש אונ-
טערזוכט און דעפינירט, ער ווערט דארט אויך נישט פארזען
מיט א ספעציפישן טערמין פון שפראכלעכן אויסדרוק, אבער
ער ווערט דא זייער קלאר און אומצווייטייטיק באשריבן, ער
ווערט דא באלויכטן דורכן ביישפיל פון יוגנטלעכן אכיל,
וועלכער דארף אויסוויילן צווישן א לאנגן, אבער רומלאזן
לעבן און א פריען טויט פאר ערע און פליכט, און סאקרא-
טעס ציט דערפון אזוי קלאר די קאנסעקווענצן פאר זיין איי-
גענער פערזאן, אז עס קען גאר דער מינדסטער ספק נישט
זיין בנוגע דעם, אז אין סאקראטעסן האט צום ערשטן מאל
אויף אונזער וועלט אויפגעבליצט דער באוווסטזיין פון „ק א -
ט ע ג א ר י ש ן א י מ פ ע ר א ט י וו“, דער באגריף פון דער
זיטלעכער פליכט אין העכסטן זינען פון דאזיקן וואָרט, און
איז געווארן אנטשיידנדיק ווירקזאם פאר זיין גאנצן דענקען
און האנדלען. פונקט ווי די גרויסע יאניער: אנאקסימאנדראס
און העראקליט האבן אנטדעקט דאס נאטורגעזעץ, וואס הערשט
אומצעשטערבאר אינם מאקרא- ווי אין מיקראקאסמאס, אזוי אנט-
דעקט דער אטענער סאקראטעס דעם זיטלעכן געזעץ אין דער
אייגענער נשמה אלס ד י מאכט, וועלכער דער מענטש מוז
אומבאדינגט פאלגן, נישט קוקנדיק נישט אויף רעכטס און נישט
אויף לינקס, נישט נעמענדיק אין אכט די פאלגן, ווען דאס
זאל זיין אפילו דער טויט, אויב ער וויל נישט ווערן קיין
נישטיקער. דערדאזיקער זיטלעכער געזעץ זאגט אבער, אז אין
אלע לאגעס פון ,עבן מוז מען אן אפווייכונגען פאלגן דעם
לאגאס (דעם שכל), וועלכער קומט אים פאר ביי א שכלדי-
קער איבערלייגונג אלס דער בעסטער. 2) אזוי ארום קומט
אויך דא צום אויסדרוק דער אינטעלעקטואליסטישער כאראק-
טער פון דער סאקראטישער עטיק.

---

1) 28 b און ו.

2) 46 b

ווער עס באמיט זיך תמיד צו פאלגן דעמדאזיקן לאגאס, דער פארמאגט טוגנט. ווייל די טוגנט באזירט אין לעצטן סך-הכל אויף א וויסן, ד. ה. אויף ד ר ריכטיקער פארשטענדע-ניש, און אומגעקערט ווידער, אלדאס שלעכטס נעמט זיך פון מאנגל אין פארשטענדעניש, צוליב וואס דער מענטש שאצט פאלש איין די זאכן. ווייל מיט א כיוון באגייט קיינער נישט קיין פעלער; קיינער ווילט דאך נישט אויס מיט א כיוון דאס וואס איז שעדלעך פאר איב. ווער עס פארמאגט די ריכטיקע פארשטענדעניש, דער וועט אויך ריכטיק האנדלען; דאס צווייטע פליסט ארויס פון זיך אליין פונם ערשטן. דאס גוטע איז דאך דאס באמת נוצלעכע פארן מענטשן, וועלכעס דער קלאר דער-קענענדיקער מענטש וועט אן א שום ספק אויסקלייבן. אויף אזא ארט איז דער גאנץ-נאטירלעכער פועל-יוצא דאס טוגנט-האפטע, ד. ה. פונם זיטלעכן לעבן די באגליקטקייט (אויטע-מאניא); דער באמת גוטער מענטש איז באמת גליקלעך.

אויב דער יסוד פון דער טוגנט איז אבער דאס וויסן, מוז מען זי אויך קענען אויסלערנען — סיידן עמיץ ליידט אויף מאנגל אין אינטעלעקט און איז דעריבער נישט צוגענג-לעך פאר אזא באלערנונג — אויסלערנבאר נישט אין דעם זינען, ווי עס ווערן אונז איבערגעגעבן, צום ביישפיל, וועלכע נישט איז פאקטן פון דער פיזיק אדער פון דער געשיכטע, נאר אין דעם זינען, וואס דער צווייטער פאראייגנט דורך איי-גענער דענקארבעט, — וועלכע איז ביי אים אונטערגעווארפן די געזעצן פון שכל, ד. ה. פון דער לאגיק פונקט ווי ביי אנדערע שכלדיקע מענטשן — די הנחות אין אויספירן פון זיין „לערער" [ווי מען זעט לויט דער ארט פון מאטעמאטישן לערנען, א אנאלאגיע, וועלכע איז נאך אבער גאנץ ווייט פון סאקראטעסן].

דידאזיקע טוגנט, וואס איר יסוד איז די ריכטיקע דער-קענטעניש פון דעם, וואס עס איז פארן מענטשן נוצלעך אדער שעדלעך, וואס ער זאל דעריבער טאן אדער נישט-טאן, — דידאזיקע טוגנט קען אין תוך גענומען זיין בלויז איינע, פון

װעלכער עס צװייגן זיך אָפּ די פֿאַרשײדענע אײנצלטוגנטן — ויט די געביטן פֿון זײער װירקונג — װי די צװײגן פֿון אײן־און־דעמזעלבן שטאַם. צװישן דידאָזיקע טוגנטן פֿאַרנעמען אַ באַזונדערן פּלאַץ די זעלבסטבאַהערשונג און די גערעכטיקייט, װאָס זײערע באַגריפֿן — װי די באַגריפֿן פֿון די אַנדערע טוגנטן, צום בײשפּיל: די מוטיקײט, — האָט סאָקראַטעס געגוי באַהאַנדלט געמײנזאַם מיט זײנע פֿרײנט.

װאָס אָבער איז גוט, װאָס איז פֿאַרן מענטשן באמת נוצלעך? סאָקראַטעסעס פּרינציפּיעלע שטעלונג לגבי דעראָזיקער פּראָבלעם װײזט אויך דאָ אַרויס זײן עפּאָכע־מאַכנדיקע באַדײטונג אין דער געשיכטע פֿונם גריכישן מענטשן; גראָד דאָ װײזט ער זיך אַרויס אַלס אַן איבערשאַצער פֿון אַלע ירושהדיקע װערטן: שײנקײט און רײכקײט, מאַכט און רום, קערפּערקראַפֿט אָדער די הנאה פֿון די חושים — זאַכן, װאָס זענען פֿאַרן גריכישן פֿאָלקסבאַװוסטזײן די באַגערטסטע — האָבן בײ אים קײן װערט נישט לגבי ד ע ר נ ש מ ה פ ו נ ם מ ע נ ט ש ן; װײל סאָקראַטעס האָט דער ערשטער דערקענט דעם אומפֿאַרגלײכלעכן װערט פֿון דער נשמה קעגנאיבער אַלע אַנדערע „װערטן” פֿון דעראָזיקער װעלט. דעריבער איז אומענדלעך װיכטיקער צו זאָרגן פֿאַר דעם װױל פֿון דער נשמה װי פֿאַר אַלדאָס איבעריקע.

דערפֿון פֿליסט אויך אַרויס די פֿונדאַמענטאַלע באַדײטונג פֿון דער דערציאונגס־פּראָבלעם, װײל די אמתע דערציאונג איז אַ פֿאַכמענישע, צילבאַװוסטע „באַהאַנדלונג” פֿון דער נשמה. בײ דעמדאָזיקן פּרינציפּיעלן שטאַנדפּונקט װערט אָבער בכלל דאָס גאַנצע לעבן פֿונם מענטשן אַ זיטלעכע אויפֿגאַבע, אַ כּסדרדיקע אַרבעט איבערן אײגענעם „איך”, װאָס דאַרף תּמיד זיך יאָגן נאָך דאָס באמת גוטע. אָבער אמתע גוטס און אמתע שלעכטס זענען נאָר דאָ אין געביט פֿון דער נשמה: טויט, פֿאַרשיקונג, קראַנקהײט און ענלעכעס זענען אינדעראמתן נישט קײן שלעכטס, װײל זײ קענען נישט ברענגען קײן שאָדן אונזער נשמה; שאָדן קען ברענגען דעם מענטשן דאָס פֿעלן אָדער

דאָס פאַרלירן פון וויסן, וואָס איז דאָך דער יסוד פון יעדער־אַרט טוגנט.

ביי אַזאַ אויפפאַסונג פון דעם אמתן גוטס און שלעכטס אין דער מענטשלעכער עקזיסטענץ, וואָס מאַכט אָפּהענגיק דעם אמתן גליק פון יחיד נישט פון אויסערלעכע צופעליקייטן, נאָר פון דער באַוווּסטזיניקער פאַרמירונג פון זיין פערזענלעכן אי־נערלעכן לעבן, שטעלט זיך די פראַגע: ווי איז די שטעלונג פונם אינדיווידואַליסט סאָקראַטעס לגבי דער גרעסטער מענטש־לעכער געמיינשאַפט, דער מלוכה? ווי אַזוי פאַסט ער אויף די באַציאונג פון יחיד צו דער מלוכה?

דאָ קומט צום אויסדרוק אַ נייער וועזנטלעכער אונטער־שייד צווישן סאָקראַטעסן און די סאָפיסטן: בעת די דאָזיקע לעבן כמעט אַלע אין אַטען, אין ברענפּונקט פון דער גריכישער בילדונג, פאַרפרעמדט פון זייער אייגענער מלוכה, אַלס היימ־לאַנד־אויסגעוואָרצלטע אויסלענדער, און דעריבער גלייכגילטיק צו דער מלוכה בכלל, הגם נישט פיינטלעך צו איר, איז פאַר סאָקראַטעסן דעם אַטענער די באַציאונג אַ גאַנץ אַנדערע: פאַר אים איז די מלוכה נישט נאָר אַ געגעבענער פאַקט, מיט וועלכן מען מוז זיך רעכענען, נאָר זי איז פאַר אים — ווייל מלוכה און פאָטערלאַנד זענען פאַר דעם אַטענער דאָסזעלבע — די גרעסטע און דערהויבנדיקסטע מענטשלעכע געמיינשאַפט, צו וועלכער ער האָט אַ טיף־אינערלעכע, פערזענלעכע פיעטעט־באַ־ציאונג, מיט וועלכער ער פילט זיך פאַרבונדן דורך הייליקסטע זיטלעכע באַנדן און פליכטן, וואָס שטייען העכער פאַר אַלע אַנדערע ערדישע באַציאונגען: דעריבער מוז מען אין יעדן פאַל פאָלגן די געזעצן פון דער מלוכה מער ווי אַלע אַנדערע געבאָטן, אַפילו די געבאָטן פון די עלטערן. די דאָזיקע באַ־ציאונג האָט סאָקראַטעס באַשטעטיקט נישט נאָר אַלס זעלנער און בירגער, נאָר אויך נאָך זיין אומגערעכטער פאַראורטיילונג צום טויט, וועלכן ער האָט זיך מיט אומבויגזאַמער פעסטקייט אָפּגעזאָגט אויסצומיידן דורך אַנטלויפן.

נוצלעך צו זיין דער מלוכה, ד. ה. דער בירגערלעכער־

נעמיינשאַפט לויט די כּחות, איז דעריבער פאַר דעם אַטע־
נער אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכער חוב, וועלכער ווערט לחלוטין
נישט רעגולירט דורך אָפּדינען אין מיליטער אָדער דורך אַ
צייטווייליקער דינסט אויף פּאָליטישע אַמטן, ווייל דער אמתער
בירגער דאַרף דינען דעם פאָטערלאַנד זיין גאַנצן לעבן —
בלויז מיט איין באַשרענקונג, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן
אינדיווידואַליסט סאָקראַטעס: לויט זיינע פעאיקייטן, ד. ה.
זיינע פערזענלעכע אייגנשאַפטן. ווי אַזוי סאָקראַטעס אַליין
האָט אויפגעפאַסט זיין אייגענעם דינסט לטובת דער מלוכה, קען
מען זען פון די אויספירן, וועלכע פּלאַטאָן לייגט אים אַריין
אין מויל אין דער אַפּאָלאָגיע 1): אַלס שטענדיקע אַרבעט פאַר
דעם נשמה־וויל, ד. ה. דאָס זיטלעך־רעליגיעזע וועקן און באַ־
נייאונג פון זיינע מיטבירגער. די מלוכה און דער איינצלנער
געהערן אומצעררייסבאַר צוזאַמען. סאָקראַטעס, דער אַטענער,
איז טיף איבערצייגט, אַז דער גליק און דער אומגליק פונם
יחיד איז ענג פאַרבונדן מיטן גליק און אומגליק פון זיין
מלוכה, אַז דער יחיד קען דערגרייכן דאָס אמתע גליק בלויז
אין האַרמאָניע מיטן גליק פון דער געמיינשאַפט, און אַז דע־
ריבער דאַרף זיין העכערער שטאַנדפּונקט תּמיד זיין דאָס גליק
פון דער געמיינשאַפט, פון פאָטערלאַנד, אויב ער וויל דער־
גרייכן די אמתע „טוגנט".

אַזוי אַרום האָט סאָקראַטעס אויך אין דאָזיקן פּרט אַ פּאָ־
זיטיווע שטעלונג, וואָס רעכנט זיך נישט נאָר אויסערלעך מיט
די רעאַלע פאַקטן פון געשיכטלעכן לעבן. און פונדעסטוועגן
איז זיין באַציאונג צו זיין מלוכה אַ גאַנץ אַנדערע ווי מצד
די אַנדערע אַטענער.

די אַטענישע מלוכה האָט זיך שוין דעמאָלט געפונען
אין צושטאַנד פון פולשטענדיקער זעלבסטצעפאַלונג, זי איז
געווען אַ דעמאָקראַטיע, וואָס האָט זיך שוין כּמעט פאַרוואַנדלט

1) E 30 און ח.

אין אַ אָכלאָקראַטיע, 1) אין וועלכער די נישט-אורטיילספּעאיקע, שוין פון לאַנג שטאַרק דעמאָראַליזירטע מאַסע פלעגט אוממיטלבאַר אַנטשיידן אין אַלע וויכטיקע פראַגן נאָכדעם ווי עס זענען באַזייטיקט געוואָרן אַלע צוימונגס-געזעצן, וועלכע די קאָנסטיטוציע האָט פריער אַנטהאַלטן. יעדער איינער, ווער עס האָט געלייענט פּלאַטאָנס „אַפּאָלאָגיע" און „קריטאָן" ווייס, סאַראַ פאַרניכטנדיקן אורטייל סאָקראַטעס האָט אַרויסגעטראָגן דערדאָזיקער מאַסע, מיט וואָסער קלאָרקייט ער האָט דערקענט די אוממעגלעכקייט פאַרן גערעכטן צו זיין פּאָליטיש טעטיק אין אַ געמיינשאַפט, וואָס ווערט באַהערשט דורך אַזאַ מאַסע. דעריבער איז פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס דערדאָזיקער קריטישער דענקער לאַכט אויס נישט נאָר אַזעלכע אומזיניקע איינוריכטונגען, ווי דאָס ווילן באַאַמטע דורכן בעבלעך-גורל, נאָר ער וואַרפט אויך אָפּ דעם מערהייטס-פּרינציפּ, וועלכן ער באַגעגנט אויף טריט און שריט אין זיין איינגעצוימטער און דורכדעם פאַר דער מלוכה צעשטערנדיקער ווירקונג. דורכדעם האָט ער זיך געשטעלט אין קעגנזאַץ צו דער מאַסע און אירע מאַכטהאָבער נישט ווינציקער ווי דורכדעם, וואָס ער האָט אומעטום און בפרט אין דער מלוכה — אין הסכם מיט זיין נייבאַגרינדונג פונם וויסן — געפאָדערט די הערשאַפט פון זאַכפאַרשטענדיקע, ווייל נאָר די פאַרשטאַנדיקע, וועלכע פאַרבינדן דעם נויטיקן וויסן מיט דער נויטיקער אינטעליגענץ, דאַרפן זיין, לויט זיין מיינונג, די הערשער פון דער מלוכה. דערדאָזיקער קעגנזאַץ האָט געמוזט פירן — ווען מען זאָל אים דורכטראַכטן ביזן סוף — צו דער פאָדערונג פון אַ וויסנשאַפטלעך-אויסגעבילדעטן באַאַמטנטום, צו וואָס פּלאַטאָן איז טאַקע דערגאַנגען; אַ פאָדערונג, וואָס האָט אומפאַרמיידלעך געמוזט ברענגען צו

1) ס'איז כדאי צו פאַרגלייכן די מערקווירדיקע שטעלע אין מאַקס פּאָהלענצעס אויסגעצייכנטן בוך „דער מלוכה-געדאַנק און די מלוכה-לערע פון די גריכן" (לייפּציק 1923), קאַפּ. IV: „די ירידה פון דער פּאָליטיק".

אַ קאָנפליקט מיט די טראַדיציאָנעלע יסודות פון דער עקזיסטירנדיקער גריכישער בירגער-מלוכה, מיט דעם פּאָליס.

ביז אַהער איז דער אינטערעס פונם אַטענער סאָקראַטעס צו זיין היימישער מלוכה און דורכדעם צו דער מלוכה בכלל גאַנץ פאַרשטענדלעך, הגם זיין אינערלעכסטע גייסטיקע שטעלונג טראָגט אין זיך די געפאַר פון אָפּטויטן די נייגונג פון אַקטיווער באַטייליקונג אין פּאָליטישן ווי בכלל אין בירגערלעכן לעבן. אָבער אַז סאָקראַטעס זאָל אויך האָבן נאָכגעטראַכט וועגן די פאַרשיידענע קאָנסטיטוציע-פאָרמען און ער זאָל האָבן געפירט שמועסן וועגן דעם מיט אַנדערע — ווי דאָס ווערט נאָך אויך היינט אָנגענומען דורך איינצלנע פאָרשער אויפן יסוד פון קסענאָפאָנס מעמאָראַביליען — איז ווינציק וואַרשיינלעך נישט נאָר צוליבן שווייגן פון די פּרי-פּלאַטאָנישע דיאַלאָגן, נאָר אויך צוליב די טיפסטע מאָטיוון פון סאָקראַטישן דענקען בכלל.

די נייערע פאָרשונג האָט אָפט באַטראַכט אַלס דעם עיקר-דיקסטן שטריך אין סאָקראַטעסעס וועזן דעם ראַציאָנאַליזם, און נאָך דאָ נישט לאַנג האָט אַ באַקאַנטער היסטאָריקער פון דער אַנטיקער פילאָזאָפיע זיך באַמיט אַרויסצושיילן מיט דער גרעסטער זאָרגעוודיקייט דעמדאָזיקן שטריך. אמת, דערדאָזיקער שטריך געהער געוויס צו די וויכטיקסטע סימנים פונם אַטענישן דענקער, אמת, דער „טעלעאָלאָגישער טעאָלאָג״ סאָקראַטעס, ווי עס שילדערט אים קסענאָפאָן אין די מעמאָראַביליען, איז אַ לחלוטין פאַלש און אומהיסטאָריש בילד פון סאָקראַטעסן, אָבער נישט ווינציקער אמת איז אויך, אַז אַזאַ קאָמפּליצירטע פּערזענלעכקייט ווי סאָקראַטעס לאָזט זיך נישט דערקלערן מיט אַזאַ איינפאַכער פאָרמול. און דער וואָס זעט אין סאָקראַטעסן בלויז דעם ראַציאָנאַליסט, שטעלט אַוועק זיין בילד אין אַ קרומער, ד. ה. איינזייטיקער באַלייכטונג, ווייל אין דאָזיקן פאַל ווערט פאַרווישט דאָס באַדייטנדיקע „פּאָזיטיווע״ אינם דענקען פונם מערקווירדיקן מאַן.

דאָסדאָזיקע פּאָזיטיווע קומט שוין צום אויסדרוק אין זיין שטעלונג לגבי דער מלוכה; נאָך מער קומט עס צום אויסדרוק אין זיין באַציאונג צו דער גאָטהייט. ווייל דאָ דערבליקן מיר אַן עכטע, טיפע רעליגיעזיטעט, אַזוי אַז אויך אין דאָזיקן פּרט טיילט אָפּ אַ תהום סאָקראַטעסעס דענקען פונם דענקען פון די סאָפיסטן. אויך די געטער פון דער אַטענישער מלוכה זענען פאַר סאָקראַטעסן לעבעדיקע כחות, צו וועלכע ער איז תמימותדיק מקריב קרבנות אין די טראַדיציאָנעלע יום-טובים; קיינמאָל האָט ער נישט אָפּגעפרעגט זייער עקזיסטענץ. אויך חלומות און אָראַקול-שפּרוכן האַלט ער — צוגלייך מיט זיינע צייטמענטשן — פאַר גאָט-געשיקטע אָנווייזונגען, וועלכע ער פאָלגט מיט אַ גאָטספאָרכטיק האַרץ. אָבער אויב ער ספקט אפילו נישט אין דער געטלעכער אינספּיראַציע פון דער דעלפישער פּריסטערין, פונדעסטוועגן זעט מען אין זיין שטעלונג צו דער מאַנטיק דעם זעלבשטענדיקן, ראַציאָנאַלן דענקער; ווייל ער באַשרענקט איר אָנווענדונג בלויז אויף ד י י ע נ י ק ע זאַכן, וואָס זענען פאַרשלאָסן פאַר מענטשלעכער דערקענטעניש. דאַקעגן דאָס, וואָס די מענטשלעכע דערקענטעניש-פעאיקייט קען באַגרייפן, שטייט מחוץ פון איר ממשלה-געביט. דורכדעם האָט די מאַנטיק גאָרנישט וואָס צו זאָגן אין דעם וויכטיקסטן לעבנס-געביט — אין דער פראַגע פון דער זיטלעכקייט. אויך דאָרט האָט זי קיין וואָרט נישט, וווּ עס האַנדלט זיך וועגן פאַך-קענטענישן, ווי אין דער מעדיצין, דער לאַנדווירטשאַפט, דעם שיף-פאַרקער און אַנדערע טעכנישע געביטן. דורכדעם ווערט דורך סאָקראַטעסן די באַדייטונג פון דעם פאָלקסטימלעכן גלויבן אין וואָרזאָגעריי רעדוצירט ביז אַ מינימום.

אַז ער מיינט פונדעסטוועגן ערנסט מיט זיין גלויבן אין די ווונקען, וועלכע די גאָטהייט שיקט דעם מענטשן, באַווייזט זיין אייגנטימלעכע אויפפאַסונג וועגן דער געטלעכער שטימע, וועלכע ער פאַרנעמט אָפט אינערלעך, און וועלכע וואָרנט אים ער זאָל עפּעס נישט זאָגן אָדער טאָן, וואָס ער

האָט גאָר בדעה צו זאָגן אָדער טאָן. אַ שטאַרק אַנטוויקלטן, אינסטינקטיוון געפיל פאַר דאָס, וואָס איז פאַר זיין נאַטור פּאַסיק אָדער אומפּאַסיק, אַ געפיל, וואָס איז איר אייגן און וואָס שטייגט אויף פון די טיפענישן פונם אומבאַוווסטן און איז לחלוטין נישט באַשרענקט מיטן געביט פון דער זיטלעכקייט נעמט סאָקראַטעס אָן אַלס אַ גאָט־געשיקטן צייכן, פּונקט ווי זיינע צייט־מענטשן דעם פלי פון די פויגלען אָדער דעם דונער־און־בליץ — און דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פרומער נאַטור פונם מענטשן, אָבער דאָס האָט קיין שום ווערט נישט פאַרן גרונד פון זיין דיאַלעקטישן, בכלל פון זיין עטישן דענקען.

אַ סך וויכטיקער איז זיין באַציאונג צו דאָס געטלעכע בכלל. אַז ער האָט אינערלעך גובר געווען דעם אַנטראָפּאָמאָרפן פּאָליטעאיזם, אין דעם קען קיין שום ספק נישט זיין; די אַנטראָפּאָמאָרפישע מיטן פון דער פאַרגרעבטער אַלטער צייט וואַרפט ער לחלוטין אָפּ; ווייל צוליב זיטלעכע און עסטעטישע מאָטיוון עקלט אים פון זייער אינהאַלט. אָבער די הייליקע געשטאַלטן פון דער גריכישער רעליגיע רירט זיין דענקען נישט אָן, הגם זיין דענקען רייסט זיך, ווי ס'שיינט, צו אַ מאָנאָטעאיסטישער אויפפאַסונג. ווייל סאָקראַטעס איז אין זיין אינערלעכסטן וועזן איבערצייגט אין דעם, אַז אינם וועלט־געשעען ווי אינם מענטשנגורל הערשט אַ העכערער שכל, פון וועלכן אונזערער איז נאָר אַ קאָפּיע; דערפון נעמט זיך אויך זיין פעלזנפעסטער גלויבן אין אַ געטלעכע, ד. ה. זיטלעכע וועלט־אָרדנונג, די גרונדאיבערצייגונג, וואָס קומט דאָ אויף צום ערשטן מאָל — ווען מען שטעלט אין אַ זייט העראַקליטס לאָגאָסלערע, — אַז אַלץ וואָס געשעט אין דער וועלט האָט אין לעצטן סך־הכל אַ שכלדיקן זינען. „מיר וואָלטן נישט געקענט טאָן קיין שלעכטס נישט מעלעטאָס און נישט אַניטאָס. זיי זענען דאָס גאָר נישט ביכולת. ווייל איך קען נישט גלויבן אַז דאָס זאָל שטיין אין פולן הסכם מיטן זין פון אַ זיטלעכער וועלט־אָרדנונג, אַז אַ בעסערער מענטש זאָל ליידן שלעכטס

דורך אַ ערגערן". „דעם גוטן מענטשן פּאַסירט נישט קיין שום שלעכטס נישט ביים לעבן און נישט נאָכן טויט, און זיין פּער־זאָן ווערט נישט פאַרגעסן דורך די געטער".

אָט די זאַצן גיבן זיכער איבער נישט נאָר פּלאַטאָנס, נאָר אויך דעם היסטאָרישן סאָקראַטעסעס איבערצייגונג, ווי דאָס איז בכלל די גרונדאָנשויאונג פון יעדער עכטער רעליגי־יעזיטעט. אַזוי, למשל, גלויבט סאָקראַטעס — אין טיפערן זינען — אין דער געטלעכער זאָרג וועגן מענטשן, ווי ער האָט בכלל געהאַט אַ בולט־טעלעאָלאָגישע אויפפאַסונג וועגן דער איינ־ריכטונג פונם קאָסמאָס — אין פולן הסכם מיט זיין גאַנצן ראַציאָנאַלן דענקען, — הגם מען קען אים אויף קיין פאַל נישט צושרייבן די קינדישע מיינונגען אין קסענאָפאָנס מעמאָ־ראַביליען, אין וועלכע עס קומט צום אויסדרוק אַ באַגרעניצ־טער אַנטראָפּאָצענטרישער שטאַנדפּונקט. אָבער דער אינערלעכער צוטרוי צו דער געטלעכער חכמה און דאָס מקבל באהבה זיין דעם אויסערלעכן גורל, וועלכן זי טיילט איין דעם מענטשן, איז וואַרשיינלעך אַן עיקרדיקער שטריך אינם בילד פונם עכטן סאָקראַטעס, און געוויסע רעליגיעזע רעדנסאַרטן פון פּלאַטאָנישן סאָקראַטעס (סיי אין דער „אַפּאָלאָגיע", סיי אין „קריטאָן"), ווי אויך זיין באַמיאונג אויסצומיידן דעם נאָמען פון דער גאָט־הייט ביי שבועה-ענלעכע פאָרמעלן דאַרפן צוגעשריבן ווערן דעםווירקלעכן סאָקראַטעס. נאָך דעם אַלעם מוז מען דער פּלאַטאָנישער אַפּאָלאָגיע גלויבן אויך אין דעם, אַז סאָקראַטעס האָט זיין גאַנצע זיטלעך־פּריסטערלעכע טעטיקייט צווישן זיינע מיטבירגער אויפגעפאַסט אַלס זיין באַרוף, וועלכן די גאָטהייט האָט אים באַשטימט.

ווייל ביי דערדאָזיקער טעטיקייט שטייט זיין דיאַלעק־טיק, — וואָס איר אינהאַלט מאַכן אויס דער עיקר עטישע פּראָבלעמען — אין דינסט פון אַ העכערן צוועק. און דאָ אַנטוויקלט ער זיין שטאַרקסטע, נאָכמער — איינציקאַרטיקע ווירקונג אין לעבעדיקן פאַרקער פון מענטש צום מענטשן, ד. ה. אונטער פיר אויגן; ווייל דערדאָזיקער סאָקראַטעס ווענדט

זיך נישט נאָר אַלס לאָגיקער צום פאַרשטאַנד פונם צווייטן, נאָר אַלס „עטישער פּראָטרעפּטיקער", ד. ה. אַלס גייסטיקער פירער פול מיט הויכן, הייליקן ערנסט צו זיין גאַנצן אינערלעכן מענטשן. דעם יונגן מענטשן, וועלכן זיין ראַשיקער יוגנטלעכער אימפּולס שטויסט צו ווערן פּראָטאַגאָראַסעס אַ שילער, קען ער מיט אַן איינציקאַרטיקער מייסטערשאַפט אויפווייזן, אַז ביז איצט האָט ער נאָך קיין קלאָרן באַגריף נישט סיי וועגן צוועק סיי וועגן דער גאַנצער באַדייטונג פון זיין פאַרלאַנג, ביי וועלכן ער שטעלט אין סכנה זיין ווערטפולסטעס, זיין נשמה! מיט וואָסער איבערצייגונג קען ער קלאָר מאַכן פאַר זיינע מיטבירגער, אַז דאָס איינציקע, וואָס איז נויטיק, וואָס נאָר דאָס האָט אַ ווערט אין מענטשנלעבן איז די זאָרג וועגן לייטערן און פאַראיידעלן זייער נשמה! נישט איינעם, וועלכער פאַרפירט מיט סאָקראַטעסן אַ שמועס וועגן אַ וואָסער נישט איז אַלטעגלעכן געגנשטאַנד, דערפירט ער מיט דער צילבאַוווסטער קונסט פון פרעגן דערצו, ער זאָל אים אָפּגעבן אַ דין-וחשבון וועגן זיך אַליין, וואָס פאַראַ לעבן ער האָט ביז איצט געפירט, כּדי אים דאַן צו ווייזן, אין וואָס עס באַשטייט זיין פעלער און וואָס עס איז ראשית כּל נויטיק. אַ סך פערזאָנען, ווי דער ליידנשאַפטלעכער אַפּאָלאָדאָר, למשל, וואָס האָט ביז דאַן געלעבט סתם אַזוי, נישט אַריינקלערנדיק אין קיין זאַך, ווערט דורכן פאַרקער מיטן דאָזיקן אמתן דערציער — וועלכער וואַרפט, אמת, אַליין אָפּ פון זיך דעמדאָזיקן טיטל — אינגאַנצן אַ געענדערטער, ערשט סאָקראַטעס וועקט אים אויף צו אַ ניי לעבן. ווייל סאָקראַטעס קען מאַכן אַזוי, אַז דער צווייטער, אויף וויפל ער פאַרמאָגט אַן עמפּינדלעכע נשמה, זאָל אַזוי בולט דערשפירן זיין ביז-איצטיקן געוויסנלאָזן לעבן, אַז יענעמס נשמה זאָל מורד זיין קעגן זיך אַליין, זי זאָל אַריינפאַלן אין קראַמפּיקער פאַרצווייפלונג און נידערשלאָגנקייט צוליב איר איצטיקן צושטאַנד, זי זאָל פול ווערן מיט בושה און חרטה פאַר זיך אַליין. אָבער דערנאָך קען ער אויך ווידער אויפמונטערן און ווייזן דעם אַנדערן דעם רעכטן וועג, ווייל ביי אים גופא איז

לעבן און לערע איינס און דאָסזעלבע. אַזוי־אַרום האָט ער אַלס זיטלעכער וועקער אַן אומפּאַרטיליגבאַרע השפּעה אויף אַ סך מענטשן, באַזונדערס צווישן דער יוגנט, און דידאָזיקע השפּעה דערגרייכט איר אַפּאָגיי ערשט דאַן, ווען ער באַגעגנט פרייוויליק דעם טויט אין פולן הסכּם מיט די פּרינציפּן, וועלכע ער האָט געלערנט זיין לעבן־לאַנג.

* *

*

צוליב דעם אייגנאַרטיקן כאַראַקטער פון אונזערע קוועלן וועגן סאָקראַטעסן וועט אונזער וויסן וועגן דאָזיקן אויסער־אָרדנטלעכן מאַן תּמיד פאַרבלייבן אַ נעבעכדיקער פראַגמענט. אָבער די גרונד־שטריכן פון זיין ווען אוןווירקן — און וואָס עס איז דאָ אין זיי אומפּאַרגענגלעכס — לאָזן זיך נאָך דייט־לעך דערקענען.

זיין עפּאָכע־מאַכנדיקע ראָלע אין דער געשיכטע פון גריכישן דענקען האָט פאַרשידענע סיבות. קעגנאיבער די אַלט־ווייסער, די סאָפיסטן, שטייט דער נישט־ווייסער סאָקראַטעס, וואָס ווענדט אָן זיין גאַנצן דענקען, אין אומגעהייערער קאָנ־צענטרירטקייט, אויף איין - איינציקער אויפגאַבע: אויף וויסנשאַפטלעך פונדאַמענטירן די עטיק און אויפוועקן דיד אָזקע עטיק אין באַוווסטזיין פון זיינע מיטבירגער אין ביַאציאונג צווישן מענטש צו מענטש. דידאָזיקע געניאַלע קאָנצענטרירטקייט באַדייט גלייכצייטיק זיין פרינציפּיעלן אָפּקער פון דער פיזיק און די עקזאַקטע וויסנשאַפטן בכלל.

אָבער נישט געקוקט אויף דערדאָזיקער, עכט אטישער, קאָנצענטרירונג פון זיין דענקען אויף איין־איינציקן געביט, אויף דעם מענטשנס אמתע אויפגאַבעס אין זיין דערקענען און אין זיין האַנדלען, האָט נאָך פונדעסטוועגן סאָקראַטעס נישט געשאַפן קיין סיסטעם, נאָר בלויז די פונדאַמענטן צו איר. ווייל ער איז תּמיד געבליבן אַן אמת־זוכער. אָבער אַ אַנטשיי־דענע באַדייטונג האָט באַקומען דאָס, וואָס ער האָט איינמאָל

פאַר אַלעמאָל באַפרייט די עטיק פון איר פאַרוואָרצלטקייט אין דער רעליגיע, זי געמאַכט אויטאָנאָם, זי אויפבויענדיק פּרינ־ציפּיעל אויף דעם לאָגאָס, אויף דעם שכל, וועלכן אַלע מענטשן פאַרמאָגן און וועלכער פאַלט אַרונטער אונטער דיזעלבע אומ־פאַרענדערבאַרע געזעצן. אָבער נאָך מער ווי דאָס: אין סאָ־קראַטעסן גופא האָט דערדאָזיקער לאָגאָס אָנגענומען אַ קער־פּערלעכע געשטאַלט, ער האָט נצחונדיק טריאומפירט סיי אי־בער אַלדאָס נידעריקע אין זיין נאַטור, סיי איבער אַלעס אוי־סערלעכעס, וואָס איז מיט אים געשען.

סאָקראַטעסעס לעבנסאָנשויאונג באַדייט גלייכצייטיק אַ מעכטיקע אינערלעכע פאַרטיפונג פונם גרי־כישן מענטשן און דורכדעם אויך פונם אייראָפּעאישן מענטשן בכלל. ווער עס האָט דערקענט ווי סאָקראַטעס דעם אומפאַרגלייכלעכן ווערט פון דער מענטשלעכער נשמה און די ווערטלאָזיקייט פון די אויסערלעכע זאַכן און איז אַזוי אַרום געוואָרן דער איבערשאַצער פון אַלע ווערטן, דער זוכט די העכסטע אויפגאַבן פון מענטשן און צוזאַמען מיט דעם זיין אמתן גליק אין זיין אייגענער ברוסט. דערמיט ווערט לחלוטין גלייכגילטיק פאַר יעדן פון אונז דאָס אויסערלעכע געשעען. וואָרים דער עיקר איז דאָך, אַז מיר זאָלן אָן אַ טעות טאָן דאָס, וואָס עס דערשיינט אונז ביי דער אינערלעכער קאָנטראָל אַלס דאָס „גערעכטע", אַלס אונזער אומפאַרמיידלעכע פליכט. ווייל דאָס אמתע גליק הענגט נישט אָפּ פון דעם, וואָס מיר טראָגן איבער, נאָר פון דעם, וואָס מיר טוען, ד. ה. פון דעם ווי אַזוי מיר זענען און האַנדלען אין הסכם מיט דעם. סאָקראַטעס אַנטדעקט דעם זיטלעכן געזעץ, וועלכן ער באַגרייפט אין זיין מאַיעסטעטישקייט, וועלכן ער גיט אַ ק׳אָרן אויס־דרוק און וועלכן ער פאַרווירקלעכט אין זיין לעבן פאַר אינ־זערע אויגן.

מיט דערדאָזיקער אַנטדעקונג פון מענטשנס אינערלעכער

וועלט און איר פאַרזיכלעכונג דורך סאָקראַטעסן הויבט זיך אָן
אַ נייע פאַזע אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. אָבער
דידאָזיקע אַנטדעקונג איז מעגלעך געוועזן בלויז אַדאַנק זיין
פונדאַמענטאַלער איבערצייגונג, אַז עס מוז עקזיסטירן אַן אָב-
יעקטיווער אמת, אַז עס עקזיסטירט אַבסאָלוטעס „גוטס" און
„שלעכטס". פאַר אַ מענטשן, וואָס שטייט אויפן באָדן פון
דער אויפקלערונג איז דער מוט צו דערדאָזיקער פערזענלעכער
איבערצייגונג געוועזן אין יענער צייט עפּעס אומגעהייערס; ער
בילדעט דעם טיפסטן גרונד פון זיין אומשטערבלעכער טאַט,
וואָס איז געבאָרן פון עכט-אַטישן גייסט, וואָס ביי דער גאַנצער
פאַראַרבעטונג פון די ראַציאָנאַלע עלעמענטן לאָזט ער דאָך
הערשן אין אינטואיטיווער ערפורכט די איראַציאָנאַלע כּוחות
פון אונזער נשמה, ווי זיי קומען צום אויסדרוק אין די טיפּע-
נישן פון געפיל און ווילן. און נאָך אַ צווייטס איז וויכטיק
פאַר סאָקראַטעסעס באַדייטונג אין דער געשיכטע פון דער
עטיק: זיין „אָפּטימיסטישע" אויפפאַסונג פון דער מענטשלע-
כער נאַטור: אַז דער מענטש טראָגט אין זיך גופא די באַ-
דינגונגען פאַר זיין גליק, ווייל ער איז פון דער נאַטור גוט
און ער האָט נאָר צו פאָלגן געטריי דעם לאָגאָס אין זיך, כּדי
צו דערגרייכן די אמתע אוידעמאָניאַ. „אָפּטימיסטיש" איז אויך
זיין גלויבן, אַז אין גרונד פון דער גאַנצער עקזיסטענץ
און דעם גאַנצן געשעען ליגט אַ שכל.

סאָקראַטעסעס דענקען איז דורכאויס געווענדט אויפן
איינצלנעם אינדיווידואום. סאָציאַלע פראַגן אין הייניקן זין,
ווי, למשל, וועגן אויפבוי אָדער אויסבוי פון דער מענטשלע-
כער געזעלשאַפט, האָבן אים קיינמאָל נישט אינטערעסירט,
נישט געקוקט אויף זיין איינציקאַרטיקער מענטשנליבע, וועל-
כע ער האָט אַרויסגעוויזן זיין גאַנצן לעבן אין דינסט פון זיי-
נע אַטענישע מיטבירגער. אויך דאָ קומט צום אויסדרוק די
אייגנטימלעכע קראַפט פון קאָנצענטרירונג אויף דאָס איינע, וואָס
דאָס איז דער עיקר. און פאַר דעם, וואָס זוכט דעם גאַנצן

גפֿיק אָדער אומגליק אין אינערלעכן וועזן פונם מענטשן, איז צוזאַמען מיט דעם אויסערלעכן געשעען אויך גלייכגילטיק די סאָציאַלע שיכטונג פון דער געזעלשאַפט. ווייל אויך די „מלוכה", פאַר וועלכער סאָקראַטעס האָט געלייגט דעם פונדאַמענט, „איז נישט פון דערדאָזיקער וועלט". און פונדעסטוועגן איז סאָקראַטעסעס שטאַנדפונקט — אין אַ צווייטן זינען — לגמרי אַ ערדישער: די פראַגע, צי אונזער פערזאָן לעבט ווייטער נאָכן טויט אָדער נישט, פאַרלירט ביי סאָקראַטעסעס שטאַנדפונקט איר באַדייטונג.

אַ צנטשיידנדיקע ווירקונג אויף די נשמות פון זיינע איידלסטע שילער האָט דערדאָזיקער וווּנדערבאַרער מאַן געהאַט ערשט דורך זיין טויט, דורך דער זיטלעכער גרויסקייט און מאַיעסטעטישקייט, וועלכע ער האָט דערביי אַרויסגעוויזן ביז צום אויסטרינקען דעם גיפט-בעכער. אָבער אויך אין לעבן האָט זיין פערזענלעכקייט געמוזט באַזיצן אַ גאַנץ אייגנאַרטיקן צויבער, נישט געקוקט אויף זיין כּלומרשט ניכטערנעם דענקשטייגער, נישט געקוקט אויף זיין העסלעכער אויסערלעכקייט. ווייל זיין טיפער ערנסט איז אין פערזענלעכן פאַרקער געמישט מיט אַ פיינעם הומאָר און מיט אַ „איראָניע", וואָס איז נאָר אים אייגן, זיין גאַנץ וועזן איז פול געווען מיט אַ זעלבסטזיכערער, געקלערטער פריילעכקייט, וועלכע מאַכן אונז מענטשלעך נאָענטער די דערהויבנקייט און די חשיבות פון זיין נאַטור. ביים „סימפּאָזיאָן", צווישן זיינע געליבטע אַטענישע פריינט, פאַראייניקט ער טאַקע אויף אַ ווונדערבאַרן אופן אין זיין פערזאָן טיפזין און שפּאַס. און אויך זיין עטיק פאַרמאָגט נישט אין זיך ביי איר גאַנצער ערנסטקייט און שטרענגקייט — ווי צעללער האָט דאָס שוין אַמאָל טרעפלעך באַצייכנט — קיין שום אַסקעטישעס, ווייל זי נעמט אין אַכט אַלדאָס מענטשלעכע, און דעריבער איז זי אַליין אויך אמת-מענטשלעך. ווייל קיינמאָל אונטערדריקט זי נישט און פאַרגוואַלדיקט נישט די מענטש-

לעכע נאַטור, נאָר זי פּירט זי — אויפן יסוד פון שכל — צו איר אמתער באַשטימונג.

* *
*

## די אומפאָלקאמענע סאָקראַטיקער

אונטער דעם נאָמען אומפאָלקאָמענע אָדער איינזייטיקע סאָקראַטיקער פאַרשטייט מען די גרינדער פון פאַרשיידענע קליינע פילאָזאָפן-שולעס, וועלכע לייגן אין יסוד פון זייער פילאָזאָפיע — אין הסכם מיט זייער אינדיווידואַליטעט — איין זייט פון סאָקראַטישן דענקען און פאַרבינדן מיט דידאַקטיקע אויך אַנדערע אָנשויאונגען (באַזונדערס סאָפּיסטישע). מען אונטער-שיידט דעריבער פיר קלענערע סאָקראַטישע שולעס: די מע-גאַרישע, די עליש-ערעטרישע, די קינישע און די קירע-נאַישע. —

דער גרינדער פון דער מעגאַרישער שולע איז אוי-קלעידעס פון מעגאַרא, וועלכער פאַרבינדט דעם סאָקראַ-טישן עלעמענט פון דאָס זיטלעך-גוטע מיט דער עלעאַטישער אָנטאָלאָגיע. ער שרייבט צו דעמדאָזיקן גוטן די פּרעדיקאַטן פון פּאַרמענידישן „עקזיסטירנדיקן" — אומגעשאַפן, אומפאַרענדער-לעך, אומפאַרגענגלעך, איינציק, אליין באמת-עקזיסטירנדיק, — און אַזוי אַרום פאַרלייקנט ער מיט אַלע מיטלען פון דער דיאַ-לעקטיק דיווירקלעכקייט פון אַלדאָס איבעריקע, — פון אַנט-שטיין און פאַרגיין, פון דער באַוועגונג א. אַז. וו. ווייל לויט אויקלעידעסן עקזיסטירט אינדעראמתן נאָר דאָס גוטע, וועל-כעס ער רופט אויך אָן, — לויט דעם צוזאַמענהאַנג, — דער-קענטעניש, שכל, גאָט. זיין שולע האָט זיך מיט דער צייט אַנטוויקלט אין דער דיאַלעקטיש-עריסטישער ריכטונג, פּונקט

ווי די עליש-ערעטרישע, וועלכע עס האָט געגרינדעט פעדאָן פון עליס, וועגן וועלכער מיר ווייסן אָבער זייער ווייניק. וועגן דעם דורך אַנטיסטענעסן געגרינדעטן קיניזם און דעם דורך אַריסטיפּאָסן פון קירענע פּראָקלאַמירטן העדאָניזם וועט שפּעטער זיין די רייד.

# דאָס דריטע בוך

# פּלאַטאָן

## דאָס ערשטע קאַפּיטל

## פּלאַטאָנס לעבן און שריפטן

מקורים: דער ווערטפולער ביאָגראַפישער מאַטעריאַל אין די שריפטן פון פּלאַטאָנס צייטמענטשן און תלמידים (ספּויזי-פּאָס, קסענאָקראַטעס, העראַקלעידעס, הערמאָדאָראָס) איז שוין אין דער פריער קייזערצייט געווען כמעט אינגאַנצן פאַרלאָרן; בלויז איינצלנע נאָטיצן זענען דערפון פאַרבליבן (אין Index academicus Herculanesis, ביי לאַערטיאוס דיאָגענעז, III בוך, אין די שריפטן פון די ניי-פּלאַטאָניקער און אַנד.). אָבער דער הויפּט-מקור (פאַר פּלאַטאָנס אינערלעכן לעבן און איבער-לעבן) זענען זיינע שריפטן גופא: די דיאַלאָגן, און דערצו נאָך די בריוו 6—8 (צום וויכטיקסטן איז דער זיבעטער), וואָס זייער עכטקייט איז איצט אַלגעמיין אָנערקענט: באַשטריטן ווערט נאָר דער דריטער, ווערכער באַנוצט פאַר דער צווייטער און דריטער רייזע אַן אויסגעצייכנטע מסורה, אָבער דאָך מוז ער באַטראַכט ווערן אַלס נישט-עכט (פאַרגל. פ. ווילאַמאָוויץ, פּלאַ-טאָן, I 638, II 279). אויך די איבעריקע בריוו זענען נישט עכט, זיי אַנטהאַלטן אָבער צום טייל — ווי, למשל, דער פינפ-

טער, וועלכער באַציט זיך אויף אַ פאַרלאָרענעם בריוו פון פּלאַטאָנס שוועסטערנזון, ספּויזיפּאָס, ווי אויך דער נײַנטער און דרײַצנטער — אַ וויכטיקן היסטאָרישן מאַטעריאַל. דערצו קומט נאָך צו (פאַר דער צווייטער און דריטער רייזע) אַלס אויסגעצייכנטער קוואַל פּלוטאַרכס „דיאָן”, וועלכער באַנוצט אָפט פריימערע מקורים.



פּלאַטאָן איז געבאָרן געוואָרן אין אַטען אין יאָר 427 פאַר קריסטוסן אַלס זון פון אַריסטאָן און פון פּעריקטיאָנע, וועלכע האָט געשטאַמט פון איינער פון די עלטסטע און חשובסטע אַדלפאַמיליעס אין לאַנד. זײַן יוגנט גייט אַזוי אַרום דורך אין דער צייט פון פּעלאָפּאָנעזישן קריג, און ער האָט נאָך געזען זײַן היימלאַנד אויפן קולטור-שפּיץ פון דער פּעריקלעאישער תּקופה. ער באַקומט די דערציאונג פון די יונגע אַטענער פון זײַן שטאַנד; אַ שפּעדיקער קוואַל פון בילדונג ווערט פאַר אים די פריע באַקאַנטשאַפט מיט דער גרויסער דיכטונג פון זײַן פאָלק (האָמער, פּינדאַר, טראַגעדיע און קאָמעדיע), אָבער אויך מיט דער יענסצייטיקער (רעטאָרישער) קונסט-פּראָזע. אין הסכּם מיט אַ גרונדשטריך פון זײַן וועזן האָט ער צוערשט אויסגעפּרוווט זײַנע כּחות אַלס דיכטער: ער האָט פאַרפאַסט טראַגעדיעס, דיפּיראַמבען און עפּיגראַמען (אַ גאַנצע ריי עכטע עפּיגראַמען זענען דערגאַנגען צו אונז).

זײַן ערשטער לערער אין פילאָזאָפיע איז געווען קראַטילאָס, דורך וועלכן ער איז באַקאַנט געוואָרן מיט העראַקליטס וועלטאָנשויאונג. אָבער די עפּאָכע-מאַכנדיקע געשעעניש פון זײַן לעבן איז זײַן פאַרבינדונג מיט סאָקראַטעסן, ווײַל אים האָט פּלאַטאָנס גייסטיק לעבן צו פאַרדאַנקען זײַן דערוואַכונג און די אַנטשיידנדיקע ריכטונג. ער צעזעגנט זיך מיט דער דיכטונג (די מסורה, אַז נאָך דער באַקאַנטשאַפט מיט סאָקראַטעסן זאָל ער האָבן פאַרברענט זײַנע טראַגעדיעס, איז לכל הפּחות אַ סימ-

באַ, ישער אמת). סאָקראַטעס, דער דיאַ, עקטיקער און עטיקער,
ווי בכלל, די גאַנצע אומטייַלבאַרע, דעמאָנישע פּערזענלעכקייט
פון דאָזיקן מענטש, האָט געהאַט אויף דעם יונגן פּלאַטאָן אַזאַ-
טיף-גרייכנדיקע אָנהאַלטנדיקע ווירקונג, ווי אויף קיין שום אַנ-
דערן. זי קומט צום אויסדרוק אויך אויסערלעך אין דער
פאָרם פון די פּ, אַטאָנישע שריפטן, דעם דיאַלאָג, וועלכער
איז צוערשט געווידמעט דער שילדערונג פון דאָזיקן סאָקראַ-
טעס, — אין זיינע ערשטע פּרוּוון וואַרשיינלעך נאָך ביי יע-
נעמס לעבן. אין משך פון אַכט יאָר (זייט 407) האָט פּלאַטאָן
געהערט צום תּלמידים-קרייז פונם וואונדערבאַרן מענטשן, דאַן
איז ער טיף דערשיטערט געוואָרן אין זיין דענקען און פילן
דורך יענעמס טויט, אָבער גלייכצייטיק האָט ער דורכדעם אויך
דערקענט די איינציקאַרטיקע גרויסקייט און באַדייטונג פון זיין
לערער און האָט באַשלאָסן פון איצט אָן צו לעבן און ווירקן
אין זין פון פאַרהערלעכטן מייסטער.

גלייך נאָך סאָקראַטעסעס טויט איז פּלאַטאָן מיט אייניקע
פריינט אַוועקגעפאָרן קיין מעגאַראַ. אָבער אין אַ געוויסער צייט
ארום האָט ער זיך שוין, ווי מ'קען אָננעמען, אומגעקערט אין
דעם היימלאַנד, וווּ ער האָט וואַרשיינלעך געדינט אין דער
אַטישער אַרמיי (אַרום 395/94 אַלס רייטער.

אין דאָזיקן יאָרצענדליק האָט ער אין אַטען (נעבן זיין
שריפטשטעלערישער טעטיקייט) שוין געהאַט געזאַמלט אַרום זיך
אַ קליינעם קרייז תּלמידים. אָבער דאָס לעבן אין דעם היים-
לאַנד, בפרט דאָס פּאָליטישע לעבן, און די ערנסטע באַשעפ-
טיקונג מיט דער פילאָזאָפיע מאַכן רייף ביי אים אין דער צוויי-
טער העלפט פון די ניינציקער יאָרן דעם באַשלוס צו מאַכן אַ
גרויסע רייזע קיין אויסלאַנד, וועלכע ער פירט אויס אַרום יאָר 390.

צוערשט פאָרט ער קיין מצרים, וועמעס אוראַלטע סטאַ-
בילע קולטור עס מאַכט אויף אים אַ טיפן איינדרוק, פון דאָרט
פאָרט ער קיין קירענע, וווּ דער מאַטעמאַטיקער טעאָדאָראָס העלפט
אים אַריינדרינגען טיף אין דער געאָמעטריע, דערנאָך קיין אונ-
טעראיטאַליע — ווי ס'שיינט דער הויפּטציל פון זיין נסיעה -

צו די פיטאַגאָרעער, מיט וועלכע ער קניפּט אָן באַדייטונגס־פולע באַציאונגען. דאָ באַקענט ער זיך מיט דער פּיטאַגאָרע־אישער מאַטעמאַטיק, באַזונדערס מיט דער צאָלנלערע, אָבער אויך מיט דעם נשמה־גלויבן פון דידאָזיקע פילאָזאָפן און מיט דער אָרגאַניזאַציע פון זייער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט אין דער פאָרם פון אַ קולטור־געמיינשאַפט. פון אונטעראיטאַליע פאָרט ער קיין סיראַקוס צום הויף פון טיראַן דיאָניסיאָס I, וועלכער נעמט אים צוערשט אויף פריינטלעך, אָבער דערנאָך שיקט ער אים אַוועק אויף אַ קריגסשיף און פאַרקויפט אים אַלס קנעכט אין עגינא. פון דערדאָזיקער לאַגע ווערט פּלאַטאָן געראַטעוועט דורך דער אריינמישונג פונם אַנניקעריס פון קירענע, וועלכער קויפט אים גלייך אויס, און ער קען זיך אומקערן אין זיין פאָטערלאַנד.

באַלד נאָך זיין צוריקקער פון דערדאָזיקער אויסלאַנד־נסיעה, וועלכע האָט אים אפגעריסן פונם היימלאַנד אויף אומגעפער 3 יאָר, האָט פּלאַטאָן — אַרום יאָר 387 — געגרינדעט די „אַ ק אַ ד ע מ י ע", אַ פעסטע פאַראייניקונג פון גלייכגעזינטע מענטשן אין דער פאָרם פון אַ קולטור־פאַרבאַנד מיט אַ אייגענער נחלה פאַר די טויערן פון דער שטאָט אין אַ געגנט, װאָס איז געהייליקט צום אַלט־אַטישן העראָס אַקאַדעמאָס: צום צוועק פון געמיינזאַמער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט (אין דער לערע און פאָרשונג) וועמעס ראש ער איז געווען ביז צו זיין טויט (347 פאַר קריסטוסן), הגם ער האָט זיין לער־טעטיקייט איבערגעריסן נאָך צוויי מאָל דורך פאָלגנשווערע נסיעות קיין סיציליע (367/65 און 361/60) צום הויף פון דיאָניסאָס II. (צוליב מאַנגל אין אָרט איז, צום באַדויערן, אוממעגלעך ז'ך געגויער אָפּצושטעלן אויף פּלאַטאָנס 3 סיצילישע רייזעס, הגם דאָס וואָלט געווען זייער אינטערעסאַנט.)

* *
*

אין לעבן פון פּלאַטאָנען, דעם דענקער און דעם דיכטער,

קומט צום אויסדרוק אַ טיפֿע טראַגיק; ער, דער שעפֿער פֿון עכטן אידעאַליזם, וואָס איז באַגייסטערט דורך גליִענדיקע פֿאַרלאַנגען צו ווירקן אויפֿן גורל פֿון זיין פֿאָטערלאַנד, ווי בכלל פֿון דער גריכישער וועלט נישט נאָר אַלס אַ פּאָליטישער רעפֿאָרמאַטאָר, נאָר אַלס אַ שעפֿער פֿון נייס, וואָס שאַפֿט אַ לחלוטין נייעם יסוד פֿאַרן גאַנצן לעבן פֿון דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט, — ער, דערדאָזיקער שעפֿער מוז זיך באַנוגענען — אויפֿן גרונד פֿון ביטערסטע דערפֿאַרונגען,—צו דינען זיינע אידעאַלן מיט לערנען אין דעם וועלט-ווייטן גאָרטן פֿון דער אַקאַדעמיע און דורך דעם געשריבענעם וואָרט (וועלכעס ער אַליין האָט אַזוי שאַרף געשטעמפּלט אַלס אומגעניגנדיק); ער ליידט אויך ממש אַ צעשטערנדיקן דורכפֿאַל ביי זיינע פּרוּוון צו ווירקן באַשטימענדיק אויף די רעאַלע באַדינגונגען, אויף דעם פּאָליטישן לעבן פֿון דער סיציליִשער גרויסמאַכט. שוין דאָס, ווי אַזוי דאָס אַטענישע פּובליקום האָט אויפֿגענומען זיין „מלוכה״ האָט אים פֿאַרשאַפֿט שמערצלעכע אַנטוישונגען, אָבער ערשט דער מוראדיקער דורכפֿאַל פֿונם זעכציקיאָריקן אויף זיין צווייטער סיציליִשער נסיעה (נאָכדעם ווי דיאָניסאָס II איז אַרויף אויפֿן טראָן) האָט געהאַט אַ קאַטאַסטראָפֿאַלע ווירקונג פֿאַרן דענקען און שאַפֿן פֿונם אַמאָל אַזוי הויכשוועבנדיקן גייסט; די ווערק, וועלכע ער פֿאַרפֿאַסט נאָך דערדאָזיקער איבערלעבעניש, די אַזויגערופֿענע „ע ל ט ע ר - ד י אַ ל אָ ג ן״, טראָגן לויט דער פֿאָרם און גרונדשטימונג ווי אויך צום טייל לויטן אינהאַלט אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער ווי אַלע פֿריערדיקע; דאָ קומט באמת צום אויסדרוק דער „איבערברוך״ אין דער אַנטוויקלונגס-ליניע פֿון פּלאַטאָנס אינערלעכן לעבן. נאָך דער צווייטער איז דאָן געקומען דער דורכפֿאַל פֿון זיבן-און-זעכציקיאָריקן אויף דער דריטער רייזע און זיבן יאָר שפּעטער די דערמאָרדונג פֿון זיין פֿריינט דיאָן, וועלכער האָט אַמאָל אין דער בלי-צייט פֿון דער וגנט פֿאַר אַנדערגעפֿלאַקערט אין פֿילאָזאָפֿס האַרצן אַ ליידנשאַפֿטלעכע ליבע — אַזוי האָט אַ גאַנצע ריי שווערע און שווערסטע קלעפּ פֿאַרטונקלט דעם לעצטן דריטל פֿונם דענקערס און דיכטערס

לעבן, אין וועלכן קיין פרוי האָט קיינמאָל נישט געשפּילט קיי־
דאַלע, אָבער די אידעאַלן פון זיין האַרצן, צו וועלכע סאָ־
קראַטעס האָט אַמאָל געלייגט דעם יסוד, און די פונדאַמענטאַלע
דערקענטעניש פון זיין פילאָזאָפישן דענקען — ביידע זאַכן
זענען אין תוך גענומען ביי אים איינס — איז ער געבליבן
טריי ביז צום סוף פון זיין לעבן.

דעם קולמינאַציע־פּונקט אין לעבן פון פּלאַטאָן דעם דענ־
קער בילדעט זיין אַנטדעקונג פון דער „אידייענלערע" און
איר שפּעטערישע אויספאָרמירונג און אַנטוויקלונג, ווי מיר גע־
פינען זי אין זיינע מייסטער־ווערק, אין פעדאָן, סימפּאָזיאָן,
די מלוכה און אין פעדראָס. אין דאָזיקן פּעריאָד — אומ־
געפער צווישן די יאָרן 384 און 374 — געפינט זיך פּלאַטאָן
אויפן שפּיץ פון זיין דענקערישן און קינסטלערישן שאַפן און
אין ענגסטער פאַרבינדונג מיט דעם — פון זיין אינערלעכן
גליק.

די פאָרם פון פּלאַטאָנס שריפטן — דער דיאַלאָג, וועל־
כער מאַכט דורך, פאַרשטייט זיך, פאַרשיידענע מעטאַמאָרפאָ־
זעס אין משך פון העכער פופציק יאָר שאַפן — אַנטהאַלט
אין זיך פאַר דער געשיכטע פון דער גריכישער פילאָזאָפיע
געוויסע אייגנאַרטיקע פּראָבלעמען, וועלכע מיר קענען נישט
לייזן אינגאַנצן מיט אונזערע מיטלען; נישט דעם לעצטן
פּלאַץ פאַרנעמט די פּראָבלעם, צי און אויף ווי ווייט דער
מחבר דריקט אויס דורך דער אָדער יענער פּערזאָן פון זיי־
נע שמועסן זיין אייגענע מיינונג אָדער די מיינונג פון אַנדע־
רע פילאָזאָפן, און אויב פון אַנדערע — טאָ פון וועלכע. אַ
צווייט פּראָבלעם בילדן די „מ י ט ן", וועלכע טרעפן זיך אין
אַ סך פון זיינע דיאַלאָגן, וווּ אַנשטאָט דעם שטרענגן דיאַ־
לעקטישן דענקער נעמט דאָס וואָרט אַ גייסט פון אַ גאַנץ אַנ־
דער מין אין אַ געבונדענער פּאַטעטיש־פייערלעכער רעדע, אין
יענע פּונקטן פון דער אָפּהאַנדלונג, ד. ה. פון דער ספּעקו־
לאַציע, וווּ דידאָזיקע האָט דערגרייכט די גרעניצן פון דער
דיאַלעקטיש־דערגרייכבאַרער דערקענטעניש און זי מאַכט אַ

פלאַץ פאַר די אַנונגען און וויזיעס פונם דיכטער און נביא, וועלכע שטייגן אויף פון די אור-טיפענישן פון זיין פילן און פאַרלאַנגען.

* *
*

ס'איז אַן איינציקאַרטיק גליק, וואָס אַדאַנק דער יאָרהונדערטן-לאַנגער טרייער מסורה דורך דער אַקאַדעמיע זענען דערגאַנגען צו אונז אַלע פלאַטאָנס דיאַלאָגן, אָבער דער ריזיקער קאָרפוס פון די פלאַטאָנישע שריפטן טראָגט אין זיך די אַזויגערופענע „*פלאַטאָנישע פראַגע*“, וועלכע נעמט פון איר זייט אַרום אַ סך איינצל-פראַגעס, באַזונדערס א) וועגן דער עכטקייט פון די דיאַלאָגן, ב) וועגן זייער כראָנאָלאָגישן סדר, ג) די פראַגע, צי אויפן גרונט פון דעמדאָזיקן אויסגעפונענעם כראָנאָלאָגישן סדר קען מען פעסטשטעלן די אַנטוויקלונג פונם דענקער און קינסטלער — און — נישט צולעצט — פון פלאַטאָנען דעם מענטשן, און ווי ווייט קען גרייכן דידאָזיקע פעסטשטעלונג. דידאָזיקע באַרימטע „פלאַטאָנישע פראַגע“, וואָס עקזיסטירט זייט שלייערמאַכערס עפּאָכע-מאַכנדיקע ווערק, איז איצט כמעט אינגאַנצן געלייזט. וועגן דער עכטקייט פון די דיאַלאָגן (אָדער וועגן אויסטיילן דאָס, וואָס איז אָנערקענט אַלס נישט-עכט) עקזיסטירן מער נישט קיין וויכטיקע חילוקי-דעות צווישן די אמתע קענער פון די פלאַטאָנישע שריפטן. און וועגן זייער כראָנאָלאָגישן סדר הערשט איצט אויך אין אַלע עיקרדיקע פונקטן — דאָס וואָרט „עיקרדיק“ מוז דאָ, אמת, באַטאָנט ווערן — אַ פולער הסכם.

אויפן יסוד פון אינהאַלטלעכע, סטיל-קריטישע און — נישט צולעצט — שפראַך-סטאַטיסטישע אויספאָרשונגען פון די פלאַטאָנישע שריפטן — קודם כל דורך ענגלישע און דייטשע געלערנטע — איז אין די לעצטע יאָרצענדליקער מיט פולער זיכערקייט געלונגען צו גרופירן די דיאַלאָגן אין (זאַכלעך, פאָרמאַל און צייטלעך) *פאַרשיידענע גרופעס*

און „דידאָזיקע רעלאַטיווע כראָנאָלאָגיע ווערט פאַרוואַנדלט דורך דער פאַרבינדונג מיט די פיר עפּאָכע-יאָרן — דעם טויט פון סאָקראַטעס און די דריי נסיעות — אין אַ אַבסאָלוטע, וועלכע לאָזט אַ פרייען רוים בלויז פאַר נישט-באַדייטנדיקע צייט-ענדערונגען (פ. ווילאַמאָוויץ, פּלאַטאָן I ז. 7). מיר אונ-טערשיידן דעריבער: I, די גרופּע פון די „ס אָ ק ר אַ ט י ש ע" ד י אַ ל אָ ג ן: יאָן, קליינער היפּפּיאַס, פּראָטאַגאָראַס; דערנאָך (זיכער פאַרפאַסט נאָך סאָקראַטעסעס טויט): לאַכעס, דער „פּראַזימאַכאָס", ד. ה. דער יסוד פונם ערשטן בוך פון דער מלוכה, דערנאָך ליזיס, כאַרמידעס און אויטיפראָן. צו דעם קומט צו די אַפּאָלאָגיע און דער קריטאָן, צוויי ווערק, וואָס ביידע, באַזונדערס די אַפּאָלאָגיע, ווייזן אויף שוין זייער אַ רייפע קונסט און לויט דער גרונדשטימונג (לגבי דער רעאַלער אַטעניִשער דעמאָקראַטיע) אָפּט אויפּפאַלנדיקע ענלעכקייטן צום „גאָרגיאַס". II. די דיאַלאָגן פון א י ב ע ר ג אַ נ ג ס - פּ ע - ר י אָ ד: גאָרגיאַס (דער „אָפּזאָג פון דער וועלט"), מענעקסע-נאָס (פאַרפאַסט ערשט נאָך 387, ד. ה. נאָך דער ערשטער נסיעה); קראַטילאָס און אויפידעמאָס און (זיכער ערשט נאָך דער גרינדונג פון דער אַקאַדעמיע) דער „מענאָן" (אין אים טרעפן מיר די ערשטע אמתע דערשיינונג פון דער אידייען-לערע). III. ד י ג ר ו י ס ע ק אָ נ ס ט ר ו ק ט י ו ו ע ד י אַ ל אָ ג ן (די אַזויגערופענע „היפּטדיאַלאָגן"): פעדאָן, סימפּאָזיאָן, מלוכה, פעדראָס. IV. די ע ל ט ע ר - ד י אַ ל אָ ג ן, צווישן אַנדערן איז פאַר זיי כאַראַקטעריסטיש אַ באַדייטנדיק שטאַרקערעס אַכט-לייגן אויף דער עמפּיריש-דערקענבאַרער ווירקלעכקייט: פּאַר-מענידעס, טעעטעטאָס (פאַרפאַסט נאָך 369), דערנאָך (זיכער ערשט נאָך דער צווייטער נסיעה) סאָפיסטעס, פּאָליטיקאָס — דידאָזיקע ביידע דיאַלאָגן האָבן געזאָלט געקרוינט ווערן דורך דעם נישט אָנגעשריבענעם „פילאָזאָפאָס", אין וועלכן פּלאַטאָן האָט געוואָלט זאָגן זיין לעצט וואָרט אין מעטאַפיזישער, דער-קענטעניש-טעאָרעטישער און פסיכאָלאָגישער הינזיכט — און נאָך דער דריטער רייזע) טימעאָס, קריטיאַס (דער געפּלאַנטער

„הערמאקראטעס", וואָס האָט געדאַרפט בילדן די דריטע שטיק צו די צוויי, איז געבליבן נישט אָנגעשריבן), נאָכהער דער „פילעבאָס", די בריוו און—נישט פאַרענדיקט, אַרויסגעגעבן שוין פון פלאַטאָנס ירושה דורך זיין שילער פיליפפ פון אָפוס — די „געזעצן".

פון אלע איבעריקע דיאַלאָגן, וועלכע זענען דערגאַנגען צו אונז אונטער פלאַטאָנס נאָמען, זענען אלע זיכער נישט-עכט, אחוץ דעם „גרעסערן היפפיאס", וועגן וועלכן די מיינונגען גייען זיך פאַנאַנדער.

## דאָס צווייטע קאַפּיטל

# די פּלאַטאָנישע פילאָזאָפיע

### 1. דערקענטעניש־לערע און מעטאַפיזיק

אַ סך פון זיינע דיאַלאָגן האָט פּלאַטאָן אינגאַנצן אָדער טיילווייז געווידמעט — באַזונדערס אין זיין עלטער־פּעריאָד — וויכּוחים מיט מיינונגען פון באַדייטנדיקע פאָרגענגער אָדער צייט־חברים. די דאָזיקע זייט פון זיינע שריפטן, וואָס טראָגט, נאַטירלעך, דער עיקר אַ נעגאַטיוו־קריטישן כאַראַקטער, איז „דאָס נויטווענדיקע פאָר־שטיק צו דער פּאָזיטיווער אויסלייגונג פון דער אייגענער לערע". און אַלס שילער פון סאָקראַטעסן, וועלכער האָט געגרינדעט אַ נייעם אַרט וויסן, האָט פּלאַטאָן נישט געקענט אויסמיידן אַ קריטישע באַהאַנדלונג פון דער דערקענטעניש־פּראָבלעם. וואָרים דאָס וויסן אַליין איז דאָך, — קודם כּל צוליב פּראָטאַגאָראַסעס סוביעקטיוויזם, — געוואָרן אַ פּראָבלעם און גראָד אין די קרייזן פון די סאָקראַטיקער איז זי געשטעלט געוואָרן אין מיטלפּונקט פון די באַהאַנדלונגען. סוף־כּל־סוף איז דאָך אַלץ געווען אָפּהענגיק דערפון, צי עס איז בכלל דאָ אַן עכט וויסן אָדער נישט — אַ וויסן, וואָס גיט דעם וויסנדיקן גופא דעם באַוווסטזיין פון אַבסאָלוטער זיכערקייט און שליסט אויס יעדן ספק, יעדן טעות — און אין וואָס עס באַשטייט דאָסדאָזיקע וויסן.

פּלאַטאָן האָט דערדאָזיקער פּראָבלעם געווידמעט דעם „טעעטעטאָס“, אַ דיאַלאָג, וועגן וועלכן מיר ווייסן היינט מיט זיכערקייט, אַז ער איז געשריבן געוואָרן ערשט נאָך דעם יאָר 369, אָבער די פּראָבלעם, וואָס ווערט אין אים באַהאַנדלט, האָט אים אָן ספק שוין באַשעפטיקט יאָרצענדליקער פריער און איר לייזונג איז פאַר אים קלאָר געווען זייט דער אויסבילדונגס-התחלה פון זיין אייגענער לערע. מיר ווייסן נישט ווער עס האָט דעפינירט דאָס וויסן אַלס עמפּינדונג — ווי עס שיינט באַזירט דידאָזיקע מיינונג אויף אַן אַלטער מאַטעריאַליסטישער אָנשויאונג; — יעדנפאַלס איז פאַר פּלאַטאָנען געווען לייכט אָפּצופרעגן דידאָזיקע מיינונג: אונזערע חושים זעבען דאָך נאָר די אָרגאַנען, דורך וועלכע אונזער נשמה דערקענט די זאַכן פון דער זעבאַרער וועלט, אָבער וועגן דער עקזיסטענץ פון די זאַכן, וועגן זייער פאַרשיידנקייט אָדער גלייכקייט, ענלעכקייט אָדער נישט-ענלעכקייט, זייער צאָל, צי זיי זענען שיין אָדער העסלעך, גוט אָדער שלעכט, — וועגן דעם אַלעם זאָגן אונז אונזערע חושים אַליין גאָרנישט; וועגן דעם קלערט אונז ערשט אויף די פאַרגלייכנדיקע און אויספיר-מאַכנדיקע טעטיקייט פון אונזער נשמה, ווייל ערשט זי מאַכט אַזעלכע אויספירן (פאַרגל. טעעטעטאָס 186 D) אויפן יסוד פון די פאַרשיידענע גבית-עדות פון אונזערע חושים, וועלכע נעמען אַזויאַרום בכלל נישט אויף דעם אמת וועגן אַ זאַך, און במילא קענען זיי אויך נישט האָבן קיין וויסן. נאָך אוממעגלעכער קומט פאָר די אידענטיפיצירונג פון וויסן און עמפּינדונג. ווען מען נעמט אָן די טעאָריע פון אַ פילאָזאָף פון יענער צייט וועגן דער אַנטשטייאונג פון אונזערע חושים-איינדרוקן, ווייל גראָד אויפן יסוד פון אַזאַ ראַדיקאַל-העראַקליזירנדיקן שטאַנדפּונקט (וועגן אייביקן פליסן פון אַלע זאַכן) דרינגט אַרויס די אוממעגלעכקייט צו אידענטיפיצירן עמפּינדונג מיט וויסן, וועלכעס קען זיך דאָך נאָר באַציען אויף עפּעס בלייבנדיקס, אומפאַרענדערלעכס.

ביים אויספאָרשן דעם מהות פון וויסן האָט אַ עיקרדיקע

באַדײַטונג פּלאַטאָנס שטעלונג לגבי פּראָטאַגאָראַסעס סוביעק־
טיוויזם, וועלכן ער וואַרפט אונטער אַ שאַרפער קריטיק אין
שײַכות מיטן אָפּפרעגן יענע דעפיניציע. וואָרום ווער עס דער־
קלערט דעם וויסן אַלס עמפּינדונג דערגייט צו פּראָטאַגאָראַסעס
סוביעקטיוויסטישן סענסואַליזם (טעעטעטאָס 158A). אין שײַכות
מיט זײַן פונדאַמענטאַלער הנחה, אַז דער מענטש איז די מאָס
פון אַלע זאַכן האָט דערדאָזיקער באַהויפּטעט, אַז יעדע מײַ־
נונג איז אַ (סוביעקטיווער) „אמת" און במילא זענען אַלע מײַ־
נונגען גלײַכבאַרעכטיקט, און דאָס באַזײַטיקט די מעגלעכקייט
פון טעות און לייקנט יעדן אַבסאָלוטן אמת. (פאַרגל. אויבן
ז. 13 און ווײַט.) אַז יעדע ווירקלעכע וויסנשאַפט איז אוממעגלעך
אויב פּראָטאַגאָראַסעס הנחה — און במילא זײַן סוביעקטי־
וויזם — איז ריכטיק, דאָס איז קלאָר פאַר סאָקראַטעסעס
תּלמיד. אָבער אַז נישט יעדע מײַנונג פון פאַרשיידענע אינ־
דיווידוען — אין קעגנזאַץ צו פּראָטאַגאָראַסעס לערע — איז
גלײַך „אמת", דרינגט שוין אַרויס פון דער אַלגעמײַנער אָנ־
שויאונג פון טאָג־טעגלעכן לעבן: אויף אַלע געביטן פון מענטש־
לעכער טעטיקייט אונטערשיידן מיר זאַכפאַרשטענדיקע און לאַאי־
קער. און פּראָטאַגאָראַס אַליין אונטערשיידט דאָך „קלוגע" און
„נישט־קלוגע". מענטשן אורטיילן וועגן צוקונפטיקן נוצן אָדער
שאָדן פון אַ האַנדלונג, ד. ה. וועגן איר פאָרגעזעענעם דער־
פאָלג, און אָט ווײַזט זיך אַרויס, אַז די שפּעטערדיקע געשעע־
נישן באַשטעטיקן די „מײַנונגען" פון די פאַרשטאַנדיקע, און
די מײַנונגען פון די נישט־פאַרשטאַנדיקע ווערן אָפּגעלייקנט, און דאָס
באַדײַט אַז דער זאַכפאַרשטענדיקער האָט אַן אמתע „מײַנונג"
ווי די אַנדערע. און אין דער שטרענגער וויסנשאַפט, למשל,
אין דער מאַטעמאַטיק, איז דען די „מײַנונג" פונם לאַאיקער
פונקט אַזוי „אמת" ווי פון פאַכמאַן? — איבעריקנס, — ווען
מען נעמט שוין אַפילו אָן פּראָטאַגאָראַסעס הנחה—איז זי אין
תּוך געגנומען סותר זיך אַליין: היות פּראָטאַגאָראַס אַליין אָנער־
קענט, אין הסכּם מיט זײַן הנחה, אַז אויך די מײַנונגען פון
די מענטשן, וואָס טראַכטן פונקט דאָס פאַרקערטע ווי ער, זע־

נען „אמת", זענען דאָך אויך „אמת" די מיינונגען פון די מענטשן, וועלכע האַלטן יענע הנחה פאַר פאַלש. וואָרים אויב יעדע מיינונג — ווי יענע הנחה וויל — האָט איר סוביעקטיווע און נאָר אַ סוביעקטיווע באַרעכטיקונג, איז דאָס אויך גילטיק וועגן פּראָטאַגאָראַסעס מיינונג גופא, וועלכע דידאָזיקע הנחה דריקט אויס. אַזוי אַרום זעען מיר, אַז פּראָטאַגאָראַסעס סוביעקטיוויזם איז נישט לעבנספעאיק, ער צעשטערט זיך גופא.

בלויז אין איין פונקט איז פּלאַטאָן מסכים מיט פּראָטאַגאָראַסעס סוביעקטיוויזם: בנוגע דער חושים-עמפינדונג. די דאָזיקע — און דורכדעם די זינלעכע קוואַליטעטן פון די זאַכן—איז יעדנפאַלס בלויז סוביעקטיוו גילטיק, ווייל פאַר יעדן סוביעקט איז זי מער אָדער ווייניקער פאַרשידן. נאָכמער, די חושים-איינדרוקן זענען פאַר איין-און-דעמזעלבן אינדיווידום פאַרענדערלעך און במילא פאַרשידן אויך בנוגע דערזעלבער זאַך, אָפּהענגיק פון זיין קערפּערלעך-נשמהדיקער דיספּאָזיציע. אַן אמתע דערקענטעניש, ד. ה. אַן אָביעקטיווער (אַבסאָלוטער) אמת פון די חושים-זאַכן קען מען בכלל נישט האָבן. ווייל זיי געפינען זיך תמיד אין שטענדיקער פאַרענדערונג, פונקט ווי אונזערע קערפּערלעכע אָרגאַנען. וויסן דאַקעגן קען מען נאָר וועגן ווירקלעך-עקזיסטירנדיקן, וואָס איז אייביק, אומגעשאַפן, אומפאַרענדערלעך. אַזאַ דערקענטעניש קען בכלל נישט דערגרייכט ווערן דורך די חושים, נאָר בלויז דורך דער נשמה, אויפן וועג פון ריינעם, פון קערפּער אַליין מער אָפּגעריסענעם דענקען. דאָס דענקען (די דערקענטעניש) און דאָס עמפּינדן האָבן אַזוי אַרום דורכאויס פאַרשיידענע אָביעקטן און קומען צושטאַנד דורך גאַנץ פאַרשיידענע פאַקטאָרן, דאָס ערשטע דורך דער איידלסטער קראַפט פון אונזער נשמה, דאָס צווייטע דורך די פאַרגענגלעכע אָרגאַנען פון מענטשלעכן קערפּער. אַזוי אַרום ווערט פּראָטאַגאָראַסעס הנחה, וועלכער ער האָט צוגעשריבן אַ פונדאַמענטאַלע באַדייטונג פאַר דער מענטשלעכער דערקענטעניש בכלל, באַשרענקט „אויפן געביט פון איר גילטיקייט", ווי באַניץ שטעלט טרעפלעך פעסט, און די אויטאָנאָמיע פון דער שכל-דערקענ-

טעניש ווערט שטרענג אָפּגעהיט, — אַ טאַט פון אַנטשיידנדיקער באַדייטונג פאַר דער גאַנצער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער גריכישער פילאָזאָפיע, פאַר וועלכער נישט קיין אַנדערער ווי סאָקראַטעס האָט געלייגט דעם יסוד. אַז פּלאַטאָן האָט צופיל נאָכגעגעבן פּראָטאַגאָראַסן בנוגע אונזער חושים-דערקענטעניש (וועגן איר בלויזער סוביעקטיווער גילטיקייט), איז אין דאָזיקן צוזאַמענהאַנג לחלוטין איבעריק צו באַטאָנען.

אין וואָס באַשטייט אָבער דאָס אמתע וויסן און ווי אַזוי איז עס מעגלעך? איז עס דען בכלל מעגלעך? די נייערע פאָרשונג האָט דערוויזן, אַז אין ערשטן יאָרצענדליק נאָך סאָקראַטעס טויט האָט פּלאַטאָן בנוגע דער דערקענטעניש-פּראָבלעם דורכגעמאַכט אַ שווערן קריזיס, וועלכער האָט געבראַכט דערצו ער זאָל זיך צייטווייליק בכלל מיאש זיין פון דער מעגלעכקייט צו דערקענען. און דאָ זענען געווען באַזונדערס צוויי פאַקטאָרן, וועלכע האָבן אים געגעבן די זיכערקייט, אַז אַזאַ וויסן איז פאַרן מענטשן באמת מעגלעך: קודם כּל די מאַטעמאַטישע דערקענטעניש — די באַקאַנטע שטעלע אין „מענאָן" גיט דערפון די ערשטע באַדייטנדיקע פּראָבע — און דאַן די זיטלעכע באַגריפן, דער זיטלעכער געזעץ, וואָס זיין אוממיטלבאַרע עווידענץ האָט ער איבערגעלעבט דורך סאָקראַטעסעס טויט און זייט דאַן האָט ער דאָס איבערגעלעבט אין זיך בסדר פונסניי. חוצדעם האָט וועזנטלעך מיטגעווירקט ביים אויסבילדן זיין לערע אויך די פּיטאַגאָרעאישע מיסטיק. אינם גערעגל פאַר דער לייזונג פון דער דערקענטעניש-פּראָבלעם ווערט פּלאַטאָן געטריבן צו אַנטוויקלען די לערע, וועלכע האָט באַקומען אַ אַנטשיידנדיקע באַדייטונג פאַר זיין גאַנצער פילאָזאָפיע.

## די אידייענלערע

די אידייענלערע איז די צענטראַלע דאָגמע פון דער גאַנצער פּלאַטאָנישער פילאָזאָפיע. זי מאַכט אויס דעם אייי־

לעכן אינהאַלט פון איר דערקענטעניש־טעאָריע און מעטאַפי־
זיק, זי האָט אָבער אויך אַ אַנטשיידנדיקע באַדייטונג פאַר זיין
לאָגיק און פסיכאָלאָגיע, זיין עטיק און מלוכה־לערע, ווי אויך
פאַר זיין נאַטורפילאָזאָפיע. דידאַקטיקע לערע האָט זיך אַנט־
וויקלט אין דענקערס גייסט בהדרגהדיק. אין די יוגנט־דיאַ־
לאָגן געפינט מען זי נאָך נישט (ווען מ׳לאָזט אין אַ זייט די
אומבאַוווסטזיניקע שפּראָצלעך און אָנהויבן ביים אויספאָרשן די
עטישע באַגריפן, ווי, צום ביישפּיל, אין „פּראָטאַגאָראַס״ B 349
אויפיפראָן D 5, DE6, A11) ; אָבער פאַר דער אַנטשטייאונג פון
דער אידייענלערע האָט געהאַט אַ אַנטשיידנדיקע באַדייטונג אַ
גרונדטענדענץ פון פרי־פּלאַטאָנישן דענקען, וועלכע קומט צום
אויסדרוק אין די יוגנט־דיאַלאָגן (דאָס האָבן דער עיקר אויפ־
געוויזן פּ. אַרנימס טיף־אַריינדרינגנדיקע אונטערזוכונגען) : דאָס
איז דעם יונגן פּלאַטאָנס זוכעניש נאָך אַ ה ע כ ס ט ע ר וויסנ־
ש אַ פ ט, — זי ציט זיך דורך אַלע דיאַלאָגן „ווי אַ רויטער
פאָדים״, — וועלכע איז אומאָפּהענגיק פון אַלע אַנדערע וויסנ־
שאַפטן, באַהערשט זיי און האָט פאַר איר געגנשטאַנד דאָס
באמת ווערטפולע פאַרן מענטשן, ד. ה. די אַבסאָלוטע גוטס
(און איר קעגנזאַץ), וואָס פון איר דערקענטעניש איז אָפּהענ־
גיק דער וויל פונם איינצלנעם מענטשן ווי אויך פון דער
געמיינשאַפט. אָבער ערשט אין „קראַטילאָס״ (באַזונדערס 389
BA) געפינט מען די אוממיטלבאַרע פאָרשטופע פאַר דער גע־
שטאַלטונג פון דער אידייענלערע (ווי פּ. ווילאַמאָוויץ האָט
אויפגעוויזן II ז. 158 און וו.). און אויף אַן אמת שווימט זי
אַרויף אויף דער אויבערפלאַך ערשט אין „מענאָן״ (הגם צו־
ערשט נאָך אומדירעקט), און דערנאָך שוין מיט פולער קלאָר־
קייט און זיכערקייט אין „סימפּאָזיאָן״ און „פעדאָן״. אין די־
דאַקטיקע דיאַלאָגן ווי אויך אין די אַנדערע גרויסע ווערק פון
דער בלי־צייט, — אין דער „מלוכה״ און אין „פעדראָס״ —
בילדעט די אידייענלערע דעם צענטער און דעם קולמינאַציע־
פּונקט פון דער גאַנצער פּלאַטאָנישער ספּעקולאַציע ; אָבער
אויך אין די עלטער־שריפטן איז זי נאָך די עיקר־הנחה פון

פלאַטאָנס דענקען, הגם איר הערשנדיקע ראָלע ווערט אַביסל געשטעלט אין שאָטן, באַזונדערס לגבי די ריין-לאָגישע פּראָבלעמען. ווייל גראָד אין פּלאַטאָנס עלטער-פּעריאָד טרעט באַזונדערס בולט אַרויס דעם דענקערס שטרעבן צו פאַרווערטן וואָס מער די אידייענלערע אויף צו דערקלערן די דערשיינונגס-וועלט. אָבער אויך אין זיינע שפּעטערע ווערק בלייבט פּלאַטאָנס אויפפאַסונג פון די אידייען דיזעלבע ווי אין די „הויפּטדיאַלאָגן": אַלס לחלוטין טראַנסצעדענטאַלע אומפאַרענדערלעכע וועזנהייטן.



עכטעס וויסן איז נאָר דאָס באַגריפלעכע וויסן; דידאַזיקע הנחה איז געווען דער יטוד פון סאָקראַטישן דענקען. אָבער פונוואַנעט נעמט זיך דאָסדאָזיקע וויסן? פון די עמפּינדונגען אַליין קען דאָס קיינמאָל נישט אָפּשטאַמען; זיי גיבן העכסטנס דעם שטויס, אָבער נישט דעם גענוגנדיקן גרונד. ווי אַזוי, צום ביישפּיל, וואָלט זיך פון דער עמפּינדונג געקענט אַנטוויקלען אין אונז דער באַגריף פון גלייכקייט? מיר זעען דאָך קיינמאָל נישט צוויי לחלוטין ענלעכע זאַכן, און חוצדעם זעען מיר דאָך תמיד בלויז (זעבארע) געגנשטאַנדן — זאָל זיין אַפילו, אַז זיי קומען אונז אַמאָל פאָר גלייך, — אָבער קיינמאָל נישט די גלייכקייט אַליין. און ווי אַזוי דערקלערט מען דעם באמת איבערראַשנדיקן פאַקט, וואָס עמיצער, וועלכער האָט, ווי מענאָנס קנעכט, קיינמאָל אין זיין לעבן גאָרנישט געהערט וועגן מאַטעמאַטישע זאַכן, אַנטוויקלט געדאַנקען — ווען סאָקראַטעס פרעגט אים מעטאָדיש פאַנאַנדער וועגן דעם — וועלכע ער האָט פריער קיינמאָל נישט געלערנט אין דאָזיקן לעבן? —

פאַר פּלאַטאָנען, וועלכער האָט נאָך, — צוזאַמען מיט דער גאַנצער אַנטיקער וועלט, — קיין שום אַנונג נישט וועגן דעם, וואָס די נייערע פילאָזאָפיע זייט קאַנטן באַטראַכט אַלס די „שעפערישע ענערגיע פון באַוווסטזיין", עקזיסטירט בלויז

א״ן ענטפער אויף דערדאָזיקער אַפּאָריע: די מענטשלעכע נשמה מוז דידאָזיקע דערקענטעניש, פּונקט ווי די באַגריפן פון דער גלייכקייט, פון דאָס גוטע, פון דער גערעכטיקייט און אַז. וו. אַריינזאַפּן אין זיך שוין פאַר דעמדאָזיקן לעבן, ד. ה. אין אַ פאַרוועלטלעכער עקזיסטענץ. די אָרפיש-פּיטאַגאָרעאישע מיסטיק האָט שוין פון לאַנג געלערנט וועגן אַ פאַרוועלטלעכער עקזיסטענץ פון דער נשמה, עמפּעדאָקלעס האָט עס נאָך געשילדערט מיט לויכטנדיקע פאַרבן אין טאָן פון אַ נביא (זע באַנד I, ז. 125 און ו.). און מיר דאַרפן הײַנט אָננעמען אויף זיכער, אַז מיט דערדאָזיקער לערע האָבן פּלאַטאָנען באַקאַנט נאָך בעת זײַן ערשטער נסיעה די אונטעראיטאַלישע פּיטאַגאָרעער און זי האָט געמאַכט אויף אים אַ טיפן אײַנדרוק. דאָס באַווייזט שוין די באַרימטע שטעלע אין „מענאָן". און אָט, אַדאַנק יענער אַפּאָריע, לייכט אויף פאַר אים אײַנמאָל די לייזונג פון דער דערקענטעניש-פּראָבלעם, וואָס האָט אַ אַנטשיידנדיקע ווירקונג פאַר זײַן גאַנצן דענקען: היות די נשמה מוז שוין באַזיצן דעם גאַנצןווירקלעכן וויסן נאָך פאַר דעמדאָזיקן לעבן, טאָ מוז דאָסדאָזיקע וויסן, ווי בכלל יעדע דערקענטעניש, זײַן נישט מער ווי אַ „ווידערדערינערונג" וועגן דעם, וואָס די נשמה האָט „געזען" אין איר פאַרצײַטלעכער עקזיסטענץ, און זי האָט עס גורעסטנטיילס ווידער פאַרגעסן זייט איר אַרייַנטריט אין קערפּער. אָבער דידאָזיקע ווידערדערינערונג, וואָס דרעמלט אין אונז, ווערט אויפגעוועקט דאַן, ווען מיר זעען געגנשטאַנדן, וועלכע האָבן אַ געוויסע ענלעכקייט (אָדער נישט-ענלעכקייט) מיט איינער פון די אַמאָליגע געזעענע „געשטאַלטן". יענע וויסן, וועלכעס מיר האָבן אַמאָל באַקומען, איז נאָך אין אונז געווען אין לאַטענטן צושטאַנד ביז עס איז אין איין שיינעם טאָג ווידער אויפגעוועקט געוואָרן צום באַוווסטזיין אַדאַנק אַ גאַנצער ריי עמפּינדונגען, וועלכע האָבן אַרויסגערופן אין אונזער נשמה די טעטיקייט פון פאַרגלייכן, קאָמבינירן און מאַכן אויספירן. למשל, ווען מיר זעען אַ שיינע געשטאַלט וועקט זיך אויף אין אונזער נשמה די

„דערינערונג" וועגן דאָס אַמאָל געזעענע אורשיינע און פּילט
אונז אָן מיט אומפּאַרטיליקבאַרער בענקשאַפט נאָכן אייביקן
אורבילד, און דידאָזיקע בענקשאַפט טרייבט אונז אַלס אַ „געט-
לעכע משוגעת" מיט דעמאַנישער קראַפט צו שאַפן דאָס שיינע,
גערעכטע, גוטע אין אַ שיינער נשמה און מיט איר געמיינזאַם
אים צו „דערציען" אָדער אויף אַ וועלכן נישט איז אַנדער
אופן אים קערפּערלעך אָפּקאָפּירן אין דערדאָזיקער וועלט אַלס
אמתע „טוגנט". דאָ ליגט דער מקור פונם אמתן עראָס, פון
דער „פּלאַטאָנישער ליבע", וואָס איז נישט עפּעס אַנדערש,
ווי די שטרעבונג פון דער נשמה צום אייביקן, דעם פּילאָזאָפס
דראַנג צו דער אמתער דערקענטעניש פון די אַמאָל-געזעענע
וועזנטלעכקייטן אין דער ממשלה פון דער עכטער ווירקלעכ-
קייט, און אין אומצערייסבאַרן צוזאַמענהאַנג דערמיט דער פאַר-
לאַנג זיי אָפּצוקאָפּירן, ד. ה. צו פאַרווירקלעכן זיי אין לעבן
ווי ווייט נאָר מעגלעך.

דער דיכטער-פילאָזאָף, וואָס זיין אייגענע נשמה איז פול
מיט טיפסטער בענקשאַפט צום אייביקן, האָט — אָן ספק אויפן
גרונד פון זיין אייגענער אינערלעכסטער איבערלעבעניש, —
געשילדערט אין „סימפּאָזיאָן" און אין „פעדראָס" מיט גליענ-
דיקע פאַרבן דעמדאָזיקן עראָטישן צושטאַנד פון דער נשמה;
ער האָט אויך געשילדערט אין אַ מיטישער פאָרם ווי די נשמה
זעט אין איר פאַרוועלטלעכער עקזיסטענץ די אייביקע וועזנט-
לעכקייטן „אויפן איבערהימלישן אָרט", אָנטיילנעמענדיק אין
דער פּראָצעסיע פון געטער און דעמאָנען אַרום דעם הימל-
געוועלב, און דידאָזיקע שילדערונג איז אַזאַ, אַז נאָר גאַנץ
גרויסע דיכטער און דענקער קענען ענלעכעס געבן.

אויפנעמען דידאָזיקע אייביקע „געשטאַלטן" קען נאָר
דער ריינער, פון די קערפּערלעכע שטערונגטן וואָס מער באַ-
פרייטער דענקען. ווייל זיי פאַרמאָגן דאָך נישט קיין שום זינ-
לעכע קוואַליטעטן, זיי זענען לחלוטין טראַנסצענדענט. אָבער
דאָסדאָזיקע דענקען, וואָס ווערט אין זיינע התחלות סטימולירט
דורך די עמפּינדונגען, קודם כל דורך דעם חוש-הראיה, וועל-

כער איז בכלל דער פיינסטער פון אַלע חושים, קען נאָר דאָן
אויסטיילן קלאָר און שאַרף די אַמאָל-געזעענע װעזנטלעכקייטן,
װען עס װערט אויסגעשולט דורך לאַנגע איבונגען אין דיא-
לעקטיק. װײַ, די אויפגאַבע פון דערדאָזיקער בכבודיקער
װיסנשאַפט באַשטייט אין אויפזוכן די באַגריפן, קלאָר
זיי אונטערשיידן און פעסטשטעלן זייערע באַציאונגען צווישן
זיך, װײַל נאָר די דיאַלעקטיק קען דאָס צעזייט-און-צעשפּריי-
טע אין דער זעבאַרער װעלט צונויפֿזאַמענזען אין איין געשטאַלט
און יעדע איינע אָפּגרעניצן פון דער צווייטער, װי זי קען
אויך פאַנאַנדערלייגן די באַגריפֿן „גלידערווייז אין הסכם מיט
זייער נאַטור" (פעדראָס C 265 און װ.). זי איז די קעניגין פון
אַלע װיסנשאַפטן; װײַל אין דער צייט װאָס אַלע אַנדערע, אויך
די מאַטעמאַטיק, גייען אַרויס פון אַ אומבאַווייזבאַרער גרונד-
הנחה, דערהויבט זי זיך אין דענקען צו דער אורסיבה, װאָס
נויטיקט זיך נישט אין קיין הנחות (זע אונטן ז. 92 און װ.),
און אַרויסגייענדיק פון דער דאָזיקער אור-סיבה פאָרשט זי אויס
דעם װעזן פון די באַגריפן.

אין הסכם מיט זיין פּרינציפּיעלער אונטערשיידונג צווישן
עמפינדונג און װיסן אונטערשיידט פּלאַטאָן אויפן שאַרפסטן
אופן צוויי סאָרטן דערקענטענישן: שכל-דערקענטעניש און „מיי-
נונג"; זיי זענען צוויי גרונדפאַרשיידענע פעאיקייטן פון דער
נשמה, דעריבער באַציען זיך ביידע אויף גאַנץ פאַרשיידענע
געביטן: די שכל-דערקענטעניש אויף דאָס עקזיסטירנדיקע;
די „מיינונג", װאָס איז דער רעזולטאַט פון אונזערע חושים-
עמפינדונגען, אויף דעם, װאָס געפינט זיך אינדערמיט צוויש-
דער עקזיסטענץ און דער נישט-עקזיסטענץ, ד. ה. אויף דער
דאָזיקער זעבאַרער װעלט פון כסדרדיקער פאַרענדערונג (זי גע-
פינט זיך דעריבער אינדערמיט צווישן װיסן און נישט-װיסן).
אָבער פּונקט װי די „מיינונג" האָט צווייערליי מינים, דאָס פאָר-
שטעלן זיך, װאָס באַציט זיך אויף די שאָטן- און שפּיגלביל-
דער פון די זעבאַרע זאַכן, און דעם גלויבן, װאָס באַציט זיך
אויף דידאָזיקע זאַכן גופא, אַזוי האָט אויך די שכל-דערקענטע-

ניש צוויי פאַרשיידענע גראַדירונגען און געביטן: די שכל־דערקענטעניש, וואָס באַציט זיך אויף די מאַטעמאַטישע זאַכן, און זי גייט תּמיד אַרויס פון „הנחות״ און זי נויטיקט זיך אין דער זינלעך־אויפנעמבאַרער צייכנונג אַלס אַ הילפסמיטל, שטייט נידעריקער פאַר דער ריינער וויסנשאַפט, דער דיאַלעקטיק, וואָס איר אויסגאַנגספונקט באַזירט נישט אויף קיין שום „הנחות״ (זע וו. ז. 92 און וו.) און נויטיקט זיך נישט אין קיין שום הילפסמיטלען. די פאַרשיידענע מינים פון דער דערקענטעניש אַנטשפּרעכן אויך פאַרשיידענע גראַדירונגען פון דערווירקלעכקייט. אַ ריינע ווירקלעכקייט פאַרמאָגן נאָר די אור־בילדער פון די זאַכן, די „אידייען״ (ז. אונטן); נאָר וועגן ז
יי איז דאָ אַ ריינע דערקענטעניש, אמתע וויסנשאַפט.



אין געביט פון דער מיינונג מאַכט פּלאַטאָן נאָך אַ אינטערעסאַנטע אונטערשיידונג (אורשפּרינגלעך אין אַ אַנדערן (פּאָליטיש־עטישן) צוזאַמענהאַנג, אויפן גרונד פון דערפאַרונגס־פאַקטן פון בירגערלעכן לעבן און פון דער געשיכטע): פון דער מאַסע מער אָדער ווייניקער פאַלשע מיינונגען אונטערשיידט ער די „אמתע״. דידאַקטיקע לעצטע באַזירט נישט אויף אמתן וויסן, וועלכעס קען דאָך געגעבן ווערן נאָר דורך דער דיאַלעקטיק, נאָר אויף גאָט־געשענקטער [ד. ה. איינגעבאָרענער] באַגאַבונג. דידאַקטיקע „אמתע מיינונג״ פאַסט פּלאַטאָן שפּעטער אויף — ווי ס'איז אַרויסצודרינגען לויט אַ שטעלע אינם מיטאָס פון „פעדראָס״ (253D) — אַלס אַ באַשטעטיקונג פונם „מוט־אַרטיקן״ נשמה־טייל. פונם וויסן, וואָס נאָר דער שכל קען עס דערווערבן, אונטערשיידט זי זיך נאָר דורכדעם, וואָס זי קען נישט געבן קיין דערקלערונגען וועגן דעם קויזאַלן צוזאַמענהאַנג פון די זאַכן. אין איינצלנע פאַלן פונדעסטוועגן קען
י אין פּראַקטישן לעבן האָבן דיזעלבע באַדייטונג ווי די אמתע
ערקענטעניש. אויפן דיאַלעקטישן וועג קען אויך דערוועקט

װערן אין דער „אמתער מיינונג" „די װידערדערינערונג", און אזױאַרום קומט פון איר אַרױס אמתעס װיסן. אָבער אָן אַזאַ לױטערונג און פּאַרטיפֿונג גיט זי נישט קײן שום גאַראַנטיע פון דערפֿאָלג פאַר דער צוקונפט, װײל איר באַזיצער פאַלט אַרײן בײ געװיסע געלעגנהײטן אין גראָבע פעלערן, ענלעך צו מענאָנס קנעכט. הײות דידאַזיקע „אמתע מײנונג" האָט אַ געװיסע באַדײטונג אין פּלאַטאָנס יוגנטלערע, װעט נאָך אױס־קומען דערפון צו רײדן.

# אַנטאָלאָגיע

דער קאַרדינאַלער אונטערשײד צװישן די געגנשטאַנדן פון דער עמפּינדונג און די געגנשטאַנדן פון װיסן באַשטײט לױט פּלאַטאָנס אָנשױאונג אין פאָלגנדיקס: יענע האַלטן זיך כסדר אין אײן ענדערן, דידאָזיקע, דאַקעגן, זענען אַבסאָלוט אומפאַרענדערלעך, װײ׳, די סימנים פון אַ באַגריף בלײבן (פאַר אונזער באַװוסטזײן) תמיד דיזעלבע. און זײ זענען לחלוטין אומאָפּהענגיק פון אונזער װילקיר; מיר מוזן אָנערקענען — צוליב טעמים פון פאַרשטאַנד — זײער עקזיסטענץ, צי מיר װילן דאָס אדער נישט. (גראָד די מאַטעמאַטישע, באַזונדערס די געאָמעטרישע פאָרמען, װאָס מיט זײער שטודיום האָט זיך פּלאַטאָן לאַנג אָפּגעגעבן נאָך זײן ערשטער רײזע, קענען דאָס באַװײזן.) זײ זענען נישט נאָר אומקערפּערלעך, נאָר זײ פאַלן בכלל נישט אַרונטער אונטער דעם אײנפלוס פון דער קערפּערװעלט, זײ עקזיסטירן מחוץ די גרעניצן פון דערדאָזיקער לעצטער, לױט זײער אינהאַלט און אױך לױט זײער פאָרם זענען זײ פון רײן־געדאַנקלעכער נאַטור. זײ זענען אָבער נישט נאָר אַ שאַפונג פון אונזערע געדאַנקען 1) נאָר פונקט װי זײ זענען דאָ אין אונזער באַװוסטזײן אומאָפּהענגיק פון אונזער עמפּינדו און װילן און זײ בלײבן תמיד, דיזעלבע, אַזױ אַנטפּלעקן זײ

---

1) פאַרגל. אונטן ז. 94 און װ.

זיך דעמדאָזיקן באַוווסטזיין אַלס אַבסאָלוט ווירקלעך. און — דאָ דערקענען מיר דעם פּועל-יוצא פון דער לערע וועגן דער פּרעעקזיסטענץ און דער אַנאַמנעזיס — זיי האָבן עקזיסטירט אַ סך פריער, איידער מיר זענען אַריינגעטרעטן דורך דער געבורט אין דערדאָזיקער צייטלעכקייט. זיי האָבן עקזיסטירט פון תמיד אָן, זיי וועלן תמיד עקזיסטירן, זיי זענען אייביק. דאָס, וואָס מיר באַצייכענען היינט אַלס „באַגריפן", זענען לויט פּלאַטאָנס גרונד - איבערצייגונג דורכאויס עקזיסטירנדיקע, מחוץ פון אַלע קערפּערלעכקייט-גרעניצן ליגנ-דיקע, פון מענטשלעכן דענקען לחלוטין אומאָפּהענגיקע, און במילא פון אַלעם איבעריקן לחלוטין אָפּגעריסענע, אייביקע וועזנטלעכקייטן. זיי אַליין זענען — אין קעגנזאַץ צו דער חושים-וועלט, וואָס פאַרבלענדט מיט אַ גענאַרערישער פיקציע— דאָס עקזיסטירנדיקע, ד. ה. זיי אַליין זענען ווירק-לעך. נאָכמער, די ווירקלעכקייט (די עקזיסטענץ) קומט פאַר פּלאַטאָנען אַלס זייער וועזנטלעכסטער סימן, אַזוי ווייט, אַז אָפט רופט ער זיי אָן אָנשטאָט „אידייען" (אייגנטלעך: געשטאַלטן, פאָרמען) איינפאַך: „דאָס עקזיסטירנדיקע", „דאָס עקזיסטירנדיקע גופא" אָדער „דאָס אמת עקזיסטירנדיקע" אָדער אויך „די זאַכן גופא" (אַזוי, למשל דאָס שיינע גופא, דאָס גוטע גופא און אַז.וו.).

מיטן דאָזיקן וועג און גלייכצייטיק אונטער דעם טיף-גרייכנדיקן איינפלוס פון זיין טיפער באַשעפטיקונג מיט דער מאַטעמאַטיק איז פּלאַטאָן געקומען דערצו, אַז ער האָט פאַר-זאַכלעכט די באַגריפן (ער האָט זיי היפּאָסטאַזירט), ער האָט זיי אויפגעפאַסט אַלס לגמרי מעטאַפיזישע וועזנטלעכקייטן און ער האָט זיי באַטראַכט פאַר דאָס איינציק באמת-ווירקלעכע. דידאָזיקע, דורך פּלאַטאָנען שטאַרק פאַרזאַכלעכטע באַגריפן, רופן מיר זייט דעם מיט איינעם פון זיינע אויסדרוקן פאַר דעם, וועלכער האָט אורשפּרינגלעך באַדייט נאָר די פאָרם, ד. ה. די גייסטיקע פאָרם, וואָס איז געמיינזאַם אַ סך איינצלזאַכן, — אידייען.

ריין-גייסטיקע זאַכן אַלס זעלבשטענדיק-עקזיסטירנדיקע,

אומאָפּהענגיקע פון דער גאַנצע״ קערפּערוועלט און פון דער ממשלה פונם מענטשן — דידאָזיקע געוואַגטע אָנשויאונג געפינט זיך שוין בײַ אייניקע פאַרסאָקראַטישע דענקער, און טאַקע בײַ אַזעלכע, וועלכע פּלאַטאָן האָט געקענט. ווי דאָס לאָזט זיך אויפווייזן, ס׳איז גענוג צו דערמאָנען זיך די לערעס פון די פּיטאַגאָרעער וועגן די צאָלן ווי אויך אַנאַקסאַגאָראַסעס לערע וועגן גייסט, וואָס איז מיט קיין שום זאַך נישט אויסגעמישט, און ער עקזיסטירט פאַר זיך אַליין און איז נישט מער ווי גייסט (ד. ה. נישט קיין קערפּערלעכע נאָר ריינע דענק-קראַפט). אָבער פּלאַטאָן, וועלכער גייט אַ סך ווייטער פון דידאָזיקע, איז געוואָרן דער אַנטדעקער פון דער אימאַטעריעלער וועלט, דער אייגנטלעכער באַגרינדער פון עכטן אידעאַליזם, וועלכער באַטראַכט אַלס אַבסאָלוט-ווירקלעך בלויז די אידייען.

קעגנאיבער דער אומזעבאַרער וועלט פון דאָס אמת-ווירקלעכע, פון די אייביק-אומפאַרענדערלעכע וועזנטלעכקייטן, וועלכע נאָר דער ריינער דענקען קען אויפנעמען, שטייט אינדערמיט צווישן זיין און נישט-זיין די כסדר זיך-ענדערנדיקע זעבאַרע וועלט פון דערשיינונג, פון אַנטשטיין און פאַרגיין, וועגן וועלכער מען קען האָבן, — צוליב די כסדר זיך-ענדערנדיקע און אָפּט-סתירהדיקע חושים-עמפּינדונגען, — בלויז אַן אומזיכע פאָרשטעלונג, אָבער נישט קיין וויסן. דעמדאָזיקן קעגנזאַץ פון די צוויי וועלטן און די צוויי דערקענטעניש-אופנים האָט פּלאַטאָן מיט אַ באַזונדערער ליבע כסדר באַטאָנט מיט דער גרעסטער קראַפט, וואָרים דידאָזיקע „צוויי-וועלטן-לערע״ איז דאָך דער ווינקל-שטיין פון זיין גאַנצער סיסטעם, דער עיקרדיקער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון זיין גאַנצער פילאָזאָפיע. אַזוי אַרום איז פּלאַטאָן סיי אין דערקענטעניש-טעאָרעטישער סיי אין מעטאַפיזישער הינזיכט דורך-און-דורך דואַליסט, ווי ער איז דאָס אויך אין אַנטראָפּאָלאָגישער הינזיכט 1). ווי טיף ער האָט

1) פארגל. אונטן ז. 98 און ח.

געשפּירט דעמדאָזיקן קעגנזאַץ פון די צוויי וועלטן, סאַראַ פונ־דאַמענטאַלע באַדייטונג ער האָט אים צוגעשריבן פאַר דער מענטש־לעכער נשמה, דאָס האָט ער—ער, וואָס איז גלייכצייטיק געווען דער גרויסער דיכ.ער פון זיין אייגענער מעטאַפיזיק – געשילדערט אויף אַן אומפאַרגעסלעכן אופן אין זיין „מלוכה", אין אָנהויב פון זיבעטן בוך אין זיין „הייל־ביישפּיל", וועלכער ברענגט נאַ־טירלעך גלייכצייטיק צום באַוווסטזיין אויף אַ פאַרכאַפּנדיקן אופן דעם קעגנזאַץ פון דער מעטאַפיזישער און דער חושימ־דיקער דערקענטעניש.

פון דעם פונדאַמענטאַלן אונטערשייד פון די ביידע וועלטן פליסט אַרויס זייער פאַרשיידענע אָפּשאַצונג ביים פי־לאָזאָף. פאַרן פריינט פון דער חכמה איז דאָך דאָס דערקע־נען די אידייען דאָס איינציק ווערטפולע, זיי זענען דאָך דער העכסטער און לעצטער ציל פון גאַנצן מענטשלעכן שטרעבן און האַנדלען, אויף וויפל מען האָט איינמאָל באַגריפן דעמ־דאָזיקן פונדאַמענטאַלן אונטערשייד. דידאָזיקע ממש רעליגיעז־ווירקנדיקע אָפּשאַצונג דערקלערט זיך טיילווייז דורך דעם, וואָס פאַר פלאַטאָנען, — ווי פאַר סאָקראַטעסן, — שטייען אין מיטלפונקט פון דיאַלעקטישן אינטערעס די זיטלעכע באַגריפן (די אידייע פון דער טוגנט, פון דער גערעכטיקייט, פון דאָס שיינע און אַז. וו.). (די ספּעציפיש־פלאַטאָנישע אָפּשאַצונג פון די מאַטעמאַטישע באַגריפן וואָרצלט פון איין זייט אין דער דורך אים פעסטגעשטעלטער פּראָפּעדויטישער באַדייטונג פון דער מאַ־טעמאַטיק פאַר דעם שילער פון דיאַלעקטיק און חוצדעם, ווי מיר וועלן דאָס נאָך זען, אין דער פאַרמיטלונגס־ראָלע פון די מאַטעמאַטישע פאָרמען צווישן אידייען און דער דערשיינונגס־וועלט.) דעריבער איז פאַרשטענדלעך, אַז די אידייען האָבן אַן איינציקאַרטיקע באַדייטונג אויך פאַר פלאַטאָנס געפילס־לעבן, בפרט אויף דעם קולמינאַציע־פונקט פון זיין שאַפן, אַז דער דיכטער פלאַטאָן שילדערט זיי ממש אויף אַן ענטוזיאַסטישן אופן, אין טאָן פון דערהויבנסטער, פייערלעכער נביאות, בפרט אין די מיטן, מיט ממש התלהבותדיקע ווערטער, ווי אין „סימ־

פאַזיאָן", אין „פעדראָס" און אויך אין דער „מלוכה". עס איז דעריבער קיין ווונדער נישט, וואָס פון צייט צו צייט כאַפּט אים אַרום בנוגע דעם ערדישן לעבן אַ שטימונג פון וועלט-אַנטלויפן; דער אמתער פילאָזאָף ווילט דאָך מיט זיין דענקען וואָס מער אין דער וועלט פון די אייביקע וועזנטלעכקייטן, און ער קערט זיך אָפּ מיטן פולן באַוווסטזיין פון דער זעבאַרער וועלט; אינערלעך שטייט ער דאָך הימלהויך איבער איר, וועלכע לאַכט אים אויס אַלס אומגעשיקטן, אפילו אַלס אַ נאַר. זיין טיפּסטעס וועזן גיט זיך אָפּ בלויז מיט די אייביקע, געטלעכע געשטאַלטן; פאַרזונקען אין זען זיי מיטן געדאַנק, באַמיט ער זיך נאָכצובילדן זיין אייגענעם וועזן וואָס געטרייער לויט זייער געשטאַלט, און זיי פאַרווירקלעכן, אויף וויפל דאָס לאָזט זיך, אויב עס זענען דאָ דערצו די פאָרבאַדינגונגען, אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט (דאָ קומט צום אויסדרוק דער סאָציאַלער מאָטיוו פון פּלאַטאָנישן דענקען, וואָס האַלט גלייכגעוויכט זיין וועלט-אַנטלויפן.)

## די אידייען און די דערשיינונגס-וועלט

צוערשט דאַכט זיך, אַז ס'איז אוממעגלעך אַריבערצוּוואַרפן אַ בריק איבערן תהום צווישן ביידע וועלטן. אויב אַזוי, טאָ ווי דאַרף מען זיך פאָרשטעלן די שייכות צווישן דער אידייען- און דער דערשיינונגס-וועלט, אויב מען וויל דערקלערן דאָס אַנטשטיין פון דעם „זיין"?

ווען פּלאַטאָן האָט געשריבן דעם פעדאָן (96 a און ווי.), האָט ער שוין פון לאַנג געהאַט געטראַכט וועגן דער פּראָבלעם פון די לעצטע סיבות פון די דערשיינונגען, ווייל גראַד לגבי דערדאָזיקער עיקרדיקער פּראָבלעם זענען אים די לייזונגס-פּרוּוון פון די פריערדיקע דענקער פאָרגעקומען דורכאויס אומברויכבאַר: אַנאַקסאַגאָראַס, וועלכער האָט געהאַט דעם גליקלעכן געדאַנק צו דערקלערן דעם דענקנדיקן גייסט אַלס וועלט-פּרינציפּ, האָט גלייך ביים פאַרקערפּערן זיין געדאַנק פאַרגעסן אין

זיין פּרינציפּ און ווייטער שוין אָנגענומען בלויז פּיזיקאַ-
ליש-מעכאַנישע סיבות: די גאַנצע ביז-איצטיקע נאַטורפילאָ-
זאָפיע בכלל געפינט זיך אויף אַ פאַלשן וועג, ווייל זי נעמט
אָן פאַרן אַנטשטיין פון די זאַכן נאָר קויזאַל-סיבות, אָבער
נישט קיין צוועק-סיבות. לויט פּלאַטאָנס מיינונג דאַרף מען
דערוואַרטן די לייזונג פון דערדאָזיקער פּראָבלעם נאָר דורך דער אי-
דייענלערע — דאָס ווערט קלאָר אויסגעדריקט אין „פעדאָן"
און דערביי ווערט בולט אָנגעצייכנט די ריכטונג, אין וועלכער
עס דאַרף גיין, לויט פּלאַטאָנס אויפפאַסונג, דער לייזונגס-פּרוּוו.
אויב די חושים-זאַכן, וועלכע האָבן דאָך אַלע אַ רעלאַטיווע
ענלעכקייט מיט די אידייען, האָבן צו פאַרדאַנקען דאָס, וואָס
זיי זענען — זייערע אייגנשאַפטן און צושטאַנדן, — נאָר די
אידייען אַלס לעצטע סיבה, טאָ ווי דאַרף מען זיך פאָרשטעלן
דעמדאָזיקן קויזאַלן צוזאַמענהאַנג? לויט פּלאַטאָנס דערקלערונג
(מיר לאָזן דאָ אין אַ זייט די פראַגע, צי זי איז באַאיינפלוסט
געוואָרן דורך דער פּיטאַגאָרעאישער אויפפאַסונג פון דער שייכות
פון די צאָלן צו די זעבאַרע זאַכן) האָבן די חושים-זאַכן אַן
„אָנטייל" אין דער באַטרעפנדיקער אָדער באַטרעפנדיקע אי-
דייען (ווייל אַ זאַך קען האָבן אַ חלק אין מערערע אידייען,
און פון דער צווייטער זייט קענען די איינצלנע אידייען, וועל-
כע זענען אומטיילבאַרע איינהייטן, קומען צום אויסדרוק אין
דער דערשיינונגס-וועלט אין אַ סך פאַלן 1)) — אַזוי, למשל,
איז דער שניי ווייס דערפאַר, ווייל ער נעמט אָנטייל אין דער
אידייע פון דאָס ווייסע; — דעריבער טראָגן זיי זייערע נעמען
ד. ה. זייערע פּרעדיקאַטן לויט די אידייען, אין וועלכע זיי
נעמען אָנטייל; אָדער ער לאָזט די אידייע זיין אָנוועזנדיק
אין דער מאַטעריעלער זאַך, וואָס געהערט צו איר, אַ אָנוועזנ-
דיקייט, וועלכע דאַרף, פאַרשטייט זיך, פאַרשטאַנען ווערן בלויז
אַלס טראַנסצעדענטאַלע, ווי די קעגנוואַרט פונם ווירקלעכן

---

1) די אידייע איז דאָס געמיינזאַמע פון אַ סך גלייכנאָמיקע זאַכן אין
דער חושים-וועלט. „מלוכה" A596X.

מענטשן אין זיין פאָרטרעט, פון אורבילד אין דער קאָפּיע. אָבער דידאָזיקע זאַצן זענען אין תוך גענומען נישט מער ווי טויטאָלאָגישע פאָרמולעס, וועלכע דערקלערן נישט באַפרידיקנדיק דעם קויזאַלן צוזאַמענהאַנג. אויב די אידייען, וועלכע זענען אַבסאָלוט אומפאַרענדערלעך, און דעריבער אומבאַוועגלעך, אומ-טעטיק, לגמרי טראַנסצענדענט, זענען פונדעסטוועגן די סיבה פון די זאַכן, דאַן קען מען זיי באַגרייפן אַלס אַזעלכע בלויז ביי אײן הנחה: ווען מען זאָל זיי אויפפאַסן אַלס צוועק-סיבות.

אויפן דאָזיקן וועג איז מעגלעך געווען אָנצונעמען איין-און-דיזעלבע סיבה פאַר דער זיטלעכער און דער נאַטירלעכער וועלט: אַלס נאָרם פאַרן מענטשנס שטרעבן און האַנדלען, אַלס געזעץ פאַר די געשעענישן אינם נאַטור-לעבן. בנוגע דעם מענטשן, וואָס זיין נשמה איז פעאיק צו דערקענען די אידייען, וואָס אין פאַל פון דער עכטער (דיאַלעקטישער) בילדונג ווערט ער פול מיט טיפסטער בענקעניש נאָך זיי, איז דאָס ערשטע גאַנץ פאַרשטענדלעך, אָבער ביים נאַטור-געשעען טרעפט עס אָן אויף אַ סך שוועריקייטן. ווי אַזוי זאָל דאָס דורכאויס טראַנס-צענדענטע ווירקן אַלס געזעץ אין דער חיה און אין דעם גע-וויקס אָדער גאָר אין דער אומבאַלעבטער נאַטור, בעת זי קען נישט דערקענט ווערן דורך קיין איינעם פון דידאָזיקע נאַטור-זאַכן? דאָ האָט פּלאַטאָן צוערשט נישט געזען קיין אַנדער אויסוועג ווי אָנצונעמען אויך אין דער אומשכלדיקער און אומ-באַלעבטער נאַטור אַ אומבאַוווסטזיניקן פאַרלאַנג און שטרעבן (אַ אַנאַלאָגישן צום גייסטיקן פּראָצעס אין דער מענטשלעכער נשמה) צו ווערן ענלעך צו דער אידייע אָדער צו די אידייען. אין דאָזיקן זין דאַרף מען פאַרשטיין סאָקראַטעסעס רעדע וועגן „עראָס" אין „סימפּאָזיאָן". אגב דאַרף מען דאָ אָפּשיקן צו פּלאַטאָנס שפּעטערער נאַטור-פילאָזאָפיע. 1) אַז פּלאַטאָן האָט אָבער געוווּסט וועגן די שוועריקייטן, וואָס עס האָט געטראָגן

1) פאַרגל. אונטן ז. 153 און ווו.

אין זיך זיין דערקלערונג וועגן דער שייכות פון די אידייען צו דער דערשיינונגס-וועלט, אויף דעם זאָגט עדות דאָס, וואָס ער באַשעפטיקט זיך מיט געוויסע טענות קעגן איר אין די דיאַלאָגן „פּאַרמענידעס“ און „סאָפיסטעס“.

אַנדערע שוועריקייטן האָט געשאַפן די אָפּגרעניצונג פון דער אידייען-ממשלה און די פראַגע וועגן דער שייכות פון די אידייען צווישן זיך. אויב די אידייען זענען — מאָדערן אויסגעדריקט — היפּאָסטאַזירטע באַגריפן, זענען דען דאָ אידייען פון אַלע אַרטן און מינים מאַטעריעלע זאַכן? אויך פונם שמוץ און פון האָר, ווי דאָס ווערט געפרעגט אין פּאַרמענידעס? אין דער אמתן האָט פּלאַטאָן געלאָזן אומגעלייזט די פראַגע וועגן דער אָפּגעגרעניצטקייט פון דער אידייענוועלט. פון איין זייט האָט ער אָנגענומען אידייען אויך פון די פיר „עלעמענטן“, וועלכע זענען דאָך, לויט „טימעאָס“, קיין אמתע עלעמענטן נישט, פון דער אַנדערער זייט האָט ער גאָר אָנגענומען אידייען פון מענטשלעכע האַנט-שאַפונגען (צום ביישפּיל, די אידייע פון דער בעט) און — אַלס קאָנסעקווענץ פון זיין דיאַלעקטיק — אפילו אידייען פון שייכות-באַגריפן. וועגן אַ גענויער קלאַסיפיקאַציע פון אידייען קען נאָך פונקט אַזוי ווייניק זיין די רייד ווי פון אַ (סיסטעמאַטישער) באַגרינדונג פון אַ קאַטעגאָריען-לערע, הגם די הויפּטגרופּן שיינען צו זיין די אידייען פון די מאַטעריעלע זאַכן, פון די מאַטעמאַטישע גרויסן, פון די עטישע באַגריפן און פון אייניקע קאַטעגאָריעס (ווי פון זיין און פון ווערן). (לויט אַריסטאָטעלעסן האָט זיך פּלאַטאָן אין לעצטן פּעריאָד פון זיין דענקען אָפּגעזאָגט פון פאַרשיידענע אַרטן אידייען, פון די אַזויגערופענע קונסטגעווערבלעכע, פון די פאַרניינענדיקע און פון בלויזע שייכות באַגריפן.

א צווייטע פּראָבלעם האָט געשאַפן די פראַגע וועגן דער שייכות פון די אידייען צווישן זיך. זידאָזיקע פראַגע האָט אָבער פּלאַטאָן זיך באַמיט צו לייזן, לכל הפחות פּרינציפּיעל, אין זיין דיאַלאָג „סאָפיסטעס“. היות די אידייען זענען פאַר אים גלייכ-

צייטיק מין-באַגריפן, פּאַסט ער אויף דידאָזיקע שייכות אַלס ריין-לאָגישע (בכלל איז אין „סאָפיסטעס" די לאָגישע זייט פון די אידייען דער מאָסגעבנדיקסטער שטאַנדפּונקט). בלויז די וויסנשאַפט פון דער דיאַלעקטיק קען געבן אַן ענטפער וועגן דעם, וועלכע באַגריפן (אידייען) זענען צווישן זיך פאַרבונדן און וועלכע נישט. (אַז אַזאַ פאַרבונדנקייט עקזיסטירט, דאָס איז אַ דענק-נויטווענדיקייט, ווייל אַנישט וואָלטן בכלל מעגלעך געווען נאָר אידענטישע אורטיילן, וואָס דאָס וואָלט אוממעגלעך געמאַכט יעדע וויסנשאַפט.) אָבער זיך פאַרבינדן צווישן זיך קענען נאָר געוויסע באַגריפן, נישט יעדער מיט יעדן. אָבער נאָר דער דיאַלעקטיקער ווייס, אַז איבער אַ סך איינצלבאַגריפן, וואָס עקזיסטירן יעדער פאַר זיך באַזונדער, שטייט אַ הויפּטבאַגריף -- אַזוי, למשל, דרינגט דורך דער באַגריף פון פאַרשיידנקייט (דאָס אַנדערשזיין ווי די אַנדערע) די גאַנצע ממשלה פון די באַגריפן — און אַז אַ סך באַגריפן, וואָס זענען פאַרשיידן צווישן זיך, ווערן אַרומגענומען דורך אַ איינציקן [באַהערשנדיקן] באַגריף, און אויך דאָס ווייס ער, אַז אַן איינציקער באַגריף, דורכגייענדיק דורך אַ סך, פאַרבינדט זיי אַלע אין איין פונקט, און אויך דאָס — אַז אַ סך עקזיסטירן אָפּגעזונדערט פאַר זיך אין יעדער הינזיכט. (סאָפיסטעס 253D).

פּלאַטאָן האָט אָבער אויפגעשטעלט נאָר דידאָזיקע אַלגעמיינע פּרינציפּן פון דער אָרדנונג אין דער אידייען-מלוכה, אָבער ער האָט נישט אויפגעבויט קיין פולשטענדיקע סיסטעם פון דער „געמיינשאַפט פון די מין-באַגריפן". ווייל ער האָט נישט אויפגעבויט קיין סיסטעם פון לאָגיק און ער האָט אויך נישט געשאַפן איר טערמינאָלאָגיע. 1) בלויז איניקע באַזונדערס וויכטיקע באַגריפן האָט ער גענויער אויסגעפאָרשט אין זייער שייכות צווישן זיך, ווי, למשל, דאָס עקזיסטירנדיקע און דאָס

1) ערשט אַריסטאָטעלעסן האָבן מיר צו פאַרדאַנקען ביידעס, אָבער ער פון זיין זייט האָט צו פאַרדאַנקען די אַנטשיידנדיקע אָנרעגונגען דערצו דער שול פון גרייז-גרויען לערער.

נישט-עקזיסטירנדיקע, רו און באַוועגונג, איינערלייקייט און פאַר-שיידנקייט. אין קעגנזאַץ צו פּאַרמענידעסן פאַסט ער אויף דאָס נישט-עקזיסטירנדיקע נישט אַלס אַ קאָנטראַדיקטאָרישן קעגנ-זאַץ צום עקזיסטירנדיקן (אַלס דאָס, וואָס עקזיסטירט בכלל נישט), נאָר אַלס עפּעס, וואָס איז פ אַ ר ש י ד ן פון עקזיס-טירנדיקן, ד. ה. פון אַזאַ און אַזאַ אופן עקזיסטירנדיקן (אַלס דאָס „אַנדערע"). דורך דערדאָזיקער אויפפאַסונג הויבט ער אָן אַ נייע עפּאָכע פאַר דער געשיכטע פון דער אנטיקער לאָגיק און ער קומט צום אויספיר, אַז אין יעדן באַגריף איז פאַר-אייניקט עקזיסטירנדיקס און נישט-עקזיסטירנדיקס (מוסטער-ביי-שפּיל: דער באַגריף פון בילד). אויף אַזאַ אופן לייזט עס גלייכצייטיק דאָס פיל-באַשטריטענע פרעדיקאַטן-פּראָבלעם — ווי עס איז מעגלעך, אַז איין זאַך זאָל גלייכצייטיק זיין באַ-טייליקט אין אַ סך אידייען, ד. ה. אַז מיר שרייבן צו איין און דערזעלבער זאַך אַ סך אייגנשאַפטן.

אויף וויפל אַ באַגריף ע ק ז י ס ט י ר ט, האָט ער אַ חלק אין דעם עקזיסטירנדיקן, אָבער דורכדעם, וואָס ער איז אַזאַ און אַזאַ, ד. ה. ער האָט אַ באַשטימטן אינהאַלט, איז ער גלייכצייטיק פאַרשידן פון אַלעם אַנדערן און האָט אַ חלק אין דעם נישט-עקזיסטירנדיקן, וואָס איז דאָך איינס און דאָסזעלבע וואָס דאָס פאַרשידענע. אַלע באַגריפן האָבן דעריבער אַ חלק סיי אין עקזיסטירנדיקן סיי אין נישט-עקזיסטירנדיקן. פּלאַטאָנס גרונדאָנשויאונג וועגן אָנטייל אין אידייען — אין דאָזיקן פאַל פון אידייען אין (אַנדערע) אידייען, באַשטימט די פאָרם פון דער לייזונג אויך פון דערדאָזיקער פּראָבלעם.

די פּראָבלעם פון דער סיסטעם פון דער אידייענוועלט און איר שייכות צו דער ממשלה פון די דערשיינונגען האָט שטאַרק באַשעפטיקט פּלאַטאָנען אין זיין עלטער, אויך דאַן, ווען די פּיטאַגאָרעאישע ספּעקולאַציע האָט פאַרנומען אַלץ אַ גרעסערן אָרט אין זיין דענקען. אויף דעם זאָגט שוין עדות די מערקווירדיקע דיאַלעקטישע שטעלע אין „פילעבאָס" (c.5—9), וואָס באַווירט בולט אויפן געדאַנק, צו קלאַסיפיצירן און אויסשעפּנ-

דיק צו גלײַדערן די ממשלה פֿון די אידייען לויט די פּיטאַגאָ־רעאישע פּרינציפּן פֿון דאָס אומבאַגרעניצטע און דעם באַגרענצ־דיקן אויפֿן גרונד פֿון באַשטימטע צאָל־שייכותן — ד. ה. לויט מאַטעמאַטישע פּרינציפּן.

אינדעראמתן האָבן ביידע פּראָבלעמען נישט באַקומען קיין באַפרידיקנדיקן ענטפער, און די ערשטע — די אָרדנונג פֿון דער אידייענממשלה — נאָר אַ גאַנץ־פּראַגמענטאַרישן ענט־פער. אַזוי אַרום האָט געקענט אויסקומען, אַז דער ממשלה פֿון די אידייען פֿעלט דער גענוגנדיקער אינערלעכער צוזאַמענ־האַנג, דער באמת פֿאַראייניקנדיקער קשר. אויב דאָס איז נישט אַזוי, ליגט די סיבה דערפֿון אין דעם, וואָס הגם פּלאַטאָן האָט נישט געקענט אויפֿווייזן מיט אַלע פּרטים, אַז די ממשלה פֿון די אידייען איז אַ לאָגיש־געגלידערטע סיסטעם, האָט ער זי דאָך אויפֿגעפּאַסט אַלס וועלט, וואָס ווערט רעגירט דורך אַ העכסטן צוועק, ד. ה. ער האָט זי פֿעסט געאייניקט דורך אַ טעלעאָלאָגישן פּרינציפּ, דורך דער

# אידייע פֿון דאָס גוטע.

דאָסדאָזיקע גוטע איז דער סך־הכּל פֿון אַלע צוועק־סי־בות, דער אַבסאָלוטער וועלט־צוועק, אָבער אויך די לעצטע און טיפֿסטע וועלט־סיבה. פּונקט ווי די זון איז נישט נאָר די סיבה פֿון דער זע־פֿעאיקייט — דאָס אויג איז דער „זוניקער אָרגאַן" — אין פֿון ליכט, וואָס מאַכט ערשט מעגלעך צו זען די מאַטעריעלע זאַכן, נאָר זי איז אויך די סיבה פֿון זייער אַנטשטיין און וואַקסן (ד. ה. פֿון דאָס גאַנצע לעבן אין דער זעבאַרער וועלט), אַזוי איז אויך די אידייע פֿון דאָס גוטע, ד. ה. דאָס אַבסאָלוטע גוטע די סיבה נישט נאָר פֿון דער דערקענטעניש־פֿעאיקייט פֿון מענטשן און פֿון דער דער־קענבאַרקייט פֿון די אידייען, נאָר אויך די סיבה פֿון זייער עקזיסטענץ. זי, דידאָזיקע אידיי פֿון גוטן, איז דאָך די סיבה פֿון דער דערקענטעניש פּונקט אַזוי גוט ווי פֿון אמת אַליין.

אָבער עפּעס אַנדערעס און העכערעס פאַר ביידע. ווייל זי אַליין איז נישט די עקזיסטענץ, נאָר „מחוץ דער עקזיסטענץ", ווייל זי איז — און נאָר זי אַליין — די שעפערישע אור-סיבה פון אַלץ בכלל, סיי פון דער וועלט פון אַנטשטיין סיי פון דער וועלט פון אייביקער עקזיסטענץ. בעת די אַנדערע אידייען באַזירן אין אונזער באַוווסטזיין אויף אומבאַווייזבאַרע (אין לעצטן סך-הכל) הנחות, ד. ה. זיי זענען אָפּהענגיק אין זייער דערקענט ווערן פון מענטשלעכן דענקען, איז די אידייע פון גוטן די „הנחה-לאָזע [ד. ה. די אַבסאָלוט דענקבויטוועבדיקע] אור-סיבה" פון יעדער עקזיסטענץ און פון יעדער דערקענטעניש, [ד. ה. דאָס אַבסאָלוטע] — אַן אָנשויאונג, אויף וועלכער פּלאַטאָן האָט שוין קלאָר מרמז געווען אין אַ שטעלע פון „פעדאָן", אָבער ערשט אין דער „מלוכה" האָט ער דאָס באַגרינדעט. ווען ער באַצייכנט אָבער אָפּט דאָסדאָזיקע אַבסאָלוטע גוטע, אין אַ געוויסער מאָס מיסטיש-מענטשלעך, איינפאַך אַלס „גאָט", טוט ער דאָס, בלתי ספק, דערפאַר, ווייל נאָר די אידייע פון דאָס גוטע איז דער שעפערישער (דינאַמישער) אורפּרינציפּ; מען דאַרף זיך אָבער היטן נישט אָנצונעמען דעמדאָזיקן קוואַזי-מיסטישן און פאַר פּלאַטאָנס פּערזענלעכער רעליגיעזער עמפּינדונג נאַטירלעכן אויסדרוקס-אופן אַלס פילאָזאָפישן טעזיס; שוין נישט רעדנדיק דערפון, וואָס עס האַנדלט זיך דאָ גאָרנישט וועגן עפּעס, וואָס ער גלויבט צו קענען דיאַלעקטיש באַווייזן: די גאָטהייט קען באַגריפן ווערן, לכל הפחות פאַרן גריך, בלויז אַלס באַזעלט און פּערזענלעך, בעת דער אידייע פון גוטן פעלן גראָד די סימנים פון דער פּערזענלעכקייט שוין בלויז דערפאַר, ווייל זי איז לחלוטין איבערפּערזענלעך (אין באַגריף פון דער פּערזענלעכקייט געפינט זיך דאָך גלייכצייטיק דער מאָמענט פון דער באַגרעניצטקייט). און פונדעסטוועגן איז זי לויט פּלאַטאָנען די אור-סיבה, וואָס אַנטהאַלט אין זיך אַלע שכלדיקע צוועקן.

ערשט דורך דער אידייע פון גוטן באַקומט די ממשלה פון די אייביקע מהותן איר באַהערשנדיקן צענטער און דורכ-

דעם איר איינהייטלעכן כאַראַקטער, זהגם קיין שום איינצלנע אי־
דייע איז נישט פאַרבונדן דורך אַ דירעקטן בריק פון לאָגישער
און טעלעאָלאָגישער אַרט צו דער אידייע פון גוטן. אָבער הייות
די אידייע פון גוטן איז די אַלגעמיינסטע (די אַנדערע
אידייען זענען פאַרזאַכלעכטע „אַלגעמיינע") קען דעריבער
איר באַגריפלעכער אינהאַלט — פון אַבסאָלוטן גוטן — נישט
באַשטימט ווערן גענויער ווי דורך דעם, אַז זי איז דער העכס־
טער און לעצטער וועלט־צוועק, דער צוועק פון אַלע צוועקן.
אָבער אַז דאָסדאָזיקע אַבסאָלוטע גוטע איז פאַר פּלאַטאָנען אי־
דענטיש מיט דאָס אַבסאָלוטע שיינע (מער נישט געזען פון אַ
אַנדער זייט), קען מען שוין אַרויסדרינגען פון סאָקראַטעסעס
ערעאָסרעדע אין „סימפּאָזיאָן" (E210 און ווו.).

פונקט ווי די אידייע פון דאָס גוטע איז דערהויבן איבער
אַלע אַנדערע נישט נאָר לויט דעם גראַד, נאָר אויך לויט דעם
וועזן — ווייל זי אַליין איז די שעפערישע קראַפט און געניגט
זיך מחוץ פון יעדער עקזיסטענץ — אַזוי איז אויך איר דער־
קענטעניש דורך דעם מענטשן פון אַ גאַנץ אַנדערער אַרט ווי
די דערקענטעניש פון די איבעריקע אידייען. אמת, אויך כדי
צו דערגרייכן דידאָזיקע העכסטע דערקענטעניש איז בויטיק אַ
לאַנגיאָריקע דיאַלעקטישע דענקאַרבעט, אָבער דידאָזיקע העכס־
טע באַלוינונג קען נישט דערגרייכט ווערן בלויז דורך מענטש־
לעכע באַמיאונגען ; בלויז ווייניקע „געטלעכע נאַטורן" אַנט־
פּלעקט זיך דידאָזיקע דערקענטעניש אומדערוואַרט, פּלוצלונג
אויפלויכטנדיק אַלס דערשיטערנדיקע התגלות װעגן דערהויבנ־
דיקסטן און הערלעכסטן, וואָס דער מענטש קען בכלל איבער־
לעבן. די וויסנשאַפט גרייט צו דעם וועג צו דערדאָזיקער
התגלות, אָבער צו דערדאָזיקער װעג וועט פירן צום הייס־גע־
שטרעבטן ציל, דאָס ליגט נישט אין דער מענטשלעכער מאַכט,
און ווען דאָס קומט פאָר, זעט עס אויס ווי אַ חסד, הגם דער
גריך קען נישט דעמדאָזיקן באַגריף. עס לאָזט זיך נישט
אויסרעכענען צו זי וועט זיך אַנטפּלעקן און אויב יאָ — טאָ
צו ווען.

דידאָזיקע לעצטע און העכסטע דערקענטעניש, אָן וועל־כער דאָס גאַנצע איבעריקע וויסן האָט קיין ווערט נישט — ווייל אויך די גערעכטיקייט און די אַנדערע טוגנטן באַקומען ערשט דורך איר זייער ווערט — איז אינדעראמתן, נישט גע־קוקט אויף אירע אַלע פאַרשטופן, אַ אוממיטלבאַר — עס ווילט זיך זאָגן: בליצאַרטיק — אויפלויכטנדיקע אינטואיציע, וואָס איז פון איבערראַציאָנאַלער, ד. ה. רעליגיעזער נאַטור.

דאָ קומט בולט צום אויסדרוק פלאַטאָנס טיפסטעס אינער־לעכעס איבערלעבן און גלייכצייטיק זיין טיפסטע חכמה: אַז וועגן דאָס העכסטע און לעצטע, פאַרן שטערבלעכן מענטשן נישט אויסדריקבאַרע, וועלכעס ער קען נאָר „באַטראַכטן" אין גייסט דורך אַ אַנונג, האָט נישט דאָס לעצטע וואָרט די וויסנ־שאַפט, נאָר דער גלויבן, די רעליגיע. די וויסנשאַפט גרייט טאַקע צו דעם וועג, וואָס פירט צום ציל, אָבער דאָס לעצטע וואָרט געהער נישט צו איר.

• • •

נאָך ביי פלאַטאָנס לעבן איז די אידייענלערע שאַרף אָנ־געגריפן געוואָרן, און טיילווייז שוין דורך די קרייזן פון דער אַקאַדעמיע גופא. קודם כל זענען געלעגן גרויסע שוועריקייטן אין זיין דערקלערן די שייכות פון די אידייען צו דער וועלט פון דערשיינונגען, ווי אויך אין זיין לערע וועגן דעם „אָנטייל" פון די חושים־געגנשטאַנדן אין די אידייען. עס איז שוין דעמאָלט פאַרזיכערט געוואָרן — מיר וויסן נישט ליידער דורך וועמען, — אַז די אידייען זענען נאָר שאפונגען פון אונזער דענ־קען, ד. ה. נישט מער ווי באַגריפן אין אונזער באַוווסטזיין, אָבער נישט קיין אייביקע מהותן, וואָס עקזיסטירן פאַר זיך גופא; אַ באַהויפטונג, וועלכע איז פלאַטאָנען, ביי דער גרונדריכטונג פון זיין דענקען, פאָרגעקומען אַזוי אוממעגלעך, אַז ער האָט איר געווידמעט בכויז אַ גאַנץ קורצע אָפּפרעגונג, הגם גע־שטיצט אויף אַרגומענטן (פּאַרמענידעס 132 B, טימעאָס 510

CD). אַנדערע דערווידערונגען האָבן אים ערנסט באַשעפטיקט: ווי דאָס ווייזן אויף דער ערשטער טייל פון "פּאַרמענידעס" און אַ שטעלע פון „סאָפיסטעס", אָבער אָן דעם קערן פון זיין אָנשויאונג — וועגן דער אַבסאָלוטער ווירקלעכקייט, וועגן דער אַבסאָלוטער טראַנסצענדענץ פון די אידייען — האָט ער זיך פעסט געהאַלטן זיין גאַנצן לעבן, הגם ער האָט אָפט געמאַכט ערנסטע פּרוּוון צו מאַכן באַגרייפלעכער זייער באַציאונג צו דער דערשיינונגס-וועלט. — לויט אַ שטעלע פון סאָפיסטעס E248) און וו.) ווערט איצט מייסטנס אָנגענומען, אַז אויף דער עלטער איז ער אין דאָזיקן פּרט, אונטערן דרוק פון דער קעגנערישער קריטיק, געטריבן געוואָרן צו דער הנחה, אַז די איינצלנע אידייען זענען באַלעבט און געפינען זיך אין באַוועגונג און זיי באַזיצן שכלדיקע דערקענטעניש. אָבער לויט מיין מיינונג האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט גערדאַנקען פון קעגנערישער קריטיק, אָבער נישט מיט פּלאַטאָנס אייגענער מיינונג. און וואָס זאָל מען זיך טאַקע פאָרשטעלן אונטער דער „באַוועגונג" פון די אידייען, ווען באַוועגונג קומט דאָך פאָר אין שטח, בעת די אידייען געפינען זיך מחוץ שטח און צייט? — די אידייען בלייבן אַזויאַרום פאַר פּלאַטאָנען אויסשליסלעך דערקענטעניש־אָביעקטן (אַבסאָלוט אומבאַוועגלעכע), און זיי זענען פאַר אים קיינמאָל נישט געוואָרן גלייכצייטיק אויך דערקענטעניש־סובּיעקטן.

בלויז פון אַריסטאָטעלעסן ווייסן מיר, אַז אין זיין גאָר־לעצטן פּעריאָד האָט פּלאַטאָ, אונטער דער ווירקונג פון דער פּיטאַגאָרעאישער ספּעקולאַציע, געוואָלט אידענטיפיצירן די אידייען מיט באַשטימטע צאָלן (נישט מאַטעמאַטישע, נאָר „אידייענצאָלן") און ער האָט אַלץ געוואָלט אַרויספירן פון דעם אור-איינס; דידאָזיקע לעצטע פאַזע פון זיין דענקען, וועלכע מיר באַגעגענען נישט אין קיין איין שטעלע פון די דיאַלאָגן (נישט רעכנענדיק געוויסע פאָרשטופּן צו איר אין טימעאָס און פילעבאָס) און וועלכע איז אונדז אייגנטלעך קלאָר בלויז אין איר אַלגעמיינער טענדענץ, קענען מיר דאָ דורכלאָזן. מיט

אריסטאָטעלעסעס אייגענער קריטיק פון דער אידייענלערע וועלן מיר זיך שפּעטער באַקענען.

דער זין און די באַדייטונג פון די פּלאַטאָנישע אידייען איז פּונקט ווי אין אַלטערטום אויך ביז דער גאָר לעצטער צייט אָפט שאַרף באַשטריטן געוואָרן און זיי זענען אויסגעשטאַנען אַ סך שווערע פאַרדרייאונגען: אַזוי האָט דאָס שפּעטע אַלטערטום (די נייפּלאַטאָניקער) געוואָלט אויפפאַסן די אידייען אַלס גאָטס געדאַנקען, בעת אין די לעצטע צוויי דורות האָט מען אויפן סמך פון אַ פולשטענדיק שלעכט־פאַרשטאַנענער (ווי דאָס איז היינט אַלגעמיין־אָנערקענט) שטעלע פון „סאָפיסטעס" (E 247) אויפגעפאַסט די אידייען אַלס כחות, ד. ה. מען האָט זיי צוגעשריבן אַ דינאַמישע באַדייטונג. דאָס איז שוין איצט אינגאַנצן אָפּגעלייקנט. אַ סך פאַטאַלער איז געוואָרן די אויפפאַסונג פון פויל נאַטאָרפּ (באַזונדערס אין דער 1־טער אויפלאַגע פון זיין בוך) — ווי בכלל פון דער אַזויגערופענער מאַרבורגער שולע, — וועלכער גיט צו די אידייען בלויז אַ לאָגישע באַדייטונג, ער פאַסט זיי אויף אויסשליסלעך אַלס דענק־נאָרמען פון מענטשלעכן גייסט (ד.ה. ער באַהויפּטעט, אַז דידאַקטיקע אויפפאַסונג פון די אידייען איז פּלאַטאָנס אויפפאַסונג), ווייל זיי זענען נישט קיין געגנשטאַנדן, נאָר „מעטאָדן", דאָס הייסט אָבער, אַז ער נעמט צו ביי זיי יעדע מעטאַפיזישע (אָנטאָלאָגישע) באַדייטונג און ער איגנאָרירט די טעלעאָלאָגישע.

* * *

פּלאַטאָן האָט אין זיין אידייענלערע שעפעריש אויסגעבילדעט צו אַ גאַנץ נייער, העכערער איינהייט די באַדייטנדיקסטע עלעמענטן פון דער גאַנצער ביז־דעמאָקריטיקער אַנטוויקלונג פון דער גריכישער פילאָזאָפיע, און אויף אַזאַ אופן האָט ער געשאַפן די ערשטע ווירקלעכע דערקענטעניש־לערע און מעטאַפיזיק פון מערב: הערעקליטס לערע וועגן אייביקן

פלוס איז געוואָרן דער יסוד פון זיין עמפינדונגס-טעאָריע און בכלל פון דער אויפפאַסונג וועגן דער חושים-וועלט; די עק-זיסטענץ-לערע פון די עלעאַטן, אַנאַקסאַגאָראַסעס נוס-לערע, די פּיטאַגאָרישע צאָלן-ספּעקולאַציע און די סאָקראַטישע באַגריף-פילאָזאָפיע — און דידאָזיקע נישט אויפן לעצטן פּלאַן — זיי אַלע בילדן וועזנטלעכע עלעמענטן צו דער אנטשטייאונג פון זיין דערקענטעניש-לערע און מעטאַפיזיק.

זיין אויסגאַנגס-פּונקט איז געווען די באַגריפס-פילאָזאָפיע פון זיין לערער, און עס איז גאַנץ קלאָר, אַז גראָד ער, וועל-כער האָט אָנגעהויבן אין די „סאָקראַטישע דיאַלאָגן" מיט אונטערזוכן די איינצלנע (עטישע) באַגריפן, ער, וואָס די פראַגע וועגן וויסן, ד. ה. וועגן דעם וועזן און די באַדינגונגען פון דער דערקענטעניש איז געוואָרן די גרונדפּראָבלעם פון זיין דיאַלעקטיק, ער, וועלכער האָט שפּעטער אויפגעפּאַסט די באַג-ריפן אַלס די פאָרמען, אַדאַנק וועלכע מיר דערקענען די אי-דייען, — גראָד ער האָט געלייגט דעם יסוד אויך פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער לאָגיק, אויף וועלכער זיין גרויסער שילער אַריסטאָטעלעס האָט אויפגעבויט זיין געוואַלדיקע געביי-דע. אין דער דריטער טייל פון דעראָזיקער אַרבעט וועלן מיר וועגן דעם ריידן גענויער. דאָרט וועלן מיר אויך קורץ באַ-האַנדלען פּלאַטאָנס צאָלרייכע פאַלשע לאָגישע אויספירן (פּאַ-ראַלאָגיזמען) און געוויסע לאָגישע גרונד-טעותן פּונקט ווי זיי-נע אַפּאָריען אויפן דאָזיקן געביט.

## 2. די נשמה-לערע

גלייכצייטיק מיט דער אידייען-לערע איז אויך די נשמה-לערע אַן עיקרדיקע טייל פון דער פּלאַטאָנישער פילאָזאָפיע. ער האָט ביידע געדאַנקענגאַנג פאַרשמאָלצן אויף אַ אומצעטייל-באַרן אופן. דערביי מאַכט ער אַ פּרווו צו באַגרינדן וויסנ-שאַפטלעך די גרונדלערעס פון באַשטימטע רעליגיעזע סעקטעס וועגן דער פּסיכע אָדער ער באַנוצט זיי אַלס וויסנשאַפטלעכע

פאַקטן, דעריבער האָט ווינדעלבאַנד נישט אָן רעכט אָנגערופ פלאַטאָנען אַלס „ערשטן טעאָלאָג".

די היסטאָרישע עלעמענטן פון פלאַטאָנס נשמה-לערע, — אויף וויפל זיי האָבן אַ רעליגיעזן כאַראַקטער, — שטאַמען פון דער אָרפיש-פיטאַגאָרעאישער מיסטיק. אָבער זייער אָריגינעל איז דער אופן, ווי אַזוי ער פאַרקניפט דידאַקטישע לעצטע מיט די רעזולטאַטן פון זיין פילאָזאָפישן דענקען, ד. ה. מיט דער אידייענלערע, צו אַ העכערער איינהייט. דערביי איז כאַראַקטעריסטיש דער אייגנטימלעכער טאָפּלכאַראַקטער פון פלאַטאָנישן נשמה-באַגריף, אין וועלכן עס מישן זיך אויס צוויי גאַנץ פאַרשיידענע עלטערע אָנשויאונגען וועגן וועזן פון דער נשמה: די אָנשויאונג וועגן דער נשמה אַלס לעבנס-פרינציפ און דורכדעם גלייכצייטיק אַלס פרינציפ פון דער באַוועגונג, און פון דער צווייטער זייט דער מיסטישער נשמה-באַגריף, וועלכער באַדייט אונזער גאַנץ-פערזענלעכן „איך". מיט דעם דערקלערט זיך, וואָס פלאַטאָנס נשמה-לערע שטייגט ווייט אַריבער די גרעניצן פון דער אייגנטלעכער פסיכאָלאָגיע און פאַרכאַפט טיף דעם געביט פון זיין עטיק און רעליגיעזיטעט, וואָס פילאָזאָפישע איבערצייגונג, טיפסטער גלויבן און האָפן, טרוימהאַפטע אַנונג פון דיכטער און נביא פאַרבינדן זיך צו אַ וווּנדערבאַרער איינהייט, וואָס מאַכט נאָך היינט אויפן לייענער פון זיינע דיאַלאָגן אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק.

די גרונדגעדאַנקען וועגן דער אָפּשטאַמונג און דעם גורל פון דער נשמה אויף דער און יענער וועלט האָט פלאַטאָן איבערגענומען פון דער אַלט-גריכישער מיסטיק, וועלכע מיר האָבן שוין באַגעגנט ביי עמפּעדאָקלעסן: די מענטשלעכע נשמה איז פון געטלעכער אָפּשטאַמונג; צוליב אַ זינד (ווי עס שטייט אין „פעדראָס") אָדער צוליב א וועלט-געזעץ (אַזוי שטייט אין „טימעאָס") איז זי אַראָפּגעשיקט געוואָרן פון דער אַנדערער וועלט אין אַ שטערבלעכן קערפּער, פון וועלכן זי ווערט ווידער באַפרייט דורכן טויט, און לויטן פסק-דין פון טויטןגעריכט, וועלכער פסקנט איר צו אַ שכר אָדער אַ שטראָף אין

הספּם מיט אירע ערדישע מעשים, מוז זי דורכמאַכן אַ לאַנגע וואַנדערונג דורך אַ סך קערפּערס פון מענטשן און חיות: ציי זי וועט ווען נישט איז באַפרייט ווערן דערפון, הענגט אָפּ פון אירע אייגענע האַנדלונגען אין דאָזיקן לעבן. ביז אַהער גייט פּלאַטאָן גאָר ערנסט מיט דער מיסטיק. אָבער דאָ מאַכט ער דעם אַנטשיידנדיקן אָפּקער, אין זיין איפּפּאַסונג וועגן די ביי-דע גרונדפעאיקייטן פון דער נשמה, וועלכע אַנטשפּרעכט, — אגב אורחא, — אַנאַקסאַגאָראַסעס פּאָרשטעלונג וועגן „גייסט": וועגן איר דערקענטעניש-פעאיקייט און וועגן איר פעאיקייט צו באַוועגן פון זיך אַליין געגנשטאַנדן פון דער זיכטבאַרער וועלט. אָבער דאָס וויכטיקסטע איז איר דערקענטעניש-פעאיקייט, ווייל נאָר דערדאָזיקער פעאיקייט האָט די נשמה פון מענטשן צו פאַרדאַנקען איר איינציקאַרטיקע חשיבות לגבי אַלדאָס לעבע-דיקס און נישט-באַלעבטס: בלויז דורך איר דערקענטעניש-פעאיקייט האָט די נשמה אַ מעגלעכקייט צו קומען אין באַצי-אונג צום אייביקן, צום באמת איינציק-עקזיסטירנדיקן, צו די אידייען.

אָבער די נשמה פאַרנעמט אַ אייגנטימלעכן מיטל-אָרט צווישן די ביידע וועלטן: אַליין פון געטלעכער אָפּשטאַמונג, פאַרקרובהשט מיט די אידייען, איז זי פונדעסטוועגן אַליין נישט קיין אידייע, מער נישט פון אַלץ וואָס אויף דער וועלט איז זי אַמענלעכסטן צו זיי; אָבער בעת דידאָזיקע, אייביק אומפאַרענדערבאַר, אייביק אומצוטריטלעך, געהערן צו דער אי-בערזינלעכער וועלט, געפינט זיך די נשמה, זאָל זיין אַז יע-דעס מאָל אפילו נאָר אויף אַ קורצער צייט, אין אַ פאַרגענג-לעכן קערפּער, וואָס איז די שווערסטע שטערונג פאַר איר געט-לעכער נאַטור, נאָכמער — איר „קבר". ווייל ער פאַרפלאָנ-טערט זי כסדר אין זיינע פאַרשיידענע תאוות און נויטן, ער פאַרטונקלט איר דערינערונג וועגן דער אַמאָל-געזעענער פּראַכט פון דער אייביקער עקזיסטענץ, און אַריינשלעפּנדיק זי אין טויזנטערליי זינד און צעטומלעניש ווירקט ער אַזוי, אַז זי פאַרגעסט צו אָפּט איר הויכע אָפּשטאַמונג און אמתע באַשטי-

מונג, אויב עס בליט נישט אויף אין איר — געוועקט פון אויסן — די בענקשאַפט צו דעם אייביקן, צו איר אמתער היים אין דער געשטאַלט פון עכטן עראָס, וועלכער גיט איר אַריין די דערקענטעניש פון איר אייגנטלעכער אויפגאַבע, וועלכע פליסט אַרויס פון זיך אַליין פון איר געטלעכער אָפּשטאַמונג און פון איר צוגעשמידקייט צום דאָזיקן עלנטן לייב: וואָס מעגלעך מער זיך באַפרייען און זיך רייניקן פון די תאוות און אינסטינקטן פון דאָזיקן קערפּער, אָפּשטאַרבן וואָס מער פאַר דעם קערפּער און פאַר דער חושים-וועלט, זיך לחלוטין אָפּווענדן פון ערדישן און מיט אַלע כחות זיך צווענדן צום אייביקן, דורך אַ כסדר טיפערער פאַרזינקונג אין דאָס אמת עקזיסטירנדיקע. ווייל דידאָזיקע „ריכטונג-ענדערונג פון דער נשמה״, וואָס איר אַנטשיידנדיקע באַדייטונג האָט פּלאַטאָן מיט אַזאַ קראַפט געבראַכט צום באַוווסטזיין אין דעם הייל-משל, — זי איז דאָס וויכטיקסטע. אַלדאָס איבעריקע אויף דער וועלט איז לגבי דעם אָן ווערט. ווייל דערקענען דאָס געטלעכע הייסט פאַר דער פון גאָט-אָפּשטאַמענדיקער נשמה אַליין ווערן געטלעך. ווען זי דערקענט דאָס אייביקע, ווערט זי דורכדעם אַליין פאַרגעטלעכט. אָבער דער וועג פון דער אייביקער דערקענטעניש איז דער וועג פון דיאַלעקטיק, וועלכע איז דעריבער די קעניגין פון די וויסנשאַפטן. אָבער דערקענען דאָס שיינע, גוטע, גערעכטע הייסט פאַר פּלאַטאָנען—ווי פאַר סאָקראַטעסן גופא—ווערן שיין, גוט און גערעכט און אַזוי אַרום זיך דערנענטערן צום געטלעכן ווי ווייט מעגלעך. גאָר אינגאַנצן טוט עס, אמת, נאָר דעריעניקער, וועלכער פאַרמאָגט די פעאיקייט צו דערקענען די אידייע פון דאָס גוטע. אַזוי אַרום איז פאַר פּלאַטאָנען די העכסטע וויסנשאַפט — די דערקענטעניש פון אייביקן — גלייכצייטיק די טיפסטע רעליגיע; די זאָרג פאַר דעם וווילן פון דער נשמה, וואָס באַזירט אויף יענער דערקענטעניש, וועלכע פאַרטונקלט מיט זיך אַלע אַנדערע. און נאָר דער פילאָזאָף, ד. ה. דער עכטער פריינט פון חכמה, וואָס איז אינגאַנצן פאַרזונקען אין זוכן דאָס אייביקע, דאַרף האָפן, אַז זיין נשמה וועט זיך מיט דער צייט

באַפרייען פון דער קרייזבאַוועגונג פון דעם ווערן, און זי וועט זיך אומקערן צוריק צו איר שטערן.

אַזעלכע געדאַנקען טראָגן אין זיך דעם דראַנג זיך אָפּצוקערן פון דערדאָזיקער וועלט, אַנטלויפן פון איר און זי פאַרניינען, ווי דאָס פּרעדיקט אַזוי פאַרכאַפּנדיק דער סאָקראַטעס פון „פעדאָן", אָבער דער סאָציאַל-עטישער און דער עסטעטישער מאָטיוו אין פּלאַטאָנס דענקען האָבן געבראַכט דערצו, אַז די דאָזיקע וועלט-אַנטלויפעניש איז נישט געוואָרן דעם פילאָזאָפס ענטגילטיקער שטאַנדפּונקט.

אַזוי אַרום האָט פּלאַטאָן פון די טרויער־ן פון דער מערב-גריכישער מיסטיק געשאַפן עפּעס אומענדלעך העכערס, באַדייטנדיקערס: אָנשטאָט דער „ריטועלער" ריינקייט פון דער אָרפישער סעקטע האָט ער געפּרעדיקט אַלס אמתן ציל פון מענטשנלעבן די „רייניקונג" פון דער דענקנדיקער נשמה פון אַלע פּסולת פון לייב און חושימדיקייט מיטן צוועק צו דערקענען דאָס אייביקע, ווייל דערצו איז זי באַשטימט לויט איר אמתער נאַטור. און — דאָס האָט אַמאָל טרעפלעך באַמערקט ווינדעלבאַנד—ער האָט „צוגעגעבן צו דער לערע וועגן גורל פון דער נשמה דעם פּרינציפּ פון דער זיטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און באַציאונג". אַ פּרינציפּ, מוזן מיר צוגעבן, וואָס איז אין תּוך שוין סאָקראַטיש. דער ווערט און די באַשטימונג פון דער מענטשלעכער נשמה האָט ביי פּלאַטאָנען, דעם דענקער, דעם דיכטער און נביא באַקומען אַן אויסדרוק פון די פריסטע ווערק פון זיין יוגנט אָן (דער „פּראָטאַגאָראַס") ביז צום ווערק פון זיין טיפן עלטער (די „געזעצן") אין פאַרשידענע שייכותן, אָבער תּמיד פול מיט היילינקסטן ערנסט, מיט ביישפּיללאָזער קונסט און ביישפּיללאָזן ענטוזיאַזם און דעריבער אויך מיט ביישפּיללאָזער איבערצייגונגס-קראַפט.

אַ פונדאַמענטאַלע באַדייטונג האָט דעריבער זיין לערע וועגן דער אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה, ווייל גראָד זי בילדעט אַ ווינקלשטיין פון זיין גאַנצער וועלטאָנשויאונג. אַז פּלאַטאָן אַליין האָט דאָס קלאָר איינגעזען איז צו זען דערפון,

וואָס ער האָט געמאַכט דעם פּרווו, — דער עיקר אין „פּע-דאָן" — צו באַווייזן וויסנשאַפטלעך, ד. ה. מיט אַלע מיטלען פון דער דיאַלעקטיק, דידאַקטיק, פון דער אָרפיש-פּיטאַגאָרעאיִשער מיסטיק איבערגענומענע איבערצייגונג. כדי צו קענען ריכטיק אָפּשאַצן זיינע באַווייזן איז וויכטיק צו וויסן צוויי זאַכן: אויך דאָ קרייצן זיך אין פּלאַטאָנס נשמה-באַגריף צוויי גאַנץ פאַרשידענע אָנשויאונגען וועגן דער נשמה: איין אויפפאַסונג וועגן דער נשמה אַלס לעבנס-פּרינציפּ (און דורכדעם אויך פון דער באַוועגונג), אַ אויפפאַסונג, וואָס באַזירט אויפן אוראַלטן פאָלקסגלויבן, וועלכן ער האָט איבערגענומען פון די יאָנישע דענקער, און דער מיסטישער נשמה-באַגריף, וועלכער האָט אין אויג דעם פּערזענלעכן „איך". אָבער צווייטנס: אַלע דריי באַווייזן פון פּעדאָן גרינדן זיך בעיקר, ווי באַניץ האָט דאָס צו-ערשט קלאָר באַוויזן, אויף דער אידייענלערע; זיי זענען גילטיק און אומגילטיק צוזאַמען מיט דערדאָזיקער, ווי פּלאַטאָן שטרייכט עס אַליין אונטער. דידאָזיקע באַווייזן קענען דאָ צום באַדויערן סקיצירט ווערן נאָר קורץ:

I. יעדע דערקענטעניש איז בלויז אַ „ווידערדערינערונג" (וועגן די אַמאָל געזעענע אידייען). דערפון נעמט זיך די פאָר-עקזיסטענץ פון דער נשמה. אָבער אויב אַזוי מוז אויך עקזיסטירן אַ נאָך-עקזיסטענץ (אין הסכם מיטן וועלט-געזעץ פון דער וועקסלדיקער אַנטשטייאונג פון די קעגנזעצלעכע צושטאַנדן איינער פון צווייטן): אויב „לעבן" (אויף דער ערד) איז די עקזיסטענץ אין דער פאַראייניקונג פון נשמה און קערפּער, און טויט דאַקעגן דאָס באַזונדער-זיין פון די ביידע, אויב אַזוי מוז אַנטשפּרעכן דער עקזיסטענץ פון דער נשמה פאַר דעם (קערפּערלעכן) לעבן אַ צושטאַנד, וואָס אַנטשטייט נאָך דעמדאָזיקן לעבן, און פּונקט אַזוי מוז אַנטשפּרעכן דער גייסטיקער אינהאַלט פון דער נאָך-עקזיסטענץ דעם גייסטיקן אינהאַלט פון דער פאָר-עקזיסטענץ: דאָס אומגעטריבטע זען פון באמת עקזיסטירנדיקן.

II. דאָס, וואָס די נשמה דערקענט די אידייען, באַווייזט

איר קרובהשאַפט מיט זיי: נאָר גלייכעס (אָדער קרובהשעס) קען דאָך דערקענט ווערן פון גלייכעס (קרובהשעס). און דעריבער, אַזוי ווי די נשמה איז אַמענלעכסטן צום אייביקן, נאָר דורכן דענקען באַגרייפלעכן, איז אויך זי אומפאַרגענגלעך.

III. דורך דעם „אָנטייל" אין די אידייען זענען די זאַכן דאָס, וואָס און ווי זיי זענען. אָבער אַ זאַך קען נישט „אָנטיילנעמען" אין צוויי קעגנזעצלעכע (קאָנטראַדיקטאָרישע) אידייען. קיין שום זאַך קען דעריבער נישט באַזיצן קיין אייגנשאַפטן אָדער צושטאַנדן, וואָס זענען קעגנזעצלעך צו איינער פון זיינע וועזנטלעכע אייגנשאַפטן. אָבער די נשמה נעמט דאָך אַן אָנטייל אין דער אידייע פון לעבן (וויל דאָס וואָס האָט אַ נשמה איז לעבעדיק). זי קען דעריבער נישט האָבן גלייכצייטיק קיין טייל אין דער קעגנזעצלעכער אידייע פון טויט.

אויף אַזאַ אופן איז אין פּלאַטאָנס דענקען ענג פאַרבונדן די הנחה וועגן דער אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה מיט דער אידייענלערע. ביידע מאַכן אומפאַרמיידלעך די קעגנזייטיקע עקזיסטענץ. אָדער, ווי שלייערמאַכער האָט דאָס זייער גליקלעך פאָרמולירט: „אַזוי אַרום שאַפט די אייביקייט פון דער נשמה די מעגלעכקייט פון יעדער אמתער דערקענטעניש, און פאַרקערט ווידער, די ווירקלעכקייט פון דער דערקענטעניש איז די סיבה, אַדאַנק וועלכער מען זעט צום זיכערסטן און קלאָרסטן איין די אייביקייט פון דער נשמה". ווייל, — ווי ערווין ראָהדע זאָגט טרעפלעך, — „אין איר פעאיקייט צו דערקענען דאָס אייביקע טראָגט די נשמה אין זיך די זיכערסטע גאַראַנטיע, אַז זי איז אַליין אויך אייביק".

אין „פעדאָן" האָט פּלאַטאָן פאַרבונדן צו אַ העכערער איינהייט זיין אומפאַרגלייכלעכע שילדערונג פון שטאַרבנדיקן סאָקראַטעס מיט די באַווייזן פון דער אומשטערבלעכקייט, אָבער דער ריין-וויסנשאַפטלעכער אינהאַלט פון דאָזיקן אומשטערבלעכן דיאַלאָג זענען די דריי באַווייזן. פּלאַטאָן האָט אָבער אויך שפּעטער געבראַכט דערצו נאָך אַנדערע באַווייזן. אַזוי, למשל, אין דער מלוכה D608X און ו.: יעדע זאַך קען פאַרניכטעט ווערן נאָר דורך דעם פיינט, וואָס איז פאַר אים אייגנ-

טימלעך, אָדער בכלל נישט. אָבער דער אייגנטימלעכער פיינט פון דער נשמה איז די זיטלעכע שלעכטסקייט. דידאָזיקע קען, אמת, שעדיקן די נשמה, אָבער קיינמאָל זי נישט פאַרניכטן. ווייל זיטלעכע שלעכטסקייט איז קיינמאָל נישט די (אוממיטל־באַרע) טויט־סיבה. און אַז דער טויט איז נישט דער אייגנ־טימלעכער פיינט פון דער נשמה זעט מען אַרויס אויך פון דעם, וואָס דעם מענטשנס טויט ברענגט קיינמאָל נישט מיט זיך קיין פאַרערגערונג פון זיין זיטלעכן צושטאַנד. אויב די נשמה קען אָבער נישט פאַרניכטעט ווערן דורך דעם פיינט, וואָס איז פאַר איר אייגנטימלעך (די שלעכטסקייט), קען זי אויך נישט פאַרניכטעט ווערן דורך קיין שום אַנדער זאַך, דאָס הייסט אויך דורכן טויט נישט.

פון אַ גאַנץ אַנדער אַרט איז דער באַווייז אין „פעד־ראָס" (C 245 און ו.), וועלכער באַזירט נישט אויף מאָראַל־פילאָזאָפישע, נאָר — אויסנוצנדיק דערביי געדאַנקען פון אַלק־מאַיאָן פון קראָטאָן — אויף ריין נאַטור־פילאָזאָפישע באַטראַכ־טונגען; נאָר דאָס, וואָס באַוועגט זיך גופא — און דאָס טוט נאָר די נשמה, — קען זיין די אור־סיבה פון יעדער באַוועגונג. אָבער די אורסיבה איז נישט געשאַפן געוואָרן. (דאָס דרינגט שוין אַרויס פון איר באַגריף.) זי איז אָבער אויך אומפאַר־גענגלעך, ווייל ווען די אורסיבה וואָלט אומגעקומען, וואָלט זי קיינמאָל מער נישט געקענט ווידער אַנטשטיין, און אויך קיין שום אַנדערעס וואָלט נישט געקענט אַנטשטיין פון איר, און במילא וואָלט געמוזט אומקומען יעדער אַרט לעבן.

מיר זעען אַזוי אַרום, אַז אין פאַרשיידענע צייטן פון זיין דענקער־לעבן האָט פלאַטאָן פון פאַרשידנסטע שטאַנד־פונקטן פרובירט באַווייזן די אומשטערבלעכקייט, און טאַקע דערפאַר, ווייל זי האָט געהאַט אַן עיקרדיקע באַדייטונג פאַר זיין גאַנצן דענקען.

# עמפּירישע פּסיכאָלאָג

נעמענדיק אין אַכט די דאָמינירנדיקע לאַגע פון פּלאַ־טאָנס מיסטיש־ספּעקולאַטיווער נשמה־לערע, ווירקט כמעט ווי אַ איבערראַשונג זיין אַנטדעקונג פון געוויסע גרונדפאַקטן פון דער עמפּירישער פּסיכאָלאָגיע; און עס איז אינטערעסאַנט צו זען, ווי ער באַמיט זיך צו ברענגען אין הסכם די רעזולטאַטן פון די־דאָזיקע ביידע, אַזוי שטאַרק פאַרשידענע דענק־שטייגערס.

שוין אין דער פאַרסאָקראַטישער פילאָזאָפיע באַווייזט זיך פאַראיינצלט און נאָך אָן דעם באַוווסטזיין פון איר באַדייטונג די אונטערשיידונג פון פאַרשיידענע נשמה־כחות. אָבער פון דער נאַאיווער דיפערענצירונג צווישן אַ ראַציאָנאַלער און איראַציאָ־נאַלער נשמה־קראַפט, ווי מיר געפינען זי, למשל, ביי העראַק־ליטן 1), ביז צו דער פּרינציפּיעלער לערע וועגן מערערע נשמה־טיילן איז אַ גאַנץ ווייטער וועג, וועלכער האָט געקענט פירן צו אַ ציל בלויז דאַן, ווען די מענטשלעכע נשמה איז גע־שטעלט געוואָרן אין מיטלפּונקט פון דער פילאָזאָפישער ספּע־קולאַציע. צו דער צווייטיילונג אין אַ שכלדיקן און שכללאָזן טייל האָט פּלאַטאָן שוין געקענט קומען פון איין זייט אויפן סמך פון דער נשמהס פאַרהעלטעניש צו די אידייען און פון דער צווייטער זייט דורך דער בולטער באַדייטונג פון דער זינ־לעכקייט, וואָס איז אייגן ז׳עם קערפּער. אָבער נישט נאָר אין „גאָרגיאַס״, נאָר אויך אין „פעדאָן״ איז נישטאָ קיין שפּור פון אַזאַ נשמה־טיילונג 2) (הגם דאָס ווערט נאָך אַלץ באַשטריטן דורך איינצלנע פאָרשער). תאוות און פאַרלאַנגען ווערן דאָ צוגעשריבן אויסשליסלעך דעם קערפּער, אין קעגנזאַץ צו דער דורכאויס איינהייטלעך־באַגריפענער נשמה. צו דער באַוווסטער אונטערשיידונג פון די פאַרשיידענע, ד. ה. פון „דריי טיילן״

1) פּראַג. 85.

2) פּאַרגל. באַזונדערס E78 און ו. און B80 און מיט דעם „די מלוכה״ X B611 — A612.

פון דער נשמה, וועלכע קומט צוערשט צום אויסדרוק אין דער „מלוכה״ 1), איז פלאַטאָן געקומען — אין דעם פרט האָט מאַקס פאָלענץ רעכט לגבי אַנדערע פאָרשער — דורך דער אַנאַלאָגיע צווישן דער אידעאַלער מלוכה (מיט אירע דריי שטאַנדן) און דעם מענטשלעכן אינדיווידואום.

פלאַטאָן אונטערשיידט דאָ אַ דענקנדיקן טייל פון צוויי אַנדערע באַטעטיקונגס-אופנים פון דער נשמה: דעם ווילן און דעם „באַגערנדיקן טייל״. די באַדייטונג פון דערדאָזיקער אַנט-דעקונג דערשיינט נאָך אין אַ העלערן ליכט, ווייל ער מאַכט דעם פרווו וויסנשאַפטלעך צו דערווייזן די באַרעכטיקונג פון דערדאָזיקער דריטיילונג, און טאַקע אויפן סמך פון פאַקטן פון דער עמפירישער פסיכאָלאָגיע, אויפן גרונד פון פסיכאָלאָגישער זעלבסטבאַאָבאַכטונג. ער פאָרמולירט קלאָר די פראָבלעם: פירן מיר אויס אונזערע פאַרשיידענע נשמה-טעטיקייטן — דענקען, וועלן, באַגערן — דורך איין-און-דערזעלבער גרונדקראַפט אָדער דורך דריי פאַרשיידענע איינצלכחות פון אונזער נשמה? כדי צו אַנטשיידן דידאָזיקע פראַגע שטעלט פלאַטאָן קודם כל פעסט אַלס גרונדהנחה זיינע באַווייזן: איין און דיזעלבע פערזאָן אָדער זאַך קען נישט אין דערזעלבער באַציאונג און לגבי דעמזעלבן אָביעקט גלייכצייטיק טאָן אָדער איבערטראָגן קעגנ-זעצלעכעס. ווען דאָס זאָל זיך אָבער פונדעסטוועגן אַרויסווייזן (כלומרשט) אַלס ריכטיק פאַרן נשמה-לעבן, וועט דערפון בלויז זיין געדרונגען, אַז אונזערע פאַרשיידענע נשמה-טעטיקייטן האָבן זייער מקור נישט אין איין-און-דערזעלבער איינהייטלעכער נשמה, נאָר אין אירע גאַנץ-פאַרשיידענע טיילן. אָט באַמערקן מיר, אַז מענטשן, וועלכע שפירן אַ שאַרפן דאָרשט, טרינקען פונדעסטוועגן נישט. דאָס באַדייט, אַז אין זייער נשמה ווירקט אָן אַנדער מאַכט, וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן זייער דאָרשט-באַגער. דידאָזיקע שטערנדיקע טענדענץ באַזירט אָן ספק אויפן שכלדיקן דענקען, וואָס בילדעט אַזוי אַרום אַ צווייטע גרונדקראַפט פון

---

1) IV C435 און וו. שוין צוגערייט A431, A433.

אונזער נשמה. מיר מוזן דעריבער אונטערשיידן אַ דענקנדיקן און אַ שכלאָזן טייל פון דער נשמה, וועלכע קומט צום אויס-דרוק אין העפטיקע באַגערן אלס רעזולטאַט פון ליידן און קראַנקהאַפטע צושטאַנדן. פון דאָזיקן „באַגערנדיקן" טייל מוז מען אָבער אונטערשיידן אויך דעם ווילן, ווי דאָס דרינגט אַרויס פון דער געשיכטע פון יענעם לעאָנטיאָס, וועלכער האָט אַמאָל געפילט אַ דראַנג צו גיין מיטן וועג פון פירעאוס צו דער שטאָט,—נישט געקוקט אויף זיין לכתחילהדיקן קעגנווילן—כדי נענטער צו באַטראַכטן די גופים פון די געטויטע, וועלכע זענען דאָרט געלעגן.

אָפט זענען מיר עדות, ווי אַזוי דער ווילן קומט צו הילף דעם פאַרשטאַנד, ווען דערדאָזיקער געפינט זיך אין קאַמף מיטן באַגער, און העלפט אים אָפּצוהאַלטן אַ נצחון. און ווען דער ווילן פון אַ מענטשן איז אויפגעבראַכט צוליב אַ דורכ-געליטענעם אומרעכט, רוט ער נישט פריער — נישט געקוקט אויף אַלע אומדערפילטע באַגערן, (ווי הונגער, דאָרשט און אַנד.) — ביז ער דערגרייכט זיין ציל אָדער ער בלייבט ליגן טויט אויפן אָרט, סיידן ער ווערט (פריער) צוריקגערופן דורך דעם פאַרשטאַנד, ווי אַ גוטער הונט דורך זיין באַלעבאָס. דער ווילן און דער „באַגערנדיקער" טייל זענען דעריבער אויך צוויי פאַרשיידענע כחות. דער ווילן אונטערשיידט זיך אָבער אויך פון דעם פאַרשטאַנד, ווי דאָס ווייזן שוין די האַנדלונ-גען פון קליינע קינדער, וועלכע האָבן שוין גלייך נאָכן גע-בורט אַ ווילן, אָבער נאָך נישט קיין פאַרשטאַנד. ענלעכעס קענען מיר באַמערקן אויך ביי חיות.

פלאַטאָנס דריי „טיילן" פון דער נשמה האָבן, ווי באַ-קאַנט, (הגם ער רופט זיי פון צייט צו צייט „כחות") אַ גאַנץ ווייטע ענ׳עכקייט מיט דער „נשמה-פעאיקייט" פון דער מאָ-דערנער פסיכאָלאָגיע (דאָס פילן, די פאַרשטעלונג, דאָס ווען). דער „באַגערנדיקער טייל" נעמט אַרום אויסשליסלעך דאָס מענטשלעך-חיהשע טריב-לעבן, בעת אין „מוט" איז דער אפעקט פון צאָרן, ווי בכלל דער אפעקט פון דער מאָראַלישער אויפ

געבראַכטקייט, פונקט אַזוי נישט אָפּגעטיילט פון ריינעם ווילן, ווי פונם געפיל.1) פון דער צווייטער זייט ווידער (ווי זיבעק האָט דאָס שוין טרעפלעך באַמערקט), פאַרמאָגט יעדער פון פלאַטאָנס דריי נשמה-טיילן אַ נאָר אים אייגנטימלעכע פאַרשטעלונג, פילן און שטרעבן, אָבער דאָס ווערט נאָך נישט קלאָר אויסגעאַרבעט, און אויך די באַציאונג פון די נשמה-טיילן צו די דריי דער־קענטעניש-אופנים בלייבט נאָך, לכל הפחות טיילווייז, נישט קלאָר. מען טאָר נישט אַרויסלאָזן פון אויג, אַז ביי פלאַטאָנען ווערט דער פּסיכאָלאָגישער אינטערעס תמיד דורכגעקרייצט דורכן עטישן. ווייל מאָסגעבנדיק איז פאַר אים סוף־כל־סוף אויך דאָ דער עטישער שטאַנדפונקט: באמת ווערטפול איז פאַר אים בלויז דער דענקנדיקער נשמה־טייל, דער פאַרשטאַנד, וועלכער האָט די אויפגאַבע צו הערשן איבערביידע אַנדערע, פון וועלכע דער „באַגערנדיקער טייל" ווערט פּשוט באַטראַכט אַלס שלעכט און דער ווילן בלויז ביי געוויסע באַדינגונגען — ווען ער קומט צו הילף דעם פאַרשטאַנד אין קאַמף קעגן „באַגערנדיקן טייל" — אַלס גוט. די פראַגע וועגן די הנחות פאַר אַ ריכ־טיקער האַרמאָניע צווישן די דריי נשמה־טיילן, אַ האַרמאָניע, וועלכע קומט צושטאַנד אַ דאַנק דער ריכטיקער מישונג פון דער מוזישער און גימנאַסטישער דערציאונג, אינטערעסירט אים דעריבער אַ סך מער ווי די ריין־פּסיכאָלאָגישע עקזאַקטע פאָר־שונג. דידאַקטיקע איבערגעוויכט פון דעם עטישן אינטערעס האָט דעריבער פאַרשטעלט פון זיין באַוווסטזיין אויך די פּראָבלעם, ווי אַזוי קען מען ברענגען אין הסכם דעם געדאַנק וועגן די נשמה־„טיילן" מיט זייער איינהייטלעכקייט.

דאַקעגן האָט זיך פלאַטאָנען געמוזט אויפצווינגען אַן אַנדערע פּראָבלעם, — אַ פּראָבלעם, וואָס פליסט אַרויס פון דער דרייטיילונג פון דער נשמה: ווי אַזוי פאַרטראָגט זיך די־

1) אין דער אַנטיקער פּסיכאָלאָגיע ווערט דאָס געפיל בכלל נאָך נישט קלאָר אָפּגעטיילט אין זיין וועזנטלעכן כאַראַקטער פון די איבעריקע נשמה-פונק-ציעס.

דאָזיקעי טיילונג פון דער נשמה מיט דער דאָגמע וועגן איר אומשטערבלעכקייט? אויף דערדאָזיקער פראַגע האָט פלאַטאָן שוין געגעבן דעם איינציק־מעגלעכן ענטפער אין לעצטן בוך פון דער „מלוכה" (c.11), אויפנעמענדיק דעם קאַמף מיטן אָפּ־פרעג, וועלכער קען געמאַכט ווערן קעגן דער אומשטערבלעכ־קייט צוליב זיין דרייטיילונג פון דער נשמה: לויט איר אי־נערלעכסטן וועזן, וואָס קומט צום אויסדרוק בלויז אין ריי־נעם דענקען, איז די נשמה פון געטלעכער נאַטור; ערשט דורך דער געמיינשאַפט מיטן קערפער זענען אויף איר אָנגע־וואקסן — ענלעך צו דער אורשפּרינגלעכער געשטאַלט פונם ים־גאָט גלויקאָס, וואָס איז צוליב זיין לעבן אין די ים־טי־פענישן פאַרקריפּלט געוואָרן דורך די פאַרשיידענע מושלען און ים־גראָזן — תאוות און באַגערן, וועלכע מאַכן כמעט אומדער־קענטלעך איר אמתן וועזן און וועלכע וועלן פון איר ווידער אָפּפאַלן, ווען זי וועט באַפרייט ווערן פון די קייטן פון לייב. מיט פולער קלאָרקייט לייזט דידאָזיקע פּראָבלעם ערשט דער „טימעאָס", וווּ בלויז דער דענקנדיקער טייל ווערט דערקלערט אַלס אומשטערבלעך, אָבער דיביידע אַנדערע דאַקעגן ווערן דערקלערט אַלס אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך באַהעפט מיט דער דענקנדיקער נשמה ערשט נאָכדעם, ווי זי איז אַריינגעגאַנגען אין קערפער און דעריבער וועלן זיי מיטן לייבלעכן טויט ווידער פאַרשווינדן. (דאָ, אין „טימעאָס", ווערן די איינצלנע נשמה־טיילן אויף אַ כאַראַקטעריסטישן אופן לאָקאַליזירט אין גאַנץ־פאַרשיידענע געגנטן פון קערפער: די דענק־פעאיקייט געפינט זיך אין מוח — לאָמיר זיך נאָר דערמאָנען אַלקמאַ־יאָנס פונדאַמענטאַלע אַנטדעקונג 1). — דער ווילן אין האַרצן, דערביי שפּילן די אָדערן די ראָל פון נאָך־אומבאַקאַנטע נערוון; דער „באַגערנדיקער" טייל געפינט זיך נאָנט פון דער לעבער. בעת אין מענטשן זענען אָבער אַלע דריי נשמה־טיילן פאַר־אייניקט און די דענק־קראַפט איז דער סימן, וואָס צייכנט

---

1) באַנד I, ז. 46 און ווו.

אים אויס פון אַלע אַנדערע וועזנס, פאַרמאָגן די חיות נאָר די ביידע נידעריקערע נשמה־כּחות און די געזעיקסן בלויז דעם „באַגערנדיקן טייל."

אַ שוועריקייט שטעלט דאָ נאָר פאַר דער משל אין „פעדראָס", וואָס באַזירט, ווי האַנס פאָן אַרנים האָט אויפגעוויזן, אויף דער אין „מלוכה" (באַזונדערס IV 15) אַנטוויקלטער דרייטיילונג פון דער נשמה. ווייל דאָ זענען די ביידע נידעריקערע נשמה־כּחות, וועלכע זענען דורך דעם דיכטער פון דער מעטאַפיזיק סימבאָליזירט געוואָרן אויף אַן אומפאַרגלייכלעכן אופן אין ביידע פערד, שוין פאַרבונדן מיט זייער פירער, דעם פאַרשטאַנד, אין דער פאַרוועלטלעכער עקזיסטענץ צו אַ איינהייט, הגם לחלוטין נישט קיין סתירותלאָזער, און אויך נאָך דעם קערפּערלעכן טויט בלייבט באַשטיין דידאַזיקע פאַראייניקונג. אָבער שוין זיבעק האָט אונטערגעשטראָכן, אַז ביי דעם מיטישן כאַראַקטער פון דערדאָזיקער שילדערונג, וועלכע טראָגט שוין אין אירע גרונדהנחות פאַרבאָרגענע סתירות, קען מען נישט מאַכן קיין אויספיר וועגן פלאַטאָנס דאָגמאַטישער איבערצייגונג. אינדעראמתן איז אין משל די הנחה וועגן דער פאַרוועלטלעכער עקזיסטענץ פון די נידעריקערע נשמה־טיילן באַגרינדעט נישט דיאַלעקטיש, נאָר דורך פלאַטאָנס נשמה־מיסטיק, וועלכע פאָדערט אַ דערקלערונג פאַרן פאַרזינקען פון דער אומשטערבלעכער נשמה אין דער קערפּערלעכקייט פונקט אַזוי ווי פאַר אירע ווייטערדיקע פאַרקערפּערונגען נאָך דער ערדישער עקזיסטענץ. די קאָנסעקווענצן פון דער דיאַלעקטיש־באַגרינדעטער און פון דער מיסטישער נשמה־לערע בלייבן נישט אויסגעגליכן צווישן זיך. ווייל אויב אומשטערבלעך איז נאר דער דענקנדיקער טייל פון דער נשמה, און די נידעריקערע נשמה־כּחות ווערן פאַרשוווּנדן מיטן קערפּערלעכן טויט, טאָ ווי קען די נשמה נאָך דאַן פאַרמאָגן זינלעכע שפּירונגען און נאָך ווערן

אַנטשיידן באַאײנפלוסט דורך דידאַזיקעביים אויסוויילן איר נייעם לעבנסגורל ?

זיין אַנטדעקונג וועגן די דריי נשמה-טיילן האָט פלאַטאָן פּרוכטבאַר געמאַכט אויך פאַר זיין אויפפאַסונג וועגן מענטשנמין אַלס גאַנצעס. פּונקט ווי די דריי שטאַנדן פון זיין מלוכה טראָגן אַ באַזונדערן גייסטיק-נשמהדיקן כאַראַקטער אַדאַנק דער הערשאַפט פון איינעם פון דידאַזיקע נשמה-כחות איבער די ביידע אַנדערע, אַזוי זענען בכלל דאָ דריי גרונדטיפן פון דער מענטשלעכער נאַטור, לויט דעם, וועלכער טייל עס איז אין מענטשן דער הערשנדיקער און וועלכער באַשטימט במילא די גרונדריכטונג פון זיין וועזן: וויסנדורשטיקע, כבודגייציקע און פאַרדינסטליבנדיקע, פון וועלכע די פּריינט פון זינלעכע תענוגים בילדן נאָר אַ באַזונדערע וואַריאַציע. צוליבן זעלבן גרונד זענען דאָ דריי גרויסע פעלקער-טיפּן: ווייל אין די סקיטן און טראַקער ווי בכלל אין די צפון-פעלקער הערשט איבער די אַנדערע נשמה-טיילן דער ווילן; דעריבער זענען זיי כבוד-גייציק, דערפון נעמט זיך זייער קאַמפּסמוט; דאַקעגן די עגיפּטער און פעניציער זענען קודם כל פאַרדינסטלוסטיק, בעת די העלענען צייכנען זיך אויס פון אַלע אַנדערע פעלקער דורך ליבע צו וויסנשאַפט.

די באַדייטונג פון דער דרייטיילונג פון דער נשמה פאַר דער אָפּשליסנדיקער פאָרם פון דער פלאַטאָנישער טוגנטלערע וועט באַלויכטן ווערן ביים באַהאַנדלען זיין עטיק.

פלאַטאָנס אַנטדעקונג וועגן די דריי פאַרשיידענע נשמה-כחות איז מער אָדער ווייניקער מאַסגעבנדיק פאַר דער גאַנצער אַנטיקער פּסיכאָלאָגיע. ווי אַריסטאָטעלעס האָט אויך די סטאָאַ איבערגענומען זיין גרונדלייגנדיקע אונטערשיידונג פון אַ דענקנ-דיקן (שכלדיקן) און פון אַ שכלאָזן נשמה-טייל, וועלכער טיילט זיך פון זיין זייט ווידער אין ווילן און באַגער. דער עיקר האָט דידאַזיקע ווייטער אַנטדעקונג אַנטוויקלט אויף אַ באַדייטנדיקן אופן דער גרויסער סטאָאיקער פּאָסעידאָניאָס, וועל-

כער איז אַליין גאָר טיף באַאײַנפלוסט געווען פון פלאַטאָניש־
דענקען.

אויך אין טייל־געביטן פון דער עמפּירישער פּסיכאָלאָגיע
האָט פלאַטאָן געמאַכט באַדייטנדיקע אַנטדעקונגען אָדער ער
איז מיט דערפאָלג צוגעטראָטן צו לייזן וויכטיקע פּסיכאָלאָגישע
פּראָבלעמען, אַזוי, למשל, וועגן די מקורים און די פאַרשיידענע
אַרטן פון לוסט און בנוגע דעם אַנטשטיין פון טעות. אָבער
דער מאַנגל אין פלאַץ דערלויבט נישט אָפּצושטעלן זיך אויף
דעם גענויער.

## 3. עטיק און מלוכה־לערע

### 1. די עטיק פון אינדיווידואום

פלאַטאָנס עטיק געפינט זיך אין זײַן ערשטן פּעריאָד
אונטער סאָקראַטעסעס השפעה; געוויסע גרונדאָנשויאונגען פון
לערער איז ער געבליבן טריי זײַן גאַנצן לעבן. אויך פלאַטאָנס
וויסנשאַפטלעכער אינטערעס איז דער עיקר געווידמעט דער
פאָרשונג פון עטישע באַגריפן; ווי סאָקראַטעסעס איז אויך פלאַ־
טאָנס שטאַנדפּונקט ביז טיף אין זײַן צווייטן פּעריאָד דורך־
און־דורך אינטעלעקטואַליסטיש; אויך פלאַטאָן האַלט, אַז דער
וואָס „ווייס” וועגן דאָס גוטע, איז אויך גוט און ער האַנדלט
גוט, און דעריבער טוט קיינער נישט קיין אומרעכט, סיידן
פון אומוויסנקייט. אָבער דער עיקר טיילט ער מיט סאָקראַטעסן
די איבערצייגונג, אַז די זאָרג פון מענטשן וועגן וויל
פון זײַן נשמה איז די וויכטיקסטע פון אַלע. און אויב סאָ־
קראַטעס איז שוין אויפן סמך פון דערדאָזיקער איבערצייגונג
צוגעטרעטן מיט אַ געוואַלדיקן ערנסט צו די פראַגעס פון דער
זיטלעכקייט פילנדיק אויף זיך אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכ־
קייט, איז נאָך בײַ פלאַטאָנען דערדאָזיקער ערנסט פאַרטיפט
און פאַרגרעסערט געוואָרן ביז צו אַן אומגעהויערן אינערלעכן
פּאַטאָס, וואָס איז גובר אַלע שטערונגען פון דערדאָזיקער

וועלט. דערדאָזיקער ערנסט טראָגט נאָך אַ סך שטאַרקער ווי בײַ סאָקראַטעסן אַ טיף־רעליגיעזן כאַראַקטער, ווײַל דער דענקער און דיכטער בילדן אויך דאָ בײַ אים אַ איינהייט. אָבער דאָס, אַז פּלאַטאָנס דענקען איז אין זײַן טיפסטן גרונד עטיש אָריענטירט דרינגט אַרויס פון די יוגנטדיאַלאָגן אויך דערפאַר, ווײַל דאָס זוכן אַ העכסטע ווייסנשאַפט, וואָס איר געגנשטאַנד זענען די אמתע ווערטן, קלינגט אין זיי כסדר ווי אַ לייטמאָטיוו.

די עטיק פון רײַפן פּלאַטאָן איז נאַטירלעך נישט אָפּצוטיילן פון דער אידייענלערע: אמתע טוגנט באַזירט אויף אמתן וויסן; אמתעס וויסן איז אָבער נאָר דאָס וויסן וועגן די אידייען. דעריבער איז פאַר דעם זיטלעכן ווערט אָדער אומווערט פון מענטשן אַנטשיידנדיק די פראַגע, צי זײַן נשמה מאַכט דורך די ווענדונג צו דער וועלט פון די אידייען אָדער נישט. דער הייל־משל האָט אַ גרונדלייגנדיקע באַדייטונג אויך פאַר פּלאַטאָנס עטיק. אויך דאָ האָט פּלאַטאָנס דענקען, וואָס פאָדערט די ווענדונג פון מענטשן צום איבערחושימדיקן, אייביקן, געלאָזן ווייט הינטער זיך די געדאַנקענספערע פונם לערער; אָבער אויך אין אַ אַנדער הינזיכט ווערט דער קרייז פון די סאָקראַטישע פּראָבלעמען געוואַלדיק פאַרברייטערט דורך דעם תּלמיד: זײַן גאַנץ עטיש דענקען האָט אין אויג דאָס לעבן אין און מיט דער מענטשלעכער געמיינשאַפט, עס איז אַלזאָ אין זײַן תּוך סאָציאַל אָריענטירט, ווי דאָס קען שוין באַווייזן אַ שטעלע אין גאָרגיאַס. 1)

אַזאַ פאַרברייטערונג פון דעם פּראָבלעמען־קרייז ווייזט זיך אויך אַרויס אין אַ אַנדער הינזיכט. שוין בײַ סאָקראַטעסן לאָזט זיך בולט דערקענען די טענדענץ פון אומשאַצן אַלע ווערטן. אָבער ערשט פּלאַטאָן פאַסט איין דידאָזיקע אומשאַצונג אין דעם סיסטעמאַטישן צוזאַמענהאַנג פון אַ אָנשויאונג, וואָס נעמט אַרום דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן. ווען ער האָט

---

1) E507 און ה.

צווישן 394 און 390) געשריבן דעם „גאָרגיאַס״ איז אים, וועל-
כער האָט זיך געפונען אינמיטן פון די דרייסיקער, קלאָר גע-
וואָרן, אַז אין תוך גענומען זענען מעגלעך אוןווירקנדיק
בלויז צוויי אידעאַלן: איין אידעאַל, וואָס זיין לעצטער ציל איז
די לוסט, און אײנער, וואָס זיין העכסטער צוועק איז דאָס
גוטע, ד. ה. דאָס זיטלעך-גוטע. ער איז געקומען צו דער
איבערצייגונג, אַז אַלע קונסטן און פעאיקייטן, בכלל אַלע באַ-
שעפטיקונגען פון די מענטשן שטרעבן צו דאָס ערשטע אָדער
צו דאָס צווייטע; דאָס „אָנגענעמע״ (ד. ה. די לוסט) איז
דער ציל פון די פאַלשע קונסטן, וואָס זוכן צו דערגרייכן
זייער צוועק אויפן גרונד פון עמפּיריע און רוטינע, נישט באַ-
קענענדיק זיך מיט זיין וועזן און מיט די סיבות פון די גע-
שעענישן, וואָס פירן צו אים. צו דידאָזיקע פאַלשע קונסטן
געהער באַזונדערס די רעטאָריק, וואָס קען נאָר איבעררעדן,
אָבער נישט איבערצייגן, ד. ה. באמת עפּעס אויפקלערן, דערי-
בער טויג זי לחלוטין נישט פאַר דער בילדונג פון דער יוגנט,
וועלכער זי לייגט פאָר אַלס רעזולטאַט פון אירע רעדעס
בלויז אַ כלומרשטע גוטס. דאַקעגן די עכטע קונסטן און וויסנ-
שאַפטן, וואָס דערגרינדן די קויזאַלע שייכות פון די זאַכן און
דערשיינונגען און אָרדנען לויט דעם איין זייער מעטאָד אויף
צו דערגרייכן דעם ציל, וועלכן זיי האָבן קלאָר דערקענט,
שטרעבן נאָר צו דאָס באמת גוטע פאַר די דורך זיי באַהאַנדל-
טע מענטשן. פּונקט ווי עס איז נישטאָ קיין פאַרמיטלונג
צווישן דידאָזיקע ביידע גרופּעס פאַר אַלע מענטשלעכע האַנד-
לונגען, אַזוי איז אויך נישטאָ קיין פאַרמיטלונג צווישן די
ביידע לעבנסאידעאַלן. דער מענטש מוז זיך אַנטשיידן פאַר
איינעם פון די ביידע – אַן אַלטערנאַטיווע, וועלכע עס האָט
שוין אויפגעשטעלט דער סאָפיסט פּראָדיקאָס אין זיין „העראַק-
לעס אויפן פרשת דרכים״, הגם נישט מיט דערזעלבער פּסיכאָ-
לאָגישער טיפקייט און ליידנשאַפטלעכן ערנסט פון אַ פּלאַטאָן.

אָבער דורך זיינע איבערלעבונגען זייט סאָקראַטעסעס
טויט איז פאַר פּלאַטאָנען ביז גאָר קלאָר געוואָרן, אַז די

גרויסע מאסע פון זיינע אטעגישע לאַנדסלייט און קודם כל זייערע פירער, די „רעדנער", ד. ה. די פּראַקטישע פּאָליטיקער באַטראַכטן באַוווּסט אָדער אומבאַוווּסט אַלס העכסטן לעבנסציל נישט דאָס גוטע, נאָר דאָס „אָנגענעמע" און זיי האַלטן פאַר גליקלעך — זאָל זיין אַז נאָר אינדערשטיל — דעמיעניקן, וועלכער קען זיך אָפּגעבן אומגעשטערט דערדאָזיקער לוסט. דאָס איז אָבער נישט מעגלעך געווען, נישט טוענדיק זיך אַליין אָדער די אַנדערע קיין אומרעכט. אָבער מקנא צו זיין איז דעם מאַן, וועלכער האָט געקענט שטראָפלאָז באַגיין אַזעלכע אומרעכטן (אין אומבאַגרעניצטן אויסלעבן פון אייגענעם איך), ווי אַ אַרכעלאַאָס פון מאַקעדאָניע. דאָס איז דער שטאַנדפּונקט, וועלכן קאַליקלעס האָט מיט אומפאַרשעמטער אָפנקייט אַנטוויקלט אין „גאָרגיאַס". אָבער אַזוי האָבן אָן ספק געטראַכט דעמאָלט, פּונקט אַזוי ווי היינט, אומצייליקע טויזנטער. אָבער סאָקראַטעסעס תּלמיד האָט געוווּסט פון די אורטיפענישן פון זיין זיטלעכן באַוווּסטזיין, אַז טאָן אומרעכט איז ביי אַלע אומשטענדן טויזנט-מאָל ערגער ווי אַריבערצוטראָגן אומרעכט, אַז דאָס גרעסטע שלעכטס איז דאָס שולדבאַוווּסטזיין, אָבער דאָס לעבן איז נישט דער העכסטער ווערט און אַ לעבן פון גענוס אוודאי און אוודאי נישט. חוצדעם, דערייעניקער, וואָס זיין לעבנסאינהאַלט און לעבנסציל איז די לוסט, קען נישט זיין גליקלעך, ווייל ער שטייט כּסדר אין שטרייט מיט זיך אַליין און מיט זיינע מיטמענטשן. ניין, דער אומגערעכטער, וועלכער באַזיצט אפילו רייכטום און מאַכט, כּבוד און גענוס, איז ביי אַלע אומשטענדן אומגליקלעך, אָבער נאָך פיל אומגליקלעכער איז ער דאַן, ווען ער באַקומט נישט קיין שטראָף פאַר זיינע מעשים. ווייל דאַן בלייבט ער ביי דאָס שלעכטע, ווייל ער באַקומט נישט קיין מעגלעכקייט דורך דער שטראָף צו פאַרבעסערן זיך. אמת גליקלעך קען זיין נאָר דערייעניקער, וועלכער באַזיצט די „גערעכטיקייט" און במילא אויך די אַנדערע טוגנטן, וועלכער באַזיצט בכלל דאָס „גוטע". בלויז ער, וואָס אַנטלויפט פון דאָס אומגערעכטע און יאָגט זיך נאָך דאָס גוטע, איז גליקלעך, הגם דאָס

צ

אויסערלעכע לעבן קען אים אונטערטראָגן אַ סך צרות.

פּלאַטאָן האָט גאַנץ גוט געוווּסט — דאָס באַווייזן שוין אַ סך שטעלן אין גאָרגיאַס, — אַז דורך אַזעלכע אָנשויאונגען איבער דער אוידעמאָניע (גליקלעכקייט) פון מענטשן פּרעדיקט ער פאַר דער מאַסע פון זיינע מיטבירגער עפּעס אומדערהערטעס, רעוואָלוציאָנערעס, אָבער זיינע טיפסטע נשמהשע דערפאַרונגען און איבערלעבענישן האָבן אים געלערנט, אַז ער געפינט זיך אויפן אײנציק־ריכטיקן וועג. דידאָזיקע געדאַנקען וועגן דער אומגליכלעכקייט פון דעם כּלומרשט אַלמעכטיקן טיראַן, וועגן דעם נשמה־פרידן פון דעם דורך אויסערלעכער פּיין געמאַטערטן גערעכטן האָט ער שפּעטער אויסגעפאָרמט אין „דער מלוכה” צו אַ געשלאָסענער, גראַנדיעזער באַווייזן-סיסטעם.

וואָס איז אָבער דאָס גוטע, וואָס דאַרף זיין פאַרן מענטשן דער ענדצוועק פון זיינע אַלע האַנדלונגען? און וואָס באַשטייט עס? אויך אויף דעם האָט שוין דער „גאָרגיאַס” — אָן ספק אָנקניפּנדיק אין פּיטאַגאָרעאישע לערעס — געגעבן אַן ענטפער, הגם פון גאַנץ־אומבאַשטימטער נאַטור: דער מענטש, וואָס באַזיצט די „טוגנט” איז זיכער אויך גוט; ווייל גוט קען זיין בלויז אַ נשמה, אין וועלכער עס הערשט אַ באַשטימטע אָרדנונג און האַרמאָניע, און דעריבער וווינען אין איר זעלבסט-באַהערשונג (סאָפראָזינע) און די אַנדערע טוגנטן.

ווען פּלאַטאָן האָט אַרויסגעזאָגט דידאָזיקע געדאַנקען האָט ער נאָך נישט געהאַט אַנטדעקט די וועלט פון די אידייען און די עקזיסטענץ פון פאַרשיידענע נשמה-טיילן, אויף וועלכע ער האָט שפּעטער געגרינדעט אַפּסניי זיין טוגנטלערע, נעמענדיק דערביי אין אַכט די פּסיכאָלאָגישע גרונדפאַקטן. ווייל אויך פּלאַטאָנס אויפפאַסונג וועגן דער טוגנט און וועגן די איינצלנע טוגנטן האָט דורכגעמאַכט אין משך פון זיין לאַנגן לעבן אַ עיקרדיקע ענדערונג און ערשט דורך זיין לערע וועגן די נשמה-טיילן האָט זי באַקומען איר פעסטן פונדאַמענט און איר ענדגילטיקע פאָרמולירונג. אָבער יענער, דער אורשפּרינגלעך פּי-

טאַגאָרעאישער גרונדאויפפאַסונג וועגן טוגנטהאַפטן צושטאַנד פון דער נשמה, ד. ה. וועגן וועזן פון דער טוגנט בכלל איז ער תמיד געבליבן טריי, און גראָד אין די דיאַלאָגן פון זיין עלטער-פעריאָד האָט ער זיי ווייטער אַנטוויקלט: יענע עכטע האַרמאָניע פון דער נשמה האַלט ער פאַר מעגלעך נאָר דאַן, ווען דער מענטש ברענגט זי אין האַרמאָניע מיט די באַוועגונגען פון קאָסמאָס, ווייל אין די באַוועגונגען און דערשיינונגען פון געשטערנטן הימל זעט ער פון איצט אָן דאָס אורבילד פון אַלע מאָסן און פון יעדער האַרמאָניע.



אין מיטלפונקט פון די עטישע פּראָבלעמען שטייט אויך פאַר פלאַטאָנען אַ לאַנגע צייט די פראַגע וועגן וועזן פון דער טוגנט. לויט איר נאַטור נאָך קען עקזיסטירן בלויז איין טוגנט: דאָס וויסן וועגן גוטן; אָבער אָפּהענגיק פון געביט, אויף וועלכן עס ווערט געריכטעט דאָסדאָזיקע וויסן און די אַנטשפּרעכנדיקע האַנדלונגען, רופן מיר זי אָן מיט פאַרשיידענע נעמען. דעריבער, ווער עס פאַרמאָגט איינע פון די גרונדטוגנטן, באַזיצט אויך די אַנדערע. אָבער אין דער פיל-באַשטריטענער פראַגע, צי די טוגנט קען מען אויסלערנען אָדער נישט, איז פלאַטאָן נאָך לאַנגע ספקות, נאָכדעם ווי ער האָט געפונען זיין דערקענטעניש-לערע, ענטגילטיק געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז מען קען זי אויסלערנען; מער נישט זי מוז געלערנט ווערן דורכן ריכטיקן לערער (ווי דאָס איז געווען סאָקראַטעס).

אין דער פלאַטאָנישער טוגנטלערע איז וויכטיק די פרינציפּיעלע אונטערשיידונג צווישן דער אמתער און דער געוויינלעכער טוגנט, ווי מיר געפינען זי צוערשט אין „מענאָן", דאַן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט אין „פעדאָן" (באַזונדערס C 13) און אויך שפּעטער נאָך גאַנץ אָפט, — אַ אונטערשיידונג, צו וועלכער עס האָבן געבראַכט דעם דענקער באַזונדערס די מעשים

פון די גרויסע אַטעאַנישע מלוכהמענער ווי בכלל די באַדייטנ־
דיקע אויפטוען מצד מענער פון בירגערלעכן לעבן, נאָכדעם
ווי ער האָט זיי פריער אין „גאָרגיאַס" נישט ווי געהעריק אָפּ־
געשאַצט. בעת די אמתע טוגנט, וועלכע עס באַזיצט בלויז
דער פילאָזאָף, באַזירט אויף דער דערקענטעניש פון די אידייען
(פון דאָס שיינע, גוטע, גערעכטע און אַז. וו.), באַזירט די גע־
וויינלעכע טוגנט אויף דער „ריכטיקער מיינונג", אַ באַגריף,
וועלכן מיר האָבן שוין באַגעגנט אין דער דערקענטעניש־לערע 1).
דעריבער פאַרשטייט דער פילאָזאָף אונטער מוטיקייט, מעסיקייט
און גערעכטיקייט עפּעס גאַנץ אַנדערעס, ווי די געוויינלעכע
מענטשן. דידאָזיקע אונטערשיידונג צווישן צוויי גרונדפאַרשיי־
דענע אַרטן טוגנט איז גלייכצייטיק באַדייטנדיק פאַר דער
אַנטוויקלונג פון פּלאַטאָנישן דענקען: דאָ קומט צום אויסדרוק
די ערשטע אָפּשוואַכונג פון זיין שטרענג־אינטעלעקטואַליסטישן
שטאַנדפּונקט לגבי די עטישע גרונדבאַגריפן. אַ ווייטערדיקע
אָפּשוואַכונג פון דאָזיקן אינטעלעקטואַליזם זעען מיר אין זיין
אויפפאַסונג פון די פיר קאַרדינאַל־טוגנטן, ווי ער אַנטוויקלט
זיי אין דער „מלוכה" אויפן סמך פון די דורך אים אַנטדעקטע
דריי פאַרשיידענע נשמה־טיילן: די גערעכטיקייט באַשטייט דאָך
אין דעם, אַז יעדע פון די דריי באַזונדערע נשמה־טיילן (לויטן
מוסטער פון די דריי שטאַנדן אין דער „מלוכה") „זאָל טאָן
דאָס זייניקע", ד. ה. קיינער פון זיי זאָל נישט איבערשטייגן
זיין רעסאָרט: דער פאַרשטאַנד זאָל הערשן, בעת דיביידע
נידעריקערע נשמה־טיילן זאָלן זיך אים פרייוויליק אונטערוואַרפן
(אַ דעפיניציע, וועלכע לאָזט אינגאַנצן אַרויס פון אויג די
באַציאונג פון יחיד צום מיטמענטשן, וועלכע איז דאָך די הנחה
פאַר דורכפירן די גערעכטיקייט, און זי לאָזט זיך דער־
קלערן בלויז דורך אַריבערטראָגן די דעפיניציע פון דער גע־
רעכטיקייט פון דער מלוכה אויף דער גערעכטיקייט פונם איינצל־
נעם). אמת, ווען פּלאַטאָן דערקלערט שפּעטער, אַז די סאָפּ־

1) זע אויבן ז. 81.

ראָזינע (מעסיקייט, זעלבסטבאַהערשונג) איז די האַרמאָניע פון די נשמה־טיילן צווישן זיך, ד. ה. אַז די ביידע נידעריקערע טיילן לאָזן זיך פרייוויליק באַהערשן דורך דעם פאַרשטאַנד, איז שווער צו אונטערשיידן דעמדאָזיקן באַגריף פון דער גערעכטיקייט (צוליב איר מאַנגלהאַפטער דעפיניציע). צום דייטלעכסטן זאָגט עדות וועגן דעם בהדרגהדיק-וואַקסנדיקן מוותר זיין אויף דער ריין-אינטעלעקטואַליסטישער באַשטימונג פון דער טוגנט די בהדרגהדיקע ענדערונג אין פּלאַטאָנס אויפפאַסונג וועגן וועזן פון מוט, ווי מיר קענען זי נאָכפאָלגן פון „פּראָטאַגאָראַס" ביז צו די „געזעצן". קודם כל איז די באַשטימונג פון דעם מוט אין דער „מלוכה" — אין קעגנזאַץ צו דער ריין-אינטעלעקטואַליסטישער באַשטימונג פון „פּראָטאַגאָראַס", ווו ער ווערט דעפינירט אַלס דאָס וויסן פון (באמת) שרעקלעכן און נישט-שרעקלעכן — וועזנטלעך מאָדיפיצירט אויפן גרונט פון אַ פאַר־טיפטער פּסיכאָלאָגיע, וועלכע נעמט אין אַכט אויך דעם טריב־לעבן פון מענטשן און דער עיקר דעם ווילנס-מאָמענט אַלס זייער אַ וועזנטלעכן סימן פון מוט, אָבער נישט אָפּזאָגנדיק זיך דערביי פון זיין דערקענטענישאַרטיקן באַזיס. אָבער מען דאַרף דאָ נישט אַרויסלאָזן פון אויג, אַז שוין אין „לאַכעס", ווו די דע־פיניציע פון „פּראָטאַגאָראַס" ווערט רעווידירט, ווערט באַשטימט דער באַגריף פון מוט אַלס אַ שטאַנדהאַפטיקייט, וואָס באַזירט אויף דערקענטעניש, וועלכע ווירקט נישט נאָר אין קריג, און בכלל נישט נאָר ביי אויסערלעכע סכנות, נאָר קודם כל און דער עיקר ביי די אינערלעכע קאַמפן פון מענטשן קעגן זיינע אייגענע תאוות און אַפעקטן, ווייל דער מוט באַזירט אויפן וויסן וועגן דאָס באמת נוצלעכע (גוטע) און וועגן דאָס באמת שעדלעכע (שלעכטע) פאַרן מענטשן (דורכדעם דראָט דער מוט צו ווערן בכלל אידענטיש מיט דער טוגנט. אויך פון דער סאָ־פראָזינע איז אים באַגריפלעך שווער צו אונטערשיידן, ווייל איר ספּעציפישע דיפערענץ פון די אַנדערע טוגנטן ווערט נישט נענוי פעסטגעשטעלט.)

אין לעצטן פּעריאָד פון זיין דענקען האָט פּלאַטאָן לחלוטין

זיך אָפּגעזאָגט פון אינטעלעקטועלן סימן פון מוט: אין די „געזעצן" טיילט ער איין מוט אויך רויב־חיות און אַפילו קינ־דער, וואָס דאָס איז אַ דירעקטע סתירה צו די מיינונגען, וואָס ער האָט אַמאָל אַרויסגעזאָגט אין „לאַכעס". ווייל דער מוט, ווערט דאָ געזאָגט, באַזירט אויף נאַטור־אייגנשאַפטן, און דערצו איז גאָרנישט נויטיק קיין פאַרשטאַנד. (מיט דעם שטייט אין הסכם דאָס, וואָס ער האָט דעם מוט שוין אין „טימעאָס" צו־געשריבן דעם „מוטאַרטיקן" נשמה־טייל.) ס'איז דעריבער קיין ווונדער נישט, וואָס צווישן די פיר קאַרדינאַלע טוגנטן גיט ער איר שפּעטער אָפּ דעם לעצטן פּלאַץ.

שוין ביי סאָקראַטעסן האָבן מיר זיך באַקענט מיטן באַגריף פון דער פּ ל י כ ט, און ס'איז נישטאָ דער מינדסטער ספק, אַז זי איז אויך אַ פאָרבאַדינג פאַר פּלאַטאָנס דענקען, הגם ער האָט זי נאָך נישט באַהאַנדלט דיאַלעקטיש. נישט ווינצי־קער וויכטיק איז דאָס, וואָס פּלאַטאָן נעמט אומבאַדינגט אָן (אויפן סמך פון דער פאַרשטאַנד־אויטאָנאָמיע) די ו ו י ל נ ס־פ ר י י ה י י ט פונם מענטשן נישט נאָר פאַר אונזער ערדישער עק־זיסטענץ, נאָר אויך אין דער פאַרוועלטלעכער, בעת די נשמה ווילט איר לעבנס־גורל. פּלאַטאָן האָט דעריבער תמיד געגלויבט אין מענטשנס פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיינע האַנדלונגען. הגם אין דער שלעכטסקייט גופא און אין דער מיט איר אומפאַר־מיידלעך פאַרבונדענער אינערלעכער אומגליקלעכקייט פון דעם זינדיקן ליגט שוין די גרעסטע שטראָף פאַר אים, מוז פונדעסט־וועגן די מלוכה אויך פון איר זייט צוציען דעם פאַרברעכער צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט, סיי צוליב דער טובה פון פאַרברעכער סיי צוליב דער טובה פון דעם כלל; נישט צוליב דעם, כדי ער זאָל „אָפּקומען" (דער אָפּזאָג פון שכר־ועונש־פּרינציפּ), נאָר כדי צו פאַרבעסערן דעם זינדיקן און אָפּצושרעקן די אַנדערע. דעריבער מוזן אויך די „אומהיילבארע" פאַרברעכערס — אז עס זענען דאָ אַזעלכע, אָנערקענט פּלאַטאָן מערערע מאָל, — ליידן שווערע שטראָפן. דעמזעלבן צוועק האָט אין זינען דער ...ום־הדין נאָכן טויט, וואָס איז לחלוטין נישט קיין גלאַנץ־

מוסטער פון דער פלאטאנישער מיטאלאגיע, נאר עס באזירט אויף זייער אן ערנסטער איבערצייגונג פון דענקער.

די שפעטערע אנטוויקלונג פון פלא-טאנס עטיק, ווי זי קומט באזונדערס צום אויסדרוק אין די עלטער-דיאלאגן, האט אויפצוווייזן געוויסע באדייטנדיקע ענדערונגען, ווייל פלאטאן נעמט שוין דא א סך מער ווי פריער אין אכט דיווירקלעכקייטן פון גייסטיק-זיטלעכן לעבן. דער ריינער אינטעלעקטואליזם ווערט אלץ-מער באזייטיקט. אזוי, למשל, פאסט ער איצט אויף די שלעכטסקייט (נעמענדיק דייט-לעך אין אכט די דרייטיילונג פון דער נשמה) אלס א קאמף פון די פארשיידענע נשמה-כחות מיט די תאוות און אפעקטן ווי אויך צווישן זיך. 1) באזונדערס אינטערעסאנט איז דא די ענדערונג פון זיין קוק אויף די סיבות פון דער שלעכטסקייט: איצט האלט ער פאר דערדאזיקער סיבה נישט נאר דעם מאנגל פון דערקענטעניש, נאר אויך א אינערלעכן מאנגל פון דער אפהאלט-קראפט 2)—וועלכן ער שטעלט שארף קעגנאיבער יענעם דערקענטעניש-מאנגל, — אדער פשוט א קראנקהייט פון דער נשמה. 3)

נאך טיפער דרינגט ארייַן די דערקענטעניש, וועלכע ער אנט-וויקלט אין „טימעאס" (C 41) : פרייוויליק איז קיינער נישט שלעכט — אין סאקראטעסעס דאזיקער הנחה האלט ער זיך נאך אויך איצט — ; שלעכט ווערט מען נאר צוליב געוויסע קראנקהאפטיקע צושטאנדן פון קערפער (שפע פון ספערמע, שלעכטע זאפטן) און דורך שלעכטער דערציאונג. אויך שלעכטע פאליטישע באדינגונגען און דער מאנגל אין ריכטיקע בילדונגס-השפעות ווירקן דא מיט. דער קערפער אלס ערנסטער פאקטאר אין דעם נשמהש-זיטלעכן לעבן ווערט איצט בכלל א סך שטארקער גענומען אין אכט איידער פריער (ער ווערט שוין נישט איינ-

1) סאפיסטעס 228 B

2) געזעצן V 734 B

3) סאפיסטעס 228 C און ווייט.

פאַך פאַרמשפּט אַלס שטערונג פון דער דערקענטעניש, ווי אי
„פעדאָן") און אין שייכות דערמיט אויך דאָס מענטשלעכע אינסטינקט-
לעבן, ווי מיר זעען דאָס צו אונזער איבערראַשונג אין ניינטן
בוך פון דער מלוכה, וו פלאַטאָן אונטערשיידט „נויטווענדיקע",
ד. ה. דורך דעם נאַטורצוואַנג אַרויסגערופענע, און „נישט נויט-
ווענדיקע" תאוות און באַגערן און צווישן די נישט-נויטווענ-
דיקע—די גרופּע פון די פאַרברעכערישע, און ער ווייזט דערביי
אַרויס אַ דערשטוינלעכע פּסיכאָלאָגישע טיפקייט אין זיין שיל-
דערונג וועגן דער אַנטשטייאונג פון טיראַנישן מענטשן.

אויך אין פלאַטאָנס אויפפאַסונג וועגן דער לוסט קומט
ביסלעכווייז פאָר אַ געוויסע ענדערונג: מיר האָבן אויבן געזען
ווי שאַרף ער האָט אין „גאָרגיאַס" אונטערשיידט דאָס „גוטע"
פון „אָנגענעמען" און אַלס העכסטן ציל פון מענטשלעכן לעבן
האָט ער אָנערקענט דאָס גוטע. אַ פּרינציפּיעלע דיפערענצירונג
פון די פאַרשיידענע לוסטגעפילן באַגעגענען מיר צוערשט אין
דער „מלוכה", וו מיר געפינען אויך די שאַרפסטע נעגאַציע
פון דער חושים-לוסט, בפרט פון דער עראָטישער, ווייל זי איז
לויט איר נאַטור אָן אַ מאָס און זי רויבט צו ביים מענטשן
דעם גאַנצן פאַרשטאַנד און די זעלבסטבאַהערשונג. אין דער
„מלוכה" ווערן שוין אויך אונטערשיידט די פאַרשיידענע לוסט-
מינים פון די איינצלנע נשמה-טיילן און די לוסט פון דערקע-
נענדיקן טייל ווערט געשעצט העכער פאַר אַלע, 1) נאָכמער,
צוליב מעטאַפיזישע טעמים ווערט זי באַטראַכט אַלס די איינ-
ציק-ווערטפולע. אויך דער באַגריף פון דער „ריינער" לוסט
טויכט דאָ אויף צום ערשטן מאָל, ד. ה. פון אַזאַ לוסט, וואָס
נישט נאָך איר, נישט פאַר איר און נישט גלייכצייטיק ווערט
זי נישט באַגלייט דורך אַ אומלוסט—אַן אונטערשיידונג, וועלכע
שפּילט דאַן אין „פילעבאָס" אַ עיקרדיקע ראָלע. אָבער אויך
די „ריינע" לוסטן זענען קיינמאָל נישט דער ציל פון פילאָ-
זאָפס האַנדלונגען, נאָר זייער נישט-געוואָלטע, פון זיך אַליין

---

IX A583.

י שטאַנדקימענדיקע באַגלייט-דערשיינונג. אַז פּלאַטאָן האָט אָבער שפּעטער אָנערקענט אַ געוויסן ווערט פאַר דערדאָזיקער ריינער לוסט און ער האָט מער נישט באַטראַכט אַלס ווערטפול בלויז די דערקענטעניש, ווייזט באַזונדערס דער אויספיר פון „פילע-באָס", לויט וועלכן דאָס אמתע לעבן איז דאָסיעניקע, וואָס באַשטייט אין דער ריכטיקער מישונג פון ריינעם דענקען — געמיינט איז דאָ, נאַטירלעך, דער דענקען, וואָס איז אינגאַנצן געווענדט אויף דער אידייענוועלט — און פון דער „ריינער" לוסט, דערביי האָט די וויסנשאַפטלעכע דערקענטעניש אַ סך אַ גרעסערן חלק אין דערדאָזיקער מישונג ווי די „ריינע" לוסט. אַז דאָס לעבן פון די „דערקענענדיקע" און „מאָס-באַזיצנדיקע" מענטשן איז אַ סך רייכער אין לוסט ווי פון דער אומגעצוימ-טער מאַסע, ד. ה. אַז בלויז זיי באַזיצן אין ווירקלעכקייט די „אמתע" לוסט און אַז נאָר דער באמת טוגנטהאַפטיקער מענטש פירט אַ גליקלעך לעבן — דאָס באַווייזט נאָך פּלאַטאָן אין די „געזעצן" (E732 V און ווייט.). וועגן דער אוידעמאָניע פונם מענטשן איז זיין אויפפאַסונג געבליבן דיזעלבע, ווי ער האָט זי פאַרטראָטן אין דער „מלוכה" און אפילו שוין אין „גאָר-גיאַס".

אויך די ווערטנלערע נעמט מער אין אַכט די ווירקלעכ-קייט ווי פריער, ווי דאָס איז שוין צו זען פון דער ווערטנ-רשימה צום סוף פון „פילעבאָס", וווּ דעם ערשטן אָרט פאַר-נעמט די מאָס און דאָס מאָסבאַזיצנדיקע, דעם דריטן — דער פאַרשטאַנד און די דערקענטעניש, דעם פערטן אָבער — וויסנ-שאַפטן, קונסטן און „ריכטיקע מיינונגען" (דורכדעם ווערט צו-געשריבן אַ פּאָזיטיווער ווערט אויך די אויפטוען פון די נאַ-טורפילאָזאָפן) בעת די „ריינע תענוגים" באַקומען דעם פינפטן פּלאַץ. נאָך מער דערנענטערט זיך צום ווירקלעכן לעבן די שיידונג אין מענטשלעכע און געטלעכע, ד. ה. רעלאַטיווע און אַבסאָלוטע ווערטן אין די „געזעצן" (BC 631 I), וווּ צו דער ערשטער גרופּע ווערן צוגערעכנט געזונט, קראַפט, שיינקייט און רייכטום (דאָסדאָזיקע לעצטע נאָר אין פאַראייניקונג מיט

דער נויטיקער דערקענטעניש), צו דער צווייטער — דערקענ־טעניש, זעלבסטבאַהערשונג (סאָפראָזינע), גערעכטיקייט און מוטיקייט, דערביי לוינט צו לייגן אַכט אויף דער נאָכאַנאַנדערדיקייט, וועלכע פּלאַטאָן האָט אויסגעקליבן מיט גרויס פּאַרזיכטיקייט.

## II. די מלוכה.

ווי מיר ווייסן פון זיבעטן בריוו איז שוין פּלאַטאָן אַלס יונגער בחור באַגייסטערט געווען פון גליענדיקן ווונש אַליין משפּיע צו זיין מיט מעשים אויפן גורל פון זיין פאָטערלאַנד אַטען. אָבער די געשיכטע פון זיין אייגענער צייט און פון אייגענעם לעבן און נישט צולעצט דער פּראָצעס פון סאָקראַטעסן האָבן אים געלערנט, אַז ער האָט נישט קיין געלעגנהייט און נישט קיין פּלאַץ פאַר אַזאַ טעטיקייט אין דעם היימלאַנד. פאַרהעלטנישמעסיק פרי, גאַנץ געוויס פאַרן סוף פון די ניינציקער יאָרן, ווען ער האָט געשריבן דעם „גאָרגיאַס”, האָט ער זיך אויסגעבילדעט אַ אויפפאַסונג — אויך דאָס אונטער דעם איינפלוס פון דער סאָקראַטישער עטיק, — וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין פּאָליטישן, בכלל פאַר זיין גאַנצן דענקען: נאָר דעריעניקער איז אַן אמתער מלוכה־מאַן, פאַר וועלכן דער העכסטער און איינציקער ציל איז צו מאַכן בעסער זיינע מיטבירגער, ד. ה. אַזאַ, וואָס איז דויערנדיק באַשעפטיקט מיט זייער זיטלעכער דערציאונג און דערהויבונג. מעסטנדיק מיט דעראָזיקער מאָס האָט ער געפונען פאַר נישט באַפרידיקנדיק אפילו די העלדן פון דער אַטענישער דעמאָקראַטיע, ווי טעמיסטאָקלעס און פּעריקלעס, נאָכמער, ער האָט זיי דערקלערט ממש אַלס קעגנזאַצן צו ווירקלעכע מלוכה־מענער. ווייל אויך זיי האָבן דאָך — אַזוי האָט ער געאורטיילט — אין גרונד גענומען געשטרעבט נאָר צו דאָס שיינבאַר גוטע (דאָס „אָנגענעמע”), אָבער נישט צום אמתן ווייל פון אַטענישן פאָלק, זיי האָבן אים נישט בעסער געמאַכט, נאָר אדרבה

אים איבערגעלאָזן אין אַ סך אַ ערגערן צושטאַנד ווי פאַר זיי.

אַזוי־אַרום זעען מיר שוין אין „גאָרגיאַס" אַ גאַנץ ביי־אַרטיקע אָנשויאונג וועגן פּאָליטישן לעבן בכלל, וואָס ווערט באַטראַכט אויסשליסלעך פון זיטלעכן שטאַנדפּונקט, אַלס דעם איינציק־מאָסגעבנדיקן. ווייל שוין דאָ דערקענט מען דייטלעך פּלאַטאָנס גרונדאידעאַל, אַז די מלוכה האָט אַלס העכסטע, באַקמער: איינציקע אויפגאַבע די זיטלעכע דערהויבונג פון אי־רע בירגער. עס האָט גענומען צוויי יאָרצענדליקער, ביז פּלאַ־טאָן האָט געפאָרמט דידאַקטיק אידייען צו אַ גרויסן בנין און האָט זיי אומצעררייסבאַר פאַרבונדן מיט די גרונדגעדאַנקען פון זיין מעטאַפיזיק. ערשט די „מלוכה", וועלכע איז לויט די רע־זולטאַטן פון דער נייערער פאָרשונג דערשינען אַרום דאָס יאָר 374, ווייזט אונז דעמדאָזיקן בנין אין זיין אימפּאָנירנדי־קער גרויס און גאַנצקייט.

* * *

אין דער מלוכה, וועלכע פּלאַטאָן באַטראַכט פאַר דער בעסטער, איז באַוווסטזיניק דורכגעפירט דער פּרינציפּ פון אַר־בעטסצעטיילונג און גלייכצייטיק אויך דער גרונדפּרינציפּ, אַז יעדער בירגער פאַרנעמט זיך מיט דעם באַרוף, פאַר וועלכן ער פּאַסט זיך אַמייגסטן אַ דאַנק זיינע נאַטירלעכע אייגנשאַפטן. די באַפעלקערונג פון דעראָזיקער מלוכה גלידערט זיך אין דריי שטאַנדן: דער אינדוסטריעלער שטאַנד (דעמיאורגען), די וועכטער און די רעגענטן, וועלכע שטאַמען אָפּ פון די וועכ־טער. די אַבסאָלוטע מערהייט פון דער בירגערמאַסע געהער צום אינדוסטרי־שטאַנד (האַנטווערקער, סוחרים, פּויערים און אַז. וו.); זיי בילדן דעם דערנערנדיקן שטאַנד אין אייגנט־לעכן זינען פון דאָזיקן וואָרט. אָבער ניט זיי ציען צו פּלאַ־טאָנס אויפמערקזאַמקייט. ווייל מאָסגעבנדיק פאַר דער גאַנצער מלוכה איז דער שטאַנד פון די „וועכטער", וועלכע האָבן די

אויפגאַבע צו שיצן דעם כּלל פאַר אויסערלעכע שונאים און פאַר אינערלעכע דערשיטערונגען. די דערגאַנצונג און אויס-בילדונג פון דאָזיקן שטאַנד האָט דעריבער אַ אַנטשיידנדיקע באַדייטונג.

## די דערציִאונג פון דעם וועכטער-שטאַנד

וועגן די פּרינציפּן פון דער דערציִאונג, בפרט וועגן דער זיטלעכער אויסבילדונג פון כאַראַקטער האָבן צום פריסטן נאָכ-געטראַכט די פּיטאַגאָרעער פון אונטער-איטאַליען, אָבער ערשט אין אַטען פון דער אויפקלערונגס-צייט — אין לעצטן פון 5 יאָרהונדערט פאַר קריסטוסן — ווערט די דערציִאונגספּראָבלעם אַוועקגעשטעלט אין ברענפּונקט פון דער וויסנשאַפטלעכער דיס-קוסיע פון די קרייזן, ווו עס באַגעגענען זיך די סאָפיסטן און סאָקראַטעס. אָבער ערשט פּלאַטאָן האָט אויפגעשטעלט דעם פּרינציפּ פון דער אַלגעמיינער צוואַנגס-דערציִאונג דורך דער מלוכה און בלויז פאַר דער מלוכה און אים דורכגעפירט — אין דער טעאָריע — מיט וווּנדערבאַרער קאָנסעקווענץ. ער איז דאָך אַליין דורכגעדרונגען מיט דעם פעלזנפעסטן גלויבן אין דער מאַכט, נאָכמער: אין דער אַנטשיידנדיקער באַדייטונג פון דער דערציִאונג. ער ווייס, אַז אויך די געניאַלסטע נאַטורן, וועלכע באַקומען אַ שלעכטע דערציִאונג, קענען ווערן פאַר-ברעכער פון גרויסן סטיל (אַלקיביאַדעס). דעריבער הענגט אַלץ אָפּ פון דער ריכטיקער דערציִאונג (נעבן דער ראַסנפּאָליטיק; זי, די דערציִאונג, באַשטימט דעם גייסט, וואָס דאַרף אויספילן די בירגער, און בלויז דערדאָזיקער גייסט, דידאָזיקע שטימונג איז וויכטיק.

פּלאַטאָן צייכנט דעריבער אָן אין זיין מלוכה (II 17 — III 18) אַן אויספירלעכע און טיפע דערציִאונגסלערע פאַרן שטאַנד, פון וועלכן עס וועלן מיט דער צייט אַרויסקומען די פילאָזאָפן-רעגענטן. דער ציל פון דערדאָזיקער דערציִאונג איז

פון עפיש-רעליגיעזער און סאָציאַלער נאַטור. זי וויל אַנטוויקלען ביי די צוקונפטיקע וועלכער גאַנץ-באַשטימטע טוגנטן, זי וויל אַרויפדריקן אויף זייער כאַראַקטער אַ גאַנץ-באַשטימטן שטעמפּל, אַ דורך-און-דורך סאָציאַלע נייגונג אין דער העכסטער מאָס.

ווער עס וויל אָבער ווערן אַ רעכטער וועכטער פון דער מלוכה — פון עיקרדיקער באַדייטונג איז דאָ דער פאַקט, וואָס דער וועכטערשטאַנד (גלייכצייטיקער קריגער-שטאַנד) דינט פאַר דעם שוץ פון דער מלוכה סיי נאָך אויסן סיי אינעווייניק, — דער נויטיקט זיך אין אַ טאָפּלטער דערציאונג, אין דער מוזישער, וואָס ווירקט דערעיקר אויף דעם דערקענטעניש-דראַנג, און אין דער גימנאַסטישער, וואָס ווירקט אויפן ווילן.

דער געגנשטאַנד פון דער גייסטיקער בילדונג פון דער אַטענישער יוגנט זענען דעמאָלט געווען קודם כל די „מיטן", ד. ה. לעגענדע און דיכטונג, ווי עס האָבן זיי געפּאָרעמט מאָסגעבנדיק און ריכטונג-געבנדיק פאַר דער גריכישער נאַציע די עפּישע דיכטונגען פון האָמער און העזיאָד. אָבער די דידאַקטישע „מיטן", וואָס באַצווינגען פּסדר אונזער פאַנטאַזיע דורך דעם צויבער פון דער דיכטונג, דאַרפן שטאַרק געקליבן ווערן, אויב מען וויל אַז זיי זאָלן דינען דער מוזישער בילדונג. עס איז נויטיק אַ שטרענגער אויסוואַל, ווייל זיי אַנטהאַלטן, באַזונדערס וועגן די געטער, מייסטנס פאַלשע פאָרשטעלונגען און — וואָס נאָך ערגער — זייער אַ סך, וואָס באַליידיקט ביז גאָר אונזער זיטלעכע עמפּינדונג. מען דאַרף דעריבער אָפּוואַרפן אַלע „מיטן", וועלכע דערציילן אומווירדיקעס וועגן די געטער — וואָסער איינדרוק מוזן מאַכן אויף דער יוגנטלעכער נשמה מיטן וועגן קאַמפן פון די הימלישע צווישן זיך אָדער וועגן געטער, וואָס ווערן, ווי איינמאָל אפילו צעאוס גופא, קנעכט פון זייער זינלעכער תאווה! מיר מוזן דעריבער צווינגען די דיכטער, זיי זאָלן דיכטן וועגן די געטער בלויז גוטס, ווייל עס האָט אַ אַנטשיידנדיקע באַדייטונג פאַר די צוקונפטיקע וועכטער זיי זאָלן באַקומען די ריכטיקע פאָרשטעלונג

וועגן וועזן פון דער גאָטהייט. זיי מוזן דעריבער שוין גאַנץ פרי באַגרייפן, אַז די גאָטהייט איז גוט און זי איז די סיבה בלויז פון גוטן, אַז זי איז אומפאַרענדערבאַר און זי פאַרמאָגט נישט דעם מינדסטן פאַלש, אַז זי איז אַבסאָלוט אמתדיק, אַז זי איז בכלל פּולקאָמען אין יעדער הינזיכט.

אויפן גרונד פון אַ ראַדיקאַלער קריטיק פון די מיטן, פון וועלכע מען דאַרף באַזייטיקן אַלץ וואָס אַנטראָפּאָמאָרפיש און זיטלעך-שעדלעך, קומט ער צו דער פאָדערונג (האָבנדיק אין אויג דעם וועכטער-שטאַנד) נישט נאָר צו פאַרטרייבן פון דער מלוכה האָמערן און די דראַמע, נאָר אַז די רעגירונג פון דער מלוכה זאָל האָבן אַ דויערנדיקן אויפזיכט איבער די ווערק פון די לעבעדיקע דיכטער ווי אויך פון די פּלאַסטישע קונסטן און פון דער מוזיק (אין ענגערן, אין הייַנטיקן זינען פון דאָזיקן וואָרט) און פון דער מעטריק, זי זאָל פון זיי באַזייטיקן אַלץ וואָס איז שלעכט, פאַרדאָרבן, אומאַנשטענדיק און זי זאָל צווינגען די דיכטער און קינסטלער צו שאַפן נאָר אַזעלכע ווערק, וואָס שטייען אין הסכם מיט אַ שטרענגער זיטלעכקייט און אַ געלייטערטער רעליגיעזיטעט. (דאָ קומט צום אויסדרוק צום ערשטן מאָל אין דער קולטורגעשיכטע פון מערב דער געדאַנק פון אַ מלוכהשער „צענזור", אפילו פון אַ „פאָרצענזור" איבער אַלע שאַפונגען פון קונסט און וויסנשאַפט.) דערדאָזיקער פּרינציפּ איז אומבאַדינגט נויטיק פאַר די אינטערעסן פון די וועכטער: ווען די מלוכה זאָל געבן די דיכטער און קינסטלער פולע פרייהייט ביים שאַפן און פאַרעפנטלעכן זייערע ווערק, דאַן וואָלטן די וועכטער געוואַרן אין גייסט מיט שלעכטע „בילדער", פּליקנדיק יעדן טאָג אומבאַוווסטזיניק אַ סך גיפטיקע בלומען, און אין זייער נשמה וואָלט אומבאַמערקט אויסגעוואַקסן אַ שרעקלעך בייז. —

ס'איז אָבער נישט גענוג, אַז די מיטן זאָלן נישט אַנטהאַלטן קיין שום שעדלעכעס; זיי מוזן פּאָזיטיוו באַזיצן אַזעלכע אייגנשאַפטן, זיי זאָלן טויגן צו דערוועקן און קרעפטיקן גראָד יענע טוגנטן, אין וועלכע דער וועכטער-שטאַנד גוי-

טיקט זיך אומבאַדינגט, — כדי צו קענען דערפילן זיין הויכע
אויפגאַבע, — בפרט די טוגנט פון מוט — דעריבער דאַרף
מען אָפּוואַרפן אַלע מיטן ווענן האַדעס, וועלכע קענען אַרויס־
רופן מורא פאַרן טויט — און פון זעלבסטבאַהערשונג (סאָפראָ־
זינע); פון צניעות, פון אויסהאַלטעוודיקייט (איר סימבאָל —
אַדיסעאוס) און פון דער צווייטער זייט — די אייניקייט פון
אַלע בירגער צווישן זיך און פון אמתדיקייט, ווייל זאָגן ליגנט
איז פאַר מענטשן לחלוטין נישט פּאַסיק; בלויז דעם פילאָזאָף־
רעגענט איז אין באַזונדערע פאַלן — צוליב טעמים פון מלוכה־
בויטוועכדיקייט — דערלויבט צו באַנוצן אַ נויט־ליגן.

צו דער מוזישער דערציאונג געהערט אויך די אויסביל־
דונג אין מוזיק און ריטמיק, ווייל פלאַטאָן שאַצט אויסערגע־
ווינלעך הויך זייער השפּעה אויף דעם כאַראַקטער. אויך זי
ווערט איינגאַנצן אונטערגעוואָרפן די באַדערפענישן פון דער
עטישער דערציאונג. דעריבער דאַרף מען איינגאַנצן אָפּוואַרפן
די ווייכלעכע, אין געפילן אָן אַ מאָס פאַרזונקענע, סענטימענ־
טאַלע אָדער מעלאַנכאָלישע לידישע און יאָנישע מוזיק, דאַ־
קעגן דאַרף מען זיך שטאַרק אָפּגעבן מיט דער דאָרישער און
פריגישער, ד. ה. זיך רעכענענדיק מיטן לעבן און דער לעבנס־
שטימונג פון די קריגער ווערט געגעבן פאָדערהאַנט דער הע־
ראָאישער מוזיק אַלס סימבאָל פון מוטיקייט, און פון דער צווייי־
טער זייט ווערט אויך געשעצט די פרידלעכע, מאָס־באַזיצנדיקע
אַלס סימבאָל פון איידעלער זעלבסטבאַהערשונג און מעסיקייט.
און פונקט אַזוי מוז די ריטמיק סיי פון טאַנץ סיי פון דיכ־
טונג דינען דערצו צו וועקן די פאַרשטענדעניש פאַר שיי־
נער סימעטריע און איידעלער שיינקייט. אָבער צום מהות פון
באמת מוזיק־געבילדעטן — און דאָס דאַרף דאָך ווערן דער
צוקונפטיקער וועכטער — געהער נאָך אַ וויכטיקערע זאַך: ער
מוז זיך אויסלערנען צו דערקענען אין זייער אורגעשטאַלט ווי
אויך אין זייער ערדישע אָפּשפּיגלונגען די אידייען פון
זעלבסטבאַהערשונג, מוטיקייט און פון אַנדערע טוגנטן, ווייל ערשט
דאַן וועט ער קענען באמת ריכטיק אורטיילן און האַנדלען,

דאָס איז אָבער מעגלעך נאָר אויפן וועג פון אַ לאַנגער דיאַ־לעקטישער אויסבילדונג.

די מוזישע בילדונג באַקומט איר נויטווענדיקע דערגאַנ־צונג אין דער גימנאַסטישער דערציאונג, וועמעס אמתער צוועק איז נישט אַזוי די פאַרגרעסערונג פון די קערפּער־כחות ווי די פעסטיקונג פון ווילן. נעבן דער יאַגד דינען דערצו קודם כל די קערפּער־איבונגען און די פאַרמעסטונגען אין דער פּאַ־לעסטראַ. יעדער פון די ביידע דערציאונגס־וועגן איז אומבאַ־דינגט נויטיק פאַר דעם צוקונפטיקן וועכטער פון דער מלוכה, ווייל פלאַטאָן קען די סכנות פון אַ איינזייטיקער מוזישער דערציאונג נישט ווינציקער ווי פון אַ בלויזער גימנאַסטישער דערציאונג. אויב די ערשטע פירט צו פאַרווייכלעכטקייט, פירט די צווייטע צו פאַרגרעבטקייט און צום אָפּקער פון יעדע וויסנ־שאַפט און גייסט־בילדונג. דעריבער איז אומבאַדינגט נויטיק אַ פולקאָמע אויסבילדונג אויף ביידע געביטן סיי פאַרן וועכ־טער סיי פאַר דעם צוקונפטיקן פילאָזאָף־רעגענט, ווייל זיי מוזן פאַראייניקן אין זיך די טוגנטן פון מוט, זעלבסטבאַהערשונג און וויסנשאַפטלעכער דערקענטעניש. ווייל ערשט די האַרמאָנישע צו־זאַמענווירקונג פון דער מוזישער און גימנאַסטישער בילדונג אויפן ווילן און אויף דער דענקפעאיקייט קען ברענגען צו האַרמאָניע די ביידע נשמה־כחות. די דערקענטעניש־קראַפט ווערט גענערט און געשטאַרקט דורך דיכטונג און וויסנשאַפט, אָבער דער ווילן ווערט געמילדערט און געצוימט דורך מוזיק און ריטם. ווייל נאָר דורך אַ גאָר שיינע „מישונג” פון מו־זישן און גימנאַסטישן פּרינציפּ קען דער מענטש דערגרייכן צו אַ פולקאָמער בילדונג און האַרמאָניע פון זיין אייגענעם וועזן.

מיט פולקאָמער מייסטערשאַפט שטעלט פלאַטאָן דעם גאַנצן געביט פון גייסטיקער און פיזישער בילדונג פון וועכ־טערשטאַנד אין דינסט פון איין־איינציקער אידייע: דעם וווילשטאַנד פון כלל, פון אָרגאַניזם, וועלכן דער גריך האָט גערופן „פּאָ־ליס”, און מיר — „מלוכה”.

# די קאָנסטיטוציע פון וועכטערשטאַנד.

די גרויסע מאַכט, וואָס איז פּאַראייניקט אין וועכטער־שטאַנד, טראָגט, ווי ס'דוכט זיך, אַ גרויסע געפאַר אין זיך: פון טרייע היטער קענען זיי פאַרוואַנדלט ווערן אין „וועלף" פאַר דער טשערעדע, וואָס איז זיי אָנגעטרויט געוואָרן, ד. ה. צוליב זייער קריגערישער דערציאונג און אָרגאַניזאַציע, קענען זיי ווערן דעספּאָטן פאַר דער איבעריקער באַפעלקערונג. אָבער די מוזישע דערציאונג פון די וועכטער שטערט כסדר די אַנט־וויקלונג פון דערדאָזיקער סכנה. נישט אומזיסט האָבן זיי זיך באַקענט מיט דער ממשלה פון די אידייען און דורכדעם במילא אויך מיט די הויכע טוגנטן פון באַשיידנקייט און גערעכטיקייט. אין דערזעלבער ריכטונג ווירקן אויך אַנדערע ראַדיקאַלע פאַר־שריפטן: כדי אין וועכטערשטאַנד זאָלן זיך נישט אַנטוויקלען קיין שום פּערזענלעכע אינטערעסן, כדי זיינע מיטגלידער זאָלן האַלטן דעם ווילשטאַנד פון כלל אַלס דעם איינציק־מאָסגעבנ־דיקן שטאַנדפּונקט פאַר זייער גאַנצן דענקען און האַנדלען, דאַרפן זיי אַליין נישט באַזיצן קיין שום פּריוואַט-אייגנטום, און זייערע שטיבער — אַלס קריגער וווינען זיי צוזאַמען אין אַ לאַגער און עסן פון איין טיש אויפן חשבון פון דריטן שטאַנד (פון אינדוסטריעלן) — מוזן צו יעדער צייט זיין צוטריטלעך פאַר יעדן בירגער. ווער עס איז עובר אויף דידאָזיקע פּרינציפּן, טרעט אַרויס פון וועכטערשטאַנד און גייט איבער אין שטאַנד פון די פּויערים און האַנטווערקער (דעמיורגען).

אָבער די מענער בילדן דאָך נאָר אַ העלפט פון וועכטער־שטאַנד. וועלכע אויפגאַבע האָבן די פרויען? אויף צו לייזן דידאָזיקע פראַגע גיט אונז אַ ווונק אַ אַנאַלאָגיע פון דער חיות־ממשלה: ביים באַשיצן אַ טשערעדע באַטייליקן זיך ווייב־לעכע וועכטערהינט פּונקט אַזוי גוט ווי מענלעכע, הגם די ווייבלעכע זענען שוואַכער. איז די נאַטור-נייגונג פון ווייבלעכן מין ביים מענטשן אויך אַזוי? אָדער אפשר פאַרמאָגן ביידע מינים פאַרשיידענע אייגנשאַפטן און זיי האָבן במילא פאַרשיי־

דענע אויפגאַבעס ? ביים באַטראַכטן דידאַקטישע פּראָבלעם, וואָס בילדעט אַ שטרייט-פראַגע ביזן היינטיקן טאָג, קומט פּלאַטאָן צום אויספיר — מאַכנדיק אַ אַנאַלאָגיע צו די פאַקטן אין דער חיות-ממשלה, — אַז דער איינציקער עיקרדיקער אונטערשייד צווישן מאַן און פרוי איז דער, וואָס דער מאַן מאַכט געבוירן און די פרוי געבוירט, אָבער אין אַלעם איבעריקן באַזיצן נישט ביידע מינים קיין שום פאַרשיידענע וויכטיקע אייגנשאַפטן, מער נישט וואָס די פרויען זענען קערפּערלעך שוואַכער. אויב דאָס איז ריכטיק, — און פּלאַטאָן האַלט דאָס פאַר אומבאַדינגט ריכ-טיק, — דאַן איז דערפון געדרונגען, אַז די פרויען זענען פעאיק צו דיזעלבע באַרופן ווי די מענער, זיי קענען אויך פאַרנעמען מלוכה-פּאָסטנס, אפילו די העכסטע, און זענען פע-איק צו קריגסדינסט. אָבער אין דאָזיקן פאַל פאָדערט דער אינטערעס פון דער מלוכה, אַז די פרויען, וואָס זענען פעאיק צום וועכטעראַמט — אמת, נאָר אַ קלענער טייל פון אַלע פרויען באַזיצט די נויטיקע באַגאַבונג דערצו, אָבער אויך פון די מענער זענען פּאַסיק פאַרן וועכטערשטאַנד בלויז געקליבענע — זאָלן דערצויגן ווערן גענוי צו דיזעלבע אויפגאַבעס און פליכטן ווי די מענער. דערפון פליסט אַרויס די פאָדערונג, אַז די מיידלעך, וואָס זענען פּאַסיק פאַר דעם וועכטעראַמט, זאָלן דערצויגן ווערן גענוי אויף דעמזעלבן אופן ווי די יינגלעך און בחורים, אַז זיי דאַרפן באַקומען די מוזישע און גימנאַסטישע בילדונג אין דערזעלבער מאָס ווי די יינגלעך, צוזאַמען מיט זיי, נאַ-טירלעך. זיי וועלן דעריבער טורנען, קעמפן און לויפן אין דער פּאַלעסטראַ פונקט אַזוי נאַקעט ווי די יינגלעך און מענער און צווישן זיי — מען וועט זיך צו דעם צוגעוווינען, — זיי וועלן זיך לערנען רייטן און פעכטן פונקט ווי די מענער, און ווען מען וועט דאַרפן — אויך גיין מיט זיי צוזאַמען אין קריג. —

אַזוי אַרום, אויפן סמך פון די כלומרשט גלייכע אייגנ-שאַפטן פון ביידע מינים פאָדערט פּלאַטאָן אויך פאַר דער פרוי גלייכע רעכט און פליכטן. און די דערפילונג פון דעראָזיקער

פֿאָדערונג איז לויט זיין מיינונג נישט נאָר מעגלעך, נאָר דאָס איז אויך דאָס בעסטע פֿאַר דער גאַנצער מלוכה. ווייל נאָר אויפֿן דאָזיקן אופֿן וועלן אַלע באַגאַבטע נאַטורן אינגאַנצן געשטעלט ווערן אין דינסט פֿון דעם כּלל.

דער ווייל פֿון דער מלוכה פֿאָדערט אָבער נאָך גאַנץ אַנדערע מיטלען. פּונקט ווי דאָס פּריוואַטאייגנטום, אַזוי מוז אויך פֿולשטענדיק אָפּגעשאַפֿט ווערן דער התונה-אינסטיטוט און עס דאַרף איינגעפֿירט ווערן אינם וועכטערשטאַנד אַן אַלגעמיינע ווייבער- און קינדער-געמיינשאַפֿט: דער געזעצגעבער, ד. ה. די רעגירונג ווײלט אויס פֿאַר איינצלנע מענער פֿרויען, וואָס זענען גאָר ענלעך צו זיי און פֿירט זיי צונויף. דאַן וועלן זיי דורך דער לחלוטנדיקער לעבנסגעמיינשאַפֿט און דורך דעם צוואַנג פֿון נאַטור-דראַנג געטריבן ווערן צו געשלעכטלעכער פֿאַראייניקונג. אָבער אַ נישט-ריכטיקע פּאָרונג איז שטרענג פֿאַרבאָטן מצד דער רעגירונג. דידאָזיקע לעצטע אָרדנט איין לויט דער מעגלעכקייט „הייליקע חתונות", וועלכע ווערן דורכגעפֿירט לויט די פּרינציפּן פֿון דער ראַסנביאָלאָגיע, ווי מיר טוען דאָס ביי אונזערע שטוב-חיות, כּדי צו פֿאַראיידלערן דעם מין: דורך ספּעציפֿישע מיטלען מצד דער רעגירונג ביים גורל-ציען (צום נוצן פֿון די באַהערשטע איז דאָ אויך דערלויבט פֿאַלשקייט און אָפּנאַרעריי) וועלן די גייסטיק- און קערפּערלעך-טיכטיקסטע מענער צוזאַמענגעפֿירט ווערן מיט די טיכטיקסטע פֿרויען אויף פּאָרן זיך, און די מינדערווערטיקע מיט די מינדערווערטיקע. בחורים, וועלכע האָבן זיך באַזונדערס שטאַרק אויסגעצייכנט אין קריג אָדער אויף אַנדערע געביטן, זאָל אַלס באַלוינונג — אַ חוץ אַנדערע אויסצייכנונגען — דערלויבט ווערן אַ אָפּטערער פֿאַרקער מיט אַנטשפּרעכנדיקע פֿרויען, כּדי אויך דורכן דאָזיקן אויסרייד געבן אַ מעגלעכקייט טיכטיקע מענער צו האָבן וואָס מער קינדער. אָבער נאָר די קינדער פֿון די בעסטע דאַרפֿן אויסגעכאָוועט ווערן, די קינדער פֿון די אַנדערע אָבער נישט, „אויב מען וויל, אַז די טשערעדע זאָל זיין וואָס פֿולקאָמער". אָבער כּדי די מלוכה זאָל באַ-

קומען די בעסטע קינדער און די ראַסע זאָל אויף אַזאַ אופן דערגרייכן אַלץ אַ גרעסערע פאַרפולקאָמונג, דאַרפן פאָרקומען פאַרונגען נאָר צווישן אַזעלכע מענער און פרויען, וועלכע געפינען זיך אין הויך־פונקט פון זייער קראַפט, ד. ה. מענער אין עלטער פון 25 ביז 55, און פרויען פון 20 ביז 40 יאָר, אָבער אויך דידאָזיקע פאַרונגען דאַרפן פאָרקומען נאָר מיטן וויסן און ווילן פון דער רעגירונג.

די קינדער, וואָס קומען אַרויס פון אַזעלכע „הייליקע חתונות", ווערן גלייך נאָך דער געבורט צוגענומען פון די מוטערס און אויף וויפל זיי שטאַמען אָפּ פון טיכטיקע עלטערן און זיי זענען געבאָרן געוואָרן גוט־אַנטוויקלטע, ווערן זיי דערצויגן אין אַ באַזונדער קוואַרטאַל דורך ספּעציעלע באַאַמטע, וואָס באַשטייען פון מענער און פרויען, בעת די קינדער פון מינדערווערטיקע עלטערן און אויך די פאַרקריפּלטע אָפּשטאַמיקע פון די אַנדערע ווערן געטויט אויף אַ געהיימען אָרט. ביי די אָבער, וועלכע ווערן אָנערקענט אַלס לעבנספעאיקע, דאַרף מען שטרענג אַכטונג געבן, אַז זייערע טאַטעס און מאַמעס זאָלן זיי נישט קענען. אָבער אַלע קינדער, וועלכע געהערן צום זעלבן דור, הייסן ברידער און שוועסטער, און די מענער און פרויען, וואָס זענען עלטער פאַר זיי מיט אַ דור — טאַטעס און מאַמעס.

וואָס האָט געבראַכט אַזאַ דענקער ווי פּלאַטאָן צו אַזעלכע כאָדנע פאָדערונגען? אויב עס איז דאָס גרעסטע אומגליק פאַר אַ מלוכה, ווען זי איז צעשפּאָלטן אָדער צעריסן אין „קלאַסן" און פאַרטייען, איז פאַר איר די גרעסטע מזל־ברכה, ווען זי בילדעט אַ פעסטעס, איינהייטלעכעס גאַנצעס. די פעסטע באַנד אָבער, וואָס בינדט צונויף אַלע בירגער, איז די געמיינשאַפט אין פרייד און ליידן: ווען אַלע בירגער פרייען זיך אָדער טרויערן איבער דיזעלבע געשעענישן, ווען זיי פילן זיך אַלע ווי איין־איינציקער לעבעדיקער אָרגאַניזם, וואָס ווערט אינגאַנצן עלעקטריזירט דורך דער פאַרוואונדונג פון איינעם פון זיינע גלידער. דאָס קען אָבער דערגרייכט ווערן בלויז דאַן,

ווען עס ווערט דערשטיקט שוין אין שפּראָצל די אַנט־שטייאונג פון וועלכע נישט איז איינצל־אינטערעסן. אָבער דער מקור פון די איינצל־אינטערעסן ווי בכלל פון יעדער אַרט פערזענלעכע פניות פון די בירגער איז פון איין זייט דאָס פּריוואַט־אייגנטום, און פון דער צווייטער די חתונה און די פאַמיליע, וואָס אַנטוויקלט זיך פון איר. פּלאַטאָנס פאָדערונג פון דער „קאָמוניסטישער" אָרדנונג אין וועכטער־שטאַנד, וואָס זיינע מיטגלידער באַזיצן נישט מער ווי זייער קערפער, ווי ער אַליין דריקט זיך אויס איינמאָל, שטאַמט בולט פון דער כוונה צו דערגרייכן דורכדעם די אַבסאָלוטע אינערלעכע איינהייט פון זיין מלוכה, ווייל דורך באַזייטיקן אַלע איינצל־אינטערעסן (און דורך דער אַנטשפּרעכנדיקער דערציאונג פון די בירגער) האָפט ער צו שאַפן צווישן זיי דעם פולקאָ־מענסטן געמיינשאַפטס־געפיל.

מיר קענען דאָ נישט געבן קיין אויסשעפּנדיקע קריטיק פון דאָזיקן פּלאַטאָנישן קאָמוניזם, וועלכער האָט נישט מיט דעם מאָדערנעם, ווי ווינדעלבאַנד האָט דאָס שוין ריכטיק באַטאָנט, 1) קיין שום אינערלעכע קרובהשאַפט, — ווייל פאַר די מיטגלידער פון וועכטערשטאַנד איז געמיינזאַם בלויז זייער מותר זיין אויף די ערדישע ווערטן, — ווי אויך נישט פולשטענדיק אויס־שיילן זיינע מאָטיוון און די היסטאָרישע וואָרצלען; מיר מוזן זיך דאָ באַנוגענען מיט אייניקע רמזים.

מיר ווייסן, אַז שוין פאַר פּלאַטאָנען האָט מען אין געוויסע סאָפיסטישע קרייזן פון אַטען טעאָרעטיש געפאָדערט קאָמוניזם און ווייבער־געמיינשאַפט — ס'איז גענוג צו פאַרגלייכן אַריס־טאָפאַנעסעס עקלעזיאַצוזן, — אָבער צו מאָטיווירן דידאָזיקע פאָדערונגען מיט דעם אינערלעכן מלוכה־ווילשטאַנד איז קיינעם פאַר פּלאַטאָנען נישט איינגעפאַלן, און בלויז דערדאָזיקער שטאַנדפונקט האָט אים באַוויגן אויפצונעמען דידאָזיקע פאָ־דערונגען און זיי פאַרטיידיקן מיט זיין גאַנצן ערנסט. אומדי־

---

1) פּלאַטאָן, זייט 164.

רעקט האָט דאָ שטאַרק מיטגעווירקט פּלאַטאָנס נישט קענען די באַדייטונג פון די אינדיווידועלע אונטערשיידן פון די מענטשן, באַזונדערס אָבער פון זייער אומפּאַרטיליגבאַרן עגאָאיזם און — בנוגע דער געמיינשאַפט פון פרויען און קינדער — פּלאַטאָנס פולשטענדיקע אומבאַקאַנטשאַפט מיט דער נשמה-אייגנאַרטיקייט פון דער פרוי און פון איר באַזונדערן ווערט און באַזונדערער באַשטימונג, וואָס פליסן אַרויס דערפון; דעריבער האָט ער אויך נישט פאַרשטאַנען די גייסטיקע זיטלעכע באַדייטונג פון דער חתונה און במילא פון דער פרוי אַלס ווייב און נאָכמער אַלס מוטער, אַן אומפאַרשטענדעניש, וואָס וואָרצלט אין לעצטן סך-הכל אין פּלאַטאָנס פערזענלעכער אינדיפערענטקייט צום ווייבלעכן מין.

אָבער אויך היסטאָרישע פאַקטאָרן פון מלוכה-לעבן האָבן געווירקט פּאָזיטיוו אויף דער אויסבילדונג פון פּלאַטאָנס מלוכה־טעאָריע: פון איין זייט געוויסע שטריכן פון דער ספּאַרטאַנישער קריגער־מלוכה און פון לעבנספיר, וואָס הערשט אין איר, און פון דער צווייטער פּלאַטאָנס טיפע קעגנערשאַפט צום קולטור־ און מלוכה־אידעאַל, וועלכן פעריקלעס האָט זיך באַמיט צו פאַרווירקלעכן אין זיין אָנפירונג מיט אַטען און טוקידידעס האָט אים כאַראַקטעריזירט אין זיין אינערלעכסטן וועזן אין דער אייביק-אומפאַרגעסלעכער „טויטנרעדע", ווייל פּלאַטאָנס סאָציאַליזם, וועלכער האָט, פאַרשטייט זיך, גאַנץ אַנדערע מאָטיוון און צילן ווי דער מאָדערנער, באַדייט גלייכצייטיק אַ טיף־גרייכנדיקע רעאַקציע קעגן פעריקלעסעס אינדיווידואַליזם, ווי מאַקס פּאָלענץ האָט דאָס נאָך דאָ נישט לאַנג איבערצייגנדיק געשילדערט. —

וועגן דעם, אַז דער פּלאַטאָנישער „קאָמוניזם" איז באמת פונדאַמענטאַל פאַרשידן פון דעם היינטצייטיקן, איז נישט נויטיק קיין סך צו רעדן; נאָך דעם אויבנגעזאָגטן איז גענוג מרמז צו זיין אויף דעם: דער מאָדערנער קאָמוניזם באַזירט דורכאויס אויפן מאַטעריאַליזם, ער אָריענטירט זיך ריין־ווירט־

שאַפטלעך און סאָציאַל־פּאָליטיש; 1) פלאַטאָנס דאקעגן
איז געבאָרן געוואָרן פון דער ראַדיקאַלער קאָנסעקווענץ
פון אַ ריין־זיטלעכער אידייע. ער איז אינדעראמתן אַ באַשאַף
פון זיין „וועלטפרעמדן" אידעאַליזם, וועמען עס זענען דערביי
לחלוטין נישט אָנגעגאַנגען די ווירטשאַפטלעכע און סאָציאַל־
פּאָליטישע מאָטיוון, ווי דאָס ווייזט שוין זיין באַשרענקען זיך
מיטן הערשנדיקן שטאַנד, בעת דעם דריטן, נישט דער ערך
צאָלרייכערן שטאַנד לאָזט ער רואיק איבער סיי דאָס פּריוואַט־
אייגנטום, סיי דעם התונה־אינסטיטוט און די פאַמיליע.



פונם וועכטער־שטאַנד קומען אַרויס די פ י ל אָ ז אָ פ ן־
ר ע ג ע נ ט ן, די אייגנטלעכע הערשער פון דער מלוכה. זייער
מאַכט איז אומבאַגרעניצט און זי שטייט אין דינסט פונם כלל־
ווילשטאַנד. זיי אַליין טראָגן די אחריות פאַרן וויל און לייד
פון דעם כלל. דער אָפּקלייב און די אויסבילדונג פון די רע־
גענטן האָט דעריבער אַ גרויסע באַדייטונג. נאָר דער איז
פּאַסיק צו רעגירן, ווער עס באַזיצט אין דער העכסטער מאָס
די אייגנשאַפטן, וועלכע מען פאָדערט פון אַ רעכטן וועכטער:
פון אַ עכטן קריגס־מאַן און פון אַ עכטן פילאָזאָף; ער מוז
קערפּערלעך זיין קרעפטיק און געשיקט, דערעיקר אָבער מוטיק,
פון דער צווייטער זייט מוז ער פאַראייניקן אין זיך רואיקע
געלאַסנקייט און דעם שטאַרקסטן דערקענטעניש־דראַנג. ווייל
נאָר דערדאָזיקער דראַנג קען אים ברענגען נאָך אַ לאַנגער
אויסבילדונג צום דערקענען דאָס אייביק־עקזיסטירנדיקע, לויט
וועמעס אורבילד ער וועט מיט דער צייט, — געמיינזאַם
מיט אַנדערע גלייכגעריכטעטע און גלייכגעבילדעטע דענקער, —
אָנפירן מיט דער מלוכה. די רעגענטן אַליין זענען עטלעכע

---

1) דער מחבר פאַרגעסט אָדער ער וויל פאַרגעסן דעם גערעכטיקייטס־
מאָמענט פונם מאָדערנעם סאָציאַליזם. (דער איבּ).

מענער, וועלכע האַכן מיט איפער איבערן וויל פון דער מלוכה. זיי זענען פול מיט טיפסטער ליבע צום כלל; זיי ווייסן דאָך, אַז סיי זייער אייגענער וויל, סיי דער וויל פון יעדן איינצלנעם איז אומצערייסבאַר פאַרבונדן מיטן וויל פון דער מלוכה. דורך אַ לאנגן, זארגעוודיקן אָפּקלייב און אַ סיסטעמאַטישער אויסבילדונג קומען די רעגענטן אַרויס פון וועכטערשטאַנד. שוין די ייִנגלעך און בחורים ווערן פּלאַנמעסיק געשטעלט פאַר אַ סך נסיונות—פון מורא נישט ווינציקער ווי פון ‚וסט — כדי מען זאָל קענען אויסטיילן די־יעניקע, וועלכע שטייען זיי גוט בײַ און בלייבן געטריי דער גרונדריכטונג פון זייער דערציאונג. נאָכדעם ווי די בחורים און מיידלעך ווערן דערצויגן נעבן דער מוזישער בילדונג אויך אין טעגלעכער גימנאַסטיק, ווערט געמאַכט צווישן זיי אַן אָפּקלייב פון די־יעניקע (נאָכדעם ווי זיי דערגרייכן זייער צוואנציקסטן לעבנס־יאָר), וועלכע ווייזן זיך אַרויס באַזונדערס פּאַסיק פאַר ווי ס נ־ש אַ פ ט ל ע כ ע ר אויסבילדונג: דידאָזיקע באַקומען אַ גרינדלעכע פאָרבילדונג דורך די מאַטעמאַטישע וויסנשאַפטן (אַריפמעטיק, געאָמעטריע, סטערעאָמעטריע, אַסטראָנאָמיע, האַרמאָניק), ווייל דידאָזיקע זענען — אין אַ געוויסער מאָס פּראָפּעדויטיש— באַזונדערס צוגעפּאַסט דערצו, זיי אַוועקצופירן פון דער וועלט פון ווערן צו דער דערקענטעניש פון עקזיסטירנדיקן, ווי די אַריפמעטיק, למשל, לערנט אונז אויפצונעמען נישט די געציילטע געגנשטאַנדן, נאָר די צאָלן ג ו פ א. נאָכדעם ווי זיי פאַרענדיקן זייער דרייסיקסטן לעבנס־יאָר, קומט ווידער פאָר אַן אָפּקלייב פון די, וועלכע פּאַסן זיך באַזונדערס פאַרן שטודיום פון דער דיאַלעקטיק, אַלס דער וויסנשאַפט פון באמת־עקזיסטירנדיקן. דידאָזיקע אויסבילדונג דויערט פינף יאָר. דערנאָך טרעטן דידאָזיקע מענער [און פרויען] אַריין אויף 15 יאָר אין אוממיטלבאַרן מלוכה־דינסט, צי אַלס פירער אין קריג אָדער אויף באַשטימטע מלוכה־אַמטן, און אויב זיי ווייזן אַרויס אין דער־דאָזיקער צייט זייערע פעאיקייטן, אויב זיי באַשטייען גוט אַלע נסיונות, דאַן דאַרף מען זיי — נאָכדעם ווי זיי ווערן אַלט

פופציק יאָר — פירן צום ציל פון אַלע דערקענטעניש: צום באַגרייפן די אידייע פון דאָס גוטע. האָבן זיי באַגריפן די דאָזיקע אידייע, דאַן זאָלן זיי דעם רעשט פון זייער לעבן אָפּגעבן דער אָרדנונג פון דער מלוכה און זייער אייגענער נשמה, מייסטנטיילס זיך ווידמענדיק דער פילאָזאָפיע, אָבער ווען מען נויטיקט זיך אין זיי דאַרפן זיי נעמען אויף זיך די מאַטערנישן און לאַסטן פון דער מלוכה-פאַרוואַלטונג — נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיי האָבן ליב די וועלט פון אייביק עקזיסטירנדיקן, וועלכער זיי וואָלטן זיך צום ליבסטן אינגאַנצן געווידמעט אויף שטענדיק — דורך איבערנעמען די אחריות פון רעגירן לטובת דער מלוכה, וואָס איר וויל איז אויך פאַרן פילאָזאָף — און פאַר אים נאָך מער ווי פאַר אַלע אַנדערע בירגער — דער העכסטער געזעץ. ווייל דער ציל פון דער מלוכה איז נישט דאָס גליק פון אַ איינצלנעם שטאַנד, אויך נישט פון דעם העכסטער- אָדער רעגענטן-שטאַנד, נאָר דאָס וויל פונם כלל. דער וואָס איז באַרופן אָפּצוהיטן דעם וויל פון דער מלוכה מוז קודם כל אַכטונג געבן, אַז אין דער מלוכה זאָל נישט אַריינדרינגען קיין רייכקייט אָדער אָרימקייט, וועלכע וועלן אויפן שווערסטן אופן שעדיקן די איינהייטלעכקייט פון כלל-אָרגאַניזם. צוליב דעמזעלבן גרונד טאָר ער נישט דערלאָזן, אַז די מלוכה, ד. ה. די צאָל פון אירע בירגער זאָל ווערן צו גרויס.

אַ צווייטע וויכטיקע פליכט פון רעגענט איז די נאָמינירונג פונם סאָציאַלן אויפשטיג און אַראָפּשטיג: אויפן סמך פון זייער אויספּרובירן די פעאיקייטן פון די איינצלנע ייִנגלעך און מיידלעך פון די דריי שטאַנדן זענען זיי נישט נאָר באַרעכטיקט, נאָר אויך פאַרפליכטעט אַריבערצופירן קינדער פון איין שטאַנד אין צווייטן, זיך רעכענענדיק בלויז מיט דעם, פאַר וועלכן שטאַנד עס זענען אַממיינסטן צוגעפּאַסט די אייגנשאַפטן פון באַטרעפנדיקן קינד.

אָבער די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון די הערשנדיקע איז די אויפזיכט איבער דער גאַנצער דערציאונג און בילדונג פונם אויפוואַקסנדיקן דור. ווען די צוקונפטיקע בירגער באַ-

קומען דידאָזיקע דערציאונג אויפן ריכטיקן אופן, דאַן קומט שוין דאָס איבעריקע במילא. דעריבער דאַרף מען נישט צולאָזן קיין שום נייסן אין דער גימנאַסטישער און מוזישער בילדונג (אויך אין דער אייגנטלעכער מוזיק), חייל נייסן אין בילדונגס-וועזן שטעלן אין סכנה די יסודות פון דער מלוכה. אַ באַזונ-דערע אויפמערקזאַמקייט דאַרף געלייגט ווערן אויף דער דער-ציאונג פון פריען קינדער-עלטער, כדי דער חוש פאַר דאָס געזעצלעכע זאָל שוין ביי דער יוגנט ווערן די צווייטע נאַטור.

חוץ דער אָנפירונג מיט דער גאַנצער דערציאונג און בילדונג פון צוקונפטיקן בירגער איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבעס פונם רעגענט די ראַסנפּאָליטיק, ווי מיר האָבן זי אויבן געשילדערט. אָבער דער העכסטער ציל פונם רעגענטס גאַנצער טעטיקייט בלייבט די געזונטקייט און די אַלץ-ווייטערע פאַרפולקאָמונג פון דער מלוכה אין אַלע אירע גלידער. פאַר דער מלוכה-געזונטקייט בילדעט דעם יסוד די איינהייטלעכ-קייט פון דער מלוכה, וואָס באַזירט אויפן געמיינשאַפטס-געפיל פון אַלע אירע בירגער — כדי צו דערגרייכן דידאָזיקע איינ-הייטלעכקייט דאַרפן זיך ד׳י רעגענטן נישט אָפּשטעלן אפילו פאַר געלעגנהייטס-פעלשונגען (זאָגן ליגן צוליב אַ העכערן צוועק), — פאַר דער מלוכה-פאַרפולקאָמונג זאָרגט אַ חוץ דער דערציאונג — די ראַסנפּאָליטיק; אַזוי אַרום, דורך דער געמיינ-זאַמער ווירקונג פון דידאָזיקע ביידע פאַקטאָרן באַקומט די מלוכה אַלץ מער פולקאָמענע אינדיווידוען אַלס בירגער.

דידאָזיקע מלוכה, וועלכע פאַרקערפּערט די גערעכטיקייט, איז גלייכצייטיק די גליקלעכסטע. אַז זי איז — ביי געוויסע באַדינגונגען — מעגלעך, אין דעם גלויבט פּלאַטאָן, און אַז זי איז די בעסטע, וועלכע מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן, אין דעם איז ער פעסט איבערצייגט. פּלאַטאָנס דאָזיקער געדאַנקען-בנין באַזירט אויף אַ געוואַלדיקן אידעאַליזם: אויף דעם פעלזנ-פעסטן גלויבן אין דער מאַכט פון די אידייען, אין דער מעג-לעכקייט אויסצולערנען די טוגנט (אויפן דאָזיקן גלויבן באַזירט

דאָך זײַן גאַנצע דערציאונגס- און בילדונגס-סיסטעם) און אין דער געהויערנער גוטסקייט פון דער מענטשלעכער טבע.

דידאָזיקע מלוכה איז לויט איר מהות דורך-און-דורך קאָנסערוואַטיוו, ווײַל אין קיין איין פּונקט געפינען מיר נישט אין איר דעם פּרינציפּ פון אַנטוויקלונג אָדער פּראָגרעס אין קונסט און וויסנשאַפט, ווײַל זי איז פולקאָם. (פּלאַטאָנס דאָזיקע אָנשויאונג וועגן דער מעגלעכקייט פון אַ סטאַבילן כּלל-לעבן פאַר אַלע צייטן האָט איר מקור, ווי פאָן ווילאַמאָוויץ האָט אויפגעוויזן, אין דער עמפּיריע: אין דעם אײַנדרוק, וועלכן עס האָט געמאַכט אויף פּלאַטאָנען די עגיפּטישע מלוכה מיט איר אוראַלטער, אין משך פון יאָרטויזנטער דויערנדיקער קולטור, בעת דער פילאָזאָף איז דאָרט געווען.) די פּלאַטאָנישע מלוכה איז אָבער, נישט געקוקט אויף אירע דריי שטאַנדן, בשום אופן נישט קיין קלאַסנמלוכה, ווײַל ווי שאַרף עס זאָל נישט זײַן דער חילוק צווישן לעבן און די אויפגאַבעס פון יעדן שטאַנד לגבי דעם צווייטן, זעען מיר דאָך אָבער, אז עס קומט כּסדר פאָר אַן אַרויפשטיג פון די באַגאַבטע און אַ אַראָפּשטיג פון די אומבאַגאַבטע, אַן ארויפשטיג און אַ אַראָפּשטיג, וועלכע ווערן רעגולירט דורך דעם פילאָזאָף-רעגענט. און נישט געקוקט אויף דער קאָמוניסטישער קאָנסטיטוציע פונם וועכטערשטאַנד און די איבעריקע סאָציאַליסטישע פאָרשריפטן איז דידאָזיקע מלוכה דורכאויס אַן אַ ר י ס ט אָ ק ר אַ ט י ע, אַ הערשאַפט פון די בעסטע, ד. ה. פון די פילאָזאָפן-רעגענטן, וואָס זענען דער אָפּקלײַב פון די אָפּקלײַבן פון דער גאַנצער באַפעלקערונג לויט זייערע וויסנשאַפטלעכע דערקענטעניש און במילא לויט זייער זיטלעכער טיכטיקייט.

און פונדעסטוועגן איז לײַכט אויסצוגעפינען די גרונד-פעלערן פון דערדאָזיקער „בעסטער מלוכה”: קודם לאָזט פּלאַטאָן אַרויס פון אויג, אַז דער יסוד פון דער מלוכה, ד. ה. פון יעדער לעבנספעאיקער מלוכה איז די מאַכט, דורך וועלכער זי פאַרטיידיקט איר עקזיסטענץ כּלפּי חוץ, און דעריבער האָט האָט די מלוכה נאָך גאַנץ אַנדערע אויפגאַבעס ווי די זיטלעך-

רעליגיעזע דערציאונג פונם איינצלנעם בירגער. אויך די באַדייטונג פון ווירטשאַפטלעכן מאָמענט ווערט שטאַרק אונטערגעשעצט, הגם ביי געוויסע געלעגנהייטן ווערט ער ערנסט גענומען אין אַכט. און דער נאַציאָנאַלער מאָמענט פעלט לגמרי אין דערדאָזיקער מלוכה (אַלס באַשטימענדיקער מאָטיוו), הגם זי טראָגט אויף זיך אַ דורכאויס העלענישן שטעמפּל, ווי דאָס ווייזט שוין איר פּראָגראַם פון דער מוזישער און גימנאַסטישער דערציאונג, די הערשאַפט פון די, וואָס זענען גוט באַהאַוונט אין דער העכסטער וויסנשאַפט און די שטאַרק-אינטעלעקטואַליסטישע אויפפאַסונג פון דער טוגנט פון אירע בירגער. אָבער דערעיקר פאַרגוואַלדיקט דידאָזיקע קאָמוניסטיש-אָרגאַניזירטע מלוכה דעם אינדיווידואום אין זיינע אינערלעכסטע נשמהדיקע און גייסטיקע באַדערפענישן אויף אַן אומדערהערטן אופן: דאָס אָפּשאַפן דעם פּריוואַט-אייגנטום און דער עיקר דעם התונה-און פאַמיליע-אינסטיטוט זענען און בלייבן אומגעהייערע טעותן פון פּלאַטאָן דעם אידעאַליסט, וואָס זייערע פּסיכאָלאָגישע און היסטאָרישע דערקלערונג איז שוין אויבן סקיצירט געוואָרן. די פּלאַטאָנישע מלוכה ווייזט אָבער אויך אויף אַ שווערע אומקענטעניש פון דער אמתער מענטשנגאַטור: ער נעמט בכלל נישט אין חשבון דעם עגאָאיזם, דעם „ווילן צו האָבן וואָס מער“, — כּדי צו ריידן אַריסטאָטעליש, — פון די איינצלנע אינדיווידוען. *)

דאָס אָבער איז קודם כל די differentia specifica פון דעם פּלאַטאָנישן מלוכה-אידעאַל: אַלע אַנדערע מלוכה-טעאָריעס (אָדער היסטאָרישע מלוכהס) פון גריכישע דענקער — אויך פון די ערשטע „סאָציאַליסטן“ פאַלעאַס פון קאַלצעדאָן און היפּאָדאַמאָס פון מילעט — זענען אָנגעצייכנט געוואָרן פון ריין-פּאָליטישן אָדער פון ריין-סאָציאַלן שטאַנדפּונקט; דאַקעגן פּלאַטאָנס מלוכה איז דורכאויס עטיש אָריענטירט

*) ווי מען זעט איז די קריטיק פון פּלאַטאָנס מלוכה צוגעשניטן לויטן קאָנסערוואַטיוו-יונקערשן מוסטער, און זי איז שרעקלעך פלאַך. (דער איב.)

— זי וויל פאַרווירקלעכן די אידייע פון גערעכטיקייט, דורכדעם וואָס יעדער פון זיינע דריי שטאַנדן פאַרווירקלעכט די טוגנט און די אויפגאַבעס, וואָס זענען אים אייגן — און זי איז מעטאַפיזיש פאַרוואָרצלט: די וועלט פון די אייביק אומפאַרענדערטע מהותן און איר — ווי פון יעדער עקזיסטענץ און דערקענטעניש — צענטראַל-זון: די אידייע פון דאָס גוטע, וועלכע אירע אָנפירער, די פילאָזאָפן-רעגענטן, האָבן דערקענט — די „אידייען" זענען דער מאָסגעבנדיקער מוסטער, לויט וועלכן די רעגירנדיקע גיבן תמיד אכטונג אויף די געזעצן און שטרעבונגען, בכלל אויף אַלע אויסערלעכע און אינערלעכע געשעענישן אין דער מלוכה, בפרט אויפן גייסטיק-זיטלעכן געביט; די מלוכה, דידאָזיקע געמיינשאַפט, וואָס איז געבילדעט פון שטערבלעכע יחידים מיט אַ אומשטערבלעכער נשמה, איז אַזוי אַרום אין איר אויפבוי ווי אין איר אַלץ-באַהערשנדיקער גרונדאידייע אַן אָפּשפּיגלונג פון דאָס אייביקע, וועלכעס עס קענען אויפפאַסן בלויז די פילאָזאָפן, וועלכע זענען אויסגעשולט דורך די מאַטעמאַטישע וויסנשאַפטן און דורך דער דיאַלעקטיק; דעריבער זענען נאָר זיי אַליין אירע אָנפירער, ווייל נאָר זיי אַליין קענען נאָכקאָפּירן אויף דערדאָזיקער וועלט דאָס אורבילד פון דעם אייביקן. אין דידאָזיקע ביידע מאָמענטן ליגט דער ספּעציפישער אונטערשייד פון דער „פּלאַטאָנישער פּאָליטעיאַ" פון אַלע אַנדערע שאַפונגען פון דער מלוכה-פילאָזאָפיע ביז צום היינטיקן טאָג. און טאַקע אויף דידאָזיקע ביידע מאָמענטן באַזירט איר אייביקע באַדייטונג.

• •
•

אויך נאָכדעם, ווי ער האָט פאַרענדיקט זיין הויפּט-ווערק, האָט פּלאַטאָן נישט אויפגעהערט נאָכצודענקען וועגן וועזן און דער אויפגאַבע פון דער מלוכה. דער רעזולטאַט פון דאָזיקן דענקען זענען צוויי ווערק, דער דיאַלאָג וועגן „מלוכה-מאַן"

(פּאָליטיקאָס) און די „געזעצן”. דידאַקטיזיקע ווערק פון זיין עלטער ווייזן אויף כאַראַקטעריסטישע אונטערשיידן לגבי דעם געדאַנקענבוי פון דער „מלוכה”: די קאַלטע אויפנאַמע פון דער „פּאָליטעיא” ביים ברייטן עולם, אָבער קודם כּל די דערשיטערנדיקע דערפאַרונגען פון דער צווייטער און דריטער סיצילישער רייזע האָבן קאָנטיק אַראָפּגעדריקט דעם הויכן גייסטשווונג פונם אידעאַליסט. דאָס לאָזט זיך שוין מערקן אין דיאַלאָג וועגן מלוכה-מאַן, ווו ער פאַררופט זיך אויף דער צענטראַלער דאָגמע פון דער פּלאַטאָנישער פילאָזאָפיע — דער אידייענלערע — בלויז פון צייט צו צייט און דאָס אויך נישט מער ווי מיט אַ רמז. און וועגן אויפבוי פון דער מלוכה אָדער גאָר וועגן קאָמוניסטישן אידעאַל ווערט נישט דערמאָנט אַפילו מיט קיין איינציק וואָרט; פּלאַטאָן באַשרענקט זיך דאָ מיט פעסטשטעלן דעם מהות פון אמתן מלוכה-מאַן אָבער אויך דאָ האַלט ער זיך פעסט ביי די אַנטשיידנדיקע גרונדגעדאַנקען פון זיינע פּאָליטישע אָנשויאונגען: אַן אמתער מלוכה-מאַן איז נאָר דעריעניקער, ווער עס באַזיצט דאָס אמתע וויסן — וועגן דאָס אמת שיינע, גוטע, גערעכטע און אַז. וו. און וועגן זייער קעגנזאַץ — (ד. ה. דער דיאַלעקטיקער, וועלכער האָט באַגריפן די אידייען מיט זיין גייסט). אָבער אַזאַ וויסן, ווי יעדע אמתע וויסנשאַפט און קונסט, איז נישט דערגרייכבאַר פאַר דער „מאַסע”, דעריבער קען דידאַקטיזיקע נאָר געפירט ווערן אָבער נישט פירן. (אויך דאָ קומט צום אויסדרוק דער אַריסטאָקראַטישער כאַראַקטער פון פּלאַטאָנס סאָציאַל-פּאָליטישן דענקען.) אויך די פאַרזיטלעכונג פונם מלוכה-באַגריף איז אין „פּאָליטיקאָס” דורכאויס דיזעלבע ווי אין דער „מלוכה” און אפילו שוין אין „גאָרגיאַס”. פאַר פּלאַטאָנען איז קיין שום ספק נישטאָ, אַז דער אמתער מלוכה-מאַן דאַרף הערשן אָן געשריבענע געזעצן, ווייל אויך אָן דידאַקטיזיקע וועט ער תּמיד האַנדלען אין הסכם מיטן פאַרשטאַנד און דער גערעכטיקייט. 1) אָבער — און דאָס איז

---

1) פונקט אַזוי דענקט נאָך דער פּלאַטאָן פון די „געזעצן” (C875IX).

כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם פלאַטאָן פון די עלטער-דיאַלאָגן — פלאַטאָן רעכנט זיך איצט מיט דער מעגלעכקייט, אַז דערזיאָזיקער אמתער מלוכה-מאַן וועט אין דער ווירקלעכקייט קיינמאָל נישט עקזיסטירן. דערפון פליסט אַרויס פאַר אים די נויטווענדיקייט (ווייל ער רעכנט זיך איצט מער מיטן רעאַלן לעבן און האָט אין אויג די מענטשלעכע שוואַכקייט און אומפולקאָמענקייט) מודה צו זיין, אַז אַ שריפטלעך-פיקסירטע געזעצגעבונג איז אומבאַדינגט נויטיק — פאַרשטייט זיך אַז פאַר אַלע אַנדערע מלוכות אָבער נישט פאַר דער „בעסטער", — הגם ער האָט שווערע פרינציפיעלע ספקות קעגן יעדער שריפטלעך-פיקסירטער געזעצגעבונג.

די אויפגאַבע פונם אמתן מלוכה-מאַן פאַרגלייכט פלאַטאָן מיט דער אויפגאַבע פון אַ וועבער-מייסטער, וועלכער פירט אויס ביי זיין אַרבעט סיי אַ צעשיידנדיקע סיי אַ פאַרפלעכטנדיקע טעטיקייט: די-יעניקע נאַטורן, וועלכע זענען צוליב זייערע כאַראַקטער-אייגנשאַפטן נישט פעאיק צו „טויגנט" טיילט ער אויס (דורך עקזעקוציעס, פאַרשיקן, אַטימיע 1) פון דעם כלל. [דאָ, ווי ס'ווייזט אויס, איז ביי פלאַטאָנען גובר די זיכערונגס-טעאָריע קעגן דער אָפּשרעקונגס-טעאָריע.] זיין פאַרפלעכטנדיקע טעטיקייט באַציט זיך אויף די צוויי קעגנזעצלעכע כאַראַקטער-עלעמענטן פונם מענטשן, פון דאָס מילדע און דאָס „ווילדע". די אמתע מלוכה-קונסט (וואָס איז אידענטיש מיט דער דיאַלעקטיק, ד. ה. זי מאַכט אויס איר פראַקטישע זייט) מילדערט אָדער שטאַרקט דידאָזיקע ביידע עיקרדיקע כאַראַקטער-מינים דורך באַקענען מיטן וועזן פון דאָס באמת שיינע, גוטע און גערעכטע און ברענגט אין האַרמאָניע די סתירהדיקע טיילן פונם יחידס נשמה; אָבער אין סאָציאַלער הינזיכט ווירקט זי אויסגלייכנדיק צווישן דעם „גוט-דערצויגענעם" און דעם „מענלעכן" דורכדעם, וואָס זי דערציט ביידע כאַראַקטער-מינים אין די באַרופלעכע פאַראייניקונגען פון די מלוכה-באַאַמטע צו האַרמאָנישער צוזאַמענאַרבעט — ווייל אויך דאָ איז די אייגנטלעכע אויפגאַבע פונם מלוכה-מאַן די ז י ט ל ע כ ע ד ע ר צ י א ו נ ג פון די אינדי-

1) אַטימיע—דאָס צונעמען די בירגערלעכע רעכט אַלס שטראָף. (דער איב.)

זידיען — און פון דער אַנדערער זייט (אויך דאָ ווערן אַריינגעוועבט געדאַנקען פון דער „מלוכה״) דורך אויגענישע חתונה־איינאָרדנונגען, וועלכע פּאָרן שטאַרקע נאַטורן מיט די מילדע, כדי צו באַקומען אַ אינערלעך־האַרמאָניש־אויסגעגליכענעם דור.

אַזוי אַרום זעען מיר שוין אין „פּאָליטיקאָס״ אַ קאָנטיקע צופּאַסונג פון פּלאַטאָנישן דענקען צו דיווירקלעכקייטן פון לעבן, אָבער די אַנטשיידנדיקע גרונדשטריכן פון זיין שטאַנדפּונקט זענען געבליבן דיזעלבע.

ווי ווייט פּלאַטאָנס דענקען האָט זיך אָפּגעגעבן, — נישט געקוקט אויף אַלע אַנטוישונגען און ביטערע דערפאַרונגען, — ביז צום סוף פון זיין לעבן מיטן ניי־בוי פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, ווייזט דער טאָרס פון געוואַלטיקן ווערק, וועלכעס זיין שילער פיליפּאָס פון אָפּוס האָט אַרויסגעגעבן ערשט נאָך דעם לערערס טויט: די „געזעצן״, וועלכע טראָגן אויף זיך דעם פּלאַטאָנישן גייסט, פאַרשטייט זיך אַז פון אַלטן פּלאַטאָן, וועמעס גלויבן אין דער מענטשלעכער נאַטור איז שוין שטאַרק דערשיטערט און וועמעס נשמה עס איז שווער פאַרפינסטערט.

צי דער אמתער מלוכה־מאַן וועט ווען־נישט־איז קומען אַלס אויסלייזער, איז פאַר אים איצט געוואָרן גאָר ספקדיק; האָט ער דאָך איצט קלאָר דערקענט די מאַכט פון עגאָאיזם אפילו ביים באַגאַבטסטן מענטשן.1) דעריבער וויל ער מער נישט איבערגעבן די אַבסאָלוטע מאַכט אין דער האַנט פון אַ יחיד אָדער הינציקע אויסדערווײלטע, נאָר ער וויל צוימען און געבן אַ ריכטונג דער רעגירונגסמאַכט דורך אַ אַלץ־אַרומנעמענדיקע געזעצגעבונג. די צווייט־בעסטע מלוכה איז די געזעץ־מלוכה. איר גרינדער רעכנט זיך אַ סך מער מיטן כאַראַקטער און די איינריכטונגען פון די ווירקלעכע מלוכות פון דער גריכישער וועלט ווי אויך מיט דער היסטאָרישער קאַנטינואיטעט ווי אַמאָל אין זיין אידעאַל־מלוכה. אָבער נישט גע-

1) BC 875 IX

קוקט אויף דעם האָט די געזעץ־מלוכה אַ סך געמיינזאַמע גרונדשטריכן מיט דער אידעאַל־מלוכה, קודם כּל דעם עטישן ענדצוועק; דעריבער איז אויך דאָ די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון דער מלוכה די זיטלעכע דערציאונג, הגם איצט האָט שוין פּלאַטאָן באַגריפן, אַז אַזאַ מלוכה קען ווערן אַ ווירקלעכקייט נאָר בהדרגהדיק און נאָר דורך אַ ראַדיקאַלער זיטלעכער אומאַנדערשונג פון די מענטשן; דעריבער האָבן מיר אויך דאָ, אויפן יסוד פון אַלגעמיינעם שול־צוואַנג, אַ גענויע, מיט אַלע איינצלהייטן אויסגעאַרבעטע דערציאונגס־ און בילדונגס־סיסטעם, וואָס איר ערשטע סטאַדיע זענען מלוכהשע קינדער־גערטנער פאַר די קליינע פון דריטן ביזן זעקסטן לעבנסיאָר, און אויך דאָ באַקומט דער ווייבלעכער מין פּרינציפּיעל די זעלבע דערציאונג און בילדונג ווי דער מענלעכער. און אויך דידאַזיקע מלוכה באַזירט אויף די יסודות פון שטרענגסטן סאָציאַליזם, נאָכמער, אַפילו דער קאָמוניזם ווערט מיט פייערלעכע ווערטער ווייטער פּראָקלאַמירט אַלס אידעאַל, 1) הגם איצט האַלט ער, אַז ער איז צו הויך פאַר דער מענטשלעכער נאַטור — ווייל דערדאָזיקער קאָמוניזם באַדייט אַן אומגעהייערן אָפּקער פון יחיד פון זיינע פּערזענלעכע נשמה־באַדערפענישן — און ער אַנולירט אים פאַר דער פּראַקטיק. 2) אויך די מלוכהשע „צענזור” פון אַלע גייסטיקע שאַפונגען האָט דעמזעלבן מאָטיוו ווי אין דער „פּאָליטעיאַ”, און אויב דער גייסט פון דער אידעאַלער מלוכה איז שוין קאָנסערוואַטיוו, איז דער גייסט פון דער צווייט־בעסטער מלוכה אולטראַקאָנסערוואַטיוו; דאָ ווערט שוין בפירוש אָנגעוויזן אויף דעם מוסטער פון דער עגיפּטישער מלוכה, וואָס אירע רעליגיעז־זיטלעכע יסודות און איינריכטונגען זענען געבליבן דיזעלבע אין משך פון יאָרטויזנטער, נאָכמער, כּדי צו אונטערדריקן אין וואָרצל יעדע נייס אין מלוכהשער, רעליגיעזער, וויסנשאַפטלעכער, קינסטלערישער און זיטלעכער היניזיכט, ווערט לויט דער מעגלעכקייט באַשטראָפט

---

A 740 v (2 .C—E 739 v (1

ניסט נאָר דער גאַנצער ריי̈זע־ און פרעמדנפאַרקער, נאָר ער ווערט אונטערגעוואָרפן אַ שאַרפער מלוכהשער קאָנטראָל. דידאָזיקע צווייט־בעסטע מלוכה איז אין אַ געוויסן זין — וואָס שייך דעם אַריינמישן זיך פון דער מלוכה־מאַכט אינם לעבן פון יחיד — אַן אומהיימלעכע פאַרשטאַרקונג פון דער אידעאַלער מלוכה: פונקט ווי זי וויל ביז אין די קלענסטע פּרטים רעגולירן דאָס גאַנצע ווירטשאַפטלעכע לעבן דורך געזעצן און באַאַמטע, כּדי צו דערשטיקן אין שפּראָצל יעדן אַרט קאַפּי־טאַליזם, אַזוי ווערט אויך דאָס פּריוואַט־לעבן פון יעדן איינצל־נעם בירגער אונטערגעוואָרפן אַ שטענדיקער אַלזייטיקער קאָנט־ראָל. דערדאָזיקער געזעצגעבער וויל פּאַקטיש אַלץ רעגולירן, אפילו דאָס האָבן קינדער! די אפּוטרופּסות איבער די בירגער (און בירגערינס) און דאָס שטענדיקע האַלטן זיי אויפן אויג מצד די מלוכה־באַאַמטע ווי אויך צווישן זיך — עס איז דאָ אַפילו מסירה־פליכט! — נעמט אַרום כּמעט יעדע שעה פון זייער לעבן. ווייל „לויט דער מעגלעכקייט נאָך זאָל קיין שום זאַך נישט בלייבן אָן אַ וואַכזאַם אויג". 1) אַזוי אַרום ווערט דערשטיקט יעדעס אינדיווידועלע לעבן און דער אינדיווידואום ווערט מוראדיק פאַרגוואַלדיקט. דידאָזיקע צווייט־בעסטע מלוכה איז אַן אומדערטרעגלעכער צוואַנגס־אַנשטאַלט, דער טויט פון יעדער פּערזענלעכער פרייהייט, אַ פּאָליציי־ און תּפיסה־אַנשטאַלט פון דער קאָנסעקווענטסטער סיסטעם, ווי דאָס האָט אויפגעוויזן פּעלמאַן אין זיין שאַרפער, אָבער גערעכטער קריטיק. (II 288 און ו.). און דאָך גלויבט דער טעאָרעטישער גרינדער פון דער־דאָזיקער מלוכה, אַז דורך דער גלייכער טוגנט, וועלכע ווערט אין אַלעמען איינגעפלאַנצט — ווייל די וואָס וועלן דערצו נישט טויגן וועלן באַזייטיקט ווערן — וועט ער אַלעמען אויף אַ גלייכן אופן גליקלעך מאַכן.

בכלל אָבער איז דער גייסט פון דער געזעץ־מלוכה — נישט געקוקט אויף דאָס פיל געמיינזאַמע — אין תּוך גענומען

1) A 760 VI.

אַן אַנדערער ווי פון דער אידעאַל־מלוכה. קודם כל פעלט די
מעטאַפיזישע פּאַראַנקערטקייט אין דער אידייענלערע און גלייכ־
צייטיק מיט דעם אויך דער שטאַנד פון די פילאָזאָפן־רעגענטן;
ווייל פאַר דעם אונטערבוי, וואָס איז אומבאַדינגט נויטיק פאַרן
שטודיום פון דער דיאַלעקטיק, ד. ה. פאַר אַ „העכערן" למוד
איז אין דערדאָזיקער מלוכה קיין אָרט נישטאָ. (פאַן ווילאַמאָ־
וויץ I 677). אין מלוכהשן למוד־פּלאַן פאַרנעמט דעריבער
דאָס אָרט פון דער דיאַלעקטיק דער שטודיום פון געזעצגע־
בערס שריפטן! און אויב דער גרינדער פון דערדאָזיקער מלוכה
באַמיט זיך אַפילו דורך אַ קאָמפּליצירט־אָרגאַניזירטער באַ־
אַמטניעראַרכיע, וואָס איר שפּיץ באַשטייט פונם „נאַכטיקן ראַט",
צו שאַפן אַ „אַריסטאָקראַטיע פון אינטעליגענץ און טוגנט",
האָט אָבער דידאָזיקע זייער אַ ווייטע ענלעכקייט מיט דער
הערשאַפט פון די פילאָזאָפן.

צום שאַרפסטן קומט צום אויסדרוק דער פאַרשידענער
גייסט פון דער אידעאַלער מלוכה און פון דער געזעץ־מלוכה
אין פאַקט, וואָס אין דער לעצטער פאַרנעמט דעם אָרט פון
דער העכסטער וויסנשאַפט אַלס פירערין פון גאַנצן לעבן די
ר ע ל י ג י ע, וועלכע דידאָזיקע מלוכה האָט געמאַכט פאַר איי־
נע פון אירע הויפּט־אינסטיטוציעס, אַזוי אַז זי איז זייער אומ־
טאָלעראַנט קעגן אַלע אַנדערשגלויביקע — קעגן ערנסטן דענ־
קער נישט ווינציקער ווי קעגן לייכטזיניקן שפּעטער, — אַן
אומטאָלעראַנץ, וואָס שרעקט זיך נישט אָפּ אפילו פאַר תּפיסה
און אין פאַל פון אַ דויערנדיקער נישט־געהאָרכזאַמקייט אויך
פאַר טויט־שטראָף לגבי אַזעלכע אפּיקורסים, אַזוי אַז מען דער־
מאָנט זיך דאָ נישט ווילנדיק אין דעם גייסט און די איינריכ־
טונגען פון דער קאַטוילישער קירכע פון מיטלאַלטער. דער גייסט
פון דער „געזעץ־מלוכה" טרעט דאָ אַרויס אַזוי נישט־העלעניש ווי
מ'קען זיך דאָס נאָר פאָרשטעלן, אָבער אויך אַזוי נישט־סאָקראַטיש, ווי
מ'קען זיך נאָר פאָרשטעלן; פּלאַטאָן וואַרפט זיך דאָ אָפּ פון זיך אַליין,
פון די אידעאַלן פון זיין יוגנט און פון זיין העכסטער רייפקייט־צייט.

ער זאָגט זיך דאָ אויך אָפּ, — אין דער פּראַקטיק, הגם

נישט פרינציפיעל — פון קאָמוניזם און פון דער פולשטענדי־
קער גלייכבאַרעכטיקונג פון דער פרוי אינם געזעלשאַפטלעכן
לעבן. דעם באַדנאַייגנטום באַקומט דער בירגער אַלס אַ מין
ירושה־פאַכט מצד דער מלוכה, אָבער דער התונה־אינסטיטוט
און די פאַמיליע זענען פולשטענדיק רעסטאַוורירט געוואָרן.

## 4. נאַטורפילאָזאָפיע און נאַטורוויסנשאַפט

פלאַטאָנס דענקען איז פרעמד צו די דערשיינונגען פון
דער זעבאַרער וועלט. ווייל דידאָזיקע וועלט איז די ממשלה
פון ווערן און פאַרגיין, וועגן וועלכע עס איז נישטאָ קיין וויסן
נאָר בלויז אַ „פאָרשטעלונג”, און דעם מאַטעמאַטיקער און
דיאַלעקטיקער, דעם פסיכאָלאָג און דעם עטיקער אינטערעסירט
נישט דאָס נאַטור־געשעען. אָבער די לער־באַדערפענישן פון
דער אַקאַדעמיע האָבן אים באַוויגן נאָך אין זיין עלטער צו
ווידמען דעמדאָזיקן געביט זיין דענקען, וואָס האָט אויף זיינע
נסיעות אין גריכישן מערב באַקומען דערצו געגוג שטאָף און
אָנרעגונג. דעם ליטעראַרישן רעזולטאַט פון דערדאָזיקער ספּע־
קולאַציע בילדעט איינער פון זיינע שפּעטסטע און מערקוויר־
דיקסטע דיאַלאָגן, דער „ט י מ ע אָ ס”. ווי דער מחבר באַ־
טאָנט מערערע מאָל קען ער און ער וויל זאָגן וועגן דידאָ־
זיקע אַלע זאַכן נאָר מער אָדער ווייניקער „וואַרשיינלעכעס”,
אַזוי אַז אָפטמאָל איז שווער געגוי צו אַנטשיידן, צי מיר האָבן
פאַר זיך אַ שפּיל פון דער וויסנשאַפטלעכער פאַנטאַזיע אָדער
אַ ערנסטע וויסנשאַפטלעכע איבערצייגונג. פאַר דעם כאַראַק־
טער פון זיין געדאַנקענאינהאַלט איז וויכטיק פון איין זייט די
טיפע השפעה פון דער פיטאַגאָרעאישער ספּעקולאַציע און פון
דער צווייטער זייט די באַדייטנדיקע פאַרווענדונג און טייל־
ווייזע אומאַנדערשונג פון די דעמאָקריטישע לערעס. די הויפּט־
טיילן פון „טימעאָס” באַשעפטיקן זיך מיט דער באַשאַפונג פון
דער וועלט און דער וועלט־נשמה, פון די איינצל־נשמות און
פון מענטשן, מיט דער אַנטשטייאונג, מיטן קאַמף, מיט די פאַר־

וואַנדלונגען און זיי מיט זיי פאַרבונדענע ארטס-פאַרענדע-רונג פון די פיר אַזויגערופענע „עלעמענטן" (וועלכע פּלאַטאָן אָנערקענט נישט אַלס אַזעלכע, ווייל, לכל הפחות דריי פון זיי האַלטן כסדר אין איין פאַרוואַנדלען זיך איינס אין דאָס צווייטע), אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם ווערט סקיצירט אַ מאַטעמאַטיש - פיזיקאַלישע, אָבער דורך - און - דורך ספּעקולאַטיווע כעמיע, מינעראַלאָגיע און מעטעאָראָלאָגיע, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַנטראָפּאָלאָגיע ווערט געגוי שטו-דירט די חושים-פיזיאָלאָגיע, מיט וועלכער עס איז אויך פאַרבונדן אַ פאַרבנטעאָריע (וועלכע איז שטאַרק באַאיינפלוסט דורך עמפּעדאָקלעסן), ווי אויך אַן אויספירלעכע עטיאָלאָגיע פון די וויכטיקסטע קראַנקהייטן, דערביי ווערן באַזונדערס פאַר-וועגדט די לערעס פון דער סיציליישער דאָקטוירים-שולע (פי-ליסטיאָן), און אין דידאַקטיקע אַלע הויפּט-טיילן פון „טימעאָס" פאַרבינדן זיך אויף אַ ווונדערלעכן אופן די רעזולטאַטן פון דער פריערדיקער און גלייכצייטיקער נאַטורוויסנשאַפט מיט די גרונדגעדאַנקען פון פּלאַטאָנישער מעטאַפיזיק און „טעלאָלאָגיע", מיט דער קויזאַלדערקלערונג און טעלעאָלאָגישער אויסטיי-טשונג.

אָבער דאָס פילאָזאָפיש עיקרדיקע, וואָס קען דאָ, אמת, בלויז קורץ סקיצירט ווערן, איז פאָלגנדעס (ווען מען זאָל לאָזן אין אַ זייט די מיטישע איינקליידונג, וועלכע רעדט וועגן שאַפן די וועלט אין דער צייט און וועגן אַ וועלט-שעפער (דעם דעמיאורגען) און וועגן געוואָרענע געטער):

פּלאַטאָנס גרונדדאָגמע, די לערע וועגן צוויי וועלטן, איז אויך דאָ דער פאַרבאַדינג, אין אַ געוויסער מאָס דער אונטערגרונד פון דאָס גאַנצע. ווייל אויף דערדאָזיקער דאָגמע באַזירט ער זיך, כדי צו באַגרייפן די עמפּירישע וועלט. און איצט איז פאַר אים גאָר קלאָר געוואָרן די פאַרהעלטעניש פון די חושים-דערשיינונגען צו די אידייען: דידאָזיקע זענען די אייביקע אורבילדער פון אַלדאָס געוואָרענע און ווערנדיקע. אויך דאָ זע-נען די אידייען די צוועק-סיבות, ווי דידאָזיקע וועלט איז

אין איר טיפסטן גרונד בכלל דאָס ווערק פונם פאַרשטאַנד און דער גוטסקייט פון דער העכסטער סיבה, פון דער אידייע פון דאָס גוטע. פּלאַטאָנס נאַטורפילאָזאָפיע, וואָס אַנטשפּרעכט דעם גרונדכאַראַקטער פון זיין גאַנצן דענקען, איז דעריבער דורך און דורך טעלעאָלאָגיש. דידאָזיקע וועלט איז דאָך דאָס שענ־סטע, פולקאָמענסטע ווערק פון אייביקן פאַרשטאַנד. פאַרשטאַנד קען זיך אָבער געפינען נאָר אין אַ לעבעדיקער נשמה. דערי־בער מוז דידאָזיקע וועלט גופא האָבן אַ נשמה; נאָכמער, זי איז אַליין דער גאָט. און זי איז די איינציקע וועלט, וועלכע איז בכלל דאָ (דאָס איז געווענדט קעגן דעם אַטאָמיזם), ווייל זי נעמט אַרום אַלדאָס לעבעדיקע.

צוליב דער אייגנאַרטיקער „מישונג" פון דער וועלט־נשמה, וואָס באַשטייט פונם מהות פון דאָס „זעלביקע" און דאָס „אַנדערע" ווירקט זיך דידאָזיקע נשמה אויס אין קאָסמאָס דורך צווייערליי באַוועגונגען — געמיינט איז דאָ די [כלומרשטע] טעגלעכע אומדרייאונג פונם הימל־געוועלב און די באַוועגונגען פון די זיבן פּלאַנעטעס אַרום אונזער ערד, וועלכע דרייט זיך אַרום איר אַקס, פאַרבלייבנדיק אויף דעמזעלבן אָרט — און זי פאַרמאָגטביידע ארטן דערקענטעניש (וועגן אייביקן—דאָס וויסן, וועגן דער ממשלה פון ווערן—די „אמתע מיינונג"). אַזוי אַרום איז זי דער מקור פון גאָר דער באַוועגונג און פון גאָר דער גייסטיקער טעטיקייט פון די נשמהדיקע איינצלוועזנס. די וועלט, דערדאָזיקער אָרגאַניזם, וואָס „באַפרידיקט זיך אַליין", האָט אבער אויך די פולקאָמענסטע פאָרם, ד. ה. די פאָרם פון אַ קויק און זי פאַרמאָגט די קרייזבאַוועגונג, וואָס אַנטשפּרעכט דערדאָזיקער קויק־פאָרם און וואָס רופט אַרויס אין לעצטן סך־הכל דאָס גאָרע לעבן. אָבער פון די אייגנטלעכע סיבות פונם גאַנצן וועלט־געשעען, די אידייען, מוז מען שאַרף אונ־טערשיידן אַ צווייטע אַרט סיבות — ווייל דידאָזיקע וועלט איז דער רעזולטאַט „פון געמיינזאַמער ווירקונג פון נויטווענדיקייט און פאַרשטאַנד" (48 A), — די ,,מיט־סיבות", וואָס ליגן אין וועזן פון דערדאָזיקער רוימלעך אין צייטלעך באַשרענקטער

וועלט פון דאָס זעבאַרע: דאָס זענען די פיזיקאַליש-מאַטעריע-לע באַגרענעצטקייטן פון יעדער זינלעכער דערשיינונג, וועלכע שטערן נישט אמת דאָס ווערק פון די אייגנטלעכע סיבות, פון די אידייען אָדער פון דער העכסטער אידייע, אָבער זיי באַגרענעצן עס אין אַ געוויסער מאָס.

אין דעם, וואָס פּלאַטאָן נעמט אָן דידאַקטיקע צווייטע אַרט סיבות האָט מען — אָן ספק ריכטיק — איינגעזען אַ שטאַרקן איינפלוס פון דעמאָקריטן: דער שעפער פון דער אידעאַליס-טישער וועלטאָנשויאונג גייט דאָ איין לגבי אים אויף אַ באַ-דייטנדיקער הנחה. דידאַקטיקע השפעה קומט אויך צום אויסדרוק אין פּלאַטאָנס רעכענען זיך מיט די ביידע פּרינציפּן פון די אַבדעריטן, דעם פוסטן רוים און די אַטאָמען, מער נישט וואָס פּלאַ-טאָן לייקנט אין פּוסטן רוים און אָנשטאָט די פאַרשידן גרויסע און פאַרשידן געפאָרמטע אַטאָמען נעמט ער אָן צוויי אַרטן רעכטווינקלדיקע אורדרייעקן, פון וועלכע עס שטעלן זיך צונויף די קלענסטע פאָרמען פון די רעגולערע קערפּערס (טע-טראעדער, אָקטאַעדער, איקאָזאַעדער, קובן, בעת דער דאָדע-קאעדער געפינט נישט קיין שום פאַרווענדונג), פון וועלכע עס באַשטייען די פיר אַזויגערופענע עלעמענטן (פייער, לופט, וואַ-סער, ערד), וואָס בילדן, אין פאַרשיידענע מישונגען, דעם באַ-שטאַנד פון אַלדאָס זעבאַרע. דערביי בלייבט אָבער נישט אויפ-געקלערט, ווי אַזוי פון ריין-מאַטעמאַטישע פאָרמען, וואָס גרע-ניצן אָפּ אַ באַשטימטן רוים, קענען ווערן עפּעס שטאָפלעכעס, זעבאַרעס, אָנטאַפּבאַרעס, וואָס פאַרמאָגט אַן אינדיווידועלע באַ-שטימטקייט, און ווי אַזוי דער רוים, אין וועלכן עס שפּילט זיך אָפּ די וועלט פון די דערשיינונגען, ווערט דורך פּלאַטאָנען נישט קלאָר אונטערשיידט פון דער מאַטעריע. אַזוי אַרום בלייבט די שטאָף-פּראָבלעם נישט געלייזט, הגם פּלאַטאָן באַטראַכט, אָן ספק, די אורמאַטעריע אַלס קוואַליטעטסלאָז.

פאַר פּלאַטאָנען קען נישט עקזיסטירן קיין פּרינציפּיע-לער אונטערשייד צווישן אָרגאַנישער און נישט-אָרגאַנישער נאַ-טור, ווייל יעדע געפאָרמטע מאַטעריע איז פאַר אים באַלעבט

(די אורדרייעקן געפינען זיך דאָך, אַדאַנק דער השפעה פון דער באַוועגונג פון דער וועלט-נשמה, אין פסדרדיקער באַוועגונג). פאַר פּלאַטאָנס דענק-שטייגער בנוגע נאַטורזאַכן איז כאַראַקטעריסטיש דער אופן, ווי אַזוי ער דערקלערט די אַנטשטייאונג פון די פאַרשיידענע חיות-מינים — זיי זענען באַשאַפן געוואָרן, כדי צו בילדן אַ פּאַסיקע וווינונג פאַר די מענטשלעכע נשמות נאָך דעם קערפּערלעכן טויט, לויט דעם גראַד פון זייער דערוויטערונג פון פאַרשטאַנד אינם ערדישן לעבן — אָדער, צום ביישפּיל, ווי אַזוי ער טייטשט אויס דעם אורשפּרונג פונם מענטשנס פינגער-נעגל: זיי זענען טאַקע געפאָרמט פון אָדערן, הויט און ביינער אַלס „מיט-סיבות", אָבער די מאַסגעבנדיקע סיבה איז די זאָרג פאַר דער צוקונפטיקער אַנטוויקלונג: היות ווי דעם מענטשנס נשמה וועט נאָכן טויט מגולגל ווערן אין אַ סך חיות-קערפּערס, וועלכע נויטיקן זיך אין די נעגל צו אַ סך זאַכן, דעריבער געפינט מען זיי שוין ביים מענטשן בעת זיין געבורט. אַזוי אַרום זעען מיר אויך דאָ ווי עס קרייצן זיך דורך טעלעאָלאָגיש-מיסטישע פאָרשטעלונגען מיט זאָאָלאָגישע און הגם עס איז אפשר נאָר אַ שפּיל פון דער פּלאַטאָנישער פאַנטאַזיע, אין וועלכער עס איז אוממעגלעך אָפּצושיידן מיט זיכערקייט ערנסט פון שפּאַס, איז פונדעסטוועגן זייער כאַראַקטעריסטיש, מיט וואָס פאַראַ עלעמענטן עס אַרבעט די פאַנטאַזיע פונם אַלטן דענקער.



נאַטורפילאָזאָפיע און נאַטורוויסנשאַפט זענען צוויי זייער פאַרשיידענע זאַכן. אַזוי, למשל, האָט פּלאַטאָן אַרויסגעזאָגט עיקרדיקע געדאַנקען וועגן די פּרינציפּן פון וויסנשאַפטלעכער נאַטורפאָרשונג, אָבער ער אַליין איז נישט געווען קיין אמתער נאַטורפאָרשער. דעריבער האָט ער זיך ערשט אין שפּעטן עלטער — און נאָר דורך אָנרעגונגען מצד אַנדערע — באַשעפטיקט מיט נאַטורוויסנשאַפטלעכע פראַגן. אָבער שוין דאַן, ווען

ער האָט נאָך געשריבן דעם „פּראָטאַגאָראַס” האָט ער געוווסט, אַז פאַלשע חושים־איינדרוקן (צום ביישפּיל צוליב די ווירקונגען פון דער פּערספּעקטיוו) קענען מיר אויסבעסערן נאָר דורך מעסטן און רעכענען אָדער וועגן, דאָס הייסט: דורך טעטיקייטן פונם דענקנדיקן טייל פון אונזער נשמה, ווי ער שטעלט דאָס שפּעטער פעסט אין דער „מלוכה”, און נאָך אין טיפן עלטער שאצט ער אָפּ 1) די „קונסטן” לויט דעם, צי און אויף ווי ווייט יי באַנוצן זיך מיט רעכענען, מעסטן און וועגן (דאָס הייסט, לויט זייער באַנוצן זיך מיט מאַטעמאַטישע פּרינציפּן), אין קעגנזאַץ צו די־יעניקע, וועלכע באַזירן בלויז אויף דער עמ־פּיריק און רוטינירטקייט (ווי, לויט זיין מיינונג, די הייל־קונסט); ער אונטערשיידט אויך שאַרף די פּראַקטישע פון דער ריינער מאַטעמאַטיק, אָבער ביידע מוזן זיי אָפּטרעטן פאַר דער וויסנשאַפט וועגן אמת־עקזיסטירנדיקן (די דיאַלעקטיק). טיפער איז זיין פּרינציפּיעלע שטעלונג צו די עקזאַקטע נאַטורוויסנ־שאַפטן. ער ווייזט אַרויס פאַראַכטונג צו די פיזיקער, וועלכע באַנוגענען זיך מיט באַאָבאַכטן מיטן אויג און דעם אויער, בעת דער אמתער אַסטראָנאָם איז דער־יעניקער, וועלכער באַ־מיט זיך אַרויסצופירן די באַאָבאַכטעטע באַוועגונגען פון די הימלקערפּערס פון מאַטעמאַטישע שייכותן און געזעצן, און דער אמתער אַקוסטיקער איז דער, וועלכער פאָרשט אויס, וועלכע פון די באַאָבאַכטעטע צאָלן ביי די טאָנשייכותן שטייען אין פּראָפּאָרץ איינע צו דער צווייטער אָדער נישט און פאַרוואָס איז דאָס אַזוי—פאָדערונגען פון אומגעהייערער וויכטיקייט פאַר דער וויסנשאַפט פון דער צוקונפט, ווייל פאַקטיש ווערט דאָ געפאָדערט נישט קיין קלע־נערעס ווי דאָס אַרויספירן די נאַטורגעשעענישן פון געזעצן, וועלכע לאָזן זיך אויסדריקן אין מאַטעמאַטישע פאָרמולן. און בלויז דעמדאָזיקן מעטאָד דערקלערט ער אַלס אַן אמת וויסנ־שאַפטלעכן.

אָבער פּלאַטאָן אַליין האָט קיינמאָל נישט פּרובירט אויס־

---

1) פילעבאָס D55 און װ.'

צוגעפינען אַזעלכע געזעצן אין באַשטימטע נאַטור־דערשיינונ־
גען. ער איז דאָך אויף שטענדיק געבליבן ביי דער איבער־
צייגונג, אַז וועגן דערשיינונגען פון דער חושים-וועלט, וואָס
האַלט זיך תּמיד אין איין פאַרענדערן, וואָס איז די ממשלה פון אַנט־
שטיין און פאַרגיין, קען מען נישט האָבן קיין שום אמתע
דערקענטעניש. אַפילו די רוימלעכע און צייטלעכע שייכותן פון
די הימלקערפּערס זענען דאָך נישט אייביק, ווייל אויך ביי זיי
האַנדלט זיך דאָך וועגן קערפּערלעכע און זעבאַרע זאַכן —
אין קעגנזאַץ צו די אייביק־אומפאַרענדערלעכע עקזיסטירנדיקע,
די אידייען. ווער עס האָט אַזאַ פּרינציפּיעלע אויפפאַסונג וועגן
די געשעענישן אין דערדאָזיקער וועלט, דער דערקלערט פּאַק־
טיש אַלס צוועקלאָז יעדע אויספאָרשונג פון דער זעבאַרער נאַ־
טור. מיט דעם שטייט אין פולשטענדיקן הסכם זיין איבערציי־
גונג וועגן דער אַבסאָלוטער אויסזיכטסלאָזיקייט פון די עקספּע־
רימענטעלע אונטערזוכונגען, וואָס ער זאָגט אַרויס אין „טי־
מעאָס" אין שייכות מיט זיין פאַרבנלערע. דער וואָס דענקט
אַזוי האָט לחלוטין נישט באַגריפן די עיקרדיקע באַדייטונג
פון דער חושים־באָבאַכטונג, בכלל פון דער עמפּיריק און
קודם כל פונם עקספּערימענט, וועלכער האָט דעם צוועק אויס־
צופּרובירן די ריכטיקייט פון אַ געאַנטן געזעצלעכן צוזאַמענ־
האַנג אין די נאַטור-געשעענישן. ער האָט אויך נישט באַגריפן,
אַז יעדע עכטע נאַטור פאָרשונג מוז אַרויסגיין פונם איינצל־
נעמס פּלאַנמעסיקער באָבאַכטונג, הגם ער האָט פולקאָם רעכט
ווען ער זאָגט, אַז דידאָזיקע באָבאַכטונגען בילדן נאָר דעם
פונדאַמענט, אויף וועלכן מ'קען ערשט אויסבויען די אייגנטלע־
כע וויסנשאַפט.

צוליב דידאָזיקע סיבות איז פּלאַטאָן נישט געווען קיין
נאַטורפאָרשער, נאָר בלויז אַ טעאָרעטיקער פון דער נאַטור־
וויסנשאַפט, ד. ה. פון דער עקזאַקטער וויסנשאַפט, און פון
זיין שולע זענען נישט אַרויסגעקומען קיין נאַטורפאָרשער אין
אייגנטלעכן זינען פון דאָזיקן וואָרט — ווייל אַריסטאָטעלעסן
מוז מען דאָ לאָזן אין אַ זייט, — נאָר מאַטעמאַטיקער.

פלאַטאָנס וועלט-געשיכטלעכע באַדייטונג ליגט אין באַבי-
אַנדערע געביטן: אין זיין דערקענטעניש-לערע און זיין מעטאַ-
טאַפיזיק, אין זיין נשמהלערע און זיין עטיק און — נישט
אויפן לעצטן פלאַץ — אין דעם גייסט, וועלכער איז דער
יסוד פון דידאָזיקע אַלע געביטן פון זיין דענקען און דורכ-
דרינגט זיי, — אין דעם גייסט פון מוטיקן אמת-זוכער
און אין דער גרונד-איבערצייגונג פון העכסטן, ריינסטן אידעאַ-
אַליזם.

## 5. רעליגיע-פילאָזאָפיע און רעליגיעזיטעט

פאַר אַ וועלטאַנשויאונג, וואָס טראָגט אין טיפסטן גרונד
אַ טעלעאָלאָגישן כאַראַקטער און באַטראַכט די וועלט אַלס אַ
ווערק פון אַ פאַרשטאַנד, וואָס האַנדלט לויט באַשטימטע צוועקן,
און באַטראַכט די באַגריפן „גוט“ און „שלעכט“ אַלס אַבסאָלוטע
ווערטן, — פאַר אַזאַ וועלטאַנשויאונג מוז דאָס שלעכטע (צוועק-
שטערנדיקע) אין מענטשנלעבן ווי אין קאָסמאָס ווערן אַ פּראָב-
לעם. פאַר פלאַטאָנען, ביי זיין שאַרף-דואַליסטישער אַנטראָפּאָ-
לאָגיע, קען דאָס שלעכטע אין מענטשן (ווי דאָס זעט זיך שוין
אין „פעדאָן“) האָבן זיין לעצטע סיבה בלויז אין קערפער,
און מיר זעען טאַקע, אַז די ביידע נידעריקערע נשמה-טיילן
פון זיין שפּעטערער פסיכאָלאָגיע, וועלכע האָבן די מעגלעכקייט
צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד דעם פאַרשטאַנד און במילא צו
טאָן שלעכטס, אַנטשטייען און פאַרגייען, לויט אים, מיטן קער-
פער. אַזעלכע נידעריקערע נשמה-טיילן האָט דער מחבר פון
„טימעאָס“ זעלבסטפאַרשטענדלעך נישט צוגעשריבן דער וועלט-
נשמה. אָבער ער האָט נישט געקענט נישט באַמערקן, אַז אויך
אין דער גרויסער נאַטור געשעט אומגעהייער פיל צוועקלאָזעס,
נאָכמער — זינלאָזעס, אַז פיינטלעכע כחות צעשטערן זינלאָז
צוועקמעסיק-געפאָרמטעס. דעריבער, זייט ער האָט זיך אַנט-
שלאָסן, אונטער דער השפּעה פון דער דעמאָקריטישער נאַטור-
אויפפאַסונג, אָנצונעמען אַ צווייטע סיבה, וואָס האָט צו טאָן

מיטן אַנטשטיין און פאַרגיין אין צייט און רוים, — האָט געזוכט דעם גרונד פון שלעכטס אין דערדאָזיקער „מיט-סיבה", וואָס איז לויט איר מהות אָן פאַרשטאַנד און דעריבער זינלאָז און זי דערלאָזט נישט צו דער פולקאָמער נאָכבילדונג פון די אידייען אין דער ממשלה פון דאָס זעבאַרע. אין טיפן על-טער, ווען ער האָט, פאַרפינסטערט פון דער (כלומרשטער) אי-בערמאַכט פון שלעכטס אין מענטשנלעבן ווי אינם וועלט-געשעען, אויסגעאַרבעט די לעצטע טייל פון זיינע „געזעצן" און דערביי, צוריקקערנדיק נאָכאמאָל צו דעם אַנימיסטישן נשמה-באַגריף, דערקלערט די גאַנצע באַוועגונג אויף דער וועלט מיט „נשמות", — איז ער דערגאַנגען דערצו, אָנצונעמען אַלס אור-מקור פון אַלע זינלאָזע און דעריבער שלעכטע געשעענישן אין קאָסמאָס — אַ שלעכטע וועלט-נשמה, וואָס עקזיסטירט נעבן דער גוטער, הגם זי איז נישט קיין ראַ-דיקאַל שלעכטע. אָבער דידאָזיקע אידייע, וואָס געפינט זיך ביי פלאַטאָנען נאָר דאָסדאָזיקע איין-איינציקע מאָל און וועלכע באַ-דייט, ווי ווערנער יעגער האָט דאָס נישט לאַנג צוריק אויפגעקלערט, „אַ צינז זאַראַטוסטראַן", ד. ה. דעם איראַנישן דואַליזם מצד דעם אַלטן פלאַטאָן, וועלכער האָט זיך באַקענט מיט דערדאָ-זיקער לערע אַדאַנק זיין פריינט אוידאָקסאָס, — דידאָזיקע אידייע האָט נישט קיין שום באַדייטונג פאר זיין „טעאָדיצייע" — ווייל נאָר וועגן איר קענען מיר ריידן ביי פלאַטאָנען, ווייל אין זיין וועלטאַנשויאונג איז דאָס ריין-פילאָזאָפישע דענקען אומצערייסבאַר פאַרבונדן מיט זיין רעליגיעזן געפיל.

פון פרינציפיעלער וויכטיקייט איז דאָס, וואָס פאַר פלאַטאָנען באַשטייט די לייזונג פון דער טעאָדיציי-פּראָבלעם אין דעם, וואָס אַ טייל אומגליקן אויף דער וועלט אַנערקענט ער גאָר נישט אַלס אַזעלכע — ווייל אמתע אומגליקן זענען פאַר דעם מענטשן, לויט דער סאָקראַטיש-פלאַטאָנישער גרונדאָנשויאונג, נאָר די זינלעכע, — די איבעריקע אָבער שרייבט ער צו נישט דער גאָטהייט — ווייל גאָט איז דורכאויס גוט, ער קען דעריבער זיין נאָר די סיבה פון דאָס גוטע, אָבער קיינמאָל נישט פון

אמת שלעכטס — גאָר אַן אַנדער סיבה: פונקט ווי אין דעם נאַטור-געשעען „דער אַנדערער" סיבה, אַזוי אין מענטשנלעבן, אויף וויפל עס האַנדלט זיך וועגן אמתע אומגליקן, דעם מענטשן אַליין. ווייל אויב די פאָרבאַדינגונגען צו שלעכטס זענען אַפילו דעם מענטשן איינגעבאָרן צוזאַמען מיט זיין קערפער, ליגט אָבער די אַנטשיידונג, צי ער זאָל ווילן דאָס גוטע אָדער דאָס שלעכטע, ביים מענטשן גופא (אַדאַנק דער ווילנספרייהייט, פון וועלכער פלאַטאָן זאָגט זיך נישט אָפּ). טוגנט און פאַרדאָרבנקייט טראָגן שוין זייער שכר אין זיך גופא: דער אמת גערעכטער, וועלכער קעמפט זיין גאַנץ לעבן פאַר דער טוגנט, כדי ווי מעגלעך מער זיין ענלעך צו גאָט, איז נישט געקוקט אויף אַלע אויסערלעכע אומגליקן גליקלעך; דער אומגערעכטער אָבער טראָגט שוין זיין שטראָף אין זיין אינערלעכער אומגליקלעכקייט נישט געקוקט אויף זיין אויסערלעכן גליק. דורכדעם איז שוין פאַרענטפערט די פראַגע וועגן דער פאַרהעלטעניש פון אויסערלעכן גורל צום אינערלעכן ווערט אָדער אומווערט פונם מענטשן.

מיט דידאָזיקע ריין-עטישע געדאַנקען פאַרבינדט זיך אָפּט ביי פלאַטאָנען אין דאָזיקן צוזאַמענהאַנג דער רעליגיעזער מאָטיוו פון זיין דענקען: גאָט, אין וועמעס אינערסטן וועזן עס ליגט דאָס העלפן, וועלכער פאַרלאָזט נישט דעם גוטן און מאַכט אַזוי, אַז אפילו די כלומרשטע אומגליקן לאָזן זיך אויס פאַרן גערעכטן צו זיין טובה, דערזעלבער גאָט דערלאָזט נישט, אַז דעם שלעכטן זאָל אויסמיידן זיין פאַרדינטע שטראָף; אויב נישט אין דאָזיקן, דעריגרייכט זי אים זיכער אין צווייטן לעבן. אָבער די שטראָף שיקט ער אויפן פאַרברעכער צו זיין טובה וועגן, מיטן צוועק ער זאָל בעסער ווערן. אין זיין לעצטן פעריאָד, ווען זיין דענקען איז געוואָרן מער טעאָלאָגיש, האָט פלאַטאָן אויסדריקלעך באַטאָנט די השגחה פּרטית, און זי באַגרינדעט מיט דער גוטסקייט, אַלוויסנקייט און מאַכט פון דער גאָטהייט 1).

---

1 געזעצן X C900 און ה.

אויך בײַ פּלאַטאָנען הויבט זיך אָן דער גלויבן דאָרט, וווּ עס ענדיקט זיך דער וויסן. דאָס פירט אונז צו זײַן אייגנטלעכער רעליגיע.

זייט בײַ זייט מיט די אידייען (אָדער דער אידייע פון דאָס גוטע) קען נישט עקזיסטירן (נישט רעכענענדיק, פאַרשטייט זיך, די מענטשלעכע נשמה) קיין שום געטלעכעס און דער עיקר קיין פּערזענלעכער גאָט; אויב מען קען דאָס יאָ אָפּט אַרויסדרינגען פון פּלאַטאָנס מיינונגען, ליגט די סיבה דערפון אין דעם, וואָס דער דיכטער און דער נביא קומט בײַ אים כסדר צום וואָרט, און ער קען זיך פאָרשטעלן די גאָטהייט נאָר פּערזענלעך — ווייל פּלאַטאָנס דענקען פאַרמאָגט נעבן דעם ריין־ראַציאָנאַלן (דיאַלעקטישן) עלעמענט אויך דאָס אירראַציאָנאַלע, וועלכעס באַקומט אָפּט די איבערהאַנט; און דערדאָזיקער עלעמענט געפינט אַ פעסטן שטיצפּונקט אויך אין די געטער פון דער עלטערן־רעליגיע.

ווייל פּלאַטאָנס שטעלונג גופא צו די געטער פון דער גריכישער רעליגיע איז זייער כאַראַקטעריסטיש: די אַנטראָפּאָמאָרפע געטער־מיטן, וועלכע טראָגן אין זיך אַ בולטן עלעמענט פון אַ רויער אורצייט, זענען דערווידער זײַן נשמה; אין זײַן אידעאַלער מלוכה דאַרף די יוגנט גאָרנישט וויסן וועגן דעם. אָבער הגם ער וואַרפט אָפּ דורכן ראַציאָנאַליזם די אַלעגאָרישע אויסטײַטשונג פון די היימישע געטערגעשטאַלטן, האָט ער דאָך קיינמאָל זיך נישט דערוועגט אָנצורירן דידאָזיקע געטער גופא, וועלכע ער האָט באַקומען דורך דער עלטערן־רעליגיע אַלס חשובע, אומדערפאָרשלעכע כחות — אין אַ געלייטערטער פאָרם, אמת, וועלכע ער האָט זיך געשאַפן וועגן זיי מער אומבאַוווּסטזיניק ווי באַוווּסטזיניק — און אין „טימעאָס" און אין די „געזעצן" האָט ער דעם גלויבן אין זיי געמאַכט צו גרויסע קאָנצעסיעס, ער האָט נעמלעך אין דער רעליגיע פון דער צווייט־בעסטער מלוכה אַרייַנגעפירט די פאַרערונג פון אַלע געטער און העלדן פון לאַנד. אָבער חוצדעם האָט ער אָנערקענט אַלס אויטאָריטעט אפילו אין זײַן אידעאַ־

לער מלוכה, — לכל הפחות בנוגע דעם קולט פון די פּאַרי-
שטאָרבענע, — דעם דעלפישן אָראַקעל, ער האָט נישט גע-
ספקט אין די גרונד-הנחות פון דער מאַנטיק, ווי עס זאָגט
עדות אַ שטעלע פון „טימעאָס", 1) באַזונדערס האָט ער גע-
גלויבט אין דער מעגלעכקייט צו זען די צוקונפטיקע געשעע-
נישן אין טרוים אָדער אין עקסטאַז, ער האָט אפילו באַטראַכט
די לעבער פון לעבעדיקן מענטשן אַלס אָרגאַן פון אַזעלכע
טרוים-וויזיעס. אמת, די דאָזיקע מאַנטיק שפּילט אין פּלאַטאָנס
דענקען, — ווי שוין אין סאָקראַטעסעס דענקען, — אַ צווייט-
ראַנגיקע ראָלע: פאַר דער דערקענטעניש פונם אמת-עקזיס-
טירנדיקן האָט זי פונקט אַזאַ קליינע באַדייטונג ווי פאַר דער
דערקענטעניש פון דער אמתער אויפגאַבע פונם מענטשן און
פאַר זיינע מעשים, וואָס אַנטשפּרעכן דערדאָזיקער אויפגאַבע.
עס איז דעריבער נישט קיין צופאַל, וואָס זי האָט קיין פּלאַץ
נישט אפילו אין דער מלוכה פון די „געזעצן".

אויף דער הויך פון זיין פילאָזאָפישן דענקען און אין
הסכם מיט אים שטייען פּלאַטאָנס אָנשויאונגען וועגן וועזן פון
דער גאָטהייט, ווי ער אַנטוויקלט דאָס דיאַלעקטיש אין צווייטן
בוך פון דער „מלוכה" און דערנאָך קורץ אין „פעדראָס".

גאָט איז פאַר פּלאַטאָנען דער מהות פון יעדער אַרט פולקאָמענ-
קייט, אָבער דער עיקר פון זיטלעכער פולקאָמענקייט. דעריבער איז
ער לחלוטין אומפאַרענדערלעך אין זיין כאַראַקטער. ער איז
אַבסאָלוט פריי פון קנאה-געפיל; ליגן און גענאַרעריי האָט
נישט קיין אָרט אין זיין נאַטור, ווייל דער גרונדשטריך פון
זיין וועזן איז די גוטסקייט, און דעריבער קען ער זיין די
סיבה בלויז פון דאָס גוטע אויף דער וועלט. דער גוטער
טראַכט אָבער קיינמאָל נישט וועגן ברענגען שאָדן אַנדערע,
לויט זיין טבע נאָך איז ער גיכער גענייגט צו ברענגען הילף.

אין דער צייט וואָס אַ העראָדאָט, וועלכער איז אמת
נישט געווען קיין פילאָזאָף, אָבער דאָך אַ קלאָרער, דענקנדי-

---

1) 71 D און ff.

קער קאָפּ, האָט נאָך אויפגעהיט אין זיין גאָט-אָנשויאונג שטאַרק דעמאָנישע עלעמענטן פון דער פאַרגאַנגענער פאַזע פון דער גריכישער רעליגיע, באַגעגענען מיר אין אַ האַלבן יאָרהונדערט אַרום, — אַלס רעזולטאַט פון פּלאַטאָנס רעליגיעזן דענקען, — אַ פולשטענדיקע פאַרגייסטיקונג און פאַרזיטלעכונג פונם גאָט-באַגריף, אַ פאַרגייסטיקונג און אַ פאַרזיטלעכונג, וואָס וועלן האָבן די גרעסטע באַדייטונג פאַר דער רעליגיע-פילאָזאָפיע און דער רעליגיעזיטעט פון די פאָלגנדיקע יאָרהונדערטער.

די שייכות פון פּלאַטאָנס מעטאַפיזיק צו זיין רעליגיעזיטעט איז שוין באַרירט געוואָרן אויבן. אין פּלאַטאָנס דענקען שליסט איינס נישט אויס דאָס צווייטע; אידייענלערע און רעליגיעזע עמפינדונג דערגאַנצן איינע דאָס צווייטע, דרינגען אַנאַנדער דורך, ווייל סיי אין פּלאַטאָנס אידייענלערע סיי אין זיין נשמהלערע קלינגט-מיט אַ שטאַרקער, נאָכמער, אפילו אַ ענטוזיאַסטישער געפילס-טאָן, וואָס האָט זיין טיפסטן גרונד אין פּלאַטאָנס רעליגיעזער עמפינדונג. אָבער די גרעניץ צווישןביידע ספערן האָט ער קיינמאָל נישט דורכגעפירט באַוווסטזיניק, ווי ער האָט אויך קיינמאָל נישט געהאַט דעם מוט אָנצורירן פּרינציפּיעל די עקזיסטענץ פון די געטער פונם גריכישן פאָלקס-גלויבן. אויפן סמך פון זיין מעטאַפיזיק וואָלט פּלאַטאָן געקענט אָנערקענען בלויז איין-איינציקע געטלעכע מאַכט — די אידייע פון דאָס גוטע, — וואָס נאָר זי איינע פון אַלע אידייען באַזיצט אַ שעפערישע מאַכט — אַלס אורסיבה פון אַלדאָס-עקזיסטירנדיקע און יעדער דערקענטעניש — און אַלס לעצטע, מיטן העכסטן פאַרשטאַנד ווירקנדיקע סיבה אין לעבן פונם מאַקראָ- און מיקראָקאָסמאָס באַצייכנט ער זי אָפט זייט זיין „מלוכה” אין כמעט מיסטיש-אַנטראָפּאָמאָרפישע אויסדרוקן ממש אַלס גאָטהייט, וואָס איר דערקענטעניש, ווי מיר האָבן פריער געזען, האָט אין פּלאַטאָנס געפיל אַ טיף-רעליגיעזן כאַראַקטער. ווייל דאָ האַנדלט זיך באמת וועגן אַן איינציק-אַרטיקער, נאָר ווייניקע באַשערטער אינערלעכער איבער-

לעבונג, וועלכע ליגט מחוץ פון יעדער דיאַלעקטיק, וואָס צע־
ג׳ידערט און מאַכט אויספירן מיט דער הילף פון שכל, און
איז אַ פלוצלונגע נישט-אויסצודריקנדיקע אינערלעכע דער־
לויכטונג פון דער נשמה, דאָס פלוצ׳ונגע, דערדריקנדיקע באַ־
גרייפן פון דאָס אַבסאָלוטע שיינע דורך דעם באמת ליבנדיקן,
ווי דאָס שילדערט באַגייסטערט דער סאָקראַטעס פון „סימפּאָ־
זיאָן", פון דאָס אַבסאָלוטע גוטע, ווי די „מלוכה" באַמיט זיך
דאָס דיאַלעקטיש צו מאַכן פאַרשטענדלעך, פון דעם פולקאָמע־
נעם וועלט־שכל, ווי מיר דערקענען עס דורך די עלטער־דיאַ־
לאָגן — זיי אַלע דריי פליסן באמת אַרויס פון דעמזעלבן
וועזן, וואָס געפינט זיך אַליין מחוץ פון יעדער עקזיסטענץ,
וואָס זיין רעאַליטעט האָט פלאַטאָן אַליין מיטאַמאָל דערקענט
אין ריינסטער אינטואיציע, און ער האָט זי שוין קיינמאָל
נישט פאַרלאָרן און זי האָט געבילדעט ביז זיין לעצטן טאָג
די אורסיבה פון זיין לעבנס־ און שאַפונגס־מוט. דאָ ליגט פלאַ־
טאָנס אייגנטלעכע רעליגיע, ווייל די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט,
וואָס זעט ערשט אין דער דיאַלעקטיק איר קרוינונג, איז פאַר
אים דער אמתער גאָטעסדינסט. אַ רעליגיעזן כאַראַקטער
האָבן אויך די געפילן, מיט וועלכע ער באַטראַכט די אייביק
גלייכע באַוועגונגען פון די געטלעכע הימל־קערפּערס, אין וועל־
כע עס קומט צום אויסדרוק דער מאַיעסטעטישער נאַטור־געזעץ,
וואָס איז פאַר אים, אַלס פולקאָמענעם פאַרשטאַנד, אידענטיש
מיט דעם זיטלעכן געזעץ, ד. ה. מיט דער אידייע פון דאָס
גוטע — געפילן, וואָס ברענגען אים דערצו, ער זאָל שוין אין
„טימעאָס" 1) פאָדערן, דער מענטש זאָל דענקנדיק באַגרייפן
די וועגן און קרייזונגען פון די הימלקערפּערס און זיין דער־
קענענדיקע נשמה זאָל אַזוי אַרום אַריינגעמען אין זיך דאָס
געטלעכע, וועלכעס זי האָט דערקענט, ער זאָל די באַוועגונגען
פון דער אייגענער פּסיכיק ברענגען אין הסכם מיט דער האַר־

מאָניע פון הימלישן קאַראַהאָד און אַזוי אַרום דערגרייכן אַלס אַ רעכטפאַרטיקער דעם ציל, וועלכער איז געשטעלט געוואָרן פאַר אים.

# הוספה.

## פלאַטאָנס שטעלונג צו דער קונסט

קען דאָ נאָר קורץ אָנגעמערקט ווערן, דער געדאַנק צו שאַפן אַ סיסטעם פון עסטעטיק איז אים, וואָס איז בכלל נישט קיין סיסטעמאַטיקער אין שפּעטערן זינען פון דאָזיקן וואָרט, נאָך גאַנץ פרעמד, הגם ער איז דער טעאָרעטישער אַנטדעקער פון דאָס שיינע ביי די גריכן. דעריבער איז נאָך מערקווירדיקער דער פאַקט, וואָס דאָסדאָזיקע שיינע, וועלכעס דער סאָקראַטעס פונם „סימפּאָזיאָן" לויבט אַזוי באַגייסטערט, געפינט ער נאָר אין דער נאַטור און אינם קערפּער פונם מענטשן (ווי אויך אין די רעגלמעסיקע מאַטעמאַטישע פאָרמען), דאַקעגן פאַר דאָס שיינע אין דער פלאַסטישער קונסט ווייזט ער נישט אַרויס קיין שפּור פאַרשטענדעניש — אַזאַך, וואָס איז כמעט אומבאַגרייפ־לעך, ווען מען נעמט אין אַכט, סאַראַ אומפאַרגלייכלעכ'ע הויכ־קייטן די גריכישע קונסט האָט דערגרייכט זייט פידיאַסן און פּראַקסיטעלעסן. פּונקט אַזוי מאָדנע קומט אויס אויפן ערשטן בליק זיין שטעלונג צו פּאָעזיע, הגם ער אַליין האָט דאָך פאַרמאָגט אין זיין נשמה שטריכן פון אַ געוואַלדיקן דיכטער. אַמאָל האָט דער ריין־אינטעלעקטואַליסטיש אָריענטירטער תּלמיד פון סאָקראַטעס פאַראַכט די דיכטער, ווייל זיי באַזיצן נישט קיין אמתעס וויסן, דעריבער קענען זיי נישט אָפּגעבן קיין דין־וחשבון וועגן די פּרינציפּן פון זייער שאַפן, ווייל זיי שאַפן דאָך אין אַ מין פאַרשכורטן צושטאַנד — דאָס הייסט אומבאַוווסטזיניק — דאָס וואָס זיי געלינגט. זיי באַמיען זיך — אַזוי זאָגט ער שפּעטער אין דער „מלוכה" וועגן די „נאָכ־

מאַכנדיקע" קונסטן בכלל, צו וועלכע ער רעכנט צו אי די פלאַסטישע קונסטן אי די פּאָעזיע — נאָכצומאַכן בלויז די שיינע אויסערלעכקייט, בעת וועגן די זאַכן גופא (די אידייען) האָבן זיי קיין אַנונג נישט, און במילא קענען זיי נישט פּרע־דיקן קיין אייביקע אמתן. און אויך „גאָרגיאַס" האָט שוין פאַררעכנט די פּאָעזיע צו די נישט־לכטע קונסטן, וואָס שטרעבן נאָר צו לוסט, אָבער נישט צו דאָס גוטע פאַר די מענטשן.

דאָ קומט צום אויסדרוק דער צווייטער מאָטיוו פון זיין נעגאַטיווער באַציאונג, וואָס האָט קודם כל באַשטימט זיין שטעלונג אין דער „מלוכה:" צוליב אַ פּעדאַגאָגישן, איינזייטיק־עטישן שטאַנדפּונקט ווערט פאַרטריבן פון דער אידעאַלער מלוכה סיי דער האמערישער עפּאָס סיי די אַטישע טראַגעדיע, האמער צוליב זיינע אומזיטלעכע געטער־מיטן, די טראַגעדיע דער עיקר צוליב דעם, ווייל זי רודערט אויף אין דער נשמה די ליידנשאַפטן, זי ווענדט זיך צו אירע פּראָסטערע טיילן און ברענגט ביסלעכווייז אום דעם שכלדיקן. ווער מען אין דער מלוכה צולאָזן די „נאָכמאַכנדיקע" קונסטן, וועלן אין איר הערשן די ליידנשאַפטן און תאוות אָנשטאָט געזעץ און שכל.

און פונדעסטוועגן האָט דער, וואָס האָט אַזוי געמשפּט, אַליין איבערגעלעבט דעם צויבער פון דער האָמערישער פּאָעזיע און די דערשיטערנדיקע ווירקונג פון דער אויראָפּידישער טראַגעדיע, נאָכמער, ביים אייגענעם שאַפן האָט ער דערקענט דעם אינערלעכסטן וועזן פון דיכטערישן שאַפן. פון דעם נעמט זיך זיין טיפע באַמערקונג אין „פעדראָס", אַז דער ריין־ראַ־ציאָנאַליסטישער דיכטער, וואָס אַרבעט לויט די כללים פון דער טעכניק, קען נישט אויסהאַלטן דעם פאַרגלייך מיט דעם דיכטער, וואָס איז אַרומגעכאַפּט פון „געטלעכער משוגעת" (ענטוזיאַזם). — דידאָזיקע סתירה אין זיין באַציאונג צו דער דיכטונג בלייבט נישט אויסגעגליכן.

אויך וועגן דער מוזיק האָט פלאַטאָן געמשפּט פון עטיש־פּעדאַגאָגישן שטאַנדפּונקט, אַזוי אַז אַפילו אין דער מלוכה פון די „געזעצן" זענען נאָר דערלויבט קאַראַהאַד־טענץ

און פֿאָרגעזאַנג, הגם ער אַליין האָט געשפּירט אויף זיך די טיף־גרייכנדיקע ווירקונג פֿון דער מוזיק און ער האָט זייער הויך אָפּגעשאַצט איר באַדייטונג (געוויס אונטער דער פּיטאַגאָרעאישער השפּעה).

צווישן די פֿאַלשע קונסטן, וועלכע דער „גאָרגיאַס" באַקעמפט מיט פֿאַרניכטנדיקער דיאַלעקטיק, האָט פּלאַטאָן געשטעלט אין דער ערשטער ריי די רעטאָריק, וועלכע איז דעמאָלט געשטאַנען אין קאַמף מיט דער פֿילאָזאָפֿיע פֿאַר באַהערשן די יוגנטבילדונג. אָבער שוין אין „גאָרגיאַס" האָט ער דייטלעך אונטערשיידט די אמתע רעדנער־קונסט פֿון דער דעמאָלט־אָנגענומענער. וואָס ער האָט פֿאַרשטאַנען אונטער דער אמתער רעטאָריק, האָט ער שפּעטער גענויער באַצייכנט אין „פֿעדראָס"; אינצווישן האָט ער באַגריפֿן דעם ווערט פֿון דער עכטער רעדנער־קונסט אַלס געהילפֿין פֿון אמתן מלוכה־מאַן. אויב זי בלייבט אַפֿילו פֿאַר אים אַ קונסט, וואָס וויל נאָר שאַפֿן אַן אויסערלעכן איינדרוק — כּדי איבערצורײדן, אָבער נישט כּדי באמת צו איבערצייגן, — נויטיקט זיך אין איר פֿונדעסטוועגן דער מלוכה־מאַן: זי מוז אָבער באַזירן אויף דיאַלעקטיק (וועלכע לערנט ווי צו דערקענען דעם ווירקלעכן אמת) און אויף פּסיכאָלאָגיע, וועלכע מאַכט ערשט פֿעאיק אָנצופֿירן מיט די נשמות (פּסיכאַגאָגיע). אַז אויך דער אמתער רעדנער גיט דאָס בעסטע ערשט אונטער דער השפּעה פֿון עכטער באַגייסטערונג דאָס האָט פּלאַטאָן אַרויסגעלאָזן פֿון אויג, בעת די באַדייטונג פֿון דאָס אומבאַוווּסטזיניקע אינם דיכטערישן שאַפֿן האָט ער מיט דער צייט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט.

# אינהאַלט:

## דאס צווייטע בוך:

זייט


די אויפקלער-תקופה 3

דאָס ערשטע קאַפּיטל: אַלגעמיינע כאַראַק-טעריסטיק. די סאָפיסטיק 5

דאָס צווייטע קאַפּיטל: סאָקראַטעס 31


## דאָס דריטע בוך:

פּלאַטאָן.


דאָס ערשטע קאַפּיטל: פּלאַטאָנס לעבן און שריפטן 62

דאָס צווייטע קאַפּיטל: די פּלאַטאָנישע פילאָזאָפיע:

1. די דערקענטעניש-לערע און מעטאַפיזיק 71
2. די נשמה-לערע 98
3. די עטיק און מלוכה-לערע:
I. די עטיק פון אינדיווידואום 113
II. די מלוכה 125
4. נאַטור-פילאָזאָפיע און נאַטורוויסנשאַפט 151
5. רעליגיע-פילאָזאָפיע און רעליגיעזיטעט 158

הוספה: פּלאַטאָנס שטעלונג צו דער קונסט 165